זיך פֿאַרשריבן אין דער „גויאישער שקאָלע״ און מיר האָבן זאַלבעצווייט געלערנט מיט אַלע קריסטלעכע ייִנגלעך רוסיש און אַנדערע וועלטלעכע לימודים. מײַן חבר אברהמטשע האָט אָבער נישט געקענט אויסהאַלטן די רדיפֿות און איז צוריק געפֿאָרן קיין וואַרשע. איך, נישט וועלנדיק בלייבן אַליין צווישן אַזויפֿיל אַנטיסעמיטישע יונגען, בין צוריק־געפֿאָרן קיין זאַמאָשטש ווו כ׳האָב געענדיקט אַ שול און אָנגעהויבן אַרבעטן און פֿאַרדינען. נאָר אויף די יום־טובים פֿלעג איך קומען אַ היים צו מײַנע עלטערן.

אין יאָר 1910, ווען כ׳בין שוין אַלט געווען 18 יאָר, האָב איך פֿאַרן געלט וואָס כ׳האָב פֿאַרדינט אַ גאַנצן סעזאָן, זיך געמאַכט אַ נײַעם אָנצוג און געקומען אויף פּסח אַ היים. אַ שטאָלצער האָב איך אויף די שפּאַצירן פּאַראַדירט מיטן נײַעם אנצוג. אַלע חברים און באַקאַנטע מיידלעך האָבן מיר נאָכגעקוקט מיט קנאה.

שביעי־של־פּסח איז מיר כמעט דער גאַנצער הערלעכער פֿרילינג־טאָג אַדורך מיט שפּאַצירן. ערשט פֿאַרנאַכט זענען מיר, אַ גרופּע חברים, אַוועק אין בית־המדרש צו מנחה. אַזוי ווי צווישן מנחה און מעריב מאַכט מען אַ גרויסע פּויזע, זענען מיר ווידער אַרויס אין גאַס און אויפֿן פּראָמפּאָלער שפּאַציר־וועג באַגעגנט אונדזערע חברטעס, וואָס האָבן נאָך אַלץ נישט געוואָלט אַהיימגיין, צוליב דער פּרעכטיקער לבֿנה־נאַכט, וואָס האָט אַלעמען באַצויבערט. יעדער פֿון אונדז האָט זיך באַרימט פֿאַר די מיידלעך מיט זײַן אויפֿטוערישקייט, אָבער איך האָב אַממײנסטן אויסגענומען מיט מײַן זעלבשטענדיקייט און דעם מאָדערנעם אנצוג.

צוקומענדיק צום ראָטהויז, האָבן מיר פּלוצים דערהערט דעם אַלאַרם־טראָמפּייט. ס׳איז אוודאי אויסגעבראָכן אַ שריפֿה. מיר האָבן זיך געלאָזט לויפֿן אין דער ריכטונג פֿון בילגאָרייער וועג, פֿון וואַנען ס׳האָבן זיך געמערקט פֿײַער־צונגען און רויך. לויפֿנדיק, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז כ׳קאָן נישט העלפֿן לעשן דאָס פֿײַער אין דעם נײַעם אַנצוג פֿאַר וועלכן כ׳האָב באַדאַרפֿט אַרבעטן אַ גאַנצן סעזאָן. כ׳האָב דעריבער פֿאַרקערעוועט צו אונדז אין געסל, אַרײַנגעפֿאַלן אין שטוב ווי אַ ווײַכער, שנעל אַראָפּ־געוואָרפֿן דעם אנצוג, אײַליק אָנגעטאָן דעם וואָכעדיקן מלבוש און נישט ענטפֿערנדיק אַפֿילו אויף די פֿראַגן פֿון מײַנע דערשראָקענע בני־בית, בין איך שנעל אַרויס פֿון שטוב. צוקומענדיק צום הויז פֿון מרדכי יוסף הינדע מירעלעס, כאַפּ איך אַ בליק אויף צוריק און באַמערק, אַז דאָס ברענט גאָר דער בוידעם פֿון אונדזער אייגן הויז, אויף וועלכן ס׳איז געשטאַנען אַ סוכּה. נישט קלערנדיק לאַנג, שפּרינג איך איינער אַליין אַרויף אויפֿן בוידעם, נישט הערנדיק אַפֿילו די געשרייען פֿון מײַן פֿאָטער: „וועסט פֿאַרברענט ווערן, וואַרט אויף די פּאָזשאַרנע״. כ׳האָב זיך אָריענטירט, אַז צוליבן גרויסן פֿלאַם, קען איך נישט וואַרטן אויף קיין וואַסער. כ׳האָב דעריבער אַרויפֿגעוואָרפֿן דאָס רעקל אויפֿן פֿײַער און עס צוגעדריקט. גלײַך איז אויף דעם אָרט פֿאַרלאָשן געוואָרן די שריפֿה. כ׳האָב מיט מער ענערגיע אָנגעהויבן קלאַפּן מיטן שווערן רעקל אויף די בעלקעס, וואָס האָבן זיך אויך פֿאַרלאָשן. ס׳האָבן אָבער נאָך געברענט די הילצערנע

שינדלען אויפֿן דאַך. כ׳האָב דאַן מיט די בלויזע הענט אויסגעבראָכן אַ לאָך אין די שינדלען, אַדורכגעשטופּט די האַנט מיטן רעקל און קלאַפּנדיק מיט דעם אויפֿן פֿייער, האָב איך עס איינגעלאָשן. כ׳האָב אָבער בשום אופֿן נישט געקענט באַהערשן דעם שטיקנדיקן רויך, וואָס האָט געזעצט פֿון די אָפּגעסמאַליעטע בעלקעס און שינדלען, פֿאַרשמירט ווי אַ קוימענקערער, האַלב דערשטיקט פֿון רויך, מיט אָפּגעבריטע הענט, לאָז איך מיך אַראָפּ פֿון בוידעם, ערשט ס׳לויפֿט אָן אונדזער שכן און פֿרעגט:

— אפֿשר ברענגען וואַסער?

— מ׳דאַרף שוין נישט — האָב איך געענטפֿערט.

אַראָפּקומענדיק, האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף די פֿייערלעשער, וואָס האָבן זיך ערשט באַוויזן און זיי דערקלערט, אַז זיי האָבן שוין נישט נאָך וואָס אַרויפֿצוגיין. זיי האָבן מיר אָבער נישט געוואָלט גלייבן, אָפּגעשטופּט אין אַ זייט און אַרויף אויפֿן בוידעם קאָנטראָלירן דעם רויך. אַז זיי זענען דערנאָך אַראָפּגעקומען, האָבן זיי מיר צופֿרידענע געקלאַפּט אין די פּלייצעס, מיך אָנגערופֿן „מאָלאָדיעץ״ און פֿאַרגעלייגט צו ווערן אַ פּאָזשאַרניק. ווי ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז די שריפֿה אַנטשטאַנען צוליב דער שולד פֿון פּעסעלע יענטעס, אונדזערס אַ לאָקאַטאָרין, וואָס האָט די פּלאַכטע מיט מצות געהאַט הענגען אין דער סוכּה. ביינאַכט איז זי אַרויף אויפֿן בוידעם נעמען מצות. ווען זי האָט פֿאַרלאָזן די סוכּה, האָט זי נישט באַמערקט, ווי פֿונעם ליכטל, וואָס זי האָט געהאַלטן אין האַנט, האָט זיך אָנגעצונדן דער אַראָפּהענגענדיקער סכך, וועלכער איז געבליבן ליגן פֿון פֿאַראַיאָרן און איז געווען גוט אויסגעטרוקנט.

לאַנגע שעהן זענען נאָך געשטאַנען „רעדלעך״ פֿון מענער און פֿרויען און באַוווּנדערט מיין מוט און געשיקטקייט. איך, דאַקעגן, בין אַ צופֿרידענער איינגעשלאָפֿן מיטן געדאַנק, אַז דורך מיין אַהיימקומען, האָב איך אָפּגעראַטעוועט פֿונעם פֿייער אונדזער אָרעמע שטוב און אפֿשר אויך דאָס גאַנצע שטעטל.

דערנאָך האָב איך אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע.

# מיין שטעטעלע פראמפאל

שלמה קליידמאן / גבעתיים

כיליד פרמפאָל, ברצוני להקדיש את השורות הללו לעיירתי שהיתה — ואיננה עוד; לאלה היקרים לנו שהיו — ואינם עוד; מי יתן ואצליח להעלות מזכרונות העבר ולספר על החיים הטהורים של אחינו בני ישראל

## אַלגעמיינער איבערבליק

פון היסטאָרישע קוועלן און פון די אַלטע מצבות אויפן שטעטלדיקן בית עולם, איז געווען באַוווסט, אַז פראַמפּאָל האָט געהאַט הינטער זיך אַ געשיכטע פון יאָרהונדערטער; אַז אויך דער דאָרטיקער יידישער ישוב האָט זיך זיין רומפולע געשיכטע. איך וועל זיך באַגרענעצן און באַשרייבן די געשעענישן פון די יאָרן, וועלכע כ׳האָב אַליין בייגעלעבט און אויף וויפל זיי זענען איינגעקריצט אין מיין זכרון.

די ווייטערדיקע שורות וועל איך ווידמען דעם שטעטל וואָס איז געווען און איז שוין מער נישטאָ, די טייערע יידן אירע וואָס זענען אומגעקומען אויף קידוש השם. הלוואי זאָל מיר געלונגען — אָן שום באַפּוצונגען — אַרויסצוברענגען דאָס לעבן פונעם יידישן פראַמפּאָל, פאַר וועמענס אַנטוויקלונג און אויספּאָרמירונג כ׳האָב געגעבן מיין באַשיידענעם צושטייער.

היינט שטעל איך זיך אַליין די פראַגע: ווי אַזוי איז געשען דער נס, אַז פראַמפּאָל, אַרומגערינגלט דורך די גראָייער בערג פון צפון זייט, די גרייצער־שעברע־שינער בערג פון מזרח זייט און מיט „פּוילישע וועגן" פון בילגאָריי, יאַנאָוו, גאָריי און שעברעשין, אָן אַ באַן־סטאַציע, דערווייטערט פון גרעסערע יידישע ישובים — איז דאָך נישט געבליבן הינטערשטעליק פון ענלעכע יידישע ישובים אין פּוילן, הגם זייער געאָגראַפישע לאַגע איז געווען אַ פיל גינסטיקערע? איז דאָך דאָס בלויזע צוקומען קיין פראַמפּאָל, באַזונדערס אין האַרבסט און אין ווינטער, געווען ביז גאָר שווער. די וועגענער זענען געזונקען אין די בלאָטעס און נישט איינמאָל פלעגט אַ בעל עגלה בענטשן

גומל, אַז ר׳איז בשלום צוריק געקומען אין שטעטל. צו דער נאָענטסטער באַן־סטאַציע — זוויעזשיניעץ — איז געווען אַ מרחק פון אַן ערך 20 קילאָמעטער. אויך אין שטעטל גופא האָט אויף די גאַסן און געסלעך געוועלטיקט די... בלאָטע.

אַזעלכע זענען מיינע זכרונות פון פראַמפּאָל, ווו יידן האָבן געלעבט מיט אמונה, אַז דער וואָס זיצט אויבן און שפּייזט די גאַנצע וועלט, וועט אויך זיין אַן אב הרחמן צו זיינע יידן אין שטעטל און זיי נישט פאַרגעסן. דערפאַר זענען זיי באַגינען אויפגעשטאַנען צו עבודת הבורא, געלערנט און געדאַוונט אינעם פול־געפּאַקטן בית־המדרש. דערביי האָט מען נישט פאַרגעסן אויך זאָגן אַ קאַפּיטל תהילים, צי אַ שיעור גמרא. אויב עס האָט זיך ווער געניייטיקט אין אַ פראַמפּאָלער ייד אין די פרימאָרגן־שעהן — האָט ער אים געקאָנט טרעפן נאָר אין בית־המדרש. דאָרט האָבן זיך געפונען אַלע.

דאָס איז געווען אין נאָרמאַלע וואָכנטעג. אַז ס׳האָט זיך אונטערגערוקט דער חודש אלול, מיט זיינע טעג פון התעוררות, פון סליחות און פון די ימים־נוראים — האָט אַ גאָטספאָרכטיקע אימה אַרומגענומען אַלעמען. מיט אַ הילצערנעם האַמער פלעגט דער שמש קלאַפּן אין די לאָדנס און וועקן צו עבודת הבורא.

אין יענע יאָרן האָט דאָס גאַנצע יידישע לעבן זיך קאָנצענטרירט אין בית־המדרש. צי דאָס איז געווען אין דער פרי, ביים שחרית, אָדער אין די אָוונטן, צווישן מנחה־מעריב. אָפט פלעגט אויך קומען אַ בעל־דרשן, צי אַ משולח פון אַ ישיבה און מיט זייערע דרשות בין מנחה למעריב איבערגעריסן די שטעטלדיקע מאָנאָטאָנקייט. נאָכן אָפּדרשנען, פלעגט אַזאַ ייד זיך אַוועקשטעלן ביי דער טיר, כדי איינקאַסירן באַשטייערונגען. אַ מער וויכטיקער מגיד צי משולח פלעגט אַרומגיין אין די שטובן, אין דער געזעלשאַפט פון איינעם אָדער מערערע חשובע בעלי־בתים, צו זאַמלען די שפּענדונגען פאַר דער ישיבה, צי פאַר אַן אַנדערער וויכטיקער אינסטיטוציע.

פאַרשטייט זיך, אַז אַלע וועלט־נייעס, פּאָליטיק, מלחמות, אַנטדעקונגען, און איבער אַלעמען — די נייעס פון שטעטל גופא, האָט מען געהערט נאָר אין בית־המדרש...

אַז ס׳איז געקומען אַ שבת צי אַ יום־טוב — איז פראַמפּאָל נישט געווען צו דערקענען. נישט נאָר די איינוווינער האָבן פון זיך אַראָפּ געוואָרפן דעם גרויען אינדערוואָכן, נאָר בוכשטעבלעך — דאָס גאַנצע שטעטל, מיט די גאַסן, הייזער און וווינונגען. אין דעם שבתדיקן שפּאַציר האָבן אַנטייל גענומען קליין און גרויס; און אַז די יידן זענען איינגעשלאָפן אין זייער שבת־מנוחהדיקן שלאָף — האָט אויך דאָס שטעטל גערוט. קיין זכר פון האַנדל צי מלאכה. דער שבת האָט זיך געפילט אין אַלע ווינקעלעך, אפילו די לופט איז געווען אָנגעפילט מיט שבתדיקייט.

אַזוי האָבן יידן געלעבט און געהאָפט, אַז אַזאַ שטייגער לעבן וועט זיך ציען דור־דורות. מען האָט דערצויגן קינדער, די קינדער זענען אויפגעוואַקסן, חתונה געהאַט, געבברענגט נייע קינדער — נאָר אַלץ האָט זיך געפירט ווי ביים טאַטן און ביים זיידן. און אינעם גייסטיקן לעבן — די איינציקע ספרים וואָס אויף די פּאָליצעס אין בית־המדרש.

זעלטן פלעגט אַמאָל אַריינפאַלן אין שטעטל אַ מעשה־ביכל, וואָס אַ פּאַקן־טרעגער האָט פּאַרקויפט צוזאַמען מיט אַ סידורל און בינטל ציצית. מיר שיינט, אַז ווען אין יענע יאָרן זאָל געווען אַריינדרינגען אין פּראַמפּאָל אַ פונק פון דער השכלה, וואָלט ער זיך גלייך פאַרלאָשן. ווער ווייסט, צי ס׳וואָלט עמעץ געוואָלט אים אונטערהאַלטן און צעבלאָזן. די פאַרשידענע רביים, וואָס פלעגן אָפט באַזוכן אונזער שטעטל, האָבן געשטאַרקט די פרומקייט און געוואָרנט קעגן די נייע ווינטן... געהייסן האָט עס, אַז זיי קומען באַזוכן זייערע חסידים, נאָר אויך נישט פאַרגעסן אַרויסצונעמען זייער פּדיון.

## מיין נסיעה קיין ראַזוואַדאָוו

אין יאָר 1907 איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע שריפה, כמעט אַ האַלב שטעטל איז אָפּגעברענט געוואָרן. דאָס אומגליק האָט זיך אָנגעהויבן ביי מרדכי־יוסף וואַלדמאַן (דער קצב) אויפן סאָקאָלוווקער וועג און די פלאַמען זענען אַריבער אַזש ביזן בילגאָרייער וועג. דער עיקר האָט געליטן דער ידישער טייל פּראַמפּאָל. מיטן רויך זענען דאַן אַוועק דאָס הויז פון מיין זיידן יוסף־איציק זעלדעס, ווי אויך פון מיינע עלטערן, וועלכע האָבן געוווינט אין הויז פון בלינדן מעכעלע.

בלייבנדיק אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, זענען מיינע עלטערן אַריבער געפאָרן וווינען קיין בילגאָריי. איך בין נאָך דאַן געווען אַ יינגל. אויף דעם נייעם וווינאָרט האָט מיט דער גאַנצער שאַרפקייט זיך געשטעלט די פראַגע: וואָס טאָן מיט מיר? מיין זיידע, יוסף־איציק ציטרינבוים, האָט געהאַט אַ גאַרבעריי און אויך געווען אַ לענטשנער סוחר און געהאַנדלט מיט רויכוואַרג (פוטער); מיין באָבע, די באַוווסטע אין שטעטל דבורהלע די בעלת־צדקה און מיין פאָטער — ישראלקע דער מלמד פון חומש, רש״י און גמרא. טאָ מיך מאַכן פאַר אַ בעל־מלאכה? אַ וואָסערער? דאָס וויכטיקסטע — עס איז איינגעפאַלן דער געדאַנק אַז איך זאָל אַריבערפאָרן קיין ראַזוואַדאָוו, גאַליציע, דאָרט לערנען ביים רבין — און עס וועט שוין זיין תורה און סחורה במקום אחד...

קיין ראַזוואַדאָוו בין איך אָנגעקומען אין יאָר 1912, אין דער צייט פון ביילים־פּראָצעס. אין שטאָט האָט שוין דאַן עקזיסטירט אַ חברה „דוברי שפת העבר" און אַ שטאַרקע ציוניסטישע באַוועגונג. טראָץ דעם וואָס די עברית־שפּראַך איז אין יענע צייטן געווען טריפה־פּסול אין דער חסידישער וועלט, בין איך גלייך געוואָרן אַ מיטגליד אין דער חברה „דוברי שפת עבר" און אויך אָנגעהויבן צו אינטערעסירן זיך מיטן ציוניזם.

אַזוי האָב איך פאַרבראַכט אין ראַזוואַדאָוו און אין דער סביבה, ביזן יאָר 1915 — און דערנאָך בין איך צוריק געפאָרן קיין פּראַמפּאָל, וווּ מיינע עלטערן האָבן ווידער געוווינט. דאָס שטעטל האָב איך געטראָפן אין דעם זעלבן צושטאַנד ווי כ׳האָב עס איבערגעלאָזט, מיט דעם אונטערשייד, וואָס איצט איז דאָרט איינגעשטאַנען רוסיש

מיליטער. עס איז דאָך עפּעס געווען מלחמה אויף דער וועלט. אָבער פּראַמפּאָל האָט דערפון נישט געמאַכט קיין פאָרטשריט.

## לינת־הצדק

פאַרשטייט זיך, אַז די קריגס־אָפּעראַציעס אויף די פראָנטן און דאָס אָפטע בייטן זיך פון די פאַרשידענע אַרמייען אין פּראַמפּאָל, האָבן בלויז פאַרשאַפט זאָרג און צרות דער באַפעלקערונג, באַזונדערס — איר יידישן טייל. דאָס שטעטל האָט זיך דערפילט מער דערשלאָגן און פאַראָרעמט.

אין חודש תמוז 1916 זענען די רוסן אַרויס פון פּראַמפּאָל און אויף זייער אָרט האָבן זיך באַוויזן די עסטרייכער. ווי עס איז זיך שטענדיק נוהג אַן אָפּטרעטנדיק מיליטער, האָבן אויך דאַסמאָל די רוסן איבערגעלאָזט אַ תוהו־ובוהו. דערביי האָבן זיי מיטגענומען מיט זיך גרויסע טיילן פון דער דערוואַקסענער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע איז דערנאָך צוריק געקומען.

דערווייל האָט דער טיפוס געבושעוועט אין פּראַמפּאָל. נישט געווען קיין איין יידישע שטוב, אַז די דאָזיקע מוראדיקע קראַנקהייט זאָל זי נישט האָבן אָנגערירט. דער רוב משפחה־מיטגלידער זענען אין גרויס היץ געלעגן אין בעט און ס׳איז נישט געווען ווער ס׳זאָל זיך מטפל זיין מיט די קראַנקע. דער צושטאַנד האָט דערפירט דערצו, אַז עס זאָל אין יענער צייט געגרינדעט ווערן די זעלבסהילף־געזעלשאַפט „לינת הצדק״.

די גרינדער פון דער וואוילטעטיקער אינסטיטוציע זענען געווען: דער ווייסער אהרון („דער הויכער״), נאָטע שינדלמאַכערס אַ שוואָגער; זלמן טענענוואָרצל (זלמן רימאַזש); די ברידער זונדל און יהושע צימערמאַן (דעם שוואַרצן שלמהס זין, וואָס געפינען זיך אין ישראל); פנחס צוקערס אידעם; יאַנקל־יאַסקעס, מעכל ערטער; לייבל ציטרינבוים (מיין פעטער); יצחק שלמה גאַז (גרעצער); שלום-בער קעסטנבוים און דער שרייבער פון די שורות. ליידער, מער נעמען געדענק איך נישט.

די צילן און אויפגאַבן פון דער חברה זענען געווען: נעכטיקן ביי אָרעמע קראַנקע און זיי העלפן; צוטיילן מעדיצינישע און סאָציאַלע הילף.

יעדער מיטגליד פון „לינת־הצדק״ האָט באַדאַרפט גיין נעכטיקן צו אַ קראַנקן, ווען ס׳איז אויסגעפאַלן זיין ריי, און אויך צאָלן אַ חודשלעכן מיטגלידס־אָפּצאָל. מיטן איינקאַסירן דעם אָפּצאָל האָבן, יעדע וואָך, ווידער לויט דער ריי, זיך פאַרנומען צוויי אַנדערע חברים. אונדזערע יידן האָבן זיך גערן באַטייערט פאַר דער „לינת־הצדק״, אָפּשאַצנדיק אירע אויפטוען און אויפגאַבן.

אַ באַזונדערס שווערע אויפגאַבע האָט געהאַט דער חבר, וואָס אים איז אָפטמאָל

אויסגעקומען צו נעכטיקן ביי אַ געפערלעכן צי אַנשטעקנדיקן קראַנקן. נאָך אַזאַ נאַכט־דיזשור פלעגט דער חבר אַליין אַהיימקומען אַ קראַנקער און צעבראָכענער.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז געשטאַנען בראש פון דער חברה ר׳ לייב שו״ב קרענדיל. יעדעס יאָר, שבת בראשית, איז פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער ס׳איז אָפּגעגעבן געוואָרן אַ באַריכט פון דער טעטיקייט און ס׳איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ נייער קאָמיטעט.

די חברה לינת הצדק האָט געהאַט אַן אייגן שטיבל צום דאַווענען, באַקאַנט אונטערן נאָמען „לינה שטיבל״. אַ לענגערע צייט דאָט דאָס שטיבל זיך געפונען אין הויז פון משה יחזקל דייטש (משה בעכער).

נאָך אַ באַזוך פון וואַרשעווער רבין אין פראַמפּאָל, איז זיין השפעה פאַרשטאַרקט געוואָרן און זיינע חסידים האָבן געוואָלט איבערנעמען דאָס לינה־שטיבל צו זיך. יאַנקל יאָסקעס, חיים־יהודה האַרמאַן, פינטשע אלטבוים (סטאָלער) און דער בעל־הבית פון הויז וו דאָס שטיבל האָט זיך געפונען, אַלע וואַרשעווער חסידים, האָבן געשטרעבט צו פאַרוואַנדלען עס אין אַ וואַרשעווער שטיבל. אָבער די נישט־חסידים פון דער חברה, דער עיקר די בעלי־מלאכות און עמך־יידן, האָבן צו דעם נישט דערלאָזט און דאָס שטיבל איבערגעפירט צו מכלה משה־מענדלס (לעווינגער).

אין די יאָרן 1928—32, ביז מיין אָפּפאָרן קיין ישראל, פלעג איך אין לינה־שטיבל, בעת די סוכות־טעג און אין תשעה־באב, אַדורכפירן שמועסן איבער ארץ־ישראל און איבער נאַציאָנאַל־היסטאָרישע געשעענישן, באַלויכטן אין ציוניסטישן גייסט.

## עקאָנאָמישע לאַגע בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה

די עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידישע איינוווינער פון פראַמפּאָל איז געווען אַ שווערע. אַ נאָרמאַלער האַנדל האָט נישט געקאָנט געפירט ווערן, צוליב די פאַרבאָטן פון דער מיליטערישער מאַכט. שווער געווען צו וויסן, וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר נישט. נישט אַלע זענען געווען פעיק זיך צו פאַרנעמען מיט שמוגל. דערפאַר האָבן גרויסע טיילן פון דער באַפעלקערונג געליטן נויט. דאַקעגן די קריסטלעכע איינוווינער, אויסער וואָס זיי זענען געווען באַשעפטיקט אין זייערע אייגענע ווירטשאַפטן, פלעגן אויך גערן זיך ווערבירן צו דער אַרבעט ביים לייגן דעם נייעם שאָסיי פון יאַנאָוו לובעלסקי קיין בילגאָריי, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן דורך דער עסטרייכישער מאַכט. די האַנדלונג פון די פּאָליאַקן איז מיר געפעלן געוואָרן. כ׳האָב זיך אַליין און אַנדערע געפרעגט, הלמאי זאָלן אויך יידן נישט גיין אַרבעטן אויפן שאָסיי? כ׳האָב זיך געווענדעט צו מיין חבר משה־דוד קעניגסוואַלד ז״ל (סאָביק), דעם הויכן מרדכיס אַ זון, אַ בחור מיט ברייטע פּלייצעס און אים פאָרגעלייגט מיר זאָלן ביידע אַוועק אַרבעטן ביים פלאַסטערן דעם שאָסיי. אויף דעם איז געקומען זיין קורצער, נאָר אַנטשלאָסענער

ענטפער: „וואָס? צוויי יידן צווישן 400 קריסטן?" איך בין איבעראַשט געוואָרן פון דעם ענטפער און אַליין אַוועק צום מיליטערישן אָנפירער און אים אָפּן געפרעגט, צי ער וועט אויך באַשעפטיקן יידן? אַז כ'האָב באַקומען אַ פּאָזיטיוון ענטפער, בין איך, דער ערשטער ייד, דערשינען צומאָרגנס צו דער אַרבעט. מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט יעדער ייד וואָס האָט נאָר געקאָנט האַלטן אַ לאָפּעטע אין האַנט, זיך געמאָלדן צו דער שאָסיי־אַרבעט. דער אָנהייב איז געמאַכט געוואָרן און אַ דאַנק דעם האָבן אין יענע שווערע מלחמה־יאָרן פיל יידן באַקומען באַשעפטיקונג און אויך פּרנסה. אין די יאָרן 18—1919 האָט דאָס לעבן אין שטעטל זיך אָנגעהויבן נאָרמאַליזירן.

## מיר גרינדן אַ ביבליאָטעק

אין סאַמע ברען פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אינעם 15־טן יאָר, ווען איך האָב זיך אומגעקערט פון ראַזוואַדאָוו קיין פּראַמפּאָל, האָט דאָס געזעלשאַפטלעכע, ווי דאָס קולטורעלע לעבן כמעט נישט עקזיסטירט. אמת, אויף די פּאָליצעס אין בית־המדרש זענען געווען אַ סך ספרים, אָבער בלויז פון תלמוד, פּוסקים און מדרשים. אוודאי האָט מען דאָרט אויך געטראָפן דעם „מורה נבוכים" פון רמב"ם, אָדער דעם „כוזרי". אָבער קיין בוך פון דער נייער יידישער ליטעראַטור — איז נישט געווען בנמצא אין שטעטל.

אויך דאָס א. ג. געזעלשאַפטלעכע לעבן האָט זיך אינגאַנצן קאָנצענטרירט אין בית־המדרש. דער רוב יוגנט, פּונקט ווי די אַלטע לייט, זענען יום ולילה געזעסן און געלערנט. ווער אַ בלאַט גמרא מיט פּוסקים, און ווער — אַ פּרק משניות. די שטעטלדיקע מאָנאָטאָניקייט פלעגט איבערגעריסן ווערן מיט די באַזוכן פון בעלי־דרשנס. אייניקע פון זיי פלעגן גיכער ריידן צו עמך, צו די פּשוטע יידן, בעת אַנדערע האָבן זייערע דרשהס געהאַלטן פאַר למדנים און בני־תורה.

אין בית־המדרש האָט מען גערעדט וועגן אַלע געשעענישן וואָס קומען פאָר אין לאַנד און קאָמענטירט די געשעענישן אויף דער וועלט. אַן אויסנאַם זענען בלויז געווען די אָוונטן פון יעדן מאָנטיק און דינסטיק. דאַן איז די עיקר־טעמע געווען — דער מאַרק־טאָג. ווער עס האָט דערציילט וועגן פּאַקולעס, אַ צווייטער האָט גערעדט גאָר וועגן עופות, בעת אַ דריטער האָט דערציילט וועגן די פערד און קי אויפן מאַרק... אַזוי איז געווען ביי די עלטערע יידן. ביי יעדן טיש, ווו עס זענען געזעסן גרופּעס יידן, האָב איך קיין אַנדערע געשפּרעכן נישט געהערט. קלאָר, אַז די יוגנט, הגם אַ פרומע צו יענער צייט, האָט געזוכט עפּעס אַנדערש און געוואָלט נייע פאָרמען.

איך האָב פאַרפירט אַ שמועס מיט שלום־בער קעסטנבוים, חיים־יהודה הארמאַן, לייבל ציטרינבוים, מאָטל ליבערבוים, נחום אשנבערג און אַנדערע, וועגן גרינדן אַ ביבליאָטעק. זיי האָבן אַלע געקוועטשט מיט די פּלייצעס און דערביי צוגעגעבן מיט

רעזיגנאַציע: „אדם הראשון איז דאָ נישט אַדורכגעפלויגן". איך האָב אָבער נישט אויפגעגעבן דעם געדאַנק וועגן אַ ביבליאָטעק. פון שעברעשין (די שטאָט פון באַקאַנטן חוקר און משכיל יעקב רייפמאַן), ווי אויך פון די אַרומיקע שטעטלעך, יאַנאָוו־לובעלסקי און בילגאָריי, האָב איך אַראָפּגעבראַכט ביכער און זיי געגעבן צו לייענען די יוגנטלעכע, וואָס האָבן דערצו געהאַט ווילן און אינטערעס.

ערשט ווען פּוילן איז געוואָרן אומאָפּהענגיק און עס זענען באַשטימט געוואָרן די ערשטע וואַלן צום פּוילישן סיים — האָבן די פּרישע ווינטן וואָס האָבן דאַן אָנגעהויבן בלאָזן אין גאַנצן לאַנד — אויך זיך אַריינגעריסן קיין פראַמפּאָל.

## ערשטע ציוניסטישע טעטיקייט

פיר טעג ערב די סיים־וואַלן האָב איך זיך געפונען אין בילגאָריי און דאָרט זיך באַגעגנט מיטן אַדוואָקאַט יונה אַקערמאַן, אַ באַוווסטער ציוניסט און געזעלשאַפטלעכער טוער. אונדזער געשפּרעך האָט זיך געפירט וועגן די נאָענטע וואַלן, צו וועלכע מ׳דאַרף נעמען די איניציאַטיוו פאַר דער ציוניסטישער רשימה. ער האָט געוואָלט, אַז יידן זאָלן אָפּגעבן זייערע שטימען פאַר דער ציוניסטישער ליסטע. „ריכטיק", האָב איך אים געענטפערט, „אָבער אין פראַמאָפּל ווייסט מען נישט בכלל וואָס אַזוינס ס׳איז „ציוניזם". איך האָב געוווּסט, אַז אויסער עטלעכע געציילטע שטימען, איז נישטאָ אויף וועמען צו האָפן...

דאָנערשטיק אָוונט, דריי טעג פאַר די וואַלן, נאָכן אומקערן זיך קיין פראַמפּאָל, בין איך אין אָוונט אַוועק אין דעם רעסטאָראַן (די א. ג. „קנייפּע") פון קלמן אַשענבערג, וווּ מען האָט געקענט נישט נאָר גוט אָפּעסן, נאָר אויך כאַפּן אַ שמועס מיט עטלעכע מענטשן. עס האָט זיך גלייך פאַרפירט אַ געשפּרעך וועגן די וואַלן. חיים אשענבערג, משהמ־מענדלס אַ ברודער, וועלכער איז אין די מלחמה־יאָרן געקומען פון וואַרשע קיין פראַמפּאָל, האָט דערקלערט, אַז ווען ער געפינט זיך איצט אין וואַרשע, וואָלט ער געשטימט פאַרן „בונד". טאָ ווי אַזוי קאָן ער אין פראַמפּאָל שטימען פאַר דער אגודה? מיר האָבן געוווּסט, אַז אַ גאַנצן דאָנערשטיקדיקן טאָג זענען די פאַרשידענע כלי־קודש אין שטעטל אַרומגעגאַנגען אין די שטובן און צעטיילט שטים־צעטלען פון דער אגודה. חיים אַשענבערג איז בלית־ברירה גרייט געווען צו שטימען פאַר די ציוניסטן — אָבער ווו נעמט מען זייערע שטים־צעטלען? אויף אַזאַ פראַגע האָב איך טאַקע געוואַרט. צו אַלעמענס איבעראַשונג, האָב איך אַרויסגענומען פון טאַש אַ פּעקל „נומערלעך" פון דער ציוניסטישער רשימה. אויך יהודה־מאיר כץ (שולץ) האָט אויסגעדריקט זיין גרייטקייט צו שטימען פאַר די ציוניסטן. דערנאָך איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז צומאָרגנס, פרייטיק, זאָל מען אויך אַרומגיין אין די שטובן און טיילן דעם ציוניסטישן שטים־צעטל — נומער 9. נאָר פונוואַנען נעמען אַזויפיל „נומערלעך"

פאַר אַלע יידישע איינוווינער פון פּראַמפּאָל? אויך אויף דעם האָט זיך געפונען אַן עצה. באַגינען, ווי נאָר חיים אשענבערג און זיינע חברים וועלן פאַרענדיקן דעם קאָרטן־שפּיל, דאַרפן זיי מיך אויפוועקן, כדי כ׳זאָל מיט אַ שליטעלע אַוועקפאָרן קיין ב־לגאָריי און ברענגען פון דאָרט וואַל־מאַטעריאַל.

אין דער פרי האָט קאַרלאַק, בנימין סטאָלערס זון, טאַקע אָנגעקלאַפּט אין לאָדן. איך בין מיט פרייד אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט, כדי זיך גרייטן צו דער נסיעה. מיין באַגייסטערונג איז געווען גרויס, אַ קלייניקייט: איך האָב איצט טרייע העלפערס צו פאַרווירקלעכן דעם ציוניסטישן געדאַנק. נאָר פון הינטערן לאָדן הער איך קאַרלאַקס רייד:

— דו דאַרפסט שוין נישט פאָרן. עס זענען געקומען דריי רעדנערס פון דער ליסטע נומער 9...

איך טו זיך שנעל אָן מקבל פּנים צו זיין די געסט: חבר בועז, פון צענטראַל־קאָמיטעט פון וואַרשע; כהן פון זאַמאָשטש און — אויב דער זכרון פאַרפירט מיך נישט — שניצער פון שעברעשין. דעם זעלבן פרימאָרגן זענען מיר אַלע אַוועק אין בית־המדרש און צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון פּראַמפּאָל, האָט מען פון בעלעמער געהערט אויך ציוניסטישע רעדעס. דאָס שטעטל האָט געקאָכט מיט דער געשעעניש. די וואַל־אַקציע האָט זיך ערשט אָנגעהויבן פירן מיטן אמתן ברען.

אויף אַ פאַרזאַמלונג פון בעלי־מלאכות, וואָס איז פאָרגעקומען ביי איציקל שטערנבאַך (קאַליטאַש), בין איך צום ערשטן מאָל אַרויסגעטרעטן פאַר אַן עולם און גערעדט וועגן דער באַדייטונג פון די סיים־וואַלן. מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָבן מיר אַלע געזען די איבעראַשנדיקע רעזולטאַטן: 75% יידישע שטימען זענען אָפּגעגעבן געוואָרן פאַר דער ציוניסטישער ליסטע נומער 9. די יידישע וויילער אין פּראַמפּאָל האָבן מיט זייערע שטים־צעטלען זיך סאָלידאַריזירט מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג.

דער ערשטער עפנטלעכער פאַרמעסט פון די ציוניסטן אין פּראַמפּאָל איז געקרוינט געוואָרן מיט אַן אומגעווײנלעכן דערפאָלג.

## 1919 — די אַנטשטייאונג פון צעירי־ציון

נאָך די וואַלן האָבן מיר איינגעשטעלט אַ פאַרבינדונג מיט דער ציוניסטישער צענטראַלע אין וואַרשע. מ. ערטער, מ. פרילינג, ל. ציטרינבוים, איך און נאָך חברים, האָבן זיך פאַרמאָסטן אויפצושטעלן אַ ביבליאָטעק און אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. צו דעם צוועק האָט אונזער חבר יוסף האָניגמאַן געזאָלט פאָרן קיין שעברעשין, כדי פון דאָרט אַראָפּברענגען אַ חבר ער זאָל העלפן אָרגאַניזירן די ביבליאָטעק. עס איז אָבער דערפון גאָרנישט אַרויסגעקומען. דאַן האָב איך אַליין זיך געלאָזט קיין

שעברעשין צופוס, מיט דער האָפענונג, אַז אויפן וועג וועל איך באַגעגענען אַ פורל, וואָס וועט מיך אויפנעמען. לײדער, דאָס האָט נישט פּאַסירט — און אַזוי האָט מען „געמאַכט אַ שפּאַציר" אַזש ביז שעברעשין...

אויף אַ זיצונג מיט די שעברעשינער חברים איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אין פראַמפּאָל אַ צעירי ציון אָרגאַניזאַציע. אלימלך זאַלצמאַן האָט מיך און די צוויי שעברעשינער חברים: שניצער און בעכער, אָפּגעפירט צומאָרגנס אויף זיין וועגעלע קיין פראַמפּאָל, ווו עס איז טאַקע אַדורכגעפירט געוואָרן די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג און אויפן אָרט זענען אויך געשאַפן געוואָרן די ערשטע עטלעכע הונדערט זלאָטעס פאַר דער ביבליאָטעק.

דער ערשטער קאָמיטעט פון צעירי ציון אין פראַמפּאָל איז באַשטאַנען פון די חברים: שלמהקע זאָנטאַג — פאָרזיצער, מ. ערטער, מ. פריילינג, יאַנקל טענענוורצל (רימאזש), ציטרינבוים, דער שרייבער פון די שורות — סעקרעטאַר און ביבליאָטעקאַר, און נאָך חברים, וועמענס נעמען איך געדענק נישט.

די ערשטע ביכער וואָס זענען איינגעשאַפן געוואָרן פאַר דער ביבליאָטעק — גרעצס יידישע געשיכטע (אַלע טיילן), אַלע ווערק פון שלום־עליכם, דאָס זאַמלבוך „יזכור" געווידמעט די געפאַלענע שומרים אין ארץ־ישראל, דאָס זאַמלבוך „הילף", ווי אויך ביכער אין עברית: „אהבת ציון" און „עיט צבוע" פון מאַפּו, „לאָן" פון פייערבערג, דאָס זאַמלבוך „ביכורים", פרצס שריפטן און אַנדערע.

אין דער דירה פון זיינוול מרדכיס (אשענבערג) איז געווען טעטיק אַ לייען־זאַל. יעדן אָוונט זענען זיך צונויפגעקומען יוגנטלעכע און דאָרט זיך פאַרטיפט אין אַ צייטונג, זשורנאַל, בוך, צי בראָשור. די דאָזיקע טעטיקייט האָט זיך אָבער געמוזט שטאַרק באַגרענעצן, ווייל עס איז נישט געווען די נייטיקע לעגאַליזאַציע פון דער מאַכט אויף צו פירן די ביבליאָטעק און דעם לייען־זאַל. דעריבער איז אַלץ איינגעאָרדנט געוואָרן אין מיין צימער..

## צעירי מזרחי

די אַלגעמיינע קולטור־פּאָליטישע אויפלעבונג אין שטעטל, נאָך דעם ווי פוילן איז געוואָרן אומאָפּהענגיק, האָט אָבער נישט אַרומגענומען די רעליגיעזע יוגנט. ווי אַזוי צוקומען צו זיי, געווינען זייערע הערצער און מוחות פאַר דעם ציון־אידעאַל.

אויפן מוסטער פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך, איך אויך ביי אונז געגרינדעט געוואָרן אַ מזרחיסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע, באַקאַנט אונטערן נאָמען צעירי מזרחי. זייער לאָקאַל האָט זיך געפונען אויפן גאַרייער וועג, אין הויז פון יאָסקעלע שמשונס. אויסער די לימודי קודש, ווי תנ"ך און אַנד., האָט מען אויך געלערנט געשיכטע, עברית, ידיעת הארץ. עס פלעגן אויך זייער אָפט פאָרקומען שמועסן און רעפעראַטן. די יונגע

אָרגאַניזאַציע האָט זיך אויסגעצייכנט מיט גרויס אַקטיוויטעט. דעם 1־טן יוני 1921 איז אין לובלין פאָרגעקומען אַ קרייז־קאָנפערענץ פון מזרחי און צעירי מזרחי, צו וועלכער איך בין דעלעגירט געוואָרן פון פראַמפּאָלער סניף.

כדאי דאָ צו דערציילן פאָלגנדיקן עפּיזאָד פון אונדזער ציוניסטישער אַרבעט אין שטעטל: דעם 30־טן מאַי 1920, אין אַ זונטיקדיקן טאָג, האָבן די פראַמפּאָלער פּייערלעשער גענומען דעקאָרירן דאָס שטעטל לכבוד דעם באַזוך פון ביסקופּ. די יידן האָבן מיט קנאה זיך צוגעקוקט צו די אַלע צוגרייטונגען, וויסנדיק, אַז זיי זענען דאָך אַ פרעמדער, אומגעבעטענער עולם אויף נישט זייערס אַ שמחה... ווילנדיק אַלס ציוניסט אויסנוצן יעטוועדער סיטואַציע, האָב איך אויפן גאַס אַרויסגענומען דאָס ביכעלע מיט שקלים און אָנגעהויבן פאַרקויפן זיי די פאַרזאַמלטע יידן. מיט אַמאָל איז דערשינען דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט און מיך געפרעגט, וואָס איך טו און צי כ׳האָב אַ דערלויבעניש צו פאַרקויפן די צעטלען. בקיצור — דער ענין האָט מיך אָפּגעקאָסט אַ היפּשע סומע געלט.

## „תרבות״ און דראַמקרייז

אין יאָר 1922 איז אין פראַמפּאָל אַנטשטאַנען אַ קולטור־געזעלשאַפט מיטן נאָמען „תרבות״, וואָס איז באַזונדערס באַרימט געוואָרן מיט איר ביבליאָטעק און דראַמאַטישן קרייז. אין די ראַמען פון דער ביבליאָטעק־טעטיקייט, פלעג איך יעדן שבת און יום־טוב רעפערירן אין ספּעציעלע קרייזן איבער אַקטועלע, ציוניסטישע און נאַציאָנאַלע טעמעס. דאַקעגן די דראַמאַטישע סעקציע ביי דער געזעלשאַפט, האָט געהאַט אַן אויפגאַבע פאַרצושטעלן אין וואָרט און אין בילד, היסטאָרישע און נאַציאָנאַלע געשטאַלטן און געשעענישן, ווי אויך שאַפן געלט־מיטלען פאַר דער אַלגעמיינער קולטור־אַרבעט, ספּעציעל — פאַר דער ביבליאָטעק.

צו די ערשטע גרינדער און אויך אָנטיילנעמער פונעם דראַמקרייז, האָבן געהערט: חיים דעם וויסן משהס, אַ בחור פון וואַרשע, וועלכער האָט זיך געפונען אין פראַמפּאָל, מעכל ערטער, יאַנקל טענענוורצל, יחיאל (יאַכטשע), חיים אַשענבערגס שוואָגער פון וואַרשע, אברהם און שאָשע פּאַנקעוויטש (היינט אין אַמעריקע), חנהטשע אַשענבערג, שרה בערגער, משה פּאַנקעוויטש, ביירעך פינקעלשטיין, בעריש בלומער, די ברידער יאַנעק און יוסף בענדלער, ביילע קאָרן, לייביש וועלטשער, קלמן ערטער און אַנדערע. פונעם געשפּילטן רעפּערטואַר, דערמאָן איך זיך די וויכטיקסטע פּיעסן: בר־כוכבא — פון גאָלדפאַדן; טוביה דער מילכיקער — פון שלום־עליכם; חאַשע די יתומה פון גאָרדאָן; צוויי קוני לעמלס — פון גאָלדפאַדען, די רומענישע חתונה, הערצעלע מיוחס — און נאָך.

ביים דראַמאַטישן קרייז האָט אויך עקזיסטירט אַ ספּעציעלע אויפזיכט־קאָמיסיע

צו באַהאַנדלען יעדער פּיעסע, איידער מען האָט זי אָנגעהויבן רעפּעטירן. נאָר נאָך אַ באַשטעטיקונג פון דער קאָמיסיע (אברהם פאנקיעוויטש און דער שרייבער פון די שורות) — האָט מען גענומען גרייטן די פאָרשטעלונג.

## החלוץ און ציונים כלליים

אין יאָר 1924 איז די אידעע פון החלוץ אַריינגעדרינגען אויך קיין פּראַמפּאָל. מיטן באַזוך פון א. ביאַלאָפּאָלסקי פון דער צענטראַלע אין וואַרשע, איז ערשט איינגעשטעלט געוואָרן אַ רעגולערע אָרגאַניזאַציאָנעלע און קולטור־פּאָליטישע טעטיקייט. איך בין אַוועקגעשטעלט געוואָרן בראש פון דער החלוץ־אָרגאַניזאַציע און פון דער קרן־קיימת אָפּטיילונג אין שטעטל. אַזוי ווי קיין העברעישע שול איז נישט געווען, האָב איך זיך אַליין איינגעשפּאַנט צו דער אַרבעט פון אַן עברית־לערער — און פון 8 פרי ביז 12 ביינאַכט האָט מען געאַרבעט אויפן ציוניסטישן פראָנט. דערביי איז קיין איין שבתדיקער צי יומטובדיקער טאָג נישט פאַרלוירן געגאַנגען: פאָרלעזונגען, שמועסן, פאַרזאַמלונגען. דאָס יאָר 1925 קאָן טאָקע באַצייכנט ווערן אַלס רעקאָרד־יאָר פון ציוניסטישער טעטיקייט אין פּראַמפּאָל.

צו יענער צייט האָט שוין אויך עקזיסטירט אַן אַלגעמיין־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. האָט צווישן ביידע באַוועגונגען — דער חלוצישער און אַלגעמיין־ציוניסטישער — זיך אָנגעהויבן אַ פאַרמעסט אויף אַלע געביטן פון ציוניסטישער אַקטיוויטעט: לערנען עברית, קרן־קיימת, אויפקלער־אַרבעט. אויף דער קרייז־קאָנפערענץ פון קרן־קיימת אין זאַמאָשטש, י״ז טבת 1925, האָט מען שטאַרק געלויבט פּראַמפּאָל פאַר אירע אויפטוען פאַרן נאַציאָנאַלן פאָנד.

פאַרשטייט זיך, אַז עס האָבן אויך נישט געפעלט קיין שטערונגען פון פאַרשידענע זייטן. גרויס קעגנערשאַפט צום ציוניסטישן אידעאַל און צו די ציוניסטישע יוגנט־גרופּירונגען אין שטעטל, האָבן אַרויסגעוויזן די אָרטאָדאָקסישע קרייזן. סיי צוליב די איינשטעלונג פון אַ טייל רבנים, סיי אויס מורא צו פאַרלירן די רעליגיעזע השפּעה איבער דער יוגנט, האָט מען אין די בתי־מדרשים און אין די חסידישע הײמען גערופן אַלעמאָל צו באַקעמפן דעם ציוניזם אין אַלע זיינע שאַטירונגען. דער עיקר אַרגומענט פון די פרומע יידן איז געווען, אַז די ציוניסטן ווילן אויף אייגענער האַנט דערפירן צו דער דערלייזונג, בעת די זאַך וועט, מיט דער צייט, קומען מן השמים... זיי האָבן אויך מורא געהאַט, אַז ציוניסטישע דערציאונג וועט פיל יוגנטלעכע אַראָפּפירן פון דרך הישר...

די אַטאַקעס אויפן ציוניזם זענען אויך געקומען פון לינקס. דער „בונד״ און די קאָמוניסטן האָבן אין ציוניזם געזען דעם קעגנזאַץ צו זייערע פּראָגראַמען און



בעתן אַנטהילן אַ מצבה אויפן פּראַמפּאָלער בית־הקברות

עס שטייען פון רעכטס צו לינקס: ליבע וואַלדמאַן, דונעלע וואַלדמאַן, אַנשל האָף, שמואל־משה פּרילינג, נטע שיינמאַן, דער חזן שמואל־משה וואַלדמאַן, משה־דוד קעניגסוואַלד, לייבל ציטרינבוים, מעכל ערטער, גיטל ציטרינבוים, סימע וואַלדמאַן.

דערפֿאַר האָבן זיי מיט אַלע מיטלען געפֿירט קעגן אונז אַ ביטערן קאַמף. זיי זענען אפֿילו דערגאַנגען צו אַזאַ אַבסורד, אַז מ'האָט אַמאָל ביינאַכט זיך אַריינגעגנבֿעט אין דער ביבליאָטעק פֿון „תרבות", אַריינגעלייגט די ביכער אין זעק און דאָס אַלץ אַריינגעוואָרפֿן אין... ברונעם. אַז די קריסטן זענען צונויפֿגעלאָפֿן אַרום שעפּן וואַסער פֿון ברונעם, האָבן זיי אַנטדעקט דעם פֿאַרניכטעטן קולטור־אוצר. אָט מיט אַזעלכע מיטלען האָט מען באַקעמפֿט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין פּראַמפּאָל...

אַ נישט בעסער מזל האָבן טיילמאָל געהאַט אונדזערע טעאַטער־פֿאָרשטעלונגען. די פֿאַרטייאישע קעגנערס פֿלעגן אַרויפֿוואַרפֿן אויף דער בינע, בעת דער פֿאָרשטעלונג, שטיינער אָדער קאַרטאָפֿל־שאָלן, כּדי אַרויסרופֿן מהומות און אומאָרדענונג. און פֿון די עלטערן איז דאָך אָפּגערעדט: די האָבן גאָר מורא געהאַט פֿאַר זייערע קינדער, זיי זאָלן נישט אַוועק אויף פֿאַלשע וועגן.

אין פּראַמפּאָל האָט אויך עקזיסטירט אַ בית״ר־אָרגאַניזאַציע, געגרינדעט און אָנגעפֿירט דורך משהקע וואַלדמאַן, מיינער אַ נאָענטער חבר און תּלמיד, אַ געוועזענער ישיבֿה־בחור, און דער לערער פֿון דער אָרטיקער „יבנה"־שול. פֿון יאָר 1932, ביזן אויסברוך פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָבן זיי געפֿירט אַ שיינע טעטיקייט.

## בית־ספר ,,יבנה"

אין יאָר 1930 איז ביי אונדז געגרינדעט געוואָרן אַ נאַציאָנאַל־רעליגיעזע שול א. נ. „יבנה". בראש פֿון דער אינסטיטוציע איז געשטאַנען דער לערער ליליענשטיין. די דאָזיקע שול האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר הויכן פּעדאַגאָגישן ניוואָ און האָט זיך כּסדר אויסגעברייטערט, אַנטקעגן די פֿריערדיקע פֿאַרשידענע שולן, וואָס זענען איינגעשטאַנען אין פּריוואַטע הענט, אָבער ווייט נישט דערגאַנגען צו דער מינימאַלער הייך ווי עס האָט זיך געפֿאָדערט פֿון אַ מאָדערן בית־ספר. נאָך אין יאָר 1922 איז געגרינדעט געוואָרן אַ שול דורכן לערער זילבער. שפּעטער האָט די אָנפֿירונג איבערגענומען דער לערער צוקער. אָבער אמיינסטן דערפֿאָלג האָט געהאַט די „יבנה"־שול, וועמענס גרינדער עס זענען געווען: ל. ציטרינבוים, מ. ערטער, מ. פּרילינג, הענעך ריינזילבער (היטלמאַכער) און דער שרייבער פֿון די שורות. אין יאָר 1932 איז די שול באַדייטנדיק פֿאַרגרעסערט געוואָרן.

אַ שטאַרקן רושם האָבן שטענדיק געמאַכט די געלונגענע ל״ג בעומר־דעמאָנסטראַציעס פֿון די שילער איבער דער שטאָט, די פֿאַרשידענע עפֿנטלעכע פּייערונגען, ווי אויך דער אָנטייל אין אָפֿיציעלע פּוילישע יומטובֿים און גאַלאַ־טעג. אין שטאָט האָט מען אויך אָנגעקוואָלן פֿון די געלונגענע קינדער־פֿאָרשטעלונגען וואָס „יבנה" האָט אָדורכגעפֿירט.

אַלע אָן אויסנאַם ציוניסטישע גרופּירונגען אין שטעטל האָבן נישט אַדורכגעלאָזט קיין איין וויכטיקע געשעעניש אין יידישן נאַציאָנאַלן לעבן און באַזונדערס מיטגעלעבט מיט דעם אַלעמען, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין ארץ־ישראל. אין חודש ניסן תרפ״ה (1925), ווען די גאַנצע יידישע וועלט האָט געפייערט די דער־עפענונג פון ירושלימער העברעישן אוניווערסיטעט אויפן הר־הצופים, האָבן מיר אויך אין פּראַמפּאָל מיטגעמאַכט די דאָזיקע שמחה. ביי געדעקטע טישן און מיטן אויסהערן רעדעס מעניני דיומא, איז די פייערונג אַדורך מיט גרויס דערפּאָלג און באַגייסטערונג. אַ באַזונדערע הייטערקייט האָט אַרויסגערופן די באַגריסונג פון אָרטיקן פּאָליציי־קאָמענדאַנט, ווינטשנדיק אויך אונדז אייגענע אויפלעבונג... איך האָב אים דערפאַר האַרציק אָפּגעדאַנקט.

אויך די בלוטיקע געשעענישן אין יאָר 1929, וואָס זענען אַרויסגערופן געוואָרן דורך די אַראַבער אין ארץ־ישראל קעגן דעם יידישן ישוב, האָבן געהאַט זייער טיפן אָפּקלאַנג אין פּראַמפּאָל. שבת פאַרנאַכט, צו מנחה, האָט דער רב געמאָלדן, אַז צומאָרגנס, זונטיק, וועט פאַרקומען אַן אַלגעמיינע אַסיפה און פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג; קיינער זאָל נישט פאַרלאָזן די שטאָט, אַלע זאָלן זיך צושטעלן אין שול. הגם דאָס איז געווען אַ טאָג פון „אדפּוסט״, ווען מאַסן פּויערים פון די אַרומיקע דערפער קומען אין קלויסטער אַריין און יידן האָבן ביי זיי געלייזט פאַר צוקערוואַרג, געטראַנקען און געבעקס — איז דאָך די גאַנצע דערוואַקסענע יידישע באַפעלקערונג פון פּראַמפּאָל געקומען צו דער פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג. (מען האָט דערציילט, אַז בלויז בנימין דעם קליינעם משהלעס איז דעמאָלט אַרויסגעפאָרן פון פּראַמפּאָל — און פרומע האָבן געגלייבט, אַז דער פּאַראַליזש, וואָס האָט אים שפּעטער געטראָפן, איז געווען אַ שטראָף פאַר נישט באַטייליקן זיך אין דער פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג...).

כדי צו שטאַרקן דעם רבס רוף צו פּראָטעסט און תשובה, האָב איך פאַרן ארון־הקודש פאַרגעלייענט די טעלעגראַמע, וואָס איז דערהאַלטן געוואָרן פון ארץ־ישראל וועגן די בלוטיקע געשעענישן. די שטימונג אין שול איז געווען ווי אין יום־כיפור. מען האָט געזאָגט סליחות, תהילים און ספּעציעלע תפילות געווידמעט די געשעענישן. נאָך די תפילות האָב איך אָפּעלירט צום עולם, אַז דאָס בלויזע קלאַפּן זיך „על חטא״ איז ווייניק. מיר דאַרפן ממשותדיק העלפן בויען און אַנטוויקלען דאָס לאַנד.

אויפן אָרט איז געשאַפן געוואָרן אַ גרעסערע סומע פאַר ארץ־ישראל.

## די קהילה

אין יאָר 1930 איז צום ערשטן מאָל אויסגעקומען אַדורכצופירן וואַלן צו דער יידישער קהילה־פאַרוואַלטונג. איך זאָג צום ערשטן מאָל, ווייל ביז דאַן האָט מען אַלס דאָזיקעס

אויסגעקליבן בלויז „שיינע יידן", שתדלנים און יחסנים. מען פלעגט פשוט צונויפרופן עמך און זיי געהייסן שטימען ווי די גבאים און קהלישע קאָכלעפל האָבן באַפוילן... די ציוניסטן און בעלי־מלאכות האָבן איצט באַשלאָסן אַ סוף מאַכן צו אַזאַ סיסטעם ווילן. אויס מיט די שתדלנים און שתדלנות. עס האָבן זיך באַוויזן עטלעכע רשימות:

א) פאַראייניקטע חסידים.

ב) קליינע סוחרים (קצבים).

ג) האַנטווערקער־ציוניסטן.

פאַרשטייט זיך, אַז די וואַל־קאַמפּאַניע איז געפירט געוואָרן מיט דעם ברען און ליידנשאַפט, וואָס איז געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַרן פאַרמלחמהדיקן יידישן לעבן אין פוילן. מען האָט אפילו געוואָלט פסלען איין ליסטע פון אונדזערס אַ חבר.

און דער רעזולטאַט?

די פאַראייניקטע חסידישע ליסטע — 4 מאַנדאַטן: שמואל־יוסף קעסטענבוים, יאַנקל יאָסקעס, חיים־יהודה האַרמאַן (וואַרשעווער חסידים), לייבל רעדלמאַן (נייטראַלער). פון דער ליסטע ב׳: שלמה טאוב (סוחר), ברוך אַלטמאַן (קצב) און מעכל ערטער (שניידער), ש. קליידמאַן (סטאָליער) — פון דער ליסטע האַנטווערקער־ציוניסטן.

כדי אויסצומיידן די מאַיאָריזירונג פון איין צד דורכן צווייטן, האָבן מיר מסכים געווען, אַז אַלס פאָרזיצער פון דער קהילה זאָל אויסגעוויילט ווערן שלמה טאָוב (סוחר). אונדזער קאַמף איז געווען, אַז די אַרבעט פון דער יידישער קהילה זאָל געפירט ווערן אויף אַ דעמאָקראַטישן אופן, נישט באַלעסטיקן איין טייל פון דער באַפעלקערונג, כדי אַ צווייטער טייל זאָל דערפון געניסן.

דער הויפּט־קאַמף האָט זיך געפירט ביים באַשטימען דעם יערלעכן בודזשעט פון איינקונפטן און אויסגאַבן. די עיקר־הכנסה איז געווען פון דער שחיטה און עטאַט, בעת די הוצאות האָבן פאַראויסגעזען צו דעקן אַלע רעליגיעזע און קולטורעלע, ווי סאָציאַלע באַדערפענישן פון דער יידישער באַפעלקערונג. בעת די חסידים האָבן פאַר זייער „בית־יעקב"־שול אריינגעשטעלט אַ סובווענץ פון 2,100 זלאָטעס, האָבן איך און מ. ערטער געפאָדערט סובווענצן פאַר די ציוניסטישע אינסטיטוציעס, ווי „תרבות", קרן־קימת און אנד. לײדער, זענען מיר געווען בלויז צוויי ציוניסטישע דאַזאָרעס, בעת די רעליגיעזע האָבן געציילט פינף. דעריבער זענען אונדזערע פאָרשלאָגן געוואָרן אָפּגעוואָרפן. נישט געווען קיין ברירה, ווי נאָר אַז מיר זאָלן נישט אונטערחתמענען די פאָרגעלייגטע בודזשעטן. האָבן זיי טאַקע געוואַנדערט פון פאָוויאַט (בילגאָריי) אין דער וואָיעוווּדסטווע (לובלין), ווייל זיי האָבן געמוזט באַשטעטיקט ווערן דורך די פוילישע אָפיציעלע אינסטאַנצן. ביזן יאָר 1932, ווען איך האָב עולה געווען קיין א״י, האָט מען טאַקע דעם בודזשעט נישט באַשטעטיקט. ערשט ווען אויף מיין אָרט איז געקומען דער דאַזאָר יוסף־איציק רויזער (שניידער), איז דער ענין דערליידיקט געוואָרן.

אין די א. ג. נאָרמאַלע, רואיקע צייטן, זענען די קעגנזייטיקע באַציאונגען צווישן די יידן און קריסטן אין פּראַמפּאָל געווען נישקשהדיקע, אָן צוזאַמענשטויסן, צי גרעסערע קאָנפליקטן. באַזונדערס פריינטלעך איז געווען די באַציאונג פון די עלטערע קריסטן צו דעם עלטערן דור יידן. מען האָט געלעבט ווי גוטע שכנים.

פון די בערך 5 טויזנט איינוווינער, וואָס פּראַמפּאָל האָט פאַרמאָגט, איז כמעט אַ העלפט געווען יידן. דעם קוואַדראַט, וואָס האָט געבילדעט דעם רינעק (מאַרק), האָבן פאַרנומען די יידן מיט זייערע געשעפטן און וווינונגען. בלויז דער גמינע־אַמט, די פייערלעשער, דאָס אַמאָליקע ראָטהויז, די אַפּטייק און די „ספּולקע״, וואָס האָבן זיך געפונען אויפן רינעק — איז געווען פאַרנומען דורך פּאָליאַקן — די אָנגעשטעלטע און באַאַמטע אין די דאָזיקע אינסטיטוציעס. עס זענען אויך געווען איינגעשטעלט נאָענטע האַנדלס־באַציאונגען צווישן די פּראַמפּאָלער יידישע סוחרים, ווי משה־מענדל אשענבערג — פון תבואה, און דער שניט־סוחר איציק מיזעלס, מיט די גוטבאַזיצער און רייכע פּויערים פון די דערפער צילניקעס, קאָצודזע און אַנדערע. די פּריצים פלעגן נעמען ביי די יידן פאַרשידענע סחורות אויפן חשבון פון דער שפּעטערדיקער גערעטעניש.

די מאַרק־טעג יעדן מאָנטיק זענען אַדורכגעגאַנגען אין אַ רואיקער אַטמאָספערע און ביי קעגנזייטיקע נאָרמאַלע האַנדלס־באַציאונגען צווישן דער יידישער און קריסט־לעכער באַפעלקערונג. אמת, די פּאָליאַקן האָבן אויפגעשטעלט קאָאָפּעראַטיווע געשעפטן („ספּולקעס״) און געוואָלט אַהין אַריינציען אַלס קונים די פּויערים, וואָס זענען געקומען אין שטעטל צום יאַריד — אָבער מיט קנאַפּ דערפאָלג. ערשט אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען די ענדעקעס און סאַנאַציע האָבן פאַרשטאַרקט זייער אַנטיסעמיטישע העצע, האָט די לאָזונג „סוואָי דאָ סוועגאָ״ שטאַרק געטראָפן דעם יידישן מסחר און מלאכה.

געווען אויך פרוון מצד די ציוניסטן אין פּראַמפּאָל צו זיכערן אַ מער קעמפערישע פאַרטרעטערשאַפט אין שטאָטראַט, אַז אָנשטאָט די ביז איצטיקע שתדלנים, זאָלן די שליחי־ציבור פון דער יידישער באַפעלקערונג זיין אַדורכגעדרינגען מיט אַ נאַציאָנאַל־קעמפערישן גייסט און ווירדיק פאַרטיידיקן אירע אינטערעסן.ליידער, זענען די דאָזיקע פרוון נישט געלונגען.

פונדעסטוועגן זענען די יידיש־פּוילישע באַציאונגען ווייט געווען פון צו זיין אידיליש. יעדעס יאָר פאַרן מאָביליזירן אַ נייעם יאָרגאַנג אין פּוילישן מיליטער, ווען רעקרוטן פון די אַרומיקע דערפער זענען געקומען קיין פּראַמפּאָל צושטעלן זיך צום פּריזיוו, אָדער אָפּפאָרן אין די צוגעטיילטע איינהייטן, איז אין שטעטל געווען אַ שפּאַנונג און די יידן האָט באַהערשט אַ פּחד. איינמאָל, אַ שבת נאָכמיטאָג, זענען די „פּאָדפּיסאָווע״ אַפילו באַפאַלן אַ יידיש יינגל, שלמה בערגער, און אים שטאַרק צעשלאָגן. מיר, אַ גרופּע

יידישע יוגנטלעכע, זענען באַלד אַרויס אין גאַס כדי צו רעאַגירן אויף דעם געשעענעם, אָבער די כוליגאַנעס האָבן זיך באַצייטנס אָפּגעטראָגן.

אַ צווייטער פאַל איז אויך פאָרגעקומען שבת, אין יאָר 1926. אַ גרעסערע צאָל יידן האָבן שפּאַצירט אויף דער דריטער־מאַי־גאַס, ווו ס׳האָט געוווינט דער נייער גלח. אים זענען נישט געפעלן די יידן אין „זיין" גאַס. מיט אַמאָל איז געוואָרן אַ בהלה, אַנטי־סעמיטן האָבן אָנגעהויבן טרייבן די יידן, הלמאי זיי פאַראומרייניקן די הייליקע גאַס. אונדזערע יידן זענען זיך צעלאָפן, די גאַס איז מיט אַמאָל געוואָרן ליידיק. אויך איך האָב זיך דאַן געפונען צווישן די שפּאַצירנדיקע, אין דער געזעלשאַפט פון אַ מיידל (מיין איצטיקע פרוי), פירנדיק זי אונטערן אָרעם. דערביי האָב איך די צווייטע האַנט געהאַלטן אין קעשענע. מיט אַמאָל זענען צו מיר צוגעקומען עטלעכע כוליגאַנעס, נאָר זעענדיק מיין באַהערשטקייט און רואיקייט, ווי אויך די האַנט אין קעשענע, האָבן זיי נישט געוואַגט צו טשעפּען. ווייזט אויס, אַז מיין האַלטונג האָט אויף זיי אַזוי געווירקט פּסיכאָלאָגיש, אַז זיי האָבן זיך צוריקגעצויגן...

אויך יוסף האָניגמאַן, זעענדיק ווי איך בין געבליבן שטיין, האָט זיך אומגעקערט און גרייט געווען העלפן, אויב מ׳וועט מיך אָנגרייפן.

אַן ענלעכער פאַל איז געשען אַ געוויסן פרייטיק־צו־נאַכט, ווען די שפּאַצירנדיקע יידישע יוגנט איז באַפאַלן געוואָרן דורך כוליגאַנעס, באַוואָפנטע מיט שטעקנס. אַזויווי די איבערפאַלן פלעגן זיך איבערחזרן, האָבן מיר, דאָזאָרעס פון דער קהילה, אינטער־ווענירט ביי דער אָרטיקער מאַכט. איך געדענק אויך אַ פּרווו פון אַן עלילת־דם ערב פּסח, ביי שימשעלע יאָסקעס, אויפן גאָרייער וועג. אונדזער חברה האָט גלייך אינטער־ווענירט און אין אָנהייב דערשטיקט די עלילה. דער כוליגאַן האָט באַקומען זיין חלק אויפן אָרט.

עס פלעגן אויך זיין פאַלן פון באָדן־סיכסוכים צווישן יידן און קריסטן. די לעצטע פלעגן צ־מאָל אויסנוצן דעם יום־כיפּור אויף צו „רעגולירן" דעם שטרייט, וויסנדיק, אַז אין אַזאַ טאָג וועלן יידן נישט רעאַגירן.

איין מאָל איז אויף אַ פאַרזאַמלונג פון יידן און פּאָליאַקן אין דעם אָרטיקן גמינע־אַמט, געקומען צו אַן אינצידענט. אַן אַנטיסעמיט האָט זיך דערלויבט אָנצוגרייפן די יידן, ביי דער הסכמה פון גלח. דער אַנטיסעמיט האָט אויפן אָרט באַקומען פון מיר אַ ווירדיקן ענטפער און שפּעטער זיך געמוזט צוריק ציען פון זיינע אַטאַקעס. אויך דער גלח האָט צוגעשטאַמלט, אַז נישט דאָס האָט ער געמיינט..

*

די אינצידענטן און צוזאַמענשטויסן זענען אָבער געווען אַ גאָרנישט אַנטקעגן דער שפּעטערדיקער אַקטיווער הילף מצד די אָרטיקע פּאָליאַקן די דייטשע רוצחים, אין זייערע מאָרד־מלאכה איבער די פראַמפּאָלער יידן אין די יאָרן 1939—1944.

# אור און חושך אין פראַמפּאָל

משה ליכטפעלד / פתח־תקוה

פראַמפּאָל איז געלעגן צווישן שעברעשין (פון מזרח־זייט), יאַנאָוו־לובעלסקי (פון מערב־זייט), בילגאָריי (פון דרום) און גאָריי, טוראָבין (ביז לובלין) — פון צפון. זייענדיק פאַרקלעמט פון אַלע פיר זייטן, האָט דאָס שטעטל זיך אָנגעזאַפּט מיט די אייגנשאַפטן פון די אַרומיקע ערטער. שעברעשין מיט זאמאָשטש זענען געווען באַקאַנט אַלס פאָרגעשריטענע שטעט — און ווי האָט דען געקאָנט זיין אַנדערש? איז דאָך י. ל. פּרץ געבוירן געוואָרן אין זאַמאָשטש און געלערנט אין שעברעשין ביי יאַנקעלע פראַנק, אַ שם־דבר אין אונדזער געגנט. פיל ווערט דערציילט וועגן אים, אָבער זיין נאָמען האָט מען אין דעם קאַנט נישט דערמאָנט צום גוטן, צוליב פאָלגנדיקער מעשה: אָט דער דאָזיקער יאַנקעלע האָט געלערנט ימים ולילות, ביז פיר פאַרנאַכט געזעסן אין טלית און תפילין, געווען איינער פון די גרויסע לומדים. מ׳האָט געשמועסט, אַז אַלע זיינע קינדער האָבן זיך געשמדט און אים אַליין האָט מען געהאַלטן פאַר אַ גרויסן כופר.

פאַרן טויט האָט ער, אזוי האָט מען דערציילט, אַריינגערופן זיינע תלמידים, וועלכע



הכשרה־קיבוץ אין זוויעזשיניעץ פון פראַמפּאָלער החלוץ. 1934
עס שטייען (פון רעכטס צו לינקס): שטערנבוך שלמה, האָכראַד שמואל, בוים חייה, אַלטבוים משה, זיסמילך אסתר, ווייס משה, עלבוים משה־יצחק. עס זיצן: זיכלער יצחק, אַלטערמאַן שרה, קיסלאָוויטש חיים, פרילינג רחל, פרילינג שלמה, גאַנץ משה

האָבן זיך נישט אויסגעצייכנט מיט צופיל יראת שמים (צווישן זיי — אויך י. ל. פּרץ) און פאַר זיי אָנגעהויבן לערנען „מוסר" מיט אַזאַ התלהבות, אַז די תלמידים האָבן אָנגעהויבן וויינען. נאָר איינער, י. ל. פּרץ, האָט נישט געלאָזט קיין טרער. פּלוצים האָט ער זיי געגומען טרייבן פון צימער, שרייענדיק: „מיין גאַנץ לעבן האָב איך אָפּגעאַרבעט אויף צו מאַכן אייך פאַר לייט. און איצט, מיט איין התלהבות, האָט איר אַלץ פאַרגעסן. נייך, פון אייך וועט שוין גאָרנישט זיין! אומזיסט מיין אַרבעט... נאָר דו, יצחק־לייביש, בלייב מיט מיר. פון דיר וועל איך יאָ האָבן נחת..."

שעברעשין האָט געשמט פאַר אַ שטאָט פון לצים. אַז זיי האָבן אַריינבאַקומען וועמען מיט אַ שוואַכן כאַראַקטער, פלעגן זיי איבער אים טרייבן שפּאַס. איך געדענק, אַז מיין פאָטער ז"ל איז מיטגעפאָרן אין די אַלע שטעטלעך, ווו דער רבי פלעגט קומען אויף שבת (יאַנאָוו, בילגאָריי), אָבער נישט קיין שעברעשין, באַמערקנדיק דערביי, אַז צו די דאָזיקע לצים פאָרט ער נישט. ס'געדענקט זיך אַזאַ געשיכטע, וואָס איז פאָרגעקומען אין שעברעשין, ווען דער רבי איז דאָרט געהאַט פאַרפאָרן אויף אַ שבת: אין בית־המדרש, ווו דער רבי האָט געדאַוונט, זענען אַריינגעקומען חברה לצים, זיך אויסגעשטעלט אין אַ ריי און איינער נאָכן צווייטן האָט געגעבן דעם רבין „שלום" — אָבער אָן אַן אויפהער. די ריי האָט זיך גאָרנישט געענדיקט... זיי האָבן דעם רבין ממש פאַרמאַטערט מיטן אומאויפהערלעכן אָפּגעבן שלום אין משך פון עטלעכע שעה.

אויך פון דרום האָט בילגאָריי עטוואָס צושטייער געגעבן צו דער געשטאַלטיקונג פון אונדזער שטעטל. בילגאָריי האָט אַרויסגעגעבן די באַרימטע שרייבער י. י. זינגער און י. באַשעוויס, מחברים פון פיל ביכער, אין וועלכע ס'קומען צום אויסדרוק די לאַנדשאַפטן און די פאַרשידענע טיפּן פון אונדזער געגנט.

אַנטקעגן דעם מזרח, האָבן מיר געהאַט אויך אַ מערב — יאַנאָוו־לובעלסקי, מיט אירע תלמידי־חכמים, יראים ושלמים, חסידים ואנשי מעשה. פון צפון האָבן מיר געהאַט גאָריי, אַ קליין שטעטעלע, וואָס האָט פון זיך אַרויסגעגעבן דעם הייליקן ר' מענדעלע קאָצקער, מיט וועמען די וועלט האָט געקאָכט אין דער לעצטער צייט. מ'דאַרף אויך דערמאָנען מאָטעלע גאָריער, וואָס די גאַנצע געגנט האָט אים געהאַלטן פאַר אַ נסתר.

בקיצור, געווען אין פראַמפּאָל אַ מין אור וחושך. פאַרשטענדלעך, אַז דער אופן פון לערנען און קינדער־דערציאונג איז געווען לויטן אַלטן שטייגער, בפרט ביז צום ערשטן וועלט־קריג, ווען ידישע קינדער האָבן נישט געמוזט גיין אין שול. און די הויפּט־אויפגאַבע פון דערציען דעם יונגן דור איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף אַ מלמד, וועלכער האָט געקנעלט תורה מיט די קינדער אַכט שעה אין טאָג, אַמאָל — מערער, געלערנט אויך אַ ביסל דברי־חול, שרייבן, רעכענען, אאַז"וו. אַלע קינדער, וואָס זענען געגאַנגען אין די חדרים, האָבן געקענט אַ ביסל שרייבן, לייענען רוסיש, פּויליש, עברית און אויך רעכענען. פון וואַנען דער דאָזיקער נס האָט זיך גענומען — ווייס איך נישט, אָבער עס בלייבט אַ פאַקט, אַז באַזאַמען מיט די, וועלכע האָבן זיך קוים געקענט

אונטערשרייבן, זענען אויך געווען גוטע מאַטעמאַטיקער, וואָס וואָלטן אַפילו היינט־צו־טאָג נישט פאַרשעמט מיט זייערע קענטענישן. אַז מ׳האָט באַדאַרפט שרייבן עפּעס אַ בקשה אין פּוילישן געריכט, האָט זיך שוין געפונען אין שטעטל אַ ייד (לייבל רעדלמאַן), וואָס האָט קיינמאָל נישט באַזוכט קיין פּוילישע שול — און דאָך געשריבן בקשות, אַפילו געלעבט דערפון. אויך קריסטן פלעגן ביי אים באַשטעלן דאָס שרייבן „פּאָדאַניעס״. אַז ס׳איז געקומען אַ גרויסער נאַטשאַלניק פון לובלין און מ׳האָט זיך באַדאַרפט פאָרשטעלן מיט אַ שיינעם פּויליש, איז מען אויך אַוועק זיך „אויסבאָרגן״ אַ פּויליש־רעדנער צווישן די פראַמפּאָלער יידן, מיט בערד און פּיאות, וואָס נישט איינער פון זיי האָט גערעדט אַ פּליסיקן פּויליש. גרשון ראָזענבערג (שעיה׳ס) האָט געשריבן מיט אַ גענדזענער פּעדער.

## אונדזערע חדרים

יעדעס ייִנגל, געבוירן אין פראַמפּאָל, האָט געמוזט זיך לערנען ביי די מלמדים אין שטעטל, אָנהייבנדיק פון דריי יאָר — ביז כמעט זיין חתונה... (פון וועלטלעכער בילדונג האָט מען נאָך דאַן נישט געחלומט). צומערשט איז אויסגעקומען צו פאַרזוכן אויפן רוקן (און... געזעס) דעם לעדערנעם קאַנטשיק פון ר׳ יוסף דעם דרדקי־מלמד. ער האָט אָנגעהויבן מיטן קינד איינקנעלן אלף־בית, אַריבער צו „האַלב״ און „גאַנץ״ טראַף, ביז (מיט דער הילף פון קאַנטשיק) דערפירט צו עברי.

דער גרעסערער מלמד, ר׳ חיים אליעזר האכראַט, צו וועמען דאָס ייִנגל איז דערנאָך אַריבער, האָט אים שוין אָנגעהויבן אויסשטעלן פאַר אַ מענטש, לערנען חומש. דערביי האָט מען געמאַכט אַ גאַנצע שמחה ביים אָנהויבן און שפּעטער — ביים פאַרהערן דעם חומש. די עלטערן פון דעם חומש־אָנהייבער האָבן מכבד געווען מיט געטראַנק און פאַרבייסעכץ, זיסוואַרג און איינגעמאַכטס, וואָס מ׳האָט געגרייט פון פריער. אין אַזאַ שמחה האָבן אָנטיילגענומען פיל חדר־תלמידים. יעדער האָט געשטעלט פון פריער צוגעגרייטע פראַגן:

— ייִנגעלע, ייִנגעלע, וואָס לערנסטו?

— חומש

— וועלכעס חומש? — האָט געפרעגט אַ צווייטער.

— דאָס דריטע!

שטופנווייז איז מען דערגאַנגען ביזן גרעסטן רבין, ר׳ עקיבא מאיר קאַלמאַנאָוויטש, ווייל נאָך אים איז מען שוין אַוועק לערנען אין ישיבה, אָדער אין בית־המדרש. זיינע תלמידים זענען געווען דערוואַקסענע בחורים. זיי האָבן זיך געפילט שטאָלץ צו לערנען ביי אַזאַ רבין. אויסער תלמוד, תוספות און תנ״ך, האָט מען ביי אים אויך געלערנט אַ ביסל וועלטלעכקייט: עברית, פּויליש, דייטש און דער עיקר — חשבון. און נישט סתם געלערנט, נאָר מ׳האָט געדאַרפט אויף אויסנווייניק קענען גאַנצע שירים אין די דאָזיקע שפּראַכן. אָבער דאָס שווערסטע איז געווען חשבון: חבור, חסור, כפל און חלוק. מען מוז מודה זיין, אַז נאָך 9־10 שעה לערנען די שווערע גמראס מיט די תוספות, זענען

שוין אַנדערע לימודים ווייניק וואָס געקראָכן אין קאָפּ. אָבער דער רבי האָט שוין געוווּסט, ווי אַזוי יעדן איינעם איינפלאַנצן אויך אַ ביסל „וויסנשאַפט".

געווען אויך תלמידים מיט „אייזערנע קעפּ", וואָס האָבן גלייך, נאָכן רבינס אויפקלערונג, אַלץ געקענט אַליין איבערזאָגן. צו זיי האָבן געהערט מיין ברודער יוסף ז"ל, חיים יואל וועלטשער און אַנדערע. זיי האָבן נאָך געהאָלפן די שוואַכערע איבערנעמען די שווערע שיעורים.

ר' עקיבא מאיר מיט זיין פּאַטריאַרכאַלישן אויסזען און דערציונגס־סיסטעם, האָט געגאָסן פון צוטרוי ביי דער שטעטלדיקער יוגנט, וועלכע האָט אים געהאַט צו פאַרדאַנקען אַ גוטן חינוך און אַ ביסל השכלה.

דאָס גרויסע פּראַמפּאָלער בית־מדרש איז שוין פון 3 פאַרטאָג געווען אָפן. דאָרט האָבן זיך געפונען די „אָפּריכטער" פון תיקון חצות. צווישן זיי — דער קליינער משהלע, ברוך ז"ל און גרשון מאירלס קנאָבליך ז"ל, וואָס האָט געקענט גאַנץ משניות פון אויסנווייניק. ער האָט אריינגעברענגט אין שטוינונג אַלע קינדער: ווי אַזוי איז מעגלעך אַזאַ דיקן ספר צו לערנען אויף אויסנווייניק?

אַרום פינף האָבן אָנגעהויבן אָנקומען די תהלים־זאָגער און די גמרא־לערנער: נאָך זיי — די דאַווענער. דערווייל האָט מען אַריינגעכאַפּט אַ שמועס וועגן מסחר און דערביי אריינגעוואָרפן גלייכווערטלעך און וויצן. ביי די תהילים־זאָגער האָט זיך אויס־געצייכנט ר' איציקל שוסטער, וואָס פלעגט סיי זומער און סיי ווינטער, אַהיים נעמען צו זיך היימלאָזע אָרעמעלייט אויף איבערצונעכטיקן. מיט אָט דעם פּשוטן ייד האָט דער דרדקי־מלמד, יוסף דער גאָרייער, געהאַט אָפּט צו טאָן און אים אַריינזאָגן. די אַרומיקע פלעגן קייכן פון געלעכטער, ווען ר' יוסף פלעגט זאָגן צו ר' איציקל: „איצט ביסטו אַ גאַנצער חכם, אָבער אַז איך וועל דיך אַריינקריגן צו מיר אין חדר, וועל איך מיטן קאַנטשיק לערנען מיט דיר אַ פּרשה בלק...".

אין אַ געוויסן ווינטערדיקן דינסטיק, איז דער שוסטער, ווי זיין שטייגער, אַוועק מיט אַ ביסל שטיוול אין שכנותדיקן דאָרף. צו מאָרגנס האָט ער באַדאַרפט קומען צוריק. מיטוואָך נאָכמיטאָג האָט זיך געמאַכט אַ שרעקלעכע שניי־זאַוויערוכע. ווען זיין בני־בית האָט אים דאָנערשטיק נישט געזען צוריק, האָבן זיי געטראַכט, אַז צוליבן שלעכטן וועטער וועט ער קומען ערשט אויף שבת. ליידער, אויך נאָך שבת איז ער נישט צוריק געקומען. ס'איז געוואָרן אַ גרויס געוויין. מ'האָט פאַרשטאַנען, אַז ס'איז געשען אַן אומגליק.

זונטיק האָט די פאַרצווייפלטע משפחה זיך אַוועקגעלאָזט אין דאָרף, זיך נאָכגעפרעגט ביי היימישע פּויערים, צי איז ער ביי זיי געווען. איינער האָט דערציילט, אַז מיטוואָך פאַרנאַכט איז ער ביי אים געווען און טראָץ זיינע וואָרענונגען, האָט ער זיך געלאָזט אַהיים, זאָגנדיק, אַז ער קאָן גוט דעם וועג און וועט נישט פאַרבלאָנדזשען.

איצט איז שוין נישט געווען קיין ספק, אַז ר' איציק איז פאַרשאָטן געוואָרן מיט שניי. דער פּראַמפּאָלער רב האָט באַפוילן, אַז זונטיק, זאָל קיין מאַן, פון 18 יאָר, נישט אַרויס פון

שטעטל; די מלמדים (צו אונדזער גרויסער פרייד!...) זאָלן אָפּלאָזן די קינדער אַהיים; מ׳זאָל נעמען לאָפּאַטעס, דרענגער און העק, כדי זוכן דעם מת־מצווה. נאָך אַ גאַנצן טאָג זוכעניש אויף די אַרומיקע פעלדער און וועגן, איז מען מידע און טרויעריקע צוריק געקומען אַהיים און דעם שוסטער נישט געפונען.

ערשט אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, ווען דער שניי האָט שוין אָנגעהויבן אויפטייען, זענען צוויי קריסטן געקומען צום רב און געזאָגט, אַז אויב מ׳וועט זיי געבן אַ פלעשל בראָנפן, וועלן זיי ווייזן ווו ר׳ איציקל ליגט. זיי זענען דאַן אַוועק מיט דער חברה קדישא, אַ פּאָר קילאָמעטער אויף דרום פון בית־עולם, אויפן וועג קיין מאַריומפּאָל, אַן אָרט, וואָס האָט געשמט מיט אָפּטע אומגליקס־פאַלן. דאָרט איז אונטער אַ בוים געזעסן ר׳ איציקל ז״ל, ס׳זעקל ביי זיינע פיס, מיט אַ מייער אין מויל. אַזוי איז ער פאַרפרוירן געוואָרן.

מען האָט אים געבראַכט אין שטעטל און איינגעאָרדנט אַ גרויסע לוויה. אַלע האָבן אים באַגלייט אין זיין אייביקער רו. די אָרעמעלייט האָבן געוויינט, ווייל זיי וועלן שוין נישט האָבן ווו איבערצונעכטיקן. די געשרייען פון דער פאַרצווייפלטער משפחה, וואָס האָט אָנגעווירן דעם איינציקן שפּייזער, האָבן דערגרייכט די הימלען. נאָר די מיטעלע טאָכטער חוהלע, וואָס איז געווען אין די „הויכע חדשים״, איז נישט מיטגעגאַנגען מיט דער לוויה. זי האָט שפּעטער געבוירן אַ ייִנגל און, נאַטירלעך, אים אַ נאָמען געגעבן נאָכן זיידן, איציקל.

אין דריי יאָר שפּעטער, האָט אים דער דרדקי מלמד ר׳ יאָסקע געפירט צו זיך אין חדר און איבער דער גאַנצער גאַס געררופן: „אָבער מיין נבואות איז מקויים געוואָרן, איציקל גייט צו מיר אין חדר אַריין. כ׳האָב אים באַקומען...״.

## געזעלשאַפטלעכע דערוואַכונג

ביים סוף פון ערשטן וועלט־קריג, ווען ס׳האָבן אָנגעהויבן בלאָזן אַנדערע ווינטן און מ׳האָט אין פּוילן איינגעפירט די אָבליגאַטאָרישע שול — איז דאָס פאַר יענעם אַלטן דור געווען אַ גזירה ווי אַלע גזירות אויף ייִדן. ס׳דערמאָנט זיך מיר די צייט, אומגעפער אין יאָר 1922־23, ווען די פּוילישע מאַכט האָט אויפגעפאָדערט די ייִדישע עלטערן צו שיקן זייערע קינדער אין דער מלוכהשער פאָלקס־שול. ייִדן האָבן אָנגעווענדעט פאַרשידענע תחבולותן, כדי נישט אויספירן די נייע גזירה. האָט די אָרטיקע מאַכט אַדורכגעפירט אַ רעגיסטראַציע פון אַלע קינדער אין שול־עלטער, נישט דורך צווינגען אַרויס־צונעמען אָפּשריפטן פון די געבורט־מעטריקעס, נאָר מ׳איז אַרומגעגאַנגען אין די ייִדישע הייזער און אויפן אָרט פאַרשריבן די קינדער אין שול־עלטער. זענען ייִדן געפאַלן אויף אַ המצאה, באַהאַלטן זייערע קינדער אין די לעכער, מ׳זאָל זיי נישט פאַרשרייבן. דאָס זעלבע האָט אויך געטאָן מיין פאָטער — און אַזוי אַרום בין אויך איך „ניצול״ געוואָרן

פון גויאישע הענט. פרומע ידישע טאַטע־מאַמע האָבן נישט געוואָלט דערלאָזן, אַז זייערע קינדער זאָלן זיצן אין שול אָן היטלען אויף די קעפּ און אַרויסגיין לתרבות רעה.

דערוויל זענען פונעם מעטריקאַלן אַמט אַרויסגעשיקט געוואָרן אויפפאָדערונגען צו די ידישע עלטערן צו שיקן זייערע קינדער אין דער פאָלקס־שול. מיין ברודער זלמן האָט שוין געמוזט גיין אין שול, ווייל ס׳האָט געדראָט מיט אַ געלט־שטראָף, אויב מ׳וועט אים נישט שיקן. דער חסידישער עולם האָט זיך אָבער נישט אונטערגעגעבן אַזוי לייכט. זיי האָבן אַראָפּגעבראַכט אין שטעטל אַ גוטן מלמד, ר׳ עקיבא מאיר, וואָס אַ דאַנק אים האָבן מיר טאַקע באַקומען אַלגעמיינע דערציאונג אויך. ער האָט מיט אונדז געלערנט פּויליש, דייטש און עברית, אויך שירים פון אויסנווייניק. צווישן זיינע תלמידים איז געווען אַ ייִנגל, וועלכן מ׳האָט געהאַלטן פאַר אַ גאונישן קאָפּ. דאָס איז געווען שלמהלע, יעקב־ברוך שוחטס זון. מ׳האָט וועגן אים דערציילט, אַז אַלט זייענדיק 9 יאָר, האָט אים דער פאָטער פאַרהער׳ט אין אַ שבתדיקן טאָג, זיין וואָכעדיקן שיעור. אין מיטן איבערחזרן דעם שיעור, האָט זיך שלמהלע פאַרקלערט און נישט פאַרגעזעצט דאָס לערנען. דער פאָטער האָט אויף אים אַ געשריי געטאָן, פאַרוואָס ער איז מפסיק אין מיטן, האָט דער זון געענטפערט, אַז אין דער רגע האָט ער אויסגערעכנט ווען ס׳וועט אויספאַלן די ליקוי לבנה. מ׳האָט באמת נישט געקענט פאַרשטיין פון וואַנען נעמט זיך צו אים אַזאַ גאונישע פעאיקייט צו רעכענען. מ׳האָט דעריבער געהאַלטן, אַז דער דאָזיקער שלמהלע וועט אויסוואַקסן אַ גריסער עילוי אין שטעטל. ער איז, לײדער, געשטאָרבן יונגערהייט, ער איז אַראָפּ פון זינען. דאָקטוירים האָבן פעסטגעשטעלט, אַז דאָס איז אים געקומען פון אַ צו שאַרפן קאָפּ אין אַ גאָר פריען עלטער. אָפּמאַטערנדיק זיך אַ לענגערע צייט, האָט ער אויסגעהויכט זיין נשמה.

אונדזער שטעטל האָט פאַרמאָגט נאָך אַ גוטן תלמיד מיט אַ שאַרפן קאָפּ. דאָס איז חיים וועלטשער, וועלכער געפינט זיך איצט אין ישראל. ער איז געווען אַ יתום. זיין מוטער, אַן אַלמנה, האָט אים נישט געקענט אויסהאַלטן. איז ער דעריבער געווען ביי דער באָבען און געלערנט ביי עקיבא מאיר מלמד. פונעם פאָטער איז אים איבערגעבליבן אַ ירושה: אַ זייער שיינער ש״ס. מיר, ייִנגלעך פון זיין עלטער, וואָס האָבן צוזאַמען געלערנט ביי עקיבא מלמד, פלעגן אים פשוט מקנא זיין מיט דער שיינער גמרא אין אַ לעדערנעם שייטל, וואָס ער פלעגט מיט זיך ברענגען אין חדר, בעת מיר האָבן געמוזט לערנען אין קליינע און צעריסענע גמרות. ער האָט קיינעמען פון אונדז נישט געלאָזט אַריינקוקן אין זיין גמרא בעתן לערנען. ער פלעגט אויף איין העלפט אָפענער גמרא אַרויפציען דאָס שייטל און אַזוי אַרום אוממעגלעך געמאַכט דאָס אַריינקוקן אין אַן אַנדער בלאַט פון ספר. יעדער עסן זיינס האָט געמוזט זיין באַשאָטן מיט צוקער. מיר האָבן דערפון שטילער־הייט געלאַכט. אָבער אַזוי, אַז ער זאָל עס נישט באַמערקן. אין קעגנפאַל האָט ער זיך אין אונדז נוקם געווען. מיט אים האָט דער רבי נישט באַדאַרפט צוויי מאָל איבערחזרן אַ שיעור. געווען געניג, אַז ער האָט איינמאָל געהערט. דער רבי פלעגט אים אַפילו איבער־

געבן די אויפזיכט איבער אונדזער לערנען, ווען ער פלעגט זיין געצוווּנגען אַרויסצוגיין פון חדר.

צו אַט דעם טיפּ שאַרפע קעפּ האָט, צווישן אַנדערע, אויך געהערט מיין ברודער יוסף. פאַרשטענדלעך, אַז ווען די חברה איז אונטערגעוואַקסן, האָט מען אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, אַז אין פּראַקטישן לעבן דאַרף מען זוכן אַנדערע לייזונגען, ווי די אין וועלכע מ׳איז דערצויגן געוואָרן. אויך דער ציוניסטישער געדאַנק האָט אָנגעהויבן אַריינצודרינגען אין שטעטל. דער שפּרונג פונעם חדר, בית־המדרש און פון די אַלטע רעליגיעזע באַגריפן וועגן משיח און גאולה — ביז דער באַלדיקער ציוניסטישער לייזונג פונעם יידן־פּראָבלעם — איז אין יענער שטעטלדיקער אָפּגעשטאַנענקייט, געווען אַ צו דראַסטישער. דעריבער איז עס פאָרגעקומען אויף אַן אַנדערן אופן, בהדרגהדיק. ביסלעכ־ווייז איז רייף געוואָרן דער געדאַנק וועגן אָרגאַניזאַציאָנעלן לעבן. מיר האָבן געגרינדעט אַ



צעירי אגודת ישראל — 1930

די יוגנט־אָרגאַניזאַציע פון דער אגודת ישראל — 1930

„צעירי אגודת ישראל״. בראש פון דער אָרגאַניזאַציע זענען געשטאַנען די צוויי ברידער משה און נתן קעסטנבוים. דאָס איז געווען, בערך, אין יאָר 1927. מ׳האָט געדונגען אַ לאָקאַל — און דערמיט אָנגעשריבן אַ נייַ בלעטל געשיכטע אין שטעטל. די „צעירי אַגודת ישראל״ איז געווען אַ מין „תחנת ביניים״ אויף אַריבערצושפּרינגען אין אַנדערע באַוועגונגען. דער עלטערער דור האָט אויף דעם געקוקט נישט סימפּאַטיש. צו וואָס

טויגן די אָרגאַניזאַציעס מיט צייטונגען און זשורנאַלן? דער אַלטער דור האָט זיך סקעפּטיש באַצויגן צו אַזעלכע ענינים. ס'האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט און אויך זיי זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אין שטראָם פון דער צעירי אַגודה־באַוועגונג. אין דער נייַ־געגרינדעטער אָרגאַניזאַציע האָבן מיר געשאַפן אַ מנין פון יונגוואַרג און אויך געגעבן שיעורים. ס'האָבן זיך דאָרט קאָנצענטרירט יונגעלייט יראי־שמים, בעלי־תפילות, בעלי־קריאות א. אַ. וו. און אַז עטלעכע חסידישע יידן (צווישן זיי — אויך מיין פאָטער), האָבן דאָרט אָנגעהויבן געבן שיעורים, און אויך לערנען — האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מ'האָט צו טאָן מיט מענטשן, וועלכע שטעלן שווערע קשיות, וועלכע מ'קאָן נישט אָפּפטרן מיט לייכטע תשובות. דערפאַר האָבן זיי אָנגעהויבן אונדז מער רעספּעקטירן און זיך באַציען בכובד ראש. אויך אונדזער גייסטיקער רבי, ר' נטע, דעם רבס איידעם, האָט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, אַז אונדזער אָרגאַניזאַציע איז טאַקע די איינציקע דאַמבע קעגן די פאַרשידענע פרייע געדאַנקען, וואָס האָבן אָנגעהויבן ווירקן אויף דער יידישער גאַס. מיר האָבן זיך אָנגעהויבן צו אינטערעסירן מיט אַלץ, וואָס קומט פאָר אין אונדזער וועלטל. מיר האָבן טאַקע געלערנט אונדזער טעגלעכן שיעור פון דער גמרא, אָבער מיר האָבן אויך אָנגעהויבן לייענען פאַרשידענע צייטונגען און ביכער, אויך וועלטלעכע. מיר האָבן דאַן אויך אָרגאַניזירט אַ פאַרשטעלונג „מכירת יוסף", וועלכע איז אַדורך מיט גרויס דערפאָלג. דער הויפּט־רעזשיסער איז שוין נישט געווען פון אנשי־שלומינו. ער האָט געהייסן ר' יאַנקעלע, געווען אַ גוטער פאַכמאַן. איך האָב געשפּילט אַלס „יעקב" און אבא בעכער — אַלס „יוסף".

די צייט איז געוואָרן שטורמישער. די עקאָנאָמישע לאַגע פון פּוילישן יידנטום, ספּעציעל אויף די קליינע ערטער, איז געוואָרן פון טאָג־צו־טאָג ערגער. דאָס האָט אונדז געצוווּנגען טיפער צו פאַרטראַכטן זיך איבער אונדזער גורל. אינעווייניק דער צעירי אגודת ישראל האָט זיך אויסגעבילדעט אַ גרופּע אָנהענגער פון אַלגעמיינע ציוניסטן, „על המשמר־גרינבוימיסטן", לינקע פועלי ציון, ווי אויך — פון בית"ר, וועלכע האָט געפירט אַ לעבהאַפטע טעטיקייט. מיין ברודער יוסף איז געווען אַקטיוו אין דער חלוצישער באַוועגונג, פאַר וועלכער ר'האָט געווידמעט פיל פון זיין יוגנט־ענערגיע.

די בית"ר־אָרגאַניזאַציע איז אַנטשטאַנען פון די חברים, וואָס זענען געווען אין דער צעירי אגודת ישראל. זיי האָבן נישט געהאַט קיין מוט צו ווענדן זיך אין אַן אַנדערער ריכטונג. אויך די מער פאַרמעגלעכע ייִנגלעך, וועלכע האָבן פרייער געקוקט אויפן לעבן, האָבן זיך נישט געקענט אַריינפּאַסן אין די ראַמען פון „צעירי אגודת ישראל" און דעריבער זיך אַריינגעוואָרפן מיטן פולן ברען אין דעם בית"ר.

די אידעאָלאָגישע קאַמפן אין שטעטל האָבן גורם געווען דערצו, אַז געוויסע חברים זענען זיך געוואָרן פרעמד איינער צום צווייטן. ווען ס'איז אין ארץ־ישראל דערמאָרדעט געוואָרן ד"ר חיים אַרלאָזאָראָוו, האָט קיין בית"ריסט נישט געטאָרט זיך באַווייזן אין גאַס. די דיסקוסיעס אין שטעטל זענען געווען זייער שאַרפע און אָפט



סניף בית״ר בפרמפול — 1932

די בית״ר־אָרגאַניזאַציע אין פראַמפאָל — 1932

דערפירט צו געשלעגן. מיטן פאַרעפנטלעכן דאָס באַוווסטע אַרטיקל פון זאב זשאַבאָטינסקי — „באַסטאַ!״, זענען די בית״ריסטן געוואָרן ווי אויפגעפרישט און זיך אָנגעהויבן פילן האָפערדיקער.

דער לעבעדיקער נערוו פון אַלע ציוניסטישע גרופּן אין שטעטל, פון לינקס און פון רעכטס, איז געווען דער חבר שלמה קליידמאַן. ער האָט אין געהיים צוגעגרייט ביי זיך אין שטוב אַ ביבליאָטעק, פון וועלכער נישט איין חבר פון די צעירי אגודה האָט געשעפּט זיינע ידיעות פאַרן ווייטערדיקן לעבן. שלמה קליידמאַן פלעגט זיך ספּעציעל פאַראינטערעסירן מיט די, וואָס האָבן געהאַט פאַרלאָזן דאָס חדר. די ביכער „אהבת ציון״, „אשמת שומרון״ און אַנדערע, האָבן פּשוט פאַרכאַפּט מיט זייער אינהאַלט און דערוועקט נייע אידעען. ער פלעגט די אונטערוואַקסנדע יוגנט אַריינציען אין זיין ווירקונגס־קרייז און באַשלאָסן צו גרינדן אַ „יבנה״־שול. דאָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ גאַנצע רעוואָלוציע, ווייל אָרגאַניזירנדיק אַזאַ שול, צוזאַמען מיט אַנדערע יונגעלייט, וועלכע זענען שוין געווען אָנגעשטעקט מיט ציוניסטישע געדאַנקען, האָט מען אַראָפּגעבראַכט קיין פראַמפאָל נישט קיין מלמד, נאָר אַן אמתדיקן העברעישן לערער. די דאָזיקע גרופּע, וועלכע האָט

אָרגאַניזירט די יבנה־שול, האָט אויך איינגעשטעלט אַ מנין, נישט פון חסידים, נאָר דווקא פון לויטערע ציוניסטן. יעדן שבת האָט מען אויסגעלערנט אַן אַנדער קינד פון דער „יבנה"־שול צו זאָגן די הפטורה מיטן ריכטיקן ליטווישן ניגון. די טעטיקייט פון אָט דער גרופּע האָט זיך נישט באַגרענעצט נאָר אויף די יונגע קינדער. זיי האָבן אויך נישט אָפּגעלאָזט די בית־המדרשניקעס. זיי פלעגן אָפט קומען אין גרויסן בית־המדרש און אויפצווונגען דיסקוסיעס אויף רעליגיעזע און וועלטלעכע טעמעס. ספּעציעל האָבן זיי אָפט דיסקוטירט מיט ר׳ נטע, דעם רבס איידעם, וועמען ס׳איז שווער געווען „איינצובייסן".

ס׳איז דערגאַנגען דערצו, אַז אויך מיר, די צעירי אגודת ישראל, האָבן אין אַ שיינעם העלן טאָג אַראָפּגעבראַכט צוויי לערערינס, וועלכע האָבן צונויפגערופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג און אין אַ זייער שיינער שפּראַך אַרומגערעדט די אויפגאַבן פון דער בית־יעקב שול. די פאַרזאַמלטע זענען ממש באַגייסטערט געוואָרן. אויפן אָרט איז געזאַמלט געוואָרן א באַדייטנדיקע סומע געלט. מ׳האָט דערנאָך זיך געוואָנדן צו דער לייטערין פון פרויען־סעמינאַר אין קראָקע, פרוי שרה שנירער, וועלכע האָט אַראָפּגעשיקט צו אונדז אַ לערערין, וועלכע האָט געגעבן אונדזערע טעכטער אַ מאָדערנעם חנוך. זי האָט אויך אָט דעם געביט ממש באַוויזן וווּנער. ווי באַקאַנט, איז דער חינוך פון יידישן מיידל אין קליינעם שטעטל געשטאַנען אויף אַ זייער נידעריקער מדרגה.



קבוצת תלמידות של בית-הספר לבנות „בית יעקב"

א גרופּע שילערינס פון דער מיידל־שול „בית יעקב"

ליידער, פאַרן שטעטל איז שווער געווען אויסצוהאַלטן די לערערין. האָט מען אויסגעפּועלט, אַז זי זאָל אַ האַלבן טאָג אַרבעטן אין דער פּוילישער מלוכהשער פאָלקס־שול אַלס לערערין פון רעליגיע. דערמיט האָט מען דערגרייכט, אַז די יידישע קינדער אין דער פּוילישער שול האָבן באַקומען אַ מעגלעכקייט צו לערנען יידישע רעליגיע און די לערערין האָט געקאָנט פאַרבלייבן אין דער בית־יעקב שול.

מיר זענען געוואָרן אַ שטעטל מיט לייטן גלייך. ס׳איז געוואַקסן דער געזעלשאַפטלעכער ניוואָ פון דער יוגנט. כסדרדיקע דיסקוסיעס אויף פאַרשידענע טעמעס, זענען געווען אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. ווער שמועסט נאָך, אַז ס׳זענען אונטערגעקומען וואַלן צום סיים און סענאַט, האָט זיך דאַן אין פּראַמפּאַל אַנגעגליט די לופט... געוועזענע חברים, יינגלעך פון איין חדר, נאָר אָנגעהעריקע דערנאָך צו פאַרשידענע פּאַרטייען — זענען זיך געוואָרן שונאים. קריגערייען און געשלעגן זענען געווען אַן אָפטע דערשיינונג, איינער האָט דעם צווייטן באַליידיקט. דאָס איז געווען אַ נאָרמאַלע דערשיינונג, מ׳האָט זיך דערצו געהאַט צוגעוווינט...

אָבער דאָס אַלץ איז געווען אַ גאָרנישט אַנטקעגן דער ידיעה, אַז אויך ביי אונדז אין שטעטל עקזיסטירט אַ געהיימע, גוט־אָרגאַניזירטע קאָמוניסטישע פּאַרטיי. מענטשן האָבן געשטוינט. דער עלטער דור האָט געהאַט אויף אַלץ איין־און־איינציקן ענטפער: „מיר האָבן באַלד געוווסט, אַז די פאַרשידענע פּאַרטייען וועלן צו קיין גוטס נישט ברענגען!" דער יונגער, מער אויפגעקלערטער עלעמענט, האָט זיך ערנסטער גענומען פאַרטראַכטן איבער זיין לאַגע. דאָס זענען געווען צייטן פון פּשיטיקער פּאָגראָם, פון פאַרשאַרפטער אַנטי־יידישער העצע, אָנפאַלן מצד די ענדעקישע סטודענטן, די „אָוושעם"־פּאָליטיק פון גענעראַל סלאַוואָי־סקלאַדקאָווסקי (פּוילישער אינערן־מיניסטער) און לסוף — היטלערס קומען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד, וואָס האָט אָנגעזאָגט שרעקלעכע צייטן פאַרן יידישן פאָלק. האָט טאַקע יעדער זיך פאַרטראַכט אויף וואָס פאַר אַ וועג צו געפינען אַ לייזונג פאַר זיך און פאַרן פאָלק. פיל האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער חלוצישער באַוועגונג, ווו מ׳האָט אַדורכגעמאַכט אַ הכשרה און שפּעטער געהאַט אַ שאַנס עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. אַנדערע ווידער, האָבן דווקא געוואָלט געפינען אַ לייזונג אויפן אָרט, אין דערוואַרטונג אויף דער וועלט־רעוואָלוציע. די אידעעז האָבן פאַרכאַפּט מאַסן און אַפילו אַריינגעדרונגען אויך אין פרומע קרייזן...

וועגן דער עקזיסטענץ פון אַ קאָמוניסטישער גרופּע זענען מיר געוווירר געוואָרן דורכן פאָלגנדיקן פאַקט:

איניקע טעג פאַרן ערשטן מאַי 1932, האָט מען לעבן דעם פּאָליציי־פּאָסטערונעק אויפגעהאָנגען אַ רויטע פאָן. די אָרטיקע פּאָליציי איז געשטעלט געוואָרן אויף די פיס. מ׳האָט געזוכט און געשנישטערט, געוואָלט דערגיין ווער האָט דאָס געטון. מ׳האָט זיך בשום אופן נישט געקענט פאַרשטעלן, אַז אויך אין אַזאַ קליין שטעטעלע זאָל עקזיסטירן א געהיימע קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציע. אין דער זעלבער צייט איז מען געוואָר געוואָרן

אַז אויך אין בילגאָריי האָט מען אויפגעהאַנגען אַ רויטע פאָן. פון מויל צו מויל האָט מען זיך איבערגעגעבן, אַז מ׳האָט געפונען קאָמוניסטישע פלוגבלעטלעך אין די גאַסן. די פּאָליציי האָט געאַרבעט מעשים, אָבער אָן רעזולטאַטן.

אַזוי האָט אָנגעהאַלטן קרוב צוויי יאָר — און מ׳האָט קיינעמען נישט געכאַפּט.

די פּאָליציי האָט שטאַרק געוואָלט אַנטדעקן די אָנגעהעריקע צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אַ געוויסן שבתדיקן טאָג, ווען כמעט די גאַנצע יוגנט האָט זיך געפונען אויפן שפּאַציר אין גאַס, זענען פלוצים אָנגעקומען פּאָליציאַנטן און געהיים־אַגענטן, אַרעסטירנדיק יעדן איינעם וואָס איז זיי געקומען אונטער דער האַנט. אין שטעטל האָט זיך געטאָן חושך. דער דאָזיקער שבת איז ביי יעדן פון אונדז איינגעקריצט אין זכרון אלס „שווארצער שבת״.

גראָד איז דעמאָלט געווען אין שטעטל אַ „פּאַקנטרעגער״, וואָס טראָגט אַרום צו פאַרקויפן טליתים, תפילין, ציציות, סידורים א. אַ. וו. האָבן די עלטערן אים ממש באַלאַגערט און געקויפט פאַר די אַרעסטירטע טלית קטנס, כדי דערמיט באַווייזן, אַז די קינדער זענען גאָט די נשמה שולדיק. מ׳האָט זיי אַלע אָפּגעהאַלטן ביז צומאָרגנס, זונטיק. אויסער פינף מאַן, האָט מען אַלע באַפרייט. די פאַרהאַלטענע זענען דערנאָך געשטעלט געוואָרן פאַרן געריכט און באַקומען פאַרשידענע אורטיילן, איניקע זענען באַפרייט געוואָרן און געפינען זיך היינט אין ישראל.

זאָל דערביי דערמאָנט ווערן, אַז אין אַרעסט האָבן די יונגעלייט זיך געהאַלטן מוטיק. נישט געקוקט אויף די פייניקונגען, וואָס זיי זענען אויסגעשטאַנען אין דער פּאָליציי, האָבן זיי זייערע חברים נישט פאַראַטן. אין דער צייט פון זייער זיצן אין תפיסה האָבן זיי זיך פיל אויסגעלערנט און נאָכן אַרויסגיין אויף דער פריי — ווייטער פאַרגעזעצט די קאָמוניסטישע טעטיקייט, אָבער שוין אַלס באַוווסטזיניקע מענטשן, וואָס פאַרשטייען זייער לערע אויף אַן אַלזייטיקן אופן. דאַקעגן זענען זיי געוואָרן אויס קאָמוניסטן, ווען זיי זענען אין די יאָרן פון צווייטן וועלט־קריג געווען אין רוסלאַנד.

סוף־כל־סוף האָט די חלוצישע באַוועגונג זיך אַרויסגעוויזן אַלס די, וואָס האָט געגעבן דעם ריכטיקן לעבנסוועג דער פאַרצווייפלטער יוגנט.

אויך די צעירי אגודת ישראל האָט געשיקט איניקע יוגנטלעכע אויף הכשרה, כדי צו קאָנען עולה זיין. ליידער, האָבן זיי דאָן נישט באַקומען קיין סערטיפיקאַטן און זענען דערנאָך אַרונטערגעפאַלן אונטער דער הערשאַפט פון דער היטלעריסטישער בעסטיע. דאַקעגן די חלוצישע באַוועגונג האָט געשיקט פיל יוגנט אויף הכשרה און נאָכן פאַרענ־דיקן די געהעריקע צייט (פון צוויי יאָר), אָפּגעפאָרן קיין ארץ־ישראל ווו זיי געפינען זיך ביזן היינטיקן טאָג. אַ דאַנק דעם זענען זיי געראַטעוועט געוואָרן פון טראַגישן גורל, וועלכער האָט געטראָפן זייערע מיטברידער, וועלכע האָבן נישט זוכה געווען עולה צו זיין.

זאָל דערביי באַטאָנט ווערן, אַז געווען פאַרשידענע פאַלן, ווען עמעצער האָט יאָ געהאַט אַ מעגלעכקייט עולה צו זיין און דערפון רעזיגנירט, אויסקלויבנדיק בעסער דאָס

איינאָרדענען זיך אין פּוילן. דאָקעגן זענען אויך געווען פֿאַלן, ווען אַ טייל יוגנטלעכע האָבן אַלץ געטאָן, כדי עולה צו זיין — און זייער ציל נישט דערגרייכט.

נישט נאָר קיין ארץ־ישראל איז געגאַנגען דער עמיגראַציע־שטראָם. די יוגנט אין שטעטל, וועלכע האָט פֿאַר זיך נישט געזען קיין שום צוקונפֿט אין יענע באַדינגונגען, איז פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון עמיגראַציע־שטרעבונגען. געווען פֿאַלן, ווען אַמעריקאַנער מייד־לעך זענען אַראָפּגעקומען אין שטעטל, חתונה געהאַט מיט אָרטיקע בחורים און באַלד דערנאָך אָפּגעפֿאָרן מעבר־לים. מיידלעך האָבן געגעבן יינגלעך געלט, כדי אַרויסצופֿאָרן קיין אַרגענטינע, בראַזיל און אַנדערע לענדער. שפּעטער זענען זיי, אַלס פּרויען, געפֿאָרן צו זייערע מענער.

נישט יעדער האָט געהאַט דעם מיט און מעגלעכקייט זיך אַרויסצורייסן פֿון קליינעם שטעטל. אַ טייל האָט געפֿונען אַ טיילווייזע לייזונג פֿון דער שלעכטער און אויסזיכט־לאָזער לאַגע דורך טאָן אַ שידוך, מיט דער האָפֿענונג, אַז מען וועט זיך ווי ס׳איז אויסלעבן אין נחת אין פּוילן. דאָס איז אָבער נישט געשען. זיי אַלע האָט געטראָפֿן דער גרויזאַמער גורל פֿון גאַנצן פּוילישן יידנטום.

## אַ חתונה אין שטעטל

די יידישע יוגנט אין פּראַמפּאָל איז געווען גענוג פֿאַרגעשריטן, הגם איר באַוווסטזיין און באַלעזנקייט האָט זי דערהאַבערט אַליין, אָן דרויסנדיקער הילף. נאָר ביים ענין חתונה־האָבן, תנאים־שרייבן און רעדן שידוכים — איז דער גרעסטער טייל נאָך געגאַנגען אויפֿן דעם אַלטן, טראַדיציאָנעלן וועג פֿון טאַטע־מאַמע. אַוודאי האָט דאָס שטעטל און אירע יונגע איינוווינער געהאַט זייער ראָמאַנטיק, מ׳האָט אויך אין פּראַמפּאָל „געפֿירט ליבעס" — אָבער די פֿאַרליבטע פֿאַרלעך האָב אַ סברה פֿאַרגעסן, אַז „צוויי מתים גייען נישט טאַנצן"... צוליב דער מאַטעריעלער לאַגע פֿון ביידע, אָדער פֿון איינעם פֿונעם זיווג, האָט מען געמוזט רעזיגנירן פֿון אַ בשותפֿותדיקן לעבן. דעריבער האָט דער שדכן נאָך געשפּילט אַזאַ אַנטשיידנדיקע ראָל ביים צונויפֿברענגען דעם „ער" און „זי" פֿון שטעטל גופֿא, צי פֿון די אַרומיקע ישובים.

פּראַמפּאָל פֿלעגט אָפֿט באַזוכט ווערן דורך שדכנים פֿון בילגאָריי, יאַנווו־לובעלסקי און אַנדערע ערטער. פֿאַרשטייט זיך, אַז יעדער קאַנדידאַט אָדער קאַנדידאַטין, וואָס זיי האָבן געהאַט פֿאָרצולייגן צו גיין אונטער דער חופּה — איז געשילדערט געוואָרן אין די שענסטע פֿאַרבן: אַ וואַזשנער יחוס, געלט, שיינקייט, אַ למדן אָדער אַ כשרע יידישע טאָכטער, איידל און וווּיל. און רייד מיט שבחים האָבן זיך געשיט ווי אַרבעס...

אַז ס׳איז געלונגען איבערצוציגן ביידע צדדים, דער עיקר — די עלטערן פֿונעם זיווג, איז חול־המועד געווען די צייט פֿון טרעפֿן זיך, אַדורכפֿירן די ערשטע באַגעגעניש. געהייסן האָט עס — אַז מ׳פֿאָרט אויף אַ „זעעכץ". און געפֿאָרן זענען דאָן נישט נאָר די צוקונפֿטיקע חתן־כלה מיט די מחותנים, נאָר אויך די שדכנים פֿלעגן אין יענע טעג

זיין פאַרנומען מיטן פאַרפעסטיקן די שוין גערעדטע שידוכים און מיטן אָנהייבן נייע. אַז דער שדכן האָט מצליח געווען, האָט מען צונויפגערופן די משפחה, געשריבן ראשי־פּרקים, אַריינגעשטעלט דאָרט אַלע צוזאָגן (אַפילו דאָס וואָס איז נישט געווען מעגלעך מקיים צו זיין). דערנאָך האָט מען געבראָכן טעלערס, געטרונקען אַ „לחיים" און באַשטימט די צייט פון שרייבן תנאים. אַזוי פלעגט זיך פאַרענדיקן יעדער קנס־מאָל, אָדער אַ „וואָרט", ווי מ'האָט עס גערופן.

צו די תנאים האָט מען שוין פאַרבעטן אַ גרעסערן קרייז משפחה, פריינד און באַקאַנטע. גאָר פרומע ייִדן האָבן נישט פאַרגעסן אין זייערע חסידים פון שטיבל, מיט וועלכע מ'האָט געדאַוונט צוזאַמען אַ גאַנץ יאָר. און צו דער סעודת מצווה איז אויך געקומען דער רב, חזן און שוחט. די שמחה, באַגלייט מיט שיינע ייִדישע טענץ פון אַלטן אוצר, האָט זיך געצויגן ביז אין דער שפּעטער נאַכט אַריין.

אַ מאָל האָט געטראָפן, אַז דער קליינער משהלע האָט גענומען פאַר זיין רייזעלען אַ חתן פון בילגאָריי, וועלכער האָט געלערנט אין דער ישיבת חכמי לובלין. בעת די תנאים, האָט דער חתן־בחור אָנגעהויבן זאָגן אַ גאָר שאַרפן פּלפּול, וואָס האָט זיך געצויגן ממש אין אַן אומענדלעכקייט. איבערהאַקן איז נישט געווען אָנגענעם, אָבער דער פּחד אַז מ'וועט דאַרפן זיצן אַ גאַנצע נאַכט, האָט באַוויגן די אָנוועזנדיקע רבנים פון בילגאָריי צו געבן אַ צייכן ער זאָל איבעררייסן. די יונגעלייט וואָס האָבן דאַן מיט אָפענע מיילער זיך צוגעהערט צו דעם ישיבה־בחורס רייד, זענען שוין, נאָך דעם ווי די דרשה איז איבערגעריסן געוואָרן, נאָך אַלץ געשוווּמען אינעם ים פון תלמוד און ווייטער געטראַכט וועגן די רייד, וואָס זענען מיט אַזאַ חריפות אַרויסגעברענגט געוואָרן... שפּעטער האָט מען זיך אַ לאָז געגעבן אין אַ ריקוד מיט אַזאַ התלהבות, אַז אַלע וואָכעדיקע ענינים זענען מיט אמאָל פאַרגעסן געוואָרן. אויף די פּנימער פון די עלטערן האָט דאַן גערוט די שכינה, וואָס זיי האָבן זוכה געווען מגדל צו זיין אַ קינד און עס שטייט שוין אויף דער שוועל פון דער חתונה...

צומאָרגנס איז געקומען די אויסניכטערונג. מ'האָט באַדאַרפט אָנהייבן גרייטן דעם אויסשטייער, נאָכקלערן ביי וועלכן שניידער און שניידערין מאַכן די „וויפּראַווע", ביי וועלכן קרעמער מ'קאָן נעמען די סחורה אויף אויסצאָלן, פון וואָס דאַרף באַשטיין די חתונה־מתנה און אחרון אחרון — ווי אַזוי דערפילן די אַלע צוזאָגן וואָס זענען אַריינגעשריבן געוואָרן אין די תנאים אין אַ מאָמענט פון בגילופנדיקייט און קוראַזש... דאַקעגן איז די זאָרג פאַר אַ זאַל שוין נישט געווען אַזאַ גרויסע. דער אויסוואַל — נישט קיין רייכער. מ'האָט זיך פאַרלאָזט אויפן גוטן האַרץ פון עטלעכע פּראָמפּאָלער ייִדן, וועלכע האָבן געהאַט גרויסע און באַקוועמע דירות: גרשון ישעיה ראָזענבערג, מרדכי־יוסף קצב (וואַלדמאַן), יואל־בער שניידער, יעקב־לייב האָכראַד און אַנדערע. זיי פלעגן לשם מצווה אַוועקגעבן זייערע וווינונגען אויף צו פּראַווען די חתונה.

אויך קרובים, שכנים און גוטע פריינד האָבן לשם מצווה גענומען באַקן און

קאָכן, אַרומפֿאָרען זיך אַרום דער חתונה, גלייך עס וואָלט געווען זייערס אַן אייגענע שמחה. אַזוי האָט זיך געפֿירט אין פּראַמפּאָל: יעדע יידישע שמחה איז געווען אַ בשותּפֿותדיקער ענין פֿון גאַנצן שטעטל, ווייל צווישן די איינוווינער האָט אין אַלגעמיין געהערשט האַרמאָניע, פֿריינדשאַפֿט און נאָענטקייט. דוכט זיך, אַז אין פּראַמפּאָל האָט מען אויפֿן ריכטיקן אופֿן מקיים געווען דעם פּסוק „ואהבת לרעך כמוך". און יעדער דערוואַקסענער איינוווינער האָט זיך געפֿילט ווי אַ מחותּן אויף דער שמחה.

אין דער לעצטער וואָך ערבֿ דער חתונה האָט מען באַשטעלט קלעזמאָרים פֿון בילגאָריי און אויך דעם בדחן פֿון דאָרט (אגבֿ, ער געפֿינט זיך היינט אין חיפֿה). און אַז דער חתן איז געווען פֿון פּראַמפּאָל, האָט מען שבת אים „אויפֿגערופֿן" אין שול (עלייה לתּורה) אָדער אין בית־המדרש. און פֿון דאָרט — אַהיים צו זיינע עלטערן אויף אַ קידוש, ווו מ'האָט זיך שטאַרק משׂמח געווען. נאָך דעם איז געקומען די ריי אויף חבֿרה יונגוואַרג, די נאָענטסטע חבֿרים פֿונעם חתן, זיי זאָלן אים נעמען אין זייער רשות. געהייסן האָט עס „פֿאָרשפּיל". דעם חתן האָט מען ממש אָפּגעגעבן קעניגלעכן כּבֿוד. צוויי גאָר נאָענטע צו אים חבֿרים האָבן אים געפֿירט — איינער ביי דער רעכטער האַנט און דער צווייטער — ביי דער לינקער האַנט. דאָס געזאַנג און די פֿרייד האָט זיך אַזוי געצויגן ביז מנחה. געווען אַ מנהג, אַז צו מנחה האָט מען געפֿירט דעם חתן אין בית־המדרש אַריין און איינער פֿון די יונגעלייט האָט געדאַוונט פֿאַרן עמוד — וואָס איז ביי אונדז געווען אַ זעלטנהייט. שפּעטער האָט מען דעם חתן געפֿירט צו אים אַהיים און דאָרט געפּראַוועט שלוש הסעודות און מלווה־מלכּה — און אָפֿטמאָל ביז פֿאַרטאָג פֿאַרבראַכט בהתרוממות הנפֿש.

ווי באַוווסט, איז ביי די שטרענג־רעליגיעזע יידן געווען אָנגענומען, אַז פֿון דעם אויפֿרופֿן ביז איבער די שבֿע ברכות, לאָזט מען נישט דעם חתן אַליין, באַזונדערס אין די נעכט.

אַז דער חתן איז געווען אויסער דער שטאָט, האָט מען אין טאָג פֿון דער חתונה אים אָפּגעוואַרט אויפֿן שאָסיי וואָס האָט געפֿירט קיין פּראַמפּאָל. פֿאַרשטייט זיך, אַז אים זענען אַנטקעגנגעפֿאָרן נאָר די נאָענטסטע חבֿרים. אַז דער גאַסט האָט זיך באַוויזן, האָט מען נאָך דער פֿריידיקער באַגריסונג, אים איבערגענומען און אַריינגעזעצט אין אונדזער (פּראַמפּאָלער) וואָגן. נישט איין מאָל האָט פּאַסירט, אַז דער קריסטלעכער פֿורמאַן האָט נישט געוואָלט אַרויסגעבן דעם חתן־בחור, נאָר מ'זאָל אים באַלוינען מיט אַ פֿלאַש בראָנפֿן.

דער אַריינפֿאָר אין שטעטל מיטן חתן איז שוין פֿאָרגעקומען אונטער די קלאַנגען פֿון מוזיק און געזאַנג. עלטערע יידן האָבן דערציילט, אַז אַמאָל פֿלעגט מען מיט אַזאַ חתן אַרומפֿאָרן 7 מאָל אַרום דעם ראָטהויז — נאָר איך געדענק נישט אַזאַ געשעעניש פֿאַר מיינע ציטן. אַז מ'האָט דעם גאַסט איינגעאָרדנט אין זיין מקום־מנוחה, זענען דער כּלהס עלטערן געקומען אים מקבל־פּנים זיין. באַלד דערנאָך האָט זיך באַוויזן דער בדחן

מיט די קלעזמאָרים, וועלכע האָבן אָפּגעשפּילט דעם ערשטן מאַרש. אַלע אָנוועזנדיקע זענען מיט אַמאָל געוואָרן ערנסט, זיי האָבן דערפילט די דערהויבנקייט פונעם מאָמענט. פרויען האָבן געלאָזט אַ טרער און דער בדחן האָט גערעדט און גערעדט, ביז ער אַליין האָט דערפילט אַז ר׳איז שוין דערגאַנגען צום קולמינאַציאָנס־פּונקט — און באַפוילן אויפצושפּילן אַ פריילעכס. דער עולם האָט צוריק דערוואַכט און זיך אומגעקערט צו דער היימישער פריילעכקייט.

נאָך אײדער די נאַכט איז צוגעפאַלן, האָט מען די כלה געפירט מיט גרויס פּאַראַד איבער די וויכטיקסטע גאַסן פון שטעטל. אירע חברטעס און דער רוב מיידלעך פון שטעטל האָבן באַגלייט די כלה מיט פריילעכע און דערמוטיקנדיקע רייד, טאַנצנדיק און זינגענדיק. אין דער צייט ווען די כלה האָט מאַרשירט אין גאַס, האָט דער חתן מיט זיינע נאָענטסטע חברים זיך אויסגעזעצט ביים טיש און זיך משמח געווען. דער פינאַל פון דעם איז געווען — די ליציטאַציע (אויספאַרקויף) פונעם חתנס לעקעך־מיט־בראָנפן...

אַז דער בדחן מיט די קלעזמאָרים האָבן זיך אומגעקערט פון דער כלה, האָט זיך אָנגעהויבן די שמחה אַרום דעם חתן. מ׳האָט אים „אָפּגעשפּילט״ און „אָפּגעזאָגט״ ווי ס׳געהער צו זיין, דערביי האָט מען אויך נישט פאַרגעסן די צוויי יונגעלייט וואָס זענען געזעסן פון זיין רעכטער און לינקער זייט. קלאָר, אַז די רייד זענען געווען באַגלייט מיט פיל מאמרי חז״ל. אַז די עלטערע געסט זענען זיך צונויפגעקומען צום קבלת־פנים, האָט מען דעם חתן גענומען פירן צו דער כלה, טיילמאָל — איבער דער גאַנצער גאַס.

אַ באַזונדערס ערנסטער מאָמענט איז געווען דאָס „באַדעקענס״. דאָ האָט דער בדחן געשיינט און געגלאַנצט מיט זיין גאַנצן טאַלאַנט. זיין אויסרעכענען די נעמען פון חתן, מחותנים, אונטערפירערס און סתם וויכטיקע געסט, איז געווען אַדורכגע־פלאָכטן מיט דברי תורה. ער האָט ממש אויפגעשטעלט אַ גאַנצן בנין און באַוויזן, אַז ער שיקט דעם חתן אויפן ריכטיקן וועג און ער וועט דערפאַר קיין מאָל נישט חרטה האָבן. און נאָך אַזעלכע רירנדיקע רייד — האָט ער ווידער באַפוילן אויפצושפּילן א פריילעכס...

איך דערמאָן זיך אַזאַ חתונה אַלס קליין קינד. די כלה איז געווען אַ יתומה און דעם חתנס פאָטער — אַן אַמעריקאַנער. ער האָט זיך דערלויבט אַזש פון לובלין אַראָפּצוברענגען דעם באַרימטן בדחן שמואל „טשאָלענט״, וועלכער האָט מיט זיינע רייד דערפירט דערצו, אַז עטלעכע ווייבער זענען אַוועקגעפאַלן אין חלשות — און ר׳האָט געמוזט אויפהערן שיטן זיינע חכמות. חתן־כלה האָבן געוויינט, מ׳האָט זיי איינגערעדט. אַז איצט איז זייער יום־כיפור וואָס קומט פאַר איינמאָל אין לעבן. דערפאַר האָט מען ביי מנחה געזאָגט מיטן חתן על חטא... ווי ערב יום־כיפור.

די קלעזמאָרים זענען געשטאַנען גרייט אין דרויסן און געוואַרט, מ׳זאָל דעם חתן

אַרויספירן צו דער חופה. פאַרן אָנטאָן דאָס קיטל, האָט מען אים אויפגעקנופּט אַלע קנעפּ, אַפילו דעם פון קראַוואַט. אונטער די קלאַנגען פון מוזיק, האָט מען דעם חתן געפירט צו דער שול, ווו ס׳האָט אויף אים געוואַרט די חופה. דער עולם האָט באַגלייט דעם צוג מיט ליכט אין די הענט און פון אַלע יידישע פענצטער האָבן אויך אַרויסגע־לייכט די אָנגעצונדענע ליכטלעך לכבוד דער שמחה. אין יענע צייטן האָט דאָס גאַנצע שטעטל זיך באַטייליקט אין דער שמחה.

אַז אַזאַ חתונה פלעגט פאַרקומען אין ווינטער, האָט מען ביי דער געלעגנהייט זיך געוואָרפן מיט שניי, אַפילו זיך געקאָלערט — און מענטשן זענען געווען ווייס אויף די בגדים און רויט־צעפלאַמט אויף די פנימער. נישט איינמאָל האָט פּאָליציי זיך געמוזט אַריינמישן און דערמעגלעכן חתן־כלה, זיי זאָלן אומגעשטערט קאָנען צוגיין צו דער שול.

דערפאַר אָבער האָט ביי דער חופה שוין געהערשט ערנסטקייט און פייערלעכקייט. ספּעציעל אין דעם מאָמענט, ווען ס׳האָט זיך באַוויזן דער רב הרה״ג ר׳ אליעזר שלום פעדער מיט זיין הדרת־פּנים, אין דער באַגלייטונג פון דעם 90־יאָריקן חזן ר׳ שמואל משה וואַלדמאַן, וואָס האָט געהאַט אַ לאַנגע ווייסע באָרד. אַפילו די פּאָליאַקן וואָס זענען געקומען זען אַ יידישע חתונה, דערביי אפשר אויך חוזקן און אָפּלאַכן און זיך איבער־וואַרפן מיט שניי־קוילן — זענען געוואָרן ערנסטער, ווען מ׳האָט אָנגעהויבן די צערעמאָניע פון געבן חופה וקידושין. בדרך כלל איז דאָס אַלץ פאַר־געקומען אונטערן פרייען הימל. צומערשט האָט מען געבראַכט דעם חתן, שפּעטער — די כלה, וואָס האָט געדויערט עטלעכע שעה צוליב מאַרשירן איבער די גאַסן מיט די קלעזמאָרים און טענץ.

נאָך דער חופה כדת משה וישראל, האָט מען דאָס גליקלעכע פּאָרל געפירט שוין צוזאַמען אַ גאַנצן וועג, טאַנצנדיק זיי אַנטקעגן מיט אַ גרויסן קוילעטש, אין וועלכן ס׳האָט געברענט אַן אייל־קנויט.

דער עולם מיטן יונגן פּאָרל פלעגן אָנקומען אויפן אָרט פון דער חתונה ערשט אַרום 12 ביינאַכט. מ׳האָט דעם נייעם פּאָרל געגעבן עפּעס טועם צו זיין. זיי האָבן דאָך געפאַסט אַ גאַנצן טאָג... שפּעטער האָט מען דערלאַנגט די גילדענע יויך און אַלע געסט האָבן זיך געזעצט צו די געדעקטע טישן און געפּראַוועט אַ סעודה, וואָס איז באַגלייט געוואָרן מיט גראַמען און וויצן פון בדחן און מוזיק פון די קלעזמאָרים.

נישט קיין קליינע איבערלעבונג איז געווען דאָס אויסרופן דרשה־געשאַנק. דערביי איז די זאַך געטאָן געוואָרן אויף אַזאַ אופן, נישט צו טרעפן אָדער באַליידיקן די וועמענס מתנה איז נישט געווען אַזאַ אָנגעזעענע. אויף אַזאַ יידישער חתונה אין פּראַמפּאָל האָט אויך נישט פאַרפעלט דאָס מצוות־טענצל. און ס׳זענען אַוועק אַ סדרה ריקודים — חסידישע, פּאָלקסטימלעכע, אויסגעפירט דורך ספּעציאַליסטן, צו וועלכע ס׳האָט געהערט ר׳ ברוך־משה דרעשער ע״ה, וועלכער האָט נישט פאַרפעלט קיין איין חתונה, כדי משמח זיין, לשם מצווה, די חתן־כלה און די געסט. ער איז שוין געווען אַ

בן־שבעים און מיט גרויס טעמפעראַמענט און קענטעניש אויסגעטאַנצט עטלעכע טענץ.

די התלהבות איז געוואַקסן און קיינער האָט נישט באַמערקט ווי מען האָט שטילער־הייט אַרויסגעגנבעט דאָס יונגע פּאָרל און זיי „געפּירט לייגן". די שפּעטע נאַכט־שעהן האָט קיינער נישט געפילט, טראָץ דער אָנגעשטרענטקייט און שפּאַנונג פון אַ גאַנצן טאָג. ערשט די קלעזמאָרים האָבן מיט אַ ספּעציעלער ליד און מעלאָדיע „האָט מיר אַ גוטע נאַכט" דערמאָנט אַז ס'האָט שוין אָנגעהויבן טאָגן. אַ גליקלעכער און צופרידענער איז דער עולם זיך פונאַנדערגעגאַנגען...

## די יידישע באַנק

פראַמפּאָל האָט געשמט אין דער גאַנצער סביבה מיט איר שיינער געגנט, מיטן דור חסידים, מיט די ווייניקע מתנגדים, מיט די צוויי שוחטים ר' לייבל און ר' יעקב ברוך שוב און דעם רב הגאון, ר' אליעזר שלום פעדער ז"ל, וואָס זיין סמיכות אויף שחיטה איז געווען די בעסטע אין דער גאַנצער געגנט; מיט די בעלי בתים, וואָס יעדן אינדערפרי און פאַרנאַכט זענען זיי געקומען אין גרויסן בית המדרש לערנען. אָבער צו איין זאַך האָט דאָס שטעטל נישט געהאַט קיין מזל — צו פרנסה.

מיט איין וואָרט — אַן אָרעם שטעטל געווען. פאַרוואָס אַזוי — האָט קיינער נישט געקאָנט דערקלערן. פון די גרויסע יאַרידים יעדן מאָנטיק, אויף וועלכן ס'זענען, אויסער פויערים, אויך זיך צונויפגעפאָרן סוחרים פון בילגאָריי, יאַנאָוו, שעברעשין, זאַמאָשטש און אַנדערע ערטער — האָבן אַלע יאָ אַרויסגעצויגן פרנסה. בלויז די פראַמפּאָלער יידן זענען געווען לא־יוצלחס. בילגאָרייער אייער־עקספּאָרטערן האָבן זייער סחורה געקויפט אויף די פראַמפּאָלער יאַרידים און זענען נתעשר געוואָרן. דאַקעגן פראַמפּאָלער יידן האָבן קוים געהאַט דעם טאָג איבערצולעבן. די בילגאָרייער הענדלער פון פּאַקולעס, ליינען און קאָנאָפּיע האָבן געמוזט ביי אונדז קויפן די סחורות, וואָס זענען געווען פון בעסטער קוואַליטעט, כדי זיי צו מישן מיט זייערע, וואָס האָט געהאַט אַ מיתה־משונה קאָליר. נאָר דערביי האָבן זיי פאַרדינט אַ מטמון מיט געלט. און די פראַמפּאָלער? זיי האָבן קוים געזשיפּעט. דאָס זעלבע — ביים האַנדל מיט תבואה, לעדער, מאַנופאַקטור און גאַלאַנטעריע, וואָס זענען כמעט נישט פאַרקויפט געוואָרן אין אונדזערע קראָמען, נאָר דורך די דאָרפסגייער אויסגעטוישט געוואָרן ביי די פויערים אויף פּראָדוקטן, אָדער אויף די יאַרידים אין די אַרומיקע שטעטלעך (מאָנטיק, — ביי אונדז, דינסטיק — אין שעברעשין, מיטוואָך — אין גאָריי, דאָנערשטיק — אין בילגאָריי). אין די יאָרן 1928־1929 איז אין די בראַנזשעס אויסגעבראָכן אַ קריזיס און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן באַנקראָטן. מיט די גרעסערע סוחרים האָט מען זיך באַלד „פאַרגלייכט". אַ טייל איז גאָר רייכער געוואָרן. מיט די קלענערע אָבער, האָט מען זיך נישט געאיילט צו „פאַרגלייכן" — און זיי זענען געוואָרן נאָך גרעסערע קבצנים ווי פריער.

דערנאָך איז אַנטשטאַנען אַ שווער פּראָבלעם מיטן צאָלן די וועקסלען, וועלכע זענען קיין פּראָמפּאָל אַריינגעשיקט געוואָרן מיט דער פּאָסט. ביי דער קלענסטער פאַרשפּעטיקונג אָדער פאַרזען, איז דאָס וועקסל אַוועק צום פּראָטעסט, ווייל די פּאָסט האָט זיך וויניק געקימערט, וואָס אָרעמע יידישע סוחרים האָבן דערנאָך געצאָלט נאָך עטלעכע זלאָטעס פּראָטעסט־קאָסטן.

צו באַקומען ווידער אַ גמילת־חסד איז געווען זייער שווער, ווייל, ווי דערמאָנט, האָבן די אָרעמעלייט נישט געהאַט, און די גבירים — האָבן זיך נישט געאיילט צו געבן. זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן די בעלי־בתים ר׳ משה שטיינבערג, ר׳ יעקב פּראַמפּאָלער (יאָסקעס), ר׳ מיכאל פרילינג א. אַ., וואָס ביי זיי איז תמיד געווען אַן אָפענע טיר און אַן אָפענע האַנט. מיט זייערע הלוואות האָבן זיי נישט איין ייד געשטעלט אויף די פיס.

די איינציקע פּוילישע באַנק אין שטעטל („קאַסאַ סטעפּטשיקאַ") האָט נישט אָנגענומען קיין יידן אַלס מיטגלידער. די געציילטע יידן, וואָס האָבן יאָ געהערט צו דער באַנק, ווי למשל מיין פאָטער ז״ל, האָט גאָר זעלטן, און דאָס מיט קריעת ים־סוף, באַקומען אַ הלוואה. דעריבער איז רייף געוואָרן דער געדאַנק וועגן גרינדן אַ יידישע באַנק, וואָס זאָל לייזן דאָס האַרבע פּראָבלעם פון קרעדיט.

אין יאָר 1930 האָבן אַ גרופּע משוגעים (ווי מ׳האָט זיי אָנגערופן): ר׳ שמואל יוסף קעסטענבוים, ר׳ חיים יהודה האַרמאַן, ר׳ יצחק שטיינבערג און מיין פאָטער, גענומען אויף זיך די איניציאַטיוו צו גרינדן אַזאַ אינסטיטוציע. נאָך אַ באַראַטונג, האָט מען אַוועקגעשריבן קיין וואַרשע, אין דער צענטראַלע פון די יידישע קאָאָפּעראַטיווע בענק און גלייך דערהאַלטן פון דאָרט אינסטרוקציעס מיט פאָרמולאַרן, ווי אויך די ערשטע 5000 זלאָטעס גרונט־קאַפּיטאַל, אויף דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, מיטן אָנטייל פון אַ פאָרשטייער פון דער צענטראַלע, איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ פאַרוואַלטונג מיט אַ ראַט. מיט גרויסע שוועריקייטן איז געלונגען צו שאַפן די נייטיקע צאָל חברים, ווייל דער ערשטער פאַי, פון 10 זלאָטעס, האָט נישט יעדער איינער געקאָנט אַריינטראָגן און ווערן אַ מיטגליד. די גבירים, ווידער, האָבן זיך נישט גענייטיקט אין אַזאַ אינסטיטוציע. ווען מען האָט אָבער געזען, אַז די באַנק גיט אַרויס הלוואות פון 100 זלאָטעס, אויסצוצאָלן אויף אַ יאָר צייט, האָט די צאָל מיטגלידער אָנגעהויבן שטייגן פון טאָג צו טאָג. אַ טייל האָבן איינגעצאָלט פאַיען אויך פאַר זייערע פרויען — און אַזוי אַרום באַקומען נאָך אַ הלוואה.

צומערשט האָט מען געמוזט אָנקומען נאָך פאַכמענישער הילף צו אַ הויפּט־בוכהאַלטער, וואָס איז איינמאָל אין וואָך געקומען פון בילגאָריי און איינגעשטעלט די ביכער. דערנאָך אָבער האָבן די באַנק־אָנגעשטעלטע — חיים־יהודה האַרמאַן (שפּעטער געוואָרן הויפּט־בוכהאַלטער), מיין ברודער יוסף ליכטפעלד און ר׳ יצחק שטיינבערג — שוין אַליין אָנגעפירט מיט דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט.

אין אַ צייט אַרום האָבן מיר באַקומען פון דער צענטראַלע נאָך 5000 זלאָטעס און שפּעטער — נאָך 10.000 זלאָטעס. דאָס האָט דערמעגלעכט דער באַנק אַרויסצוגעבן הלוואות ביז 300 זלאָטעס אויף אַ פּאַי — אַ סומע, וואָס איז דאַן געווען זייער אָנגעזען. אויך די הורט־סוחרים פון לובלין און וואַרשע האָבן זיך אָנגעהויבן באַנוצן מיט דער באַנק צו אינקאַסע פון די וועקסלען פון די פּראָמפּאָלער סוחרים, אָנשטאָט ווי ביז איצט — מיט דער פּאָסט. זיי זענען קודם כל געווען פאַראינטערעסירט, אַז די וועקסלען זאָלן געצאָלט ווערן — און נישט אַוועק צום פּראָטעסט. די באַנק פון איר זייט, האָט דורך פאַרשידענע הנחות שוין געזאָרגט, אַז אַפילו נאָכן טערמין זאָלן די וועקסלען נישט פּראָטעסטירט ווערן.

די לייטונג פון דער באַנק — יידן מיט וואַרעמע הערצער, האָבן נישט געוואָלט, אַז די אָרעמע סוחרים און בעלי־מלאכהס זאָלן ליידן היזקות פון די פּראָטעסטן. זיי האָבן פאַרגעסן, אַז אַ באַנק, אַלס אַ פינאַנס־אינסטיטוציע מיט סטאַטוטן און געזעצן, פאַרפליכטן דעם פּרט ווי דעם כלל — און איז נישט קיין חסידים־שטיבל, וווּ מ׳רעכנט זיך מיט סענטימענטן. אַז דער טערמין איז פאַריבער און דאָס וועקסל איז נישט אַוועק צום פּראָטעסט — האָט זיך שוין קיינער נישט געאיילט צו צאָלן. דאָס איז געווען דער אָנהייב פון סוף. די הורט־סוחרים האָבן זיך אַרומגעזען, אַז נישט זיי באַקומען צוריק די פּראָטעסטירטע וועקסלען און נישט קיין געלט. האָבן זיי אויפגעהערט שיקן וועקסלען אויף אינקאַסע. אויך די צענטראַלע האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט און אָפּגעשטעלט די קרעדיטן. די פּראָמפּאָלער יידישע באַנק האָט זיך מיט אַמאָל געפונען אויף דער שוואַרצער ליסטע.

דעם לעצטן טויט־קלאַפּ האָט די באַנק באַקומען פון אַ געשעעניש, וואָס האָט נישט געהאַט אירס גלייכן אין קיין שום באַנק. אין 1935 האָט מען אין פּראָמפּאָל געבויט אַ שול. איר דירעקטאָר, ה. דאָמבראָווסקי, (אַ פּאָליאַק), האָט דווקא ליב געהאַט אַלע געלט־אָפּעראַציעס און וועקסלען אַדורכצופירן דורך אונדזער באַנק, אַזוי ווי אַנדערע פּוילישע סוחרים, פאַר וועמען די „קאַסאַ סטעפעטשיקאַ" איז נישט געווען באַקוועם. איינמאָל איז ער געקומען בעטן אים אַרויסצוגעבן אַ וועקסל אויף 1000 זלאָטעס, וואָס ער איז איצט נישט אימשטאַנד צו באַצאָלן. ער מוז עס בלויז ביילייגן. אין אַ פּאָר טעג אַרום וועט ער עס באַצאָלן. אַזוי ווי ער האָט אין שטעטל געניאָסן פון פולסטן צוטרוי, האָט מען אים דאָס וועקסל אַרויסגעגעבן. צומאָרגנס האָט ער זיך דערשאָסן. פאַרשטענדלעך, אַז דאָס וועקסל איז נישט געצאָלט געוואָרן און די באַנק האָט לאַווירט מיט אַנדערע געלטער, כדי צו דעקן דעם היזק. די צענטראַלע, דערוויסנדיק זיך פון דעם פאַל, איז צוגעטראָטן צו ליקווידירן די באַנק. דאָס איז געשען סוף 1935.

אַזוי איז אונטערגעגאַנגען אַ נוצלעכע יידישע אינסטיטוציע, וואָס האָט זיך גערופן „ספּולדזיעלניאַ קרעדיטאָוואַ־פּאָזשיטשקאָוואַ וו פּראָמפּאָלו", ווו איבערגעגעבענע יחידים האָבן אַריינגעלייגט אַ סך מי און אַרבעט.

אַ לאַנגע צייט נאָך דעם, האָבן יידן באַדויערט די באַנק, וואָס איז, צוליב מענטש־לעכער ווייכהאַרציקייט און לייכטזיניקייט — ליקווידירט געוואָרן.

## די גמילות־חסדים־קאַסע

פּאַראַלעל מיט דער קאָאָפּעראַטיווער באַנק, האָבן אַ גרופּע כלל־טוער (מיין פֿאָטער אברהם אליעזר ליכטפעלד, ר' שמואל יוסף קעסטענבוים, ר' יעקב פּראַמפּאָלער, ר' מיכאל פּרילינג, ר' יעקב ברוך שו"ב, זיך גענומען אָרגאַניזירן אויפֿן מוסטער פֿון אַנדערע שטעט און שטעטלעך, אַן אָנפּראָצענטיקע גמילות־חסדים קאַסע, וואָס זאָל העלפֿן אָרעמע יידן זיך צוריקשטעלן אויף די פֿיס מיט דער הילף פֿון לאַנג־טערמיניקע הלוואות און אויף קליינע ראַטעס.

אין יאָר 1930־31 איז פֿאָרגעקומען די ערשטע גרינדונגס־פֿאַרזאַמלונג מיט דער באַטייליקונג פֿון בערך אַ פֿערציק יידן. זיי האָבן אויסגעוויילט אַ פֿאַרוואַלטונג, ווו ס'זענען געווען רעפּרעזענטירט די באַזונדערע בראַנזשעס, ווי אויך — די פּאַרטייען. הארמאָניש, מיט געמיינזאַמע כוחות, האָט מען זיך גענומען אויפֿשטעלן די אינסטיטוציע. קודם כל האָט מען זיך געווענדעט צו דער צענטראַלע פֿון די גמילות־חסדים קאַסעס אין וואַרשע, פֿון וואַנען מיר האָבן גלייך באַקומען די ערשטע 500 זלאָטעס. אויך דער „דזשאָינט" האָט פֿון צייט־צו־צייט געשיקט געלט די פּראַמפּאָלער יידן אין אַמעריקע, וואָס האָבן יעדעס יאָר אַריינגעשיקט אַ פּאָר הונדערט דאָלאַר אויף מעות־חטים. האָט מען שוין געוווסט אויך מוסיף צו זיין פֿאַר דער קאַסע אַ 100 דאָלאַר.

הלוואות האָבן געקאָנט באַקומען נאָר מיטגלידער, וואָס האָבן איינגעצאָלט אַ פּאַי פֿון צוויי זלאָטעס און שפּעטער צוגעצאָלט ביז 5 זלאָטעס. דער מיטגלידס־אָפּצאָל איז געווען אַ מינימאַלער: 5 גראָשן אַ וואָך. די ערשטע הלוואות זענען געווען זייער באַשרענקטע: 25 זלאָטעס, אויסצוצאָלן אין משך פֿון 25 וואָכן. די ערשטע צייטן האָט דער עולם זיך באַצויגן מיט אומצוטרוי צו דער קאַסע. ווען מ'האָט אָבער געזען, אַז מ'גיט באמת הלוואות, האָט מען מאַסנווייז אָנגעהויבן אַריינצוטרעטן אין דער קאַסע. אין יאָר 1935 האָט זי געציילט 500 חברים (כמעט אַלע פּראַמפּאָלער בעלי־בתים), מיט אַ גרונט־קאַפּיטאַל פֿון 2500 זלאָטעס. מיטן כסדרדיקן צופֿלוס פֿון געלט מצד די אַמעריקאַנער לאַנדסלייט און פֿון „דזשאָינט", האָט די קאַסע דיספּאָנירט אין אַ קורצער צייט מיט 10.000 זלאָטעס. פֿאַר אַזאַ שטעטל ווי פּראַמפּאָל, איז דאָס געווען אַ ריזיקע סומע. מ'האָט שוין געקאָנט געבן גרעסערע הלוואות, ביז 100 זלאָטעס, אויף אַ יאָר צייט, אויסצוצאָלן צו 2 זלאָטעס אַ וואָך. אָבער נישט נאָר אויף פּראָדוקטיווע צוועקן האָט די קאַסע געהאָלפֿן. אויך ווען איינער איז קראַנק געוואָרן און באַדאַרפֿט אָנקומען צו אַ דאָקטאָר, וועלכער איז נאָך אין שטעטל נישט געווען און מ'האָט אים געמוזט ברענגען פֿון בילגאָריי, אָדער יאַנאָוו, האָט די קאַסע געשטיצט. נאָכן געזונט ווערן, האָט אַזאַ ייד מיט דאַנק אומגעקערט דאָס געלט.

צו יעדער יערלעכער פאַרזאַמלונג איז געוואַקסן די צאָל מיטגלידער, די צאָל פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער און אויך — די פאַרטייאישע רייסערייען. אָבער אינעווייניק, אין דער פאַרוואַלטונג, האָבן די אויסגעוויילטע פאָרשטייער מיט הצלחה אָנגעפירט מיט דער קאַסע און נישט איין פראַמפּאָלער יידישע משפחה האָט איר געהאַט צו פאַרדאַנקען דעם קיום.

## לינת־הצדק

אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון אַ גרופּע בעלי־מלאכהס, איז באַנייט געוואָרן די אַזוי נוצלעכע אינסטיטוציע לינת הצדק. מיט איר טעטיקייט האָט זי אָפּגעראַטעוועט נישט איין אָרעם יידיש לעבן און געהאָלפן געזונט ווערן נישט איין שפּייזער פון אַ משפחה.

צווישן אַנדערע, וואָס איך געדענק, איז דער הויפּט ־ אָרגאַניזאַטאָר געווען קלמן־יאָקלס ווײַנמאַן, וועלכער האָט אויף זיך גענומען די שווערסטע אַרבעטן פון זאַמלען מיטגלידס־אָפּצאָל ביי די וואָס האָבן זיך באַשטייערט לויט זייער יכולת; געשיקט משמרות צו נעכטיקן ביי קראַנקע און דערמעגלעכט די פאַרמאַטערטע און פאַרזאָרגטע משפּחה־מיטגלידער זיך אויסצושלאָפן אַ נאַכט, געקויפט און די קראַנקע אריינגשיקט גוטע זאַכן, זיי זאָלן קומען צו די כוחות; אויסגעפועלט אַ הנחה פון 25 פּראָצענט אין דער אַפּטייק פאַר די, וואָס האָבן געבראַכט רעצעפּטן געחתמעט דורך דער חברה: אָננעמען דעם קראַנקן אין שפּיטאָל, מיט אַ צייגעניש פון דער גמינע (די גמינע האָט ביז 1935 נישט געהאַט קיין יידישן פאָרשטייער און זיך אָפּגעזאָגט צו שיקן קראַנקע יידן אין שפּיטאָל אַריין); איבערפירן דעם אָרעמען קראַנקן צו אַ דאָקטאָר, וואָס איז אין פראַמפּאָל נישט געווען.

ס׳איז נישט אָפּצושאַצן די טיפע זאָרג און גרויסע מאַטעריעלע און מאָראַלישע שטיצע, וואָס לינת הצדק האָט ערטיילט די אָרעמע קראַנקע און די קאָלאָסאַלע שוועריקייטן, וואָס די איניציאַטאָרן האָבן געהאַט ביים דערפילן זייער אויפגאַבע.

אַן ענדערונג צום גוטן אין דער חברה איז פאָרגעקומען מיטן באַזעצן זיך אין פראַמפּאָל פון יונגן יידישן דאָקטאָר פּליסקין (אין יאָר 1936). אין אָנהייב האָט דאָס שטעטל געמיינט, אַז ער וועט זיך האַלטן נאָענט מיט די קריסטן און אויסמיידן יידן. אָבער, ווי ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז ער געווען אַ מענטש מיט אַ וואַרעם יידיש האַרץ און אַ שטאָלצער ייד, האָט פאַרברענגט נאָר אין יידישער געזעלשאַפט, פלעגט שפּאַצירן איבערן שטעטל און עפנטלעך אַריינגעקוקט אין „היינט“; ער איז אויך אַריינגעקומען אין דער ביבליאָטעק; זיך באַטייליקן אַקטיוו אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע; האָט סתם באַזוכט יידישע היימען, בפרט, ווען מ׳האָט זיך אין אים גענייטיקט, האָט ער נישט נאָר נישט גענומען קיין געלט ביי די קראַנקע, וואָס לינת הצדק האָט אים געשיקט באַזוכן, נאָר פלעגט נאָך שטילערהייט איבערלאָזן אַ מטבע, ווען ער האָט געזען די טרויעריקע לאַגע פונעם חולה. ר׳האָט זיך נישט גערעכנט מיט דער מיינונג פון דער פּוילישער געזעלשאַפט, ווו דער אַנטיסעמיטיזם איז געווען שטאַרק

פאַרשפּרייט, אַז דאָס קאָן אים שאַדן צו זיין קאַריערע און פּרנסה. ווען מ׳האָט אים דערויף אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז דערפאַר וועלן זיי צו אים נישט קומען, האָט ער געענטפערט: — ס׳מאַכט נישט, זאָלן זיי נאָר צו מיר באַדאַרפן... און ווירקלעך: ער איז געוואָרן דער איינציקער און אָנגענומענער דאָקטאָר אין דער גאַנצער געגנט.

כ׳געדענק דעם פאַקט, ווען פּראָמפּאָלער יידן האָבן איינגעאָרדנט פּראָטעסט־מיטינגען קעגן פּשיטיקער פּאָגראָם, איז ער אַ שטאָלצער אַרויסגעטראָטן אין גרויסן בית־המדרש, האָט אָרגאַניזירט אַ שטרייק פון שליסן די געשעפטן אַ האַלבן טאָג און אַליין נישט אויפגענומען די אָנגעפאָרענע קראַנקע פון די אַרומיקע דערפער, ביז דער שטרייק האָט זיך געענדיקט. ר׳האָט דערפאַר געהאַט אויסצושטיין שיקאַנעס און עפנטלעכע אַטאַקעס מצד דער פּוילישער באַפעלקערונג — אָבער ער האָט דאָס אַלץ שטאָלץ איבערגעטראָגן.

אונטער זיין אָנפירערשאַפט האָט די חברה לינת־הצדק זיך אַנטוויקלט און געפירט אַ לעבהאַפטע טעטיקייט — ביז ס׳איז געקומען דער סוף.

## דער באַזוך פון לובלינער רבין

אין די נאָך־סוכות־טעג פון יאָר 1935, האָט דאָס גאַנצע שטעטל געטראַכט וועגן זיך דערנענטערנדיקן ווינטער און וועגן דער באַדערפעניש זיך אָנצוגרייטן האָלץ אויף די קאַלטע טעג און נעכט; וועגן אויפנייען זיך אַ פּאָר שטיוול קעגן די שטעטלדיקע בלאָטעס און וועגן פאָרן אויף די יאַרידים, וואָס האָבן זיך געצויגן ביז נאָך די חגאות... מיט אַמאָל האָט זיך פאַרשפּרייט אַ ידיעה, וואָס האָט געלאָזט פאַרגעסן אין אַלע דאגות און צרות: דער לובלינער רבי, ר׳ משהלע טווערסקי, קומט קיין פּראָמפּאָל — נישט ווי יעדער נאָר־מאָלער באַזוך זיינער. ניין, דאָסמאָל, האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער חתונה פון רבס זון (דוכט זיך, אַז ר׳ יוחנטשע איז געווען זיין נאָמען) מיטן בעלזער רבס טאָכטער.

די שטעטלדיקע חסידים פון לובלינער רבין — ר׳ שמואל יוסף קעסטענבוים, מאַנעס (איטשעלע), ר׳ אברהם־אליעזר ליכטפעלד און אַנדערע, האָבן זיך גענומען צונויפשטעלן אַ רשימה פון בעלי־בתים, וואָס וועלן דאַרפן זיך באַשטייערן פאַר דער חתונה. דער לובלינער רבי האָט געשמט פאַר אַ גרויסן אָרעמאַן און פּראָמפּאָל האָט אים געוואָלט אָנטאָן אַ פאַרגעניגן און צוגרייטן אַ שיינעם פּדיון צו דער חתונה. האָבן די באַשטייערטע יידן זיך אָנגעהויבן דינגען איבער דער הייך פון דער שפּענדונג, געענוי ווי ביי אַנדערע קהלישע באַשטייערונגען (אתרוג־בענטשן, רעמאָנטירן די שול אאנ״ד). יעדער פון זיי האָט געטענהט, אַז מען האָט אים צופיל געשטעלט און זיי זענען נישט אימשטאַנד צו צאָלן אַזאַ גרויסן שטייער. אָבער ר׳ שמואל־יוסף האָט נישט געוואָלט הערן און רעדן וועגן הנחות. זיין אַרגומענט איז געווען, אַז דעם רבין האָט קיינמאָל נישט אינטערעסירט קיין געלט, דערפאַר דאַרף מען אים דערמעגלעכן אויסגעבן

דעם זון ביד רחבה. איבערהויפּט האָט זיך געדונגען ר׳ יהושע לעווינגער ז״ל, וואָס אַן אמת — נישט קיין רייכער חסיד. ער האָט פאַרזיכערט, אַז ביים רבין גופא, וועט ער אָפּדינגען די 10 זלאָטעס, מיט וועלכע מ׳האָט אים באַשטייערט.

טראָץ די אַלע דינגענישן, האָט דאָס גאַנצע שטעטל געוואַרט אויף דעם קבלת־פּנים פאַרן רבין. ר׳ שמואל־יוסף האָט גענומען גרייטן די גרויסע צימערן, ווו דער רבי האָט געהאַט אַ חזקה איינצושטיין. דער חזן ר׳ לייבל שו״ב האָט פאַרפּאַסט נייע ניגונים צו „לכה דודי", „מי שברך" און „המבדיל". אַזוי ווי מען האָט זיך אויך געריכט אויף צוגעפאָרענע געסט פון די אַרומיקע שטעטלעך (בילגאָריי, יאַנווו און טאָרבין), האָבן פראַמפּאָלער געגרייט פאַר זיי אכסניהס. אַ גאַנצע וואָך האָט מען אין שפּאַנונג געוואַרט אויף די חשובע אורחים.

דאָנערשטיק נאָכמיטאָג זענען דריי פול־געפּאַקטע, גרויסע פורן ארויסגעפאָרן צו דער באַן־סטאַציע אין זוויעזשיניעץ, ווו דער רבי האָט באַדאַרפט אָנקומען. ביים הויז פון ר׳ שמואל־יוסף, האָבן דעם רבין אָפּגעוואַרט מאַסן חסידים, סיי פון די, וואָס האָבן זיך שוין נישט געקאָנט אַרויפבאַקומען אויף די פורן און סיי די, וואָס האָבן נישט פאַרמאָגן דעם האַלבן זלאָטע צו באַצאָלן פאַר דער נסיעה צו דער באַן. אויך די פרויען, מיט פאַטשיילעס אויף די קעפּ, האָבן אין גרעסטן יראת־הכבוד געוואַרט אויפן חשובן גאַסט, בעת חברה קליינוואַרג האָבן געזשומעט ווי בינען און זיך געפּלאָנטערט ביי די פיס.

ענדלעך איז דער רבי אָנגעקומען. דער עולם האָט אים גאָר וואַרעם אויפגענומען. מיט גרויס רעספּעקט האָט מען אים געהאָלפן אַראָפּגיין פון וואָגן, אַריינגעפירט אין שטוב, אַראָפּגעצויגן די שטיוול און מיט שניי איינגעריבן די פאַרפרוירענע פיס. נאָכן דערוואַרעמען אים און לאָזן עפּעס איבערכאַפּן, האָט מען אָנגעהויבן אַריינלאָזן דעם עולם אויף צו געבן דעם רבין „שלום". אייניקע זענען שוין געווען גרייט אונטערצושטעלן אַן אויער און הערן, ווי אַזוי ר׳ יהושע לעווינגער וועט אָפּדינגען ביים רבין די 10 זלאָטעס. ווי איבערראַשט זענען אָבער אַלע געוואָרן, ווען ר׳ יהושע איז אַרויס פון דאָרט אַ צעשטראַלטער, אַ פריילעכער און דערקלערט פאַר אַלעמען, אַז ווען מען באַשטייערט אים מיט נאָך אַמאָל אַזויפיל — וואָלט ער אויך באַצאָלט. אַזוי באַגייסטערט איז ער פון רבין...

די גאַנצע נאַכט פון דאָנערשטיק אויף פרייטיק, האָט מען זיך געגרייט מקבל־שבת צו זיין. ר׳ פּסח בעקער האָט געבאַקן די גרויסע קוילעטשן, ווי אויך 12 קליינע קוילעטש־לעך. לאהטשע שמואל־יוספס מיט אַנדערע פרויען האָבן געגרייט די פעטע קוגלען — און דערביי זיך געמיט, אַז זייער קוגל זאָל זיין דער גרעסטער. ביידע שוחטים — ר׳ יעקב־ברוך און ר׳ לייבל, זענען, נאָכן ווייזן די חלפים דעם רבין, אַוועק שעכטן לכבוד שבת.

צוליב דעם, וואָס כמעט אין יעדער פראַמפּאָלער יידישער שטוב זענען איינגע־

שטאַנען חסידים פון די אַרומיקע שטעטלעך, האָט מען בלית־ברירה געמוזט אָנגרייטן אַ שבת כיד־המלך, אַפילו ווען דער גאַסטגעבער איז געווען אַ קבצן אין זיבן פּאָלעס. באַזונדערס האָט מען נישט געוואָלט פאַרשעמט בלייבן ביי די צוגעפאָרענע בילגאָרייער גבירים, ספּעציעל די פראַמפּאָלער, וואָס קומענדיק קיין בילגאָריי, זענען זיי אויך איינגע־שטאַנען אין זייערע הייזער...

דאָס גאַנצע שטעטל איז געגאַנגען אויף רעדער. יענעם פרייטיק האָט מען די קראָמען געשלאָסן פריער. יעדער האָט זיך געאיילט אין מרחץ, איבערטאָן זיך און פאַרכאַפּן אַ גוטן פּלאַץ אין בית־המדרש. אויך די נישט־פרומע האָבן געוווסט, אַז דעם רבין וועט מען פירן מקבל־שבת זיין אין די פריע פאַרנאַכט־שעהן און עס פּאַסט נישט, ער זאָל פאַרבייגיין אָפּענע געשעפטן. מנחה האָט דער רבי געדאַוונט פאַרן עמוד מיט גרויס התלהבות און ר׳ לייבל שוחט האָט ביים מקבל־שבת זיין בייגעלייגט אַזאַ „קאָנצערט" מיט זיין זיסער שטימע, אַז דער גאַנצער עולם איז ממש אַריין אין עקסטאַז, הגם אים האָט מען אַ גאַנץ יאָר געהערט דאַווענען. מען האָט אַפילו נישט געפילט, אַז דאָסמאָל האָט די פרייטיק־צו־נאַכטס תפילה זיך פאַרצויגן ביז אין דער שפּעטער נאַכט...

די איילעניש אַהיים איז געווען אַ גרויסע, כדי נאָך שנעלער אָפּעסן און באַוויזן באַצייטנס צו קומען צום רבינס טיש און הערן זיין תורה. איבערהויפּט האָבן די צוגערייזטע געוואָלט זיין וואָס נענטער צום רבינס טיש און נישט פאַרלירן קיין וואָרט פון זיינע פּלפּולים און קושיות און שפּעטער אינדערהיים, נאָכדערציילן זיין דרשה.

דעם קולמינאַציע־פּונקט האָט מען דערגרייכט שבת פאַרנאַכט, צו שלוש־סעודות, אָדער ווי חסידים פלעגן עס רופן: רעוה דרעוה. אין דעם גרויסן בית־המדרש, איינגע־הילט אין דער בין־השמשות טונקלקייט, האָבן אייגענע און צונויפגעפאָרענע חסידים זיך צוזאַמענגעדרענגט ווי הערינג. די זמירות פון לייבל שוחט האָבן העט־ווייט אָפּגעהילכט איבערן שטעטל און אויפגערודערט די פאַרשלאָפענע גוישע גאַסן. אויך די פּאָליאַקן זענען אַרויס פון זייערע היימען, דערנענטערט זיך צום בית־המדרש און אָנגעזאָגט איינער דעם צווייטן:

— ראַבין פּשייעכאַל... (דער רבי איז געקומען צו פאָרן...).

דער פראַמפּאָלער רב הגאון ר׳ אליעזר־שלום פעדער, אַליין א מתנגד, איז אויך געקומען אין בית־המדרש צו שלוש סעודות און זיך אוועקגעזעצט ביים רבינס רעכטער האַנט. ביי דער הבדלה איז די לאַגע געוואָרן אַ געפערלעכע, ווייל יעדער האָט געוואָלט גלייך נאָכן רבין איינטונקען די פינגער אין דער ברענענדיקער משקה און זיך באַשמירן די אויגן אַלס סגולה צו מזל־ברכה... עס איז געוואָרן סכנות־נפשות — ביז דאָס פלעמל האָט זיך איינגעלאָשן. דערנאָך האָט ר׳ לייבל „אַוועקגעלייגט" אַ „המבדיל", אַז הימלען האָבן זיך געשפּאָלטן... מיט געזאַנג און טענץ האָט מען דעם רבין צוריקגעפירט אין ר׳ שמואל־יוספס אַכסניה.

אזוי — אַ גאַנצע וואָך. צווישן מנחה־מעריב האָט דער עולם זיך פאַרזאַמלט ביים רבין און מיט התלהבות זיך צוגעהערט צו זיין תורה, שלינגענדיק יעדעס וואָרט. ווען דער רבי פלעגט פאַרענדיקן „ובא לציון גואל במהרה בימינו״ — האָט דער פאַרגאַפטער עולם מיטאַמאָל זיך אַ ריס געגעבן מיט אַ הילכיקן ״אָמן!״. אין דער לעצטער נאַכט פאַרן רבינס אָפּפאָר, האָט מען איינגעאָרדנט אַ גרויסע סעודה. דערביי האָט זיך אָנגעהויבן דאָס שרייבן קוויטלעך צום רבין — און אַזוי ווי קיין יידישע צרות האָבן דעמאָלט נישט געפעלט, האָט מען ביי יעדן ייד, וואָס האָט פאַרלאָזט דעם רבינס חדר, געזען טרערן אין די אויגן. ווער פון געררירטקייט, ווער פון טרייסט און ווער גאָר — פון האָפענונגסלאָזיקייט... קלאָר, אַז יעדער האָט געמוזט באַצאָלן פאַר אַזאַ באַזוך דעם פדיון ביים רבין, לויט אַ ספּעציעלער באַשטייערונג (אויסער דער פריערדיקער, אויף אויפצונעמען דעם חשובן גאַסט). נאָר דאָסמאָל האָט יעדער גערן באַצאָלט, אַפילו די אַפּיקורסים אָדער קנאַפּע חסידים.

צומאָרגנס איז גאַנץ קהל געקומען זיך געזעגענען מיט דעם רבין. דער רבי גופא האָט זיך אויפגעשטעלט אויף דער פור און מיט אויסגעשפּרייטע הענט געבענטשט דאָס שטעטל פון אַלע פיר זייטן. די ווייבער, איינגעהילט אין זייערע שאַלן, האָבן געוווישט די אויגן, אונטערגעקרעכצט און שטיל געבעטן, אַז אַ שטיקל ברכה פון צדיק זאָל אויך פאַלן אויף זיי...

די פערד האָבן אַ צי געגעבן — און דער רבי איז אין אַ מזלדיקער שעה אָפּגעפאָרן פון פראַמפּאָל, באַגלייט דורך דריי גרויסע, פול־געפּאַקטע פורן מיט חסידים. דאָס שטעטל האָט זיך אומגעקערט צום פריערדיקן, גראָען לעבן, מיט די טאָג־טעגלעכע דאגות און צרות.

## די פטירה פון פראַמפּאָלער רב

אַ לאַנגע צייט האָט פראַמפּאָל גערעדט וועגן באַזוך פון „לובלינער״. דערביי האָט זיך געפירט אַן אייפערדיקער וויכוח: וויפל געלט האָט דער רבי אַרויסגעפירט פון שטעטל? איינער האָט געזאָגט: 12 הונדערט זלאָטעס. האָט אַ צווייטער געשוווירן, אַז נישט ווייניקער ווי 2 טויזנט. האָט זיך גלייך אָפּגעפונען אַ לעבעדיקער עדות, וואָס האָט אַליין געזען, ווי דער שמש האָט אָוועקגעשיקט אויף דער פּאָסט גאַנצע טויזנט זלאָטעס. ער האָט נאָר צוגעגעבן, אַז דאָס האָט געמוזט זיין צוזאַמען מיט דער סומע, וואָס דער רבי האָט געמאַכט אין אַ צווייט שטעטל, ערב זיין קומען קיין פראַמפּאָל.

די אַלע קלאַנגען און רייד האָבן זיך דערטראָגן צו אונדזער היימישן רב הגאון ר׳ אליעזר־שלום פעדער ז״ל, איינער פון די גדולי הדור צווישן די פוילישע רבנים. ער איז אָבער געווען אַ מתנגד און דערצו — אַ גרויסער אביון. ביי אים אין שטוב האָבן זיך קיין עין־הרע אַרומגעדרייט פיל קינדער פון דער ערשטער און צווייטער פרוי. צווישן זיי — שוין דערוואַקסענע, נאָר צו גיין אונטער דער חופּה. באַזונדערס

האָט עס באַדאַרפט טאָן שוין פון לאַנג, די בוגרת עלקע, וואָס איז דערצו נאָך געווען אַ קראַנקע. דער רב האָט זיך אָבער גאָרנישט געקענט העלפן, ווייל דערצו האָט אים געפעלט — אַ נדן פון אַ 200 דאָלאַר. דער רב האָט דערפון געהאַט גרויס עגמת־נפש. איך געדענק, אַז פאַר זיינע לעצטע גראָשנס האָט ער זיך געקויפט אַ „פערטעלע" פון אַ לאָטעריע־צעטל, האָפנדיק צו געווינען — און אַזוי אַרום אַראָפּוואַרפן אַ שטיין פון האַרץ, וואָס האָט אים געדריקט צוליב עלקען. איך ווייס אויף זיכער, אַז אין טאָג פון דער ציאונג, האָט דער רב געפאַסט, זיך אויסגעטענהט מיט די הימלען און רק מתפלל געווען, ער זאָל זוכה זיין אויסצוגעבן די קראַנקע טאָכטער...

דער פאַקט, וואָס מ'האָט מיט אַ ברייטער האַנט געגעבן געלט דעם לובלינער רבין, האָט דעם פראַמפּאָלער רב גורם געווען פיל צער. ער האָט אָפּגעשאַצט, אַז פאַרן געלט וואָס דער לובלינער האָט אַרויסגעפירט פון פראַמפּאָל, וואָלט ער זיכער געקאָנט חתונה־מאַכן צוויי טעכטער.

איין מאָל, אין אַ מאָנטיקדיקן מאַרק־טאָג, ווען דער רבי פלעגט, ווי דער שטייגער, אַרומגיין אין בית־המדרש, אָנגעטאָן אין בלויזן טלית, כדי זאַמלען נדבות אויף צדקה פאַר נויטבאַדערפטיקע — האָט אים יעדער געגעבן בסבר פנים יפות, ווי דער פראַמפּאָלער רב האָט עס זיך פאַרדינט. בלויז איינער א יונגערמאַן, וואָס איז גראָד געווען אַ בעל־פרנסה און מען האָט אויף אים געזאָגט, אַז דעם לובלינער האָט ער געגעבן אַ פדיון פון 40 זלאָטעס — האָט אונדזער רב דערלאַנגט... 5 גראָשן. דער פראַמפּאָלער האָט די נדבה צוגענומען און געשוויגן. נאָכן מאַרק איז דער זעלבער יונגערמאַן געקומען אויף אַ דין־תורה צום רב, כדי זיך לאָדן מיט אַנדערע סוחרים. נאָך פאַרן אויסהערן די טענות, האָט דער רב געפרעגט דעם יונגערמאַן:

— פאַר דיין רבין האָסטו געהאַט צו געבן 40 זלאָטעס און מיר האָסטו געהאַט די העזה צוצוואַרפן 5 גראָשן. פון ווען אָן ביסטו אַ מבין ווי גרויס דיין רבי איז?!

און דערביי האָט דער רב זיך באַנוצט מיט אַזעלכע אויסדרוקן, וואָס האָבן זיכער נישט געפּאַסט פאַר זיין כבוד און אַמט. קאָן זיין, אַז אַן אַנדערער וואָלט עס פאַרשוויגן. אָבער דער יונגערמאַן איז אַרויס פון רבס שטוב אַן אויפגערעגטער און צעקאָכטער און אַוועק צו די לובלינער חסידים דערציילן די געשיכטע. אין שטעטל האָט זיך צעפלאַקערט אַ פייער. דעם לובלינער רבין האָט מען נישט צוגעטראָגן די דאָזיקע מעשה, אָבער זיין ברודער, דעם וואַרשעווער דיין ר' נחומטשע ז"ל, איז אַלצדינג באַוווסט געוואָרן. אויף אַ געהיימער זיצונג פון די קאַרפּן־קעפּ פון די לובלינער און וואַרשעווער חסידים, איז באַשלאָסן געוואָרן אָנצושרייבן אַ כתב־חירום, וואָס אַלע זאָלן אים חתמענען, מיט דער התחייבות נישט באַנוצן מער דעם פראַמפּאָלער רב צו קיין סנדקאות, דין־תורהס, מסדר־קידושין און אַנדערע ענינים. צומערשט האָבן זיך אונטערגעשריבן די אָנגעזעענע יידן, צווישן זיי — אויך חיים־יהודה האַרמאַן, וואָס איז גראָד געווען נאָענט צום רב. און נאָך זיי — די יידן פון אַ גאַנץ יאָר, עמך־מענטשן, שטיבל־דאַוונער און

בית־המדרש־לערנער, וואָס האָבן בשעת־מעשה נישט פונאַנדערגעקליבן זיך און די פּאַטאַלע רעזולטאַטן פון אַזאַ האַנדלונג.

דאָס שטעטל האָט זיך צעטיילט אין צוויי מחנות. די שניידערס, שוסטערס, די בעל־עגלהס און דאָס אָרעמע פאָלק — האָבן געהאַלטן מיטן פּראַמפּאָלער רב. זייער טענה איז געווען, אַז בעת דער פּראַמפּאָלער רב, אַליין אַ גדול בישראל, האָט נישט פונוואַנען דעם טאָג איבערצולעבן, געפינט זיך פאַרן לובלינער רבין ריזיקע געלט־סומען. דער צד שכנגד האָט נישט געהאַט ספּעציעל וואָס פאָרצוואַרפן דעם פּראַמפּאָלער רב, דערפאַר האָבן זיי אָבער שטאַרק געלויבט דעם לובלינער רבין — און נישט געהאַט בדעה אָפּצורופן דעם חרם.

ביי איינעם פון די חסידים, וואָס האָט געחתמעט דעם ורם־שריפט, ר׳ פּינטשע איילבוים, איז מיט מזל געבוירן געוואָרן אַ זכר. דער ברית איז אויסגעפאַלן פּונקט אין שבת. דאָס שטעטל איז דעמאָלט געגאַנגען אויף רעדער, ווייל די חסידים האָבן זיך ערשט אַרומגעזען, אַז אין דער ווירקלעכקייט קאָנען זיי זיך נישט באַגיין אָן זייער רב. אויסער דעם האָבן אַלע געוווּסט, אַז דער פּראַמפּאָלער איז אַ גרויסער צדיק און ס׳איז נישט כדאי מיט אים אָנצוהויבן. געשמועסט האָט מען, אַז די, וואָס האָבן פאַרטשעפּעט מיט אים — זענען נכשל געוואָרן. נאָר דאָס גרעסטע רחמנות איז געווען אויף ר׳ פּינטשען. אַ גאַנצע וואָך האָט ער זיך אַרומגעדרייט אָן א קאָפּ. ער האָט אויפריכטיק באַדויערט זיין האַנדלונג און נישט איין מאָל געפרעגט זיך און אַנדערע: „צו וואָס האָט עס מיר געטויגט?‟ די פאַרעקשנטע חסידים האָבן אָבער פאַר אים אַוועקגעשריבן אַ קאַרטל צום וואַרשעווער רבין און זיך אָנגעפרעגט, וואָס טאָן אין אַזאַ פאַל. מיט שפּאַנונג און אומגעדולד האָבן זיי געוואַרט אויף אַ באַלדיקן ענטפער — נאָר די פּאָסט האָט, ווייזט אויס, זיך נישט געאיילט — און ביז שבת איז נישט געווען קיין שום תשובה. די לאַגע איז געוואָרן אומדערטרעגלעך.

ערב שבת האָבן די פּני זיך ווידער געטראָפן און באַשלאָסן: ר׳ פּינטשע פאַרבעט נישט דעם רב אויפן בו״ת, כדי אים נישט מכבד צו זיין מיט סנדקאות — און וואָס ווייטער וועט מען זען. דער ע״לם האָט מיט אומגעדולד געוואַרט אויפן שבתדיקן טאָג. בלויז איינער אין שטעטל האָט זיך נישט אַריינגעמישט אין דעם גאַנצן ענין: דער פּראַמפּאָלער רב. אין די טעג און נעכט פון דער דאָזיקער קאָכעניש, איז ער ווייט נאָך חצות געזעסן ביים נאַפט־לעמפּל און געלערנט, גלייך נישט אים מיינט מען...

שבת איז די שפּאַנונג געוואָרן אין לשער. אַזוי ווי מען האָט נישט געוווּסט דעם ענדגילטיקן באַשלוס פון פּראַמפּאָלער רב, איז אויף יעדער פאַל צוגעגרייט געוואָרן אַ צווייטער סנדק — ר׳ שמואל־יוסף. ערשט נאָכן פאַרענדיקן דאָס דאַווענען אין גרויסן בית־המדרש, האָט דער רב זיך געווענדעט צום שמש אויפן הויכן קול.

— ר׳ יחזקאל, נעם דעם טלית — מיר גייען אומגעבעטענערהייט אויפן ברית...

דער עולם איז געבליבן ווי עלעקטריזירט, אָבער נאָכן ערשטן רושם האָט אַלעמען

אַרומגעכאַפּט אַ פרייד. אַפילו די אָפּאָזיציע האָט נישט געוואַגט צו עפענען דאָס מויל. סוף־כל־סוף איז גרויס געווען די אויטאָריטעט פון רב. אַז ער איז מיטן שמש אַריין אין שטוב פון בעל־ברית, זענען די פאַרזאַמלטע חסידים שוין געזעסן אַרום די טישן און געוואַרט אויף אַ נס... נאָכן „גוט־שבת" פון רב, האָבן אַלע זיך אַ הייב געטאָן פון די ערטער און מיט פרייד אים צוריקגעענטפערט. מיט אַמאָל האָט זיך דערהערט דעם רבס פעסטע שטים:

— איך וויל זען, ווער עס וועט האָבן די העזה מיר צונעמען די סנדקאות, וואָס מיר קומט, לויטן כתב הרבנות.

אַ טויטע שטילקייט האָט אַלעמען באהערשט. דער רב האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן כסא אליהו און מען האָט אדורכגעפירט דעם ברית־מילה. דערנאָך האָט ער אָפּגעלייגט דעם טלית און זיך אָנגערופן:

— ר' יחזקאל שמש, מיר גייען אַהיים.

אַ דערשראָקענער און אַ פאַרלוירענער איז דער בעל־שמחה, ר' פּינטשע, צו צום רב און אים אָנגעהויבן בעטן, ער זאָל פאַרבלייבן ביז איבער דער סעודה, מאַכן קידוש און זיך משמח זיין. נאָר דער רב האָט אים געענטפערט:

— ווי אַזוי קאָנסטו מיך בעטן אויפן ברית, אַז האָסט געחתמעט אויפן חרם־כתב? אָבער די סנדקאות געהערט צו מיר — און קיינער האָט נישט קיין רעכט און כוח מיר עס צונעמען.

און מיט אַ הויכן „אַ גוטן שבת" האָט ער אַ קוש געגעבן די מזוזה און פאַרלאָזט די שטוב, איבערלאָזנדיק אַלע אין אַ דערדריקטער שטימונג.

אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דער ערשטער עטאַפּ פון דער דאָזיקער מחלוקת.

באַלד דערנאָך האָבן פרישע קריגערייען זיך אָנגעהויבן אין שטעטל און דערפירט צום צווייטן און לעצטן עטאַפּ פון דעם דאָזיקן טרויעריקן סיכסוך.

זייענדיק אַ גרויסער אָרעמאַן און אַ נאָך גרעסערער בעל־הוצאה, פלעגט דער רב אָפט שפּאַצירן אויף דער פרישער לופט, דער עיקר — צוליב זיין שוואַכן געזונט־צושטאַנד. די אויספלוגן אונטערן שטעטל זענען געווען באַגלייט מיט באַזוכן אין סעדער פון פּאָליאַקן, ווו מען האָט קיין ייִד, בדרך כלל, נישט אריינגעלאָזט נאָר אויס דרך־ארץ צו אַ גייסטלעכן, האָבן זיי עס געהאַלטן פאַר אַ זכיה, וואָס דער „ראַבין" קומט אַריין אין סאַד, זעצט זיך אַוועק אויסטענהן און מיט זיין שוואַכן פּויליש, צוהעלפנדיק זיך מיט האַנט־באַוועגונגען, האָט ער זיי געגעבן צו פאַרשטיין, וואָס ער מיינט צו זאָגן. ווייזט אויס, אַז דעם פּאָליאַק פּאַוועל קאַפּיצאַ האָט דער רב דערציילט זיין לאַגע אין שטעטל און דער גוי האָט זיך דערמיט שטאַרק איבערגענומען. נאָך דעם זעלבן טאָג איז ער צווישן מנחה־מעריב אַוועק אין בית־המדרש, אַרויף אויפן בעלעמער און פאַרן דערשטוינטן עולם דערקלערט:

— פּאַנאָוויע סטאַראָזאַקאָנני! ווי איך האָב פאַרשטאַנען פון רבס ווערטער, וועמען

מיר, פּאָליאַקן, שעצן זייער, לעבט ער די גאַנצע צייט אין גרויס דחקות. ווי שעמט איר זיך נישט אַזאַ גרויסן ראַבין צו לאָזן הונגערן? אדרבה, קוקט אייך צו ווי עס לעבט ביי אונדז דער קשיאָנדז (גלח). עס פעלט אים גאָרנישט. איך זאָג אייך בקיצור: אויב איר וועט נישט פארבעסערן די לאגע פון אייער ראבין און פאַרגרעסערן זיין געהאַלט, וועלן מיר, אייערע קריסטלעכע שכנים, זיך אריינמישן...

פּאַרשטייט זיך, אַז קהל איז געווען גערירט פון אַזאַ רעדע און גראָד פון אַ מענטש, וואָס קיינער האָט זיך נישט געריכט אויף זיין אינטערווענץ אין אזעלכע ענינים. מען האָט אים צוגעזאָגט עפּעס טאָן, נאָר צי מ׳האָט געהאַלטן וואָרט — געדענק איך נישט...

מען דאַרף וויסן זיין, אַז די הויפּט־סיבה פון רבס אָרעמקייט איז געווען זיין באַשיידנקייט און ערלעכקייט, זיין נישט חנפענען זיך, אַפילו צום גרעסטן גביר. ער האָט יעדן געזאָגט דעם אמת אין די אויגן. אַזאַ פירונג, דערצו נאָך פון אַ מתנגדישן רב אין אַ חסידיש שטעטל, האָט גורם געווען דערצו, אַז זיין פרנסה איז פון יאָר צו יאָר קלענער געוואָרן.

וועגן זיין גראָדליניקייט איז כדאי צו דערציילן פאָלגנדיקע פּאַסירונג:

ר׳׳ נתן הערש־מענדלס האָט אַ שידוך געטאָן פאַר זיין זון יחזקאל מיט אַ קרובה פון אַ רייכן קינדערלאָזן ייד אין יאַנאָוו־לובעלסקי. אין אַ צייט אַרום האָט ר׳ נתן גערופן דאָס מיידל צום פראַמפּאָלער רב, כדי מבטל מאַכן דעם שידוך. נאָכן אויסהערן די צדדים, האָט דער רב אַרויסגעגעבן אַ מחילה יחזקאלן און צונישט געמאַכט דעם שידוך. דער גליקלעכער טאַטע האָט ביים אַרויסגיין דערלאַנגט דעם רב 10 זלאָטעס פּסק־געלט, וואָס צו יענער צייט איז עס געווען אַן אָנגעזעענע מטבע. ווייזט אויס, אַז דאָס אָפּלאָזן דעם שידוך דורך זיין קרובה האָט נישט געשמעקט דעם יאַנאָווער גביר. ער איז געקומען קיין פראַמפּאָל, אַריין צום רב און אַ געשריי געגעבן:

— הייתכן, פאַר איינציקע צען זלאָטעס גיט מען אַרויס אַ מחילה?

דער רב האָט נישט געענטפערט קיין וואָרט — נאָר גלייך געשיקט ר׳ יחזקאל שמש רופן ר׳ נתן און אין קעגנוואַרט פון גביר אים געפרעגט:

— זאָג, וויפל האָסטו מיר געגעבן פאַר דער מחילה?

יענער האָט קיין סך נישט געקלערט און געענטפערט:

— צען זלאָטעס...

דער רב האָט שטרענג באַפוילן דער רביצין צוריקגעבן דאָס געלט. די רביצין האָט נישט געוואָלט דערפון הערן. בפרט נאָך, אַז איר טענה איז געווען, אַז דער צענער זלאָטע איז שוין פון לאַנג אַרויס פון שטוב. דער רב האָט איר אָבער דערמאָנט, אַז ערשט נעכטן האָט ער איר געגעבן די זעלבע סומע, וואָס ער האָט באקומען פון אויסגעצאָלטן געהאַלט — און אויסדריקלעך פאַרלאַנגט שוין צוריקגעבן דאָס געלט, טראָץ די פּראָטעסטן פון דער רביצין, אַז זי וועט מער נישט גיין קויפן אין די

געוועלבן, ווו זי איז אַזוי אויך פיל שולדיק. נאָך אַ לאַנגן אַמפּערן זיך, האָט דער רב צוריק באַקומען דאָס געלט און גלייך עס איבערגעגעבן ר׳ נתנען:

— דאָס האָסטו צוריק דיין געלט, וואָס האָסט מיר געגעבן פאַרן פּסק־דין, אָבער די מחילה בלייבט ווייטער מחילה — אויף מיין אחריות.

און ווענדנדיק זיך צום גביר, האָט ער געפרעגט:

— וואָס זאָגסטו איצט?

פאַר בושה האָט דער יאָנעוועור ייד נישט געקענט קוקן דעם רב אין די אויגן. אַ פאַרשעמטער האָט ער פאַרלאָזט די שטוב פון בית־דין.

וועגן דער געשיכטע האָט מען לאַנג גערעדט אין שטעטל און אין דער גאַנצער געגנט. דערפאַר איז מען געווען זיכער, אַז זיינס אַ סמיכה אויף שחיטה אָדער אויף כשרות איז הונדערטפּראָצענטיק, פאַר דעם האָט ער קיין געלט נישט גענומען, הגם אַנדערע רביים האָבן זיך געהייסן צאָלן אַ גאַנצן הונדערטער. אָבער דערפאַר פלעגט דער פּראַמפּאָלער ביי די קאַנדידאַטן אויף בעלי־סמיכות, ממש אַרויסציען דעם מאַרך פון די ביינער, מאַטערן מיט שאלות און פאַרלאַנגט פון זיי צו לערנען בייטאָג און ביינאַכט. אַזוי איז אויך געווען מיט ר׳ לייבל שו״בס אַן אייניקל, פּנחס, וואָס האָט ביי זיין זיידן געלערנט שחיטה און געוואָלט אויף דעם אַרויסבאַקומען סמיכות. גאַנצע טעג און נעכט האָט ער אים בוחן געווען — ביז דעם טראַגישן טאָג פון שבועות.

דאָס איז געווען אין ערשטן טאָג פון יום־טוב פון מתן־תורה. מיטוואָך, נאָכן דאַווענען אין גרויסן בית־המדרש פאַרן עמוד, איז דער רב אַוועק אַהיים, געפּראַוועט דאָרט די יום־טובדיקע סעודה און נאָכן פאַרענדיקן זי — איז אָנגעקומען פּנחס אויף די ווייטערדיקע פאַרהערן. ביידע האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אינדרויסן אויף אַ שפּאַציר, אָבער ווי נאָר דער רב איז איבערגעטרעטן די שוועל פון זיין שטוב, איז ער אַוועקגעפאַלן מיט אַן אויסגעשריי „פּנחס, ס׳איז מיר נישט גוט״ — און אויסגעהויכט זיין ליכטיקע נשמה. אין שטעטל איז געוואָרן אַ בהלה און אַלע זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן אויפן אָרט פון אומגליק. איך האָב נאָך באַוויזן צו זען דעם רב ליגן אַן אויסגעצויגענעם אויף דער ערד, נאָך אָנגעטאָן אין די יום־טובדיקע בגדים, דער שטריימל איז געלעגן אַן אַ זייט. קיין באַוועגונג פון די נאָך אָפענע אויגן, קיין ריר פונעם שוין פאַרשטאַרטן קערפּער.

דער אַלאַרמירטער ד״ר פליסקין האָט בלויז פעסטגעשטעלט דעם טויט.

הגם עס איז געווען יום־טוב און קיין איין ייד האָט זיך נישט אַרויסגערירט פון שטעטל, האָט זיך די ידיעה בליץ־שנעל פאַרשפּרייט אין דער גאַנצער געגנט — און קיינער ווייסט נישט ווי אַזוי. דער בילגאָרייער רב ר׳ מאָטעלע רוקח ז״ל האָט שוין געוווסט צו באַפעלן מיט אַ פויער, אַז מען זאָל דעם רב נישט מקבר זיין ביז פרייטיק, נאָך יום־טוב

דער אַלטער ר׳ לייבל שו״ב האָט נאָכן דערהערן די פינצטערע בשורה, אויסגערופן אין געוויין:

— נפל ארז בלבנון... די וועלט וועט זיך ערשט דערוויסן ווער דער ייד איז געווען.

דאָס שטעטל האָט ארומגענומען אַ גרויס חרטה־געפיל, באַזונדערס די חסידים, וואָס האָבן בשעתו געהתמעט אויפן חירום־כתב. זיי זענען אַרומגעגאַנגען פאַרצווייפלטע, האַלב־פאַרשעמטע, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, באַטראַכטנדיק זיך ווי די דירעקטע שולדיקע אינעם רבס טויט. אויך מיין פאָטער ז״ל איז געווען אין שטאַרקער פאַ־ל־ע־גנהייט און דענערווירט. ער האָט אויסגעמיטן די בליקן פון אַנדערע. אָבער אַלס ראש פון דער פראָמפּאָלער חברה קדישא איז ער שנעל געקומען צו זיך און פאַראָרדנט א שמירה ביים נפטר פון בלויזע מיטגלידער פון דער חברה. אַנדערע ווידער האָבן זיך געזעצט ביים בר־מינן זאָגן תהילים אָדער לערנען אַ פּרק משניות, כדי עטוואָס באַרואיקן דאָס צעשטורעמטע געוויסן.

ווילנדיק אים אונטערלייגן אַ ספר הינטערן קאָפּ, האָב איך אויפן שערבלאַט געפונען אזא אויפשריפט אין לשון קודש:

„הידיד הטוב שלי ר׳ פייביש סוקולובר חלה. הלכתי לבקרו אך המצב שלו היה רציני. איחלתי לו רפואה שלמה ועשיתי אתו הסכם: מי משנינו ילך קודם לעולם הבא, יבוא להודיע לשני מה מתרחש שמה. אחרי זמן קצר ידידי נפטר. הספדנו אותו כהלכה וקברנו אותו בכבוד. כאשר ביקר אצלי בחלום אחר־כך, שאלתיו: נו, ר׳ פייביש! מה נשמע בעולם האמת? ענה לי: — רב מפרמפול, ס׳איז שלעכט. לא נותנים מנוחה. שאלתיו: הלא אומרים בעולמנו שמי שנוסע לרבי בעלמא הדין, הוא יכול לעזור לבן־אדם בעולם הבא. ענה לי: — פראַמפּאָלער רב. איר זאָלט עס נישט גלויבן. מי שלא מביא עמו מצוות ומעשים טובים, אף אחד לא יכול לעזור לבן־אדם בעלמא למעלה. כשהתעוררתי, האיר כבר השחר בעד החלון (ווייזט אויס, אַז דערמיט האָט דער רב געוואָלט באַצייכענען דעם חלום פאַר אַן אמתדיקן, ווייל מען האָט געגלויבט, אַז דאָס וואָס עס חלומט זיך פאַרטאָג — איז ריכטיק). לכן אני מזהיר כל אחד ואחד בישראל לעשות רק מצוות ומעשים טובים ולעסוק בלימוד התורה, כי רק זה יציל אותו מדינו של גהינום...״

ערשט איצט האָבן מיר אָנגעהויבן באַנעמען די גרויסקייט פון אונדזער רב. ער גופא האָט נישט געגלייבט אין קיין שום רבין, נאָר זיין גאַנץ לעבן אַליין מקיים געווען די מצוות פון דער תורה, געהאַלטן פון צדקה און פון מעשים טובים.

פרייטיק פאַרטאָג זענען זיך אָנגעפאָרן קיין פראַמפּאָל די רבנים און פרומע יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך — און מען האָט זיך גלייך גענומען צו דער אַרבעט. קודם־כל האָט מען באַשטימט אַ בית־דין פון דריי, וואָס איז באַשטאַנען פון בילגאָרייער, שעברע־שינער און גאָרייער רב. זיי האָבן זיך באַדאַרפט פאַרנעמען מיטן דערפילן די צוואה פונעם

נפטר, וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן נאָך מיט 25 יאָר צוריק און איז פון צייט־צו־צייט דערגענצט געוואָרן מיט פאַרשידענע צושריפטן. די הויפּט־פּונקטן פון דער צוואה זענען געווען פאָלגנדיקע:

א) נישט די רביצין און נישט זיינע קינדער זאָלן נאָכגיין נאָך דער לוויה.

ב) די טהרה זאָל מען אים מאַכן אין אונדזער מקווה, וואָס האָט געשמט מיט איר וואַסער, גענומען דירעקט פון מקור מים חיים.

ג) מען זאָל אים נישט מאַכן קיין שום הספדים.

ד) בעת דער לוויה זאָל מען אים אַראָפּוואַרפן פון דער מיטה.

נאָכן באַקענען זיך מיט דער צוואה, האָט דער בית־דין געפּסקנט:

א) די קינדער זאָלן נישט מיטגיין מיט דער לוויה.

ב) די טהרה קאָן מען נישט אַדורכפירן אין מקוה, ווייל דאָס קוואַל־וואַסער קאָן זיך נישט אויסשעפּן. דערפאַר איז פאַראַן אַ סכנה, אַז די נשים וועלן שפּעטער מורא האָבן דאָרט זיך צו טובלען.

ג) צוליב אסרו־חג טאָר מען במילא נישט מאַכן קיין הספד.

ד) מען קאָן נישט צוליב טאָן דעם נפטר און אים אַראָפּוואַרפן פון דער מיטה — דאָס וואָלט געווען אַ גרויסער חילול־המת פאַר אַזאַ גדול הדור. עטלעכע מאָל וועט מען זיך יאָ אָפּשטעלן מיט דער מיטה, כדי דערפילן זיין פאַרלאַנג.

דערווייל האָט זיך אין שטעטל צעפלאַקערט דער ריכטיקער קאַמף: ווער זאָל זיין דעם רבינס יורש? די חסידים, ווילנדיק פאַרגיטיקן די עוולות, וואָס זיי זענען באַגאַנגען כלפּי זייער רב ביים לעבן, האָבן געפאָדערט פון בית־דין, אַז דעם כסא־הרבנות זאָל ירשענען עלקע — די עלטסטע טאָכטער פון נפטר וואָס וועט חתונה האָבן מיט אַ רב. דאַקעגן האָט זיין זון ר׳ ישעיהלע עקשנותדיק געפאָדערט פאַר זיך דעם דאָזיקן אמט. ער האָט אָבער נישט געהאַט צופיל אָנהענגער, ווייל זייענדיק אַ געבוירענער און אויפגע־וואַקסענער אין פּראַמפּאָל, האָט קהל געקענט אַלע זיינע מעלות און דער עיקר — חסרונות. מען האָט אים חושד געווען, אַז ער איז, רחמנא־לצלן, „געכאַפּט אויף דער מעשה", ווייל מיט עטלעכע יאָר צוריק איז ער געהאַט אַוועק קיין וואַרשע צו הלל צייטלין און זיך גענומען גאָר שרייבן העברעישע שירים. שפּעטער האָט דער דאָזיקער חשד זיך באַרעכטיקט, ווייל אַזש אין צוויי אַרטיקלען אין „מאָמענט" האָט הלל צייטלין זיך אָנגענומען די קריוודע פון ר׳ ישעיהלען, שרייבנדיק אין קאָפּ: „פּראַמפּאָלער יידן, וואָס פייניקט איר אייער יונגן רב?"

אין הויז פון ר׳ דוב בעריש דינבארט, ווו ס׳איז געזעסן דער בית־דין, האָט זיך דערווייל געטאָן „אויף טיש און אויף בענק". נאָך לאַנגע אַמפּערנישן, האָבן די צונויפ־געפאָרענע רבנים ענדלעך געפּסקנט, אַז עלקע נעמט איבער דעם כסא הרבנות און מען האָט אָנגעהויבן זיך גרייטן צו דער לוויה.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן די מוראדיקע געוויינען און דעם האַרצרייסנדיקן

יאָמער, וואָס האָט זיך געריסן פון אַלעמען, ווען דער אב בית־הדין, דער בילגאָרייער רב ר׳ מאָטעלע רוקח האָט מיט גרויס מי זיך דורכגעשטופּט דורכן עולם, צוגעגאַנגען צום צוקאָפּנס פון נפטר, אַרויפגעלייגט דעם שטעקן אויפן בר־מינן און אויסגערופן:

— פראַמפּאָלער רב! איך, דער שעברעשינער און דער גאָרייער רב, דער בית־הדין, זענען אויף דיר גוזר, זאָלסט מוחל זיין די אַלע, וואָס האָבן דיך ביים לעבן באַעוולהט און געחתמעט אויפן חירם־כתב. זיי שטייען איצט דאָ און האָבן חרטה...

מיט געבויגענע קעפּ, וויינענדיק ספּאַזמאַטיש, איז יעדער פון די געחתמעטע צוגעגאַנגען צום פאַרשטאָרבענעם רב און הויך געזאָגט:

— פראַמפּאָלער רב, איך בעט ביי דיר מחילה!...

נישט איינער פון זיי האָט פון גרויס איבערלעבונג געחלשט.

די מיטגלידער פון דער חברא קדישא האָבן זיך געטובלט אין מקווה, און נאָכן אַדורכפירן די טהרה, האָט דער לוויה־צוג געצירט צו דער שול, ווו מען האָט מיט דער מיטה אַדורכגעפירט זיבן מאָל הקפות. ר׳ מאָטעלע ז״ל האָט כלומרשט נישט געהאַלטן קיין הספד, אָבער פונדעסטוועגן האָט ער אין זייער געלונגענע ווערטער געזאָגט אַ דרשה. דאָס גאַנצע שטעטל, יידן און נישט־יידן, ווי אויך די פיל צוגעפאָרענע פון די אַרומיקע ערטער, האָבן מיט אויפריכטיקן טרויער אין האַרצן באַגלייט דעם רב צו זיין אייביקער רו.

ביים אָפענעם קבר האָט דער בילגאָרייער געווינטשן מזל־טוב דער טאָכטער עלקע. אפשר אַ פערטל שעה פאַר ליכט־בענטשן האָט מען פאַרלאָזט דאָס גוטע אָרט און דער עולם איז אַהיים מקבל־שבת זיין. פרייטיק־צונאַכטס און שבת האָט ר׳ מאָטעלע געפירט טישן און גערופן דאָס שטעטל צו אחדות. פאַר מנחה האָט דער שעברעשינער געהאַלטן אַ דרשה, אַדורכגעפלאָכטן מיט אַקטועלע געשעענישן. נישט אומזיסט האָט ער געשמט פאַרן בעסטן רעדנער צווישן די פוילישע רבנים. ער האָט ווידער אַמאָל אַפּעלירט צו פראַמפּאָלער יידן אָוועקצוואַרפן די פּאָליטיק און זיך נעמען צו מעשים (געמיינט דער־מיט — צו ציוניזם). זאָל מען נישט מיינען, אַז פראַמפּאָל איז שוין די גאַנצע וועלט. זיין רעדע האָט דאַן איבערגעלאָזט אַ שטאַרקן איינדרוק.

נאָך הבדלה, ווען דער בילגאָרייער האָט דערזען דעם רבס ספרים מיט די דורך אים צוגעשריבענע השערות אויף די ראַנדן, וואָס נאָר דער בילגאָרייער האָט זיך געקענט אויף זייער גרויסן ווערט — איז ער גרייט געווען אַלץ אָפּצוקויפן און באַצאָלן אַ גוטן פּרייז. נאָר ר׳ ישעיהלע, דעם רבס זון, האָט זיך אָפּגעזאָגט צו פאַרקויפן די ספרים — און זי איז צוזאַמען מיט שטעטל יידן פאַרניכטעט געוואָרן בעת דער אָקופּאַציע.

נאָך שבת זענען זיך אַלע צעפאָרן — און דאָס שטעטל האָט גענומען קלערן וועגן אַ רב. דערווייל איז געקומען צו פאָרן פון זשילקעווקע דער פאָטער פון ר׳ נטע דעם רבס איידעם ז״ל — און געוואָרן מורה הוראה נאָך אַן אַנאָנס אין דער אגודהשער צייטונג, אַז פראַמפּאָל זוכט אַ רב און דערביי אויסגערעכנט די געפאָדערטע קוואַליפיקאַציעס — האָבן זיך גענומען יאַוועץ פאַרשידענע קאַנדידאַטן. דער ערשטער האָט גלייך נאָך זיין

אויפטריט אין בית־המדרש, זיך שנעל אָפּגעטראָגן פון שטעטל. א סברה, ער גופא האָט דערפילט, אַז פאַר פראַמפּאָל איז ער צו שוואַך (אונדזער שטעטל האָט זיי אויסגעקענט אויף רעדנער!). דער צווייטער קאַנדידאַט איז געקומען אין באַגלייטונג פון זיין פאָטער. לצים האָבן זיך געוויצלט, אַז דער יונגערמאַן האָט אַוודאי מורא געהאַט אַליין זיך צו לאָזן אין וועג אַריין... אָבער נאָכן אויסהערן זיין דרשה אין אַ פול־געפּאַקטער שול, איז דער עולם געוואָרן שטאַרק באַגייסטערט און אים געבעטן ער זאָל פאַרבלייבן אין פראַמפּאָל אַלס רב. נאָר עמעץ פון די שטענדיק אומצופרידענע האָט אים מגלה געווען, אַז עלקע איז אַ קראַנקע — און ער איז אַוועק אַזוי ווי ר׳איז געקומען. דער דריטער קאַנדידאַט, אַ שוואַכער בעל־דרשן, איז יאָ פאַרבליבן. נאָכן שטעלן אַ חופּה מיט עלקען, וואָס איז פאָרגעקומען מיטן אָנטייל פון בילגאָרייער רב, דעם הויפּט־מחותן, ווייל אָן זיין הסכמה האָט מען אין שטעטל גאָרנישט געטאָן — איז ער געקרוינט געוואָרן אַלס פראַמפּאָלער רב. איך געדענק נאָך איצט דעם גרויסן טריומף־טויער וואָס אונדזערע יידן האָבן אויפגעשטעלט אויף יאַנאָווער וועג, ווו עס האָט באַדאַרפט אָנקומען דער נייער רב, אין באַגלייטונג פון זיין סוויטע און קלעזמער. אַפילו ביידע זין פון אַפּטייקער, וואָס האָבן געהאַט פאָטאָ־אַפּאַראַטן, זענען אויף פערד אַנטקעגנגעריטן דעם רב אים מקבל פּנים זיין — און דערביי געהאַלטן אין איין פאָטאָגראַפירן...

פרייטיק איז פאָרגעקומען די חופּה און שבת־צו־נאַכטס, נאָך הבדלה, האָט מען אין גרויסן בית־המדרש געפּראַוועט אַ רייכע סעודה, וואָס איז אויסגעהאַלטן געוואָרן דורכן שוואָגער פון פאַרשטאָרבענעם רב (וואָס האָט פריער קיינמאָל נישט באַזוכט פראַמפּאָל), דער טאָמאַשאָווער גביר ר׳ אריה העלער ז״ל. נאָך דער סעודה האָט מען זיך גענומען משמח זיין. דער עולם האָט געטאַנצט דאָס מצווה־טענצל און דער בדחן האָט געשיט מיט וויצן און גראַמען. דער דיריגענט פון בילגאָרייער אָרקעסטער, ר׳ חיים־ברוך, האָט דאַן אַרויסגעוויזן גרויס טאַלאַנט. ערשט באַגינען איז זיך דער עולם פונאַנדערגעגאַנגען מיט אַ לייכט געמיט, אַז ענדלעך האָט מען זיך אויסגעקויפט פון אַ גרויסער זינד כלפּי דעם פראַמפּאָלער רב, דעם למדן ר׳ אליעזר שלום פעדער ז״ל.

ווי מיר איז שפּעטער באַקאַנט געוואָרן, איז דער יונגער רב מיט דער רביצין, אומגעבראַכט געוואָרן דורך די רוצחישע דייטשן, צוזאַמען מיט דער פראַמפּאָלער יידישער קהילה.

כבוד זייער אָנדענק!

## יידישער חינוך

אויף ווי ווייט מיין זכרון גרייכט, איז דער יסודותדיקער חינוך פאַרן יידישן קינד אין שטעטל געווען איינציק און אַליין — דער חדר. אַז דער פּעמפּיק איז אַלט געוואָרן 3 יאָר, האָט מען אים אָפּגעשוירן, איינגעוויקלט אין אַ טלית און אַוועקגעפירט צום דרדקי־מלמד, ער זאָל דאָרט אָנהייבן לערנען דעם אלף־בית. פאַר מיינע צייטן איז יוסף

מלמד געווען דער ערשטער אַדרעס פאַר אַזוי־כע קינדער־אָנפאַנגער. נאָר בעצם איז אַלץ געווען בלויז אַ טראַדיציע, אַ מין צערעמאָניע. דאָס פאַקטישע לערנען האָט זיך אָנגעהויבן ביי די 4 יאָר, ווען ר׳ יוסף האָט שוין געקענט און אַפילו געמעגט באַנוצן זיין קאַנטשיק, אַבי איינקנעלן מיטן יונגיטשקן תלמיד דעם קמץ אלף — אָ, דערנאָך האַלב טראַף און שפּעטער — גאַנץ טראַף (ביז היינט ווייס איך נישט די באַדייטונג פון די „טראַפן"... מעגלעך, אַז דאָס הייסט מחבר זיין די אותיות און צונויפשטעלן ווערטער).

די לערע איז געפירט געוואָרן אויפן „זמן": פון פסח ביז סוכות — און פון סוכות ביז פסח. אַז דער תלמיד האָט געמאַכט פאָרשריט, איז ער איבערגעשיקט געוואָרן צו ר׳ חיים אליעזר האָכראַד, צו לערנען ביי אים חומש. אויך דער חומש־אָנהייב איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטיקל יום־טוב — קודם כל פאַר די עלטערן, פאַר דער משפחה פון תלמיד, און איבער אַלעמען — פאַר די קינדער פון חדר. און ווידער דאָס זעלבע: אַז דער תלמיד „האָט איבערגענומען דאָס לערנען" (אַזוי האָט מען געזאָגט אויף אַ פעיק קינד) אין פאַרלויף פון אַ צוויי־דריי זמנים, איז געקומען די ריי אויפן רבין ר׳ עקיבא־מאיר קעלמאַנאָוויטש.

דאָס חדר פון ר׳ עקיבא־מאיר איז געווען שוין אַ סאָרט גימנאַזיע. ווייל אויסער אַ בלאַט גמרא מיט תוספות, האָט מען אויך געלערנט לייענען און שרייבן יידיש, פּויליש, רוסיש און דייטש (אָפּהענגיק אונטער וועלכער מאַכט דאָס שטעטל האָט זיך געפונען), ווי אויך רעכענען: חיבור, חיסול, כפל און חילוק. אין חשבון איז אויך אַריינגעגאַנגען דאָס קענען זיך באַנוצן מיט איילן און אַרשינען. ביי ר׳ עקיבא־מאירן האָט מען געמוזט זיך אויסלערנען פון אויסנווייניק אַ העברעישן שיר און יעדן מיטוואָך און דאָנערשטיק אַ „פאַרהער" (פּראָבע) פון גמרא. דאָס אַדורכמאַכן אַזאַ פּראָבע איז טייל מאָל אָנגעקומען ווי חיבוט הקבר — אָבער אין דער אונטערשטער שורה האָט דאָס אַלץ געגעבן דעם שטויס צום ווייטערדיקן לערנען.

פון אים איז מען שוין אַוועק אין בית־מדרש, ווו מען האָט געמוזט אַליין, מיט אייגענע כוחות, דורכאַרבעטן אַ בלאַט גמרא. פאַרשטייט זיך, אַז יעדער לויט זיינע פעיקייטן און נטיות.

פראַמפּאָל האָט פאַרמאָגט אַן ערך 25 חדרים מיט אַ 500 קינדער. ווען מ׳האָט איינגעפירט די אָבליגאַטאָרישע שול און אונדזערע שלמהלעך און יאָסעלעך האָבן אָנשטאָט דעם חדר, געמוזט לערנען אין דער פּוילישער („פּאָווסעכנער") שול, איז דער רעזשים געווען אין גאַנצן אַן אַנדערער. ווייל אין חדר האָט דאָס לערנען תורה זיך געצויגן אַ גאַנצן טאָג — פון אין דער פרי ביז ביי נאַכט, מיט אַן הפסקה אויף „איבערבייסן" פון 12 ביז 1 אַ זייגער און „וואַרעמעס" פון 4 ביז 5 פאַרנאַכט. ווינטער איז מען געזעסן אין חדר ביז אַרום 8 ביי נאַכט און זומער — ביזן זון־אונטערגאַנג.

אַלע אונדזערע מלמדים זענען געווען גרויסע אָרעמעלייט, הגם זיי האָבן באַקומען שכר־לימוד ביז 3 זלאָטעס אַ וואָך און געהאַט ארום 20 תלמידים. נאָך אַ סימן מובהק

פון דער אָרעמקייט איז געווען דער פאַקט, אַז דאָס חדר האָט זיך געפונען אין דעם זעלבן צימער ווו דער רבי האָט געוווינט מיט דער רביצין און קינדער. נישט איין מאָל האָט געטראָפן, אַז די קיך איז אויך געווען אין דעם זעלביקן צימער...



בית־ספר „יבנה" בשנת תרצ"ו. במרכז — המורה שמעון ליליינשטיין
„יבנה"־שול אין יאָר תרצ"ו. אין צענטער — דער לערער שמעון ליליענשטיין

אין יאָר 1925 בערך, האָבן עטלעכע באַלעבאַטים געוואָלט געבן זייערע קינדער אַ מאָדערנע דערציִונג און אַראָפּגעבראַכט פון וואַרשע דעם לערער צוקער. ביי מעכל לעוויִנגער האָט מען איינגעאָרדנט אַ שול מיט אַ טאָוול („טאַבליצע"). דער וויכטיקסטער אויפטו פון דער שול איז געווען דאָס לערנען דעם נייעם העברעיש, וואָס האָט געגעבן דעם שטויס פאַר דער שפּעטערדיקער „יבנה"־שול אין פראַמפּאָל. דער ערשטער „יבנה"־לערער איז געווען אברהם ליליענשטיין אַ פעיקער פעדאַגאָג. זיין פאַרדינסט איז עס געווען, וואָס „יבנה" איז דערגאַנגען צו 100 קינדער. דאָרט האָט מען געלערנט „עברית בעברית", וואָס דאָס אַליין איז שוין געווען אַ גרויסער אויפטו. חוץ דעם — די מאָדערנע בילדונג און דערציִונג, גראָד אין עברית, האָט דעם רוב שילער אַרויפגעפירט אויפן וועג פון ציוניסטישער מחשבה.

דער לערער ליליענשטייך האָט איינגעפירט, אַז יעדן שבת האָט אַן אַנדערער שילער באַדאַרפט זאָגן אַ „מפטיר", נאָר אויף אַ ציוניסטישער טעמע און אין ליטווישן סטיל. אַחוץ דעם האָט ער געהאַט גענוג כוח און טאַלאַנט צו רעזשיסירן פאָרשטעלונגען, וואָס

האָבן איבערגעלאָזט אַ שטאַרקן רושם אין שטעטל (איך וויל באַמערקן, אַז איינער פון זיינע תלמידים איז איצט פּראָפעסאָר אין דער פּאַריזער סאָרבאָנע). אַ נייעס איז אויך געווען דער איינהייטלעכער לבוש פון די „יבנה״-שילער און דאָס אַרויסגעבן צייגע־נישן צום סוף פון לערניאָר, ווו ס׳איז געווען אויסגערעכנט דעם תלמידס דערגרייכונגען אָדער דורכפאַלן אין די לימודים, בעת אין חדר איז גענוג געווען, אַז דער רבי זאָל אין בית־המדרש זאָגן דעם פאָטער פון קינד ווי עס האַלט מיטן לערנען.

די זייער פרומע עלטערן האָבן זיך אַרומגעזען, אַז מיטן אַלטן, צוריקגעשטאַנענעם חדר, זענען זיי נישט מסוגל צו באַקעמפן דאָס אויפגעקומענע שול־וועזן, מיט די נייע דערציונגס־מעטאָדן. האָבן זיי זיך געווענדעט קיין קראָקע, צו דער צענטראַלע פון די בית־יעקב־שולן אין פוילן — און ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט, אַז פּראַמפּאָל איז אויך באַרייכערט געוואָרן מיט אַן אָרטאָדאָקסישער מיידל־שול. צו דער דערעפענונג איז אַראָפּגעקומען די גרינדערין פון די דאָזיקע שולן, שרה שענירער, מיט דער זייער פעיקער לערערין מנוחה פינעס. אַז די שטרענג־פרומע יידן האָבן געהערט די פייערלעכע רעדעס פון די צוויי פרויען, אַדורכגעפלאָכטן מיט דברי־תורה, זענען זיי אַריינגעפאַלן אין גרויס התלהבות. אַזאַ ייד ווי ר׳ יעקב־ברוך שו״ב האָט אין גרויס התפעלות אויסגערופן, אַז נאָר דער דאָזיקער כוח וועט זיין אימשטאַנד קעגנצושטעלן זיך די אַפּיקורסישע און ציוניסטישע שולן...

אין דער בית־יעקב־שול האָבן געלערנט אַרום 50 שילערינס, ווייל די גאָר־גאָר פרומע האָבן נאָך אַלץ נישט געוואָלט אָנפאַרטרויען זייערע טעכטער אַזאַ מוסד, ווו מיידלעך לערנען תנ״ך, וואָס איז לויט דער שטרענג־רעליגיעזער אויפפאַסונג — פאַר־באָטן. די שול האָט זיך געראַנגלט מיט שוועריקייטן, ס׳איז אַפילו נישט געווען צו באַ־צאָלן דעם געהאַלט דער לערערין. אַ דאַנק דעם וואָס זי האָט באַקומען אַ צוגאָב־פּאָסטן צו לערנען יידישע רעליגיע אין דער פוילישער „פּאָוושעכנער״ שול, איז דערמעגלעכט געוואָרן זי איבערצולאָזן אין פּראַמפּאָל און במילא אויך זיכערן דער בית־יעקב־שול אַ ווייטערדיקן קיום.

## ביבליאָטעקן

אין יאָר 1922, האָבן די השכלה־ווינטן זיך אַריינגעריסן אויך קיין פּראַמפּאָל. עטלעכע יונגעלייט (מעכל ערטער, מעכל פרילינג, לייבל ציטרינבוים, שלמה קליידמאַן און אַנד.), האָבן געגרינדעט אַ ביבליאָטעק. מיט גרויס מי און אָנשטרענג איז געלונגען צו שאַפן די ערשטע פאָר הונדערט ביכער. שטאַרק איבערקלויבעריש איז מען נישט געווען. וואָס ס׳איז געקומען אונטער דער האַנט — האָט מען אַריינגעגעבן אין דער ביבליאָטעק. פון דעסטוועגן איז דער ביכער־אוצר באַשטאַנען פון די בעסטע ווערק פון דער וועלט־ליטע־ראַטור, יידישע קלאַסיקער און אויך וויסנשאַפטלעכע און בעלעטריסטישע ביכער. צוויי אָוונטן אין דער וואָך האָט מען געטוישט די ביכער. געווען איניקע לייענער, וואָס האָבן

מיט אומגעדולד געוואַרט אויפן אָוונט, ווען די ביבליאָטעק וועט זיין אָפן, זיי זאָלן נעמען אַ ניי בוך צום לייענען. פון צייט צו צייט האָט מען צוגעקויפט פרישע ביכער — און דער ביכער־אוצר איז כסדר געוואַקסן.

מיטן גרינדן פון „החלוץ" אין פראַמפּאָל (1930), איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ ביב־ליאָטעק ביי דער אָרגאַניזאַציע. בכלל האָבן אַ סך אָרגאַניזאַציעס און געזעלשאַפטן זיך באַזאָרגט מיט אַ ביבליאָטעק, אויב מע האָט געוואָלט האָבן השפעה און פאַרגרעסערן די רייען. אויך דער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין האָט מיט זיין אַנטשטייונג זיך איינגעשאַפן אַ ביכער־אוצר פון אַן ערך 700 ביכער, מיט פיל סאָציאַליסטישע ווערק, ראָמאַנען פון אַרבעטער־לעבן אד"גל. די גרינדער פון דער ביבליאָטעק זענען געווען: שלמה־אלי רויזער, יהושע פליסוואַסער, הערש זילבער און די יוגנטלעכע יחזקל בראַפּמאַן, מאיר וועלטשער און בעריש לעווינגער.

אפילו די אגודת ישראל האָט געהאַט אירס אַ ביבליאָטעק פון אַרום 300 ביכער (פון רעליגיעזן כאַראַקטער). דער דורשט נאָך וויסן ביי דער פראַמפּאָלער ידישער יוגנט איז געווען אַזוי גרויס, אַז אַ ביבליאָטעק איז געווען דאָס בעסטע צוציונגס־מיטל פאַר געווי־נען אָנהענגער צי סימפּאַטיקער פאַר דער באַוועגונג. אָן אַ ביבליאָטעק האָט די פּאַרטיי געהאַט קנאַפּע אויסזיכטן אויף השפעה.

### דראַמאַטישע קרייזן

אין פראַמפּאָל, פּונקט ווי אין אַלע קליינע שטעטלעך אין פּוילן, האָבן די ביבליאָ־טעקן זיך געקענט אויסהאַלטן אַ דאַנק די פאָרשטעלונגען, וואָס זענען געשטעלט געוואָרן דורך פאַרשידענע דראַמאַטישע קרייזן. יעדע נייע פאָרשטעלונג האָט געגעבן הכנסה דער ביבליאָטעק. דערפון האָט מען רעגולירט אַן אַלטן חוב און איינגעקויפט ביכער. פונעם בלויזן מיטגליד־אָפּצאָל האָט קיין שום ביבליאָטעק נישט געקענט זיך אויסהאַלטן.

אין יאָר 1924 איז ביי דער געזעלשאַפט „תרבות" אַנטשטאַנען אַ דראַמאַטישער קרייז, אָנגעפירט דורך מעכל ערטער. פון די פּיעסן וואָס זענען דעמאָלט געשטעלט געוואָרן, דערמאָן איך זיך: „דאָס משוגענע שפּיטאָל", „דער דיבוק", „די רומענישע חתונה", „ציפּקע פייער", „די כישופמאַכערין", „צווישן טאָג און נאַכט" און אַנד. אין טאָג פון אַזאַ פאָרשטעלונג איז דאָס שטעטל געווען אויפגעהייטערט, עס האָט זיך געפילט אַ יום־טובדיקייט אויף שריט און טריט. נישט נאָר די אַרטיסטן האָבן שטאַרק איבערגעלעבט זייער ביינאַכטיקן אויפטריט אויף דער בינע, נאָר אויך זייערע נאָענטע און ווייטע קרובים, די חברים און פריינד, האָבן מיט אומגעדולד און שפּאַנונג געוואַרט ביזן אויפהייבן זיך פון פאָרהאַנג...

נאָר ביזן אויפהייבן זיך פון פאָרהאַנג, איז נאָך געווען — פאָלג מיך אַ גאַנג! צום ערשט האָט מען אין סטאַראָסטע־אַמט באַדאַרפט לעגאַליזירן די פּיעסע. דאָרט האָט מען גוט בודק געווען דעם טעקסט און אינהאַלט, ווייל זיי האָבן שטענדיק חושד געווען

אין „קראַמאָליע" צי אין מאַסקירטער רעוואָלוציאָנערער אָדער אַנטי־מלוכהשער פּראָפּאַגאַנדע. אויך דאָס דינגען דעם זאַל האָט נישט געהערט צו די לייכטע אויפגאַבן. די גמינע, דער אייגנטלעכער באַלעבאָס פון דער פייערלעשער־רעמיזע, האָט באַדאַרפט דערלויבן צו שפּילן. אין דער גרויסער שאָפּע זענען געשטאַנען די מכשירים צו לעשן שריפות און דער פאַרבליבענער פרייער פּלאַץ האָט געדינט פאַרן פּובליקום צו זיצן. נאָר בדרך־כלל איז דער זאַל געווען צוגעפּאַסט פאַר טעאַטער־פאָרשטעלונגען. אויך פּוילישע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך באַנוצט מיט דער פייערלעשער־שאָפּע, פּשוט דערפאַר, ווייל קיין אַנדערער זאַל איז אין שטעטל נישט געווען בנמצא.

אונדזערע פאָרשטעלונגען פלעגן פאָרקומען שבת־צו־נאַכטס. די בילעטן זענען אויספאַרקויפט געוואָרן אַ סך פריער. דער זאַל איז תמיד געווען איבערפולט. און נאָך דער פאָרשטעלונג — דיסקוסיעס, געשפּרעכן, איינדרוקן וועגן שפּיל פון די באַזונדערע אַרטיסטן, וועגן אינהאַלט פון דער פּיעסע אאַז"וו. און מ'האָט זיך אויפן אָרט נאָכגעפרעגט, ווען קומט די צווייטע פאָרשטעלונג.

אויך דער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין האָט געשאַפן אַן אייגענעם דראַמאַטישן קרייז און אויף דעם באָדן, פּונקט ווי אויפן פּאָליטישן, איז געווען קאָנקורענץ און אַמביציע אַריבערצושטייגן דעם קעגנער. אַפילו ביים דינגען דעם איינציקן זאַל, האָט מען זיך געריסן גראָד אויף דעם זעלבן שבת־צו־נאַכטס... די גמינע האָט אויסגענוצט די דאָזיקע לאַגע און געהעכערט דעם אָפּצאָל פאַרן זאַל. די פאָרשטעלונגען פון דראַמקרייז ביים פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, זענען אויך שטענדיק אַדורך מיט גרויס דערפאָלג.

מיט דער אַנטשטייונג פון „החלוץ" אין פּראַמפּאָל, איז גלייכצייטיק געגרינדעט געוואָרן נאָך אַ דראַמאַטישע טרופּע. דאָס מאָל — פון יונגע כוחות, אָנגעפירט פון קלמן ערטער און יאַנעק בענדלער. זייערע פּיעסן זענען געווען דורכאויס נאַציאָנאַלע, דורכגענומען מיטן ציוניסטישן גייסט. די הכנסות פון די פאָרשטעלונגען זענען געווען קדוש צו העלפן די נויטבאַדערפטיקע חברים עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל.

## פּאַרטייען און יוגנט־אָרגאַניזאַציעס

מיין איבערבליק וועגן געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן פון שטעטל וויל איך פאַרענדיקן מיט עטלעכע קורצע ווערטער וועגן די פאַרשידענע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן געווירקט אין פּראַמפּאָל אין דער תקופה צווישן ביידע וועלט־מלחמות.

די בכורה געהערט אומבאַדינגט דער צעירי־ציון־באַוועגונג. באַלד דערנאָך האָט זיך געשאַפן די רעליגיעזע פּאַרטיי „שלומי אמוני ישראל" און זייער יוגנט האָט זיך גערופן „צעירי אמוני ישראל", וואָס האָט געפירט איר טעטיקייט דער עיקר צווישן די בית־מדרש־בחורים. מיטן אַנטשטיין פון „החלוץ" (1930), האָבן פיל יוגנטלעכע זיך גענומען גרייטן צו הכשרה און עליה. אין „החלוץ" זענען געווען ברייטע מעגלעכקייטן צו דערגרייכן דעם ציל, בעת ביי די צעירי אגודת ישראל איז סיי די הכשרה, סיי די



ההסתדרות הציונית בפראמפול בשנות השלושים
ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין די דרייסיקער יאָרן

עליה, אָנגעקומען פיל שווערער. אין יאָר 1932 שאַפט זיך דער „החלוץ הצעיר״, וואָס האָט באַלד געציילט אַרום 80 מיטגלידער.

אויך פועל־ציון האָט געהאַט איר קיום אין פראַמפאָל און געפירט אַ ברייט־פאַר־צווייגטע טעטיקייט. די גרינדונג פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין אין יאָר 1927 דורך שלמה־אלי רויזער (געציילט אַרום 60 מיטגלידער), האָט געגעבן דעם שטויס אַדורכצופירן אין שטעטל עטלעכע שטרייקן און אַקציעס צו פאַרבעסערן דעם לוין און באַדינגונגען פון די אַרבעטער. דאָס איז געווען אַ נייעס אין שטעטל. די פּאָליציי האָט געהאַלטן אַ וואַכזאַם אויג אויף דער טעטיקייט פון פאַראייך ווייסנדיק, אַז בעצם איז דאָרט געפירט געוואָרן די פּאַרטיי־אַרבעט פון דער אומלעגאַלער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

פראַמפאָל האָט אויך געהאַט אַ בית״ר־אָרגאַניזאַציע פון יוגנט און עלטערע רעוויזיאָ־ניסטן, אָנגעפירט מיט זיי האָט מרדכי זיסמילעך, אַן אויסגעדינטער זעלנער אין דער פּוילישער אַרמיי. דער מאָרד איבער אַרלאָזאָראָוון און דער שפּעטערדיקער סטאַווסקי־פּראָצעס, האָבן אויך אין פראַמפאָל צעשפּילט די ליידנשאַפטן און צווישן בית״ריסטן און אַנדערע פּאַרט־יי־אָנגעהעריקע זענען אויסגעבראָכן געשלעגן.

די צווייטע וועלט־מלחמה האָט אָפּגעווישט דאָס יידישע פראַמפאָל און צוזאַמען מיט איר — אַלע פּאַרטייען, אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס.

# א שטעטל מיט לייטן גלייך

תמר גראָסמאַן־יעגערמאַן (גפר) / כנות

וועגן פראַמאָל, דעם קליינעם שטעטל אין פוילן, האָבן אַ סך נישט געוווּסט און נישט געהערט, בעת פאַר אונדז, אָרטיקע איינוווינער, איז עס געווען — אַלץ. אויף פיל מאַפּעס איז דער נאָמען אין גאַנצן נישט דערשינען, בעת פאַר פראַמפּאָלער יידן איז דאָס שטעטעלע געווען — עולם ומלואו... בעצם, זענען מיר דאָ געבוירן, אויסגעוואַקסן, געלעבט אין ליידן און פריידן, מיט טרוימען און האָפענונגען. און ווער איז נישט צוגע־בונדן צו זיין היימשטאָט?

וואָס שייך דעם רעליגיעזן און געזעלשאַפטלעכן לעבן, זענען מיר געווען מיט לייטן גלייך... ווי אַלע שטעטלעך אין פאַרמלחמהדיקן פוילן.

אונדזער קהילה האָט פאַרמאָגט 3 בנינים, אין וועלכע עס האָבן זיך געפונען: דאָס גרויסע בית־המדרש; אַ שיינע שול; דאָס שוויץ־באָד מיט דער מקווה. די בנינים זענען געשטאַנען אין אַ גלייכער ריי, ווי זעלנער בעתן אַפּעל... נאָר אינטערעסאַנט, אַז די אַלע דריי אינסטיטוציעס, פון אַן אויסגעשפּראָכענעם רעליגיעזן כאַראַקטער, האָבן זיך געפונען אין אַ קריסטלעכער געגנט... דער וועג אַהין האָט געפירט פון מאַרק, באַוווינט פון יידן, דורך אַ שמאָל געסל, וועמענס איינוווינער זענען באַשטאַנען פון קריסטן. למען האמת דאַרף אָבער געזאָגט ווערן, אַז די נישט־יידישע איינוווינער האָבן קיין מאָל נישט פאַר־טשעפּעט אָדער פּראָוואָצירט וועמען פון די יידן, וואָס האָבן געאיילט אין בית־המדרש, אין שול, צי (להבדיל) אין שוויץ־באָד, אָדער אין מקווה. קיין שויבן האָט מען נישט געהאַקט און פון אַנדערע פאַרלעצונגען אין די מקומות הקדושים — האָט מען אויך נישט געהערט.

אדרבא, די קריסטן אין שטעטל, הגם אַ העלפט איינוווינער, האָבן נישט געהאַט קיין אייגן באָד, און דערפאַר זיך באַנוצט מיטן יידישן שוויץ־באָד. אין די 9 טעג, אַז דאָס באָד איז נישט געהייצט געוואָרן, האָבן די פּאָליאַקן געהאַט פאַרדרוס, הלמאי זיי קענען נישט געניסן פון דער מחיהדיקער, קאָכעדיקער פּאַרע...

שווער אָנצורופן אַ גענויע דאַטע ווען די אַלע בנינים זענען אויפגעשטעלט געוואָרן. אַ סברא, אַז מיטן אַנטשטיין פון דער שטאָט, האָבן די יידן זיך באַזאָרגט מיט אייגענע בתי־תפילה און אַ מקווה. אַפילו צוגעגרייט הינטערן בית־המדרש אַ וווינונג פאַרן רב מיטן שמש.

בנוגע דעם בית־המדרש איז יאָ באַוווּסט, אַז מען האָט עס אויפגעבויט בערך 50 יאָר פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. פון אונדזערע עלטערן האָבן מיר געהערט, אַז זייערע טאַטע־מאַמע האָבן פאַר זיי געקויפט אַ „שטיין" צו לייגן דעם גרונט־שטיין פאַרן בית־המדרש.

די שול איז געווען הויך 20 מעטער. אַלע האָבן באַוואונדערט דעם האַלב־רונדיקן סופיט, באַצירט מיט פאַרשידענע געמעלן און שטערן, וועלכע האָבן אַראָפּגעפינקלט פון דער הייך. פונעם סופיט האָבן זיך געצויגן לאַנגע אייזערנע דראָטן מיט הענגלייכטער, וועלכע זענען אויך געווען קינסטלעריש אויסגעאַרבעט.

די ווייבער־שול — אַ חרדת קודש. דאָ האָבן אונדזערע מאַמעס אויסגעוויינט און געבעטן ביי דעם וואָס לעבט אייביק — פּרנסה, געזונט, אַ זיווג פאַרן קינד, נדן פאַר דער טאָכטער... די ווענט פון דער שול, ווי פון דער עזרת נשים, זענען געווען באַמאָלן מיט לייבן און לעמפּערטן צו סימבאָליזירן יידישע גבורה, פּונקט ווי עס האָבן נישט געפעלט האַרפעס און דוד המלכס פידעלע. אויסגעפּוצט אין שענסטן און אין בעסטן, זענען פראַמפּאָלער יידן און יידענעס געקומען אַהער מתפלל זיין.

באַלד נאָך דער שול האָט זיך געפונען דער בנין פון דער שוויץ־באָד און מקווה. די מקווה האָט מען געהייצט צוויי מאָל אַ וואָך — מאָנטיק און דאָנערשטיק. די באָד — יעדן פרייטיק. דער גרויסער אויוון איז דאָרט אָנגעהייצט געוואָרן, ביז די שטיינער זענען געוואָרן רויט. די קאָכעדיקע פּאַרע איז פון אויוון איבערגעפירט געוואָרן אין דערבייאיקן גרויסן צימער, וווּ עס זענען געשטאַנען הילצערנע בענק — אונטערשטע און אייבערשטע. אין דעם „קיניגרייך" האָט געוועלטיקט עזריאל דער בעדער. אין דער פרויען־מקווה — מאַלע די בעדערין. מ'האָט דערציילט וועגן איר, אַז זי האָט געפירט אַ ספּעציעל בוך, ווען פראַמפּאָלער יידישע פרויען באַזוכן די מקווה. אַז איינע האָט געמאַכט אַ צו לאַנגן איבעררייס — האָט מאַלע צוויסן געגעבן דעם רב, וועלכער האָט שוין געוווּסט איבערצייגן די פרוי זי זאָל נישט אויפהערן באַזוכן די מקווה...

מאַלע די בעדערין איז געווען אַ האַרציקע יידענע און איר מלאכה געטאָן מיט אַ סך ליבשאַפט און איבערגעגעבנקייט. באַזונדערס האָט זי זיך פאַרנומען מיט אונדזערע כלה־מיידלעך. איידער זי האָט דריי מאָל אונטערגעטונקען זייער קאָפּ — און דערנאָך אויס־געשריען דריי מאָל „כשר! כשר! כשר!" — האָט זי דעם מיידל דערקלערט אַלע „סודות" פון איר צוקונפטיק לעבן אַלס פרוי און מוטער.

פראַמפּאָל האָט זיך געגרייסט מיטן פּלומפּ קאַלט וואַסער וואָס מ'האָט גענוצט נאָכן הייסן „שוויץ". דאָס וואַסער איז געקומען פון קוואַל, מ'האָט עס טאַקע גערופן „מים חיים" — און פון דעם זעלבן מקור אויך גענומען וואַסער פאַר דער קאַלטער מקווה. בעת די יידן פלעגן נאָכן שוויץ־באָד זיך באַנוצן מיט דער קאַלטער מקווה, זענען די קריסטן, נאָך דער הייסער פּאַרע — געלאָפן צום פּלומפּ...

פרייטיק פאַרנאַכט איז דאָך געווען אַ חיות צו קוקן ווי אונדזערע טאַטעס גייען פון דער מקווה צי פון באָד — אויסגעוואַשענע, געלייטערטע, גלייך די שכינה וואָלט אויף זיי גערוט און זיי פאַרגעברייט אויפצונעמען די שבת מלכה...

*

איך געדענק אַ פאַל אין דער ווייבערישער מקווה, וואָס האָט שיער נישט גורם געווען צו אַן אומגליק, גראָד אַן ערב יום־כיפור. דאָס שטעטל האָט אַ לאַנגע צייט געהאַט דערפון צו ריידן, מיט רמזים — און אַן זיי. די מקווה איז באַשטאַנען פון אַ גרויסן הילצערנעם קאַסטן מיט אַן עפענונג אין דער זייט. דעם קאַסטן, אָנגעהאָנגען אויף פיר אייזערנע קייטן, פלעגט מען אַראָפּלאָזן אינעם טיפן ריינעם קוואַל־וואַסער. בעת די מענער האָבן געגאַסן פונעם „שוויץ" און פון דער הייסער מקווה, האָבן עטלעכע פרויען זיך אַוועקגעלאָזט אין דער קאַלטער מקווה, כדי אויך זיך גרייטן צום גרויסן יום־הדין. מיט אַ מאָל האָט איין האָק פונעם קאַסטן זיך אָפּגעריסן — און די זיך באַדנדיקע פרויען זענען געווען איינגעשטעלט אויף אַ געפאַר. מאַלע די בעדערין האָט זיך נישט פאַרלאָרן, שנעל אַריינגעלאָפן אין נאָענטן בית־המדרש, אויפגעהויבן אַ געוואַלד, אַז אין דער ווייבערישער מקווה איז געשען אַ קאַטאַסטראָפע — מע זאָל שוין לויפן ראַטעווען. יידן־לערנערס, וועלכע זענען געזעסן איבער אַ בלאַט גמרא, האָבן זיך נישט געאײַלט אַהין... ערשט דער רב האָט זיך געכאַפּט וואָס דאָ קומט פאָר און אַ געשריי געגעבן צו די יידן „וואָס זיצט איר?! ס'איז דאָך פיקוח נפש, סכנות נפשות!". אויף אַזעלכע רייד האָבן עטלעכע יידן זיך אַוועקגעלאָזט צום אָרט פון אומגליק, די קייט צוריק אָנגע־טשעפּעט, דעם קאַסטן אַרויפגעצויגן און — שלום על ישראל!

דער יום־טוב איז נישט פאַרשטערט געוואָרן...

*

פראַמפּאָל האָט זיך געהאַלטן מיט לייטן גלייך, אויך בנוגע... אַנטיסעמיטיזם, מיט וועלכן ס'זענען דער עיקר געווען אָנגעשטעקט די יונגע פּאָליאַקן און שול־קינדער, וואָס האָבן געוווינט אין די פּעריפעריעס פון שטעטל. וועגן אַ צוזאַמענשטויס מיט יונגע כוליגאַנעס וויל איך דערציילן:

אונדזער יוגנט איז אפשר געווען צוריקגעשטאַנען פון דער יוגנט אין אַנדערע פּוילישע שטעטלעך, אָבער אויף טייל געביטן האָט זי זיך אויסגעצייכנט. שווער איז געווען די לאַגע פון אַ יידישן בחור, וואָס האָט געוואָלט ווערן זעלבשטענדיק, אַליין פאַרדינען אויף חיונה, און דאָס אין אַ צייט, ווען מ'האָט אים נישט צוגעלאָזן אויף קיין מלוכהשן אַמט, אין קיין פאַבריק, צו קיין ערד־אַרבעט. אַזוי אַרום איז ער געווען גע־צוווּנגען צו האַלטן זיך ביי די טראַדיציאָנעלע פרנסות פון זייערע עלטערן, וואָס האָבן אויך — וועגעטירט. דערפאַר האָט דער ווייט גרעסטער טייל פון זיי געזוכט אַ וועג זיך

איינצואָרדענען אין אַנדערע לענדער, דער עיקר — אין ארץ־ישראל. ממש ווי מיט אַ רוח־נבואה האָבן זיי פאָרויסגעזען דעם אָנקומענדיקן סוף, הגם קיינער האָט זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז ער וועט זיין אַזוי גרויזאַם.

אין יאָר 1930, ערב מיין עולה זיין קיין ארץ־ישראל, האָבן מיר פאַרבראַנגט אויף די תנאים ביי אונדזערס אַ חברטע, חוה ריטמאַן. דערנאָך זענען מיר, אַ גרופּע יוגנט־לעכע, אַרויס שפּאַצירן. זייענדיק אין אַ געהויבענער שטימונג, האָבן מיר נישט באַמערקט, אַז מ׳איז אַריבער די „גרענעץ" — דאָס אָרט אין פּראַמפּאַל, ביז וואַנען יידן האָבן זיך געקענט באַווייזן אָן אַ סכנה. דאָ זענען מיר באַפאַלן געוואָרן פון פּוילישער יונגע כולי־גאַנעס. אונדזערע מיידלעך האָבן באַקומען אַזעלכע מוראדיקע קלעפּ, אַז כ׳ווייס נישט ביז היינט, מיט וועלכן נס מיר זענען ניצול געוואָרן. שפּעטער, אונטער שרעקלעכע דראָונגען, האָבן מיר נאָך געמוזט בטל מאַכן די געריכט־אָנקלאַגע קעגן די אַנטיסע־מישע כוליגאַנעס...

# דערינערונגען

מכלה הערצבערג / רמת־גן

אין לובלינער געגנט, צווישן די שטעטלעך יאַנאָוו־לובעלסקי, טוראָבין, טאַרנאָגראָד און בילגאָריי, האָט זיך געפונען דאָס קליינע שטעטעלע פּראַמפּאָל, וואָס איז אַפילו נישט געווען באַצייכנט אויף דער מאַפּע — ווייט פון אַ באַן־ליניע, צווישן וועלדער און וועלדלעך, אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט דערפער.

די יידישע הייזלעך זענען זיך געשטאַנען צונויפגעפּרעסט, צוגעטוליעט איינס צום צווייטן, ווי זיי וואָלטן געזוכט שוץ קעגן געמיינזאַמען שונא... די שמאָלע, קליינע,

נישט־ברוקירטע און אומבאַלויכטענע געסלעך, האָבן געשמט אין דער סביבה מיט זייערע בלאָטעס און פינצטערקייט, ווי אויך מיט די ציגן, וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט אָן השגחה און געפליקט דאָס שטרוי פון די דעכער...

פראַמפּאָל האָט פאַרמאָגט ביי אַ 400 יידישע פאַמיליעס. אויסער עטלעכע משפחות, וואָס האָבן געהאַט סטאַבילע פרנסות, האָבן די איבעריקע געמוזט שווער האָרעווען און זיך מאַטערן, כדי ציען חיונה פון די יאַרידים, וואָס פלעגן פאָרקומען יעדן מאָנטיק. די פויערים פון די אַרומיקע דערפער פלעגן זיך צונויפקומען כדי פאַרקויפן זייערע פּראָדוקטן און איינהאַנדלען כלערליי שטאָטישע אויסאַרבעטונגען און סחורות פאַר זייער געברויך. די פראַמפּאָלער בעלי־מלאכהס, קרעמער און פאַרמיטלער, פלעגן דאַן אַרויסלייגן זייערע סחורות און דערביי געציטערט אין ווינטער, אַז ס׳זאָל נישט זיין קיין שניי־זאַוויערוכע, אָדער, אין זומער — אַ רעגן, וואָס וואָלט זיי צעשטערט דעם פדיון, פון וועלכן זיי האָבן געלעבט אַ גאַנצע וואָך.

מיטוואָך פלעגן די זעלבע יידן פּאַקן זייערע סחורות, כדי זיי אַוועקפירן קיין גאָריי אויפן יאַריד, און אַזוי אַרום דערגענצן די קנאַפּע פאַרדינסטן פון היימישן, מאָנטיקדיקן מאַרק. די קליינהענדלער, האַנטווערקער און די געדונגענע פוילישע פורמאַנעס, האָבן פאַרפולט דעם מאַרק־פּלאַץ, זיך געדונגען און געזידלט מיט די ערגסטע אַנטיסעמיטישע אויסדרוקן. די גרעסטע געשרייען האָט מען געהערט ביי די „טשאַפּעס״, פאַרמעגלעכע שניט־סוחרים אין שטעטל. זיי האָבן געהאַט די מיינסטע צאָל פּעק צו פירן. אויך אין אַנדערע טעג פון וואָך, האָבן איינצלנע פראַמפּאָלער יידן זיך אַוועקגעלאָזט אויף יאַרידים קיין בילגאָריי, טוראָבין, טאַרנאָגראָד און שעברעשין. און אַנדערע ווידער — אין די אַרומיקע דערפער, ווו זיי האָבן מיט די פויערים געפירט אַ טויש־האַנדל: פון אַ נאָדל ביז קיך־געשיר און גאַלאַנטעריע — פאַר אַ ביסל קאַשע, מעל, פּוטער, קעז, אַ הון, אייער, אַ קערצל ווייץ א. אַ. וו. אויף דעם געביט האָט זיך אויסגעצייכנט דער באַוווסטער הינער־סוחר נחום (מיטן צונאָמען אַנטאָליק). ער האָט שוין געוווסט, וועלכער באַלעבאָסטע צו פאַרקויפן די הון, כדי אויסצומיידן דאָס דינגען זיך.

חוץ די אויסגערעכנטע פרנסות, איז געווען נאָך אַ בראַנזשע — סאַדאָווניקעס. דאָ האָבן זיך אויסגעצייכנט די ברידער דוד און אפרים אַלטמאַן, אברהם אַשענבערג (מיטן צונאָמען דזשאבעס). ער איז געווען אַ גרויסער תבואה־ און פּרוכטן־סוחר. ווי נאָר די פרוכט אויף דיביימער פלעגט אָנהייבן בליען, זענען זיי אַוועק אין די דערפער און, לויטן בליעכץ, דינגען ביים פויער די סעדער. זיי פלעגן זיך דאַן אויפשטעלן בוידן און זיך באַזעצן מיט די פאַמיליעס אויף אַ גאַנצן זומער. אין האַרבסט פלעגן זיי די פרוכט צושטעלן די הורט־סוחרים אין די גרויסע שטעט, ווי אויך פאַר די געשטעלן פון די מאַרק־זיצער.

די געציילטע שוסטערס פון שטעטל האָבן נאָר געאַרבעט פאַר די פויערים פון די אַרומיקע דערפער. אויב מ׳האָט געוואָלט אַ גוטן שוך, האָט מען געמוזט פאָרן קיין

בילגאָריי, אָדער יאַנאָוו. דאָס זעלבע — די עטלעכע שניידערס, צווישן וועלכע דער בעסטער איז געווען בן־ציון וואַלדמאַן. ער האָט אויסגעפּאַרטיקט באַשטעלונגען אויך פֿאַר דער קריסטלעכער באַפֿעלקערונג.

טראָץ דער בצמצומדיקייט און אָרעמקייט פֿון דער פּראַמפּאָלער קהילה, האָט זי אויסגעהאַלטן אַ רב, צוויי שוחטים, אַ בית־מדרש און אַנדערע רעליגיעזע אינסטי־טוציעס. דאָס בית־המדרש האָט זיך געפֿונען אין האַרץ פֿון דער קריסטלעכער געגנט און נישט איינמאָל האָט פּאַסירט, אַז ייִדן, וואָס האָבן געאײַלט צום אָדער פֿון דאַווענען, זענען באַוואָרפֿן געוואָרן מיט שטיינער. אָפּטמאָל זענען די שויבן אין בית־המדרש געוואָרן אויסגעהאַקט. דאָרט האָבן סטאַביל געדאַוונט די חשובֿע בעלי־בתּים פֿון שטעטל: ביידע שוחטים, שמואל יאָסל קעסטענבוים, ר׳ יאַנקל פֿינקלשטיין. דער חזן חיים־יהודה האַרמאַן האָט מיט זײַן שיינעם דאַווענען צוגעצויגן אַפֿילו די נישט־דאַווענער. ביז וואַרשע האָט אים „אויסגעכאַפּט״ — און ער איז שוין דאָרט פֿאַרבליבן אַלס אָנערקענטער חזן.

אַ גאַנצע וואָך זענען אין בית־המדרש געקומען ייִדן מתפּלל זײַן און לערנען. אין די אָוונטן פֿלעגט מען זען ווי אין די שמאָלע, פֿינצטערע געסלעך, אײַלן זיך ייִדן צו מנחה־מעריבֿ און די חדר־ייִנגלעך גייען אַהיים מיט די אָנגעצונדענע לאַמטערנס. פּרייטיק־צונאַכטס און שבת איז דאָס בית־המדרש און די איבעריקע שטיבלעך געווען איבער־פֿולט מיט ייִדן, וואָס זענען אַ גאַנצע וואָך נישט געווען אין דער היים, נאָר אַרומגעפֿאָרן אויף די יאַרידים צי אין די אַרומיקע דערפֿער. ביי אַ טייל האָבן די באָרד און פּיאות נאָך נישט געהאַט זיך אויסגעטרוקנט פֿון דער שטאָטישער באָד, וואָס זיי האָבן קוים באַוויזן „אַרײַנצוכאַפּן״ פֿאַר ליכט־בענטשן. פּייערלעך האָט אויסגעזען דער פּרייטיק נאָכמיטאָג, ווען ייִדן זענען מיט בעזעמלעך הינטערן אָרעם און מיט פּעקלעך קלאָרע וועש, באַגלייט דורך זייערע קינדער, געגאַנגען אין שטאָטישן באָד, וואָס האָט אַ גאַנצע וואָך געפּוסטעוועט און איז בלויז פּרייטיק גוט אײַנגעהייצט געוואָרן. דערשוויצטע און צופֿרידענע זענען די ייִדן דערנאָך צוריק אַ היים. פֿון די שטובן האָט שוין געשמעקט מיט שבתדיקייט. די ליכט זענען געווען אָנגעצונדן אין זילבערנע לײַכטערס און די חלות פֿאַרדעקט מיט שיין געהאָפטענע טישטעכלעך. נאָך היינט דערמאָן איך זיך דאָס קידוש־מאַכן פֿון מײַן פֿאָטער, ווען אַלע — די מאַמע, איך און מײַנע פֿיר ברידערלעך, האָבן געמוזט זײַן אָנוועזנד. דערנאָך דאָס זינגען צוזאַמען די זמירות, אָדער דעם „המבדיל״ יעדן מוצאי־שבת. טיף אין זכרון זענען מיר פֿאַרבליבן די פֿאַרשידענע שיינע יום־טובֿים און די טרויער־טעג ווי: די ניין טעג, תּשעה־באָבֿ, פּורים, פּסח, שבֿועות, ראש חודש אלול, ווען מען פֿלעגט אין די פֿינצטערע קאַלטע נעכט וועקן פֿון טיפֿן שלאָף — צו סליחות. פֿון אַלע זײַטיקע געסלעך פֿלעגן ייִדן מיט ליכטלעך אין די הענט „ציען״ צום העל־באַלויכטענעם בית־המדרש, דער פֿולשטענדיקער קאָנטראַסט צו דער דרויסנדיקער פֿינצטערניש. צי גאָר ראש־השנה, יום־כּיפּור, סוכּות און דער

פריילעכער שמחת־תורה. אַזוי האָט זיך ביי אונדז אין שטעטל געפירט דאָס רעליגיעזע לעבן.

ערשט נאָכן ערשטן וועלט־קריג האָבן אין פּראַמפּאָל אָנגעהויבן אַנטשטיין פאַרשידענע קולטור־אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס וואָס האָבן אַריינגעבראַכט אַ גאַנצע איבערקערעניש אינעם לעבנס־שטייגער פון דער יידישער יוגנט. מיטן גרינדן די שול אויפן נאָמען פון יוזעף דאָמבראָווסקי אויפן גאָרייער וועג, האָבן די ערשטע שטראַלן פון בילדונג אָנגעהויבן אַריינדרינגען אין שטעטל. אונדזערע שטרענג־רעליגיעזע עלטערן האָבן אָבער נישט דערלויבט, אַז זייערע זין זאָלן זיצן אין דער פּוילישער שול אָן אַ היטל און זיך לערנען. זיי האָבן די ייִנגלעך ווייטער געשיקט אין די חדרים. בלויז די מיידלעך איז דערלויבט געווען צו באַזוכן די שול. כ׳בין נישט אימשטאַנד צו באַשרייבן די ליידן און רדיפות וואָס מיר, יידישע שילערינס, האָבן געהאַט אויסצושטיין פון אונדזערע פּוילישע חברטעס פון דער שול־באַנק. קלעפּ און זידלערייען, אָן דער מעגלעכקייט אַפילו צו קאָנען זיך באַקלאָגן, ווייל אויך די לערער זענען געווען אָנגעשטעקט מיטן אַנטיסעמיטישן גיפט. טראָץ דעם, וואָס מיר האָבן זיך געלערנט נישט ערגער פון זיי, האָבן זיי אויף די געציילטע יידישע שילערינס געקוקט ווי אויף עפּעס מינדערווערטיקע באַשעפענישן. דורך דער פאַרמיטלונג פון משה וועלטשער און גרשון ראָזענבערג, איז אויסגעקומען צו אינטערווענירןביים לייטער פון דער שול, ווען ס׳איז דערגאַנגען צו ערנסטע פאַלן.

אַ גרויל נעמט מיך אַרום, ווען כ׳דערמאָן זיך וואָס אונדזער שטעטל האָט איבער־געלעבט אַ געוויסן ערב פּסח, ווען עס איז פאַרלוירן געגאַנגען אַ קריסטלעך קינד. דאָס יידישע לעבן אין שטעטל איז ווי אָפּגעשטאָרבן. יידן האָבן זיך נישט געטאָרט באַווייזן אויף די וועגן און דערפער, מיר זענען נישט געגאַנגען אין שול. דער ערשטער קרבן פון דעם בלבול איז געווען שמשון פּראַמפּאָלער, ביי וועמען מען האָט אויך געמאַכט די ערשטע רעוויזיע. אַפילו ווען דאָס קינד האָט זיך אָפּגעפונען אַ לעבעדיקס און געזונטס, האָבן די פּאָליאַקן נאָך אַלץ געגלייבט, אַז יידן האָבן עס אונטערגעוואָרפן. ס׳איז אוממעגלעך געווען איבערצוצייגן אונדזערע שכנים, אַז יידן נוצן נישט קיין בלוט אויף מצות.

אויך אין נאָרמאַלע צייטן איז דער אַנטיסעמיטיזם ביי אונדז געווען גרויס. שפּאַצירן אין אָוונט אין אונטערשטן טייל שטאָט, ווו ס׳האָבן געוווינט די קריסטן, איז געווען פאַרבונדן מיט אַ סך געפאַרן: מ׳האָט אָנגערייצט הינט, באַוואָרפן מיט שטיינער, אָדער אויסגעשמירט מיט סמאָלע. אַזוי זענען ווי אַ קאָשמאַר אַריבער די עטלעכע יאָר פון דער שול־צייט.

די לאַגע האָט זיך ראַדיקאַל געענדערט מיטן עפענען אַ „תרבות״־שול, ווו ס׳פלעגן אויך קומען פאַרשידענע ציוניסטישע טוער, דער עיקר — פון וואַרשע. פריער פלעגן



קבוצת נוער בפרמפול — 1922 (?)

עומדים מימין לשמאל: יצחק ליבר (כעת בארגנטינה), ישעיהו רוט (ארגנטינה), חנהפרוסט (ניו-יורק), בריש הוכראד ז״ל. יושבים (מימין לשמאל): חנן רוזנברג ז״ל, איצ׳ה־מאיר ליבערבוים ז״ל, משה רדלמאן ז״ל

אַ יוגנט־גרופּע אין שטעטל — 1922 (?)

שטייען פון רעכטס אויף לינקס: יצחק ליבער (איצט אין אַרגענטינע), ישעיה ראָט (אַרגענטינע), חנא פּראָסט (ניו־יאָרק), בעריש האָכראַד ז״ל. זיצן (פון רעכטס אויף לינקס): חנן ראָזענבערג ז״ל, איטשע־מאיר ליבערבוים ז״ל, משה רעדלמאַן ז״ל

זיי האַלטן די רעדעס אין בית־המדרש, אין אַ פײַנטלעכער אַטמאָספער מצד די „אגודת־ישראל״. נישט איינמאָל האָבן זיי אין מיטן רעדן געמוזט פאַרלאָזן דעם בעלעמער, באַגלייט מיט זידלערייען און אַפילו מיט קלעפּ. ביז עטלעכע יידן (שלמה קליידמאַן, מיכאַל ערטער, לייבל ציטרינבוים א. אַ.) האָבן געגרינדעט אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. זיי פלעגן זיך שוין פאַרנעמען מיט די אַראָפּגעבראַכטע עסקנים, געשאַפן ביי זיך אין די הײמען די נייטיקע אַטמאָספער, ווו די יוגנט האָט זיך באַקענט מיט די ציוניסטישע אידעאַלן, — צי דורך אַ שיעור אין עברית, צי מיטן געבן צו לייענען אַ ביכל. מײַנע ערשטע עברית־ווערטער און ציוניסטישן געדאַנק האָב איך געלערנט אין אָט דער סביבה, מחמת די מענטשן זענען געווען מײַנע נאָענטסטע קרובים. אַ ביסל שפּעטער האָט מען ביי אַ קריסט געדונגען אַ צימער און געעפנט דעם ערשטן „אולם התרבות״. דאָרט האָט מען געפירט עברית־לעקציעס, ס׳זענען צוגעקומען נייע שילער און שילערינס.

געלערנט האָט שלמה קליידמאַן. שבת — רעפעראַטן אויף פאַרשידענע טעמעס, געהאַלטן דורך אַרטיקע, אָדער איינגעלאַדענע רעדנער.

נאָך פריער האָבן אַ גרופּע יוגנטלעכע געגרינדעט א ביבליאָטעק, אָנגעפירט דורך אברהם פאַנקעוויטש און קלמן ערטער. די ביבליאָטעק האָט זיך נישט אַנטוויקלט, ביז די ציוניסטישע יוגנט האָט זי איבערגענומען. דאַן איז געקומען איר אויפבלי. די ביבליאָטעק איז אַלעמאָל באַרייכערט געוואָרן מיט ביכער, איבערהויפּט פון די יידישע שרייבער: מענדעלע, שלום־עליכם, פּרץ, דינעזאָן, אַנסקי, גאָרדאָן א. אַ. אויך ביכער פון נישט־יידישע שרייבער, ווי זשול ווערן, טאָלסטאָי, דאָסטאָיעווסקי, שענקעוויטש, פּרוס און פיל אַנדערע. טראָץ דער געוואלטיקער קעגנערשאַפט פון אונדזערע עלטערן, אין וועמענס אויגן יעטוועדער פאָרשריט האָט אויסגעזען ווי שמד, און ס'איז ממש געווען אַ געפאַר צו נעמען אַהיים אַ ביכל צום לייענען, ווייל די פאַנאַטישע עלטערן פלעגן עס צערייסן — האָט דאָך די ביבליאָטעק זיך אַנטוויקלט. פון דער באַלויכטונג מיט וואַקסענע ליכטלעך, זענען מיר איבערגעגאַנגען צו אַ נאַפט־לאָמפּ. ס'האָט זיך אויך געגרינדעט אַ דראַמאַטישער קרייז און מען האָט אָנגעהויבן שפּילן טעאַטער.

נאָכן גרינדן אין שטעטל אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַריין, צו וועלכן ס'האָבן זיך אָנגעשלאָסן די בעלי־מלאכות און אַרבעטער, האָט זיך די ביבליאָטעק נאָך מער פאַרגרעסערט, ווייל די פאַריינס־מיטגלידער גופא האָבן שוין געשיקט זייערע קינדער אין די קולטור־אַנשטאלטן. אודנזער טעטיקייט האָט זיך פאַרשטאַרקט. מיר זענען שוין נישט געווען צוריקגעשטאַנען כלפּי די שכנותדיקע שטעטלעך. אויפן קולטור־געביט האָבן זיך אויסגעצייכנט בעריש לעווינגער, מאיר וועלטשער און אַנדערע.

מיטן פאַרשטאַרקן זיך פון אַנטיסעמיטיזם אין פּוילן נאָך פּילסודסקיס טויט, איז די לאַגע פון דער קליינשטעטלדיקער יידישער יוגנט געוואָרן ממש אויסזיכטסלאָז. מ'האָט נישט צוגעלאָזט צו קיין שום אַמט און אַזוי ווי קיין פאַבריקן זענען במילא נישט געווען, האָבן עמיגראַציאָניסטישע שטימונגען באַהערשט די יוגנט. די באַזוכן פון ארץ־ישראל־דיקע שליחים און זייער רוף צו דער אַרבעטלאָזער יוגנט עולה צו זיין און העלפן בויען דאָס לאַנד — האָבן אָנגעטראָפן אויף אַ פרוכטבאַרן באָדן. די יוגנט איז אַוועק אין די הכשרה־קיבוצים אין די שכנותדיקע שטעטלעך, אַפילו אָנגעשפּאַרט אַזש אין זאַמאָשטש און לובלין. נאָך דער הכשרה האָבן פיל באַקומען סערטיפיקאַטן און עולה געווען. אַנדערע ווידער (ווי תמרה יעגערמאַן) זענען געפאָרן קיין ארץ־ישראל מיט אַן עקסקורסיע. אַ טייל יוגנט האָט עמיגרירט קיין דרום־אַמעריקע. און וועמען ס'איז געלונגען ביזן 39־טן יאָר צו פאַרלאָזן פראַמפּאָל — האָט אויסגעמיטן דעם שרעקלעכן טויט ביי די נאַציס.

עטלעכע חברים זענען שוין גרייט געווען עולה צו זיין — און נישט באַוויזן. זיי זענען אומגעקומען (אפרים האכראט, וועמענס קאָפּ מ'האָט געפונען אין וואַלד אָפּגעהאַקט דורך פּאָליאַקן, בעריש בלומער א. אַ.).

אויך מיינע נאָענטע זענען בעסטיאַליש אומגעקומען. מיין פֿאָטער ז״ל איז דערשאָסן געוואָרן, ווען מען האָט די פּראַמפּאָלער יידן געטריבן קיין בעלזשיץ. יום ה. כג. בחשון 1942 איז ער געפֿאַלן אָן כוחות אויפֿן וועג קיין שעברעשין. מיין מוטער מיט מיינע צוויי ברידער יאָסל און צבי ז״ל — אין י״ד בכסלו (1942); מיין שוועסטער גאָלדע, וועלכע האָט זיך אויסבאַהאַלטן ביי אַ קריסט, איז געמסרט געוואָרן דורך גויים און איז דורך דייטשן דערשאָסן געוואָרן, צוזאַמען מיטן קריסט. אויף זיין פֿאַרלאַנג זענען זיי באַגראָבן געוואָרן אין איין קבר. מיין יינגסטער ברודער עזריאל בן דוד איז געפֿאַלן אין דער פֿאַרטיזאַנקע (יום א׳, י״ח בניסן 1943). אַזוי איז פֿון דעם שטעטעלע פּראַמפּאָל מיט די טייערע יידן, געבליבן בלויז חורבות. אונדזערע הערצער זענען פֿול מיט ווייטיק און מיר וועלן זיי קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן.

## א בינטל זכרונות

טובה מאנטעל / רמת־גן

### פּראַמפּאָלער מסחר

איינער פֿון די הויפּט־יסודות פֿונם האַנדל אין שטעטל און איר עקאָנאָמישע וויכטיקסטע באַזע, איז געווען — דער מאָנטיקדיקער יאַריד. הונדערטער וועגענער פֿלעגן יענעם טאָג קומען אויפֿן מאַרק־פּלאַץ, אַהערברענגענדיק אַלץ וואָס דאָס דאָרף האָט פּראָדוצירט, כדי די לאַנדווירטשאַפֿטלעכע אַרטיקלען אויסטוישן אויף זאַלץ און שוועבעלעך, אַקעראייזנס און לאָפּעטעס, מאַנופֿאַקטור און שטיוול. די אויף שנעל צונויפֿגעשטעלטע סטראַגאַנעס און ביידלעך האָבן געליפֿערט אַלע סחורות אין וועלכע ס׳האָט זיך גענייטיקט דער פּויער. געווען יידישע משפּחות וואָס זייער קיום אַ גאַנצע וואָך איז געווען אָפּהענגיק פֿונם פֿדיון און פֿאַרדינסטן פֿון דעם איינעם מאָנטיק.

אויך יידישע קרעמער און כאַלופּניקעס פֿון טאַרנאָגראַד און בילגאָריי פֿלעגן קומען אויף די פּראַמפּאָלער יאַרידים. צווישן זיי האָבן נישט געפֿעלט די דאָרפֿישע יידן אַרום פּראַמפּאָל. אויך זיי האָבן געהאַט וואָס צו קויפֿן און פֿאַרקויפֿן אויף אונדזערס אַ יאַריד.

פֿון די גרעסערע פּראַמפּאָלער סוחרים איז כדאי צו דערמאָנען ר׳ איציק קעסטענבוים, אייגנטימער פֿון אַ מאַנופֿאַקטור־געשעפֿט. די גרויסע שענק האָט געהערט צו ר׳ נחום ליבערבוים. דאָ האָבן די פּאַליאַקן פֿון דער גאַנצער געגנט געקויפֿט ביי ר׳ נחומען ביר און שאַרפֿע געטראַנקען אויף זייערע חתונות און יום־טובים. דאָס שטעטל האָט אויך געהאַט אַ „פֿאַבריק״ פֿון סאָדע־וואַסער און אַ וועבעריי, וועלכע האָט שוין געהערט צו אַ קריסט.

## פראַמפּאָלער פרומקייט

מיר האָט זיך באַזונדערס איינגעקריצט אין זכרון אַן ערב ראש־השנה, צי אַן ערב יום־כיפור, ווען די יידן וואָס האָבן געוווינט אין די אַרומיקע דערפער, פלעגן אויף די ימים־נוראים קומען מיט זייערע פרויען און קינדער אין שטעטל, כדי זיין צווישן יידן און פאַרברענגען דעם יום־טוב אין אַן אייגענער סביבה. זיי האָבן אויך געבראַכט מיט זיך כלים און טעפּ. איינגעאָרדנט האָבן זיי זיך ביי באַקאַנטע יידן אין פראַמפּאָל, וועלכע האָבן געהאַט עטלעכע צימערן, ווי: אראלע מאלער ז״ל, חנהלע וועלטשער ז״ל און אַנדערע.

אין אַ שבתדיקן טאָג איז נישט געווען צו דערקענען דעם מאַרק מיט די יידישע קראָמען. אין אַזאַ טאָג האָט אַלץ גערוט, אַלץ איז געווען געשלאָסן. ערשט פאַרנאַכט האָט די יוגנט זיך געלאָזט אויף אַ שפּאַציר אין מאַרק, אויף די וועגן וואָס האָבן געפירט קיין קישיבע, ראַדישטש און קאָנטעס, אַריינגעלאָזט זיך אין די פעלדער פון קאָרן און ווייץ, וועלכע האָבן אַרומגערינגלט דאָס שטעטל.

נאָר דער עיקר געדענקט זיך אַ שבת און יום־טוב, צוליב די שיינע זמירות, וועלכע האָבן זיך געטראָגן פון יעדן יידישן הויז. געווען שטובן, ווו אַזאַ שבתדיק געזאַנג האָט זיך געקענט פאַרגלייכן מיטן שענסטן קאָנצערט... אַז ר׳ לייבעלע שוחט האָט מיט זיין זיסער שטים אויסגעזונגען אַ „יעלה תחנינו״ צי אַ „ונתנה תוקף״ — האָט דער עולם געהאַט וואָס צו ריידן... אויך די חדר־ייִנגלעך, אַהיימגייענדיק אין אַ פראָסטיקן און פינצטערן אָוונט פון רבין, פלעגן זינגען תפילות און פאָלקס־לידלעך.

צו כל נדרי איז די שול געווען איבערפולט. אַז דער חזן האָט אָנגעהויבן דאַוונען, האָט אין דער ווייבער־שול אויסגעבראָכן אַ געוויין. אויך די מענער האָבן שטילערהייט געלאָזט אַ טרער.

די פרומקייט אין שטעטל איז געווען אַ שם־דבר. אָפּעסן אין אַ יידישער שטוב אין פראַמפּאָל האָט מען געמעגט מיט אַזאַ זיכערקייט און רואיקייט בנוגע כשרות — ווי ביי אַ רב. געווען אויך אַ רב, שוחטים, נאָך כלי־קודש, וועלכע די יידישע גמינע האָט אויסגעהאַלטן. פאַרשטייט זיך, אַז ס׳האָבן נישט געפעלט קיין דרדקי־ און גמרא־מלמדים.

איין מאָל אין יאָר פלעגט קומען אין שטעטל דער רבי ר׳ מנשהלע. ער האָט געפירט אַ טיש, מ׳האָט געכאַפּט שיריים, געזונגען זמירות און געהערט דברי תורה. מ׳האָט געטאַנצט און זיך געפרייט, ביז...

## פראַמפּאָלער חורבן

ווי נאָר די דייטשן זענען אַריין קיין פראַמפּאָל — האָט אַלץ אויפגעהערט. איצט זענען געקומען קאָנטריבוציעס, רדיפות, קלעפּ, דערנידעריקונג, צוואַנגס־אַרבעט — ביז דעם אכזריותדיקן טויט. און געמאָרדעט האָבן נישט נאָר די דייטשן, נאָר אויך די פּאָליאַקן, די נאָענטע שכנים. ווען וואָלף קופּערשטיין ז״ל, דער גאַלאַנטעריע־סוחר,

וועלכער איז געווען ביי אַלעמען געליבט און געאַכטעט, איז בעת דער אָקופּאַציע ארויס אויפן גאַרייער וועג — האָט אים אַ פּאָליאַק דערשאָסן. ווען נישט די פּאָליאַקן, וואָלטן די דייטשן נישט געקענט אַזוי שנעל און אַזוי עפעקטיוו אומברענגען דעם דריי־מיליאָניקן יידישן ישוב אין פּוילן.

זאָלן די עטלעכע שורות זיין אַ יאָרצייט־ליכט נאָך די אומגעקומענע פּראַמפּאָלער יידן, צווישן זיי — מיין מוטער, ברודער, שוועסטערס מיט זייערע קינדער...

# א דערמאָנונג

## איטע שעפער / לוד

אין מיין זכרון איז וויניק געבליבן דערינערונגען וועגן אונדזער שטעטעלע, ווייל כ׳האָב עס פאַרלאָזט אין יאָר 1922. אין אַלגעמיין האָט זיך פּראַמפּאָל נישט אויסגעצייכנט מיט עפּעס באַזונדערס. דאָס איז געווען אַ טיפּיש יידיש שטעטעלע אין פּוילן, ווו יידן האָבן געפירט אַ שווער און ביטער לעבן. בדרך כלל זענען די דאָרטיקע יידן געווען בעלי־מלאכות, איבערהויפּט — שוסטערס, שניידערס (ספּעציעל צו נייען פּעלצן), גאַרבער און נאָך באַשעפטיקונגען, כאַראַקטעריסטישע פאַרן קליינעם שטעטל. מ׳האָט געהאָרעוועט טעג און נעכט און מיט שוועריקייטן אַרויסגעצויגן די אָרעמע חיונה. ס׳זענען געווען אויך עטלעכע יידישע געוועלבלעך.

פון קולטורעלן שטאַנדפּונקט איז דאָס שטעטל געווען איינע פון די אָפּגעשטאַ־נענסטע. קיין אײן קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע. אַזוי איז געווען ביזן יאָר 1914.

מיטן אויסברוך פון ערשטן וועלט־קריג, איז אונדזער שטעטעלע געוואָרן אָקופּירט דורך די עסטרייכער. מיט דעם מאָמענט איז דאָס לעבן פון דער קליינער יידישער עדה געוואָרן ממש אומדערטרעגלעך. מ׳האָט נישט דערלויבט צו באַקן ברויט, נישט געווען קיין מעגלעכקייטן צו האַנדלען. ביינאַכט פלעגט מען זיך באַזאָרגן מיט פּראָדוקטן. די עסטרייכישע מאַכט האָט אַלץ רעקווירירט און אָפּגעשיקט קיין דייטשלאַנד, אָדער עס פאַרנוצט פאַרן מיליטער.

אַן ענדערונג אין שטעטל האָב איך געטראָפן, ווען כ׳בין געקומען אין יאָר 1928 אויף אַ באַזוך קיין פּראַמפּאָל. אַ גאָר אַנדערע יוגנט. ס׳האָבן שוין עקזיסטירט אָרגאַ־ניזאַציעס, אין וועלכע מ׳האָט אָפּט איינגעאָרדנט רעפעראַטן און שמועסן אויף פאַרשידענע טעמעס. ס׳זענען אויך פאַרגעקומען קעסטל־אָוונטן. די יוגנט האָט מיך אויסגעפרעגט וועגן לעבן אין די גרעסערע שטעט.

אַזוי האָט מען געלעבט ביזן יאָר 1939, ווען ס'איז אויסגעבראָכן דער צווייטער וועלט־קריג. אין משך פון אייניקע טעג איז פאַרניכטעט געוואָרן דאָס שטעטעלע מיט אַלע זיינע קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן, אינסטיטוציעס. שפּעטער האָט מען אויך אומגעבראַכט די יידישע באַפעלקערונג. אויך מיין גאַנצע משפחה איז דעמאָלט פאַרניכטעט געוואָרן. כ'וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן אָט דעם שרעקלעכן טויט פון מיינע נאָענטסטע און טייערסטע!

# ציוניזם און חלוציזם אין שטעטל

שלמה פרילינג / גבעתיים

1

אויף וויפל איך געדענק, איז אין די יאָרן 1921־22 פּראַמפּאָל געווען איינגעהילט אין אַ שטילקייט און פאַרגליווערטקייט, וועלכע זענען געווען אין אַ שרייענדיקער סתירה צו דעם אַלעמען, וואָס האָט געזעלשאַפטלעך און פּאָליטיש זיך אָפּגעשפּילט אויף דער יידישער גאַס אין פּוילן אין די ערשטע יאָרן פון איר מלוכהשער זעלבשטענדיקייט. אין פּראַמפּאָל איז צו יענער צייט נישט געווען קיין פּאַרטייאיש לעבן. דאָס שטעטל האָט געדרימלט, גלייך עס וואָלטן נישט פאָרגעקומען קיין שום ענדערונגען אין לאַנד. די קינדער האָבן געלערנט אין חדר, די יוגנטלעכע — אין בית־המדרש און דער עלטערער דור האָט זיך אויסגעלעבט אין זיין וועלט פון תורה, אמונה און שטרענג אָפּגעהיטן דעם יידישן טראַדיציאָנעלן לעבנס־שטייגער.

מיט אַמאָל האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן קלאַנגען, אַז ערגעץ־ווו אין שטעטל, אַפילו אין באַלעבאַטישע היימען, געפינען זיך פאַרשידענע אַפּיקורסים, „שבת־גויים" אָדער „שמדניקעס", ווי מ'האָט זיי גערופן. שפּעטער האָט מען שוין געוווסט, אַז צו די „שמדניקעס" געהערן מעכל ערטער, לייביש וועלטשער, מעכל פרילינג און נאָך עטלעכע יונגעלייט, וועלכע זענען אַראָפּ פון דרך־הישר און טוען זאַכן, וואָס האָבן זיך קיינעמען נישט געחלומט...

ווידער איז אַוועק אַ שטיקל צייט און מ'האָט שוין אויך געוווסט דעם אויפטו פון די יונגעלייט: זיי שפּילן טעאַטער! איז נאָך דאָס אַלץ וויניק, דאַרף די הכנסה פון די פאָרשטעלונגען גיין פאַר ציוניסטישע צוועקן, דער עיקר — פאַר דער בלוי־ווייסער פּושקע פון קרן קימת. דאָס שטעטל איז פּשוט געגאַנגען אויף רעדער, אַלץ האָט געקאָכט און געזשומעט ווי אין אַ בינשטאָק. ס'איז אויך קלאָר געוואָרן, אַז נאָר אַ דאַנק דער הילף פון די האַנטווערקער, איז מעגלעך געווען די פריער דערמאָנטע יוגנטלעכע צו פאַרווירקלעכן זייער טרוים.



קבוצת חברים מ„החלוץ״ — 1930

אַ גרופּע חברים פון „החלוץ״ — 1930

דער עצם געדאַנק פון שאַפן אין אַ קליין שטעטל אַ דראַמאַטישן קרייז, איז געווען אַ געוואַגטער שריט. די איניציאַטאָרן האָבן לכתחילה געוווסט, אַז זיי שטעלן זיך אין אַ שאַרפן קאָנפליקט מיט די עלטערן, מיטן רב, מיט די פרומע יידן און אַז זיי וילן צעשטערן דעם גאַנצן, ביז איצט איינגעשטעלטן לעבנס־סדר, וואָס האָט טיף־טיף געוואָרצלט אין אַזאַ קליין אָרט. אָבער די צייט האָט זיך געטאָן אירס. די ערשטע פאָרשטעלונג איז פאָרגעקומען. אויב דער זכרון פאַרירט מיך נישט, איז עס געווען „הערצעלע מיוחס״. זענען דאָך שוין אַפּגעלאָפן מער ווי פערציק יאָר — און ס׳איז שווער צו געדענקען אַ סך פּרטים. אַ חוץ פון די שוין דערמאָנטע חברים מעכל ערטער, מעכל פרילינג און לייביש וועלטשער, האָבן אויך אָנטיילגענומען אין דער פאָרשטעלונג דוד „סאָביק״ און אַנדערע.

דער לעבעדיקער גייסט פון דעם „טעאַטער״, וואָס האָט באַדאַרפט אַרום זיך גרופּירן יוגנט און אויך דינען אַלס הכנסה־קוואַל פאַר דער ערשטער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין שטעטל, איז געווען — מעכל ערטער. ער האָט זיך נאָר וואָס געהאַט אומגעקערט פון וואַרשע, וווּ ר׳האָט געאַרבעט שניידעריי אין משך פון אַ צוויי יאָר. אָנגעזאַפּט מיט גרויסשטאָטישער קולטור און וויסן, אָנגעשטעקט מיט הויכן אידעאַליזם

און אָרגאַניזאַציאָנעלן שוווּנג, אַדורכגענומען מיט די נייע ווינטן, וואָס האָבן דעמאָלט געבלאָזן אין דעם באַפרייטן פּוילן, האָט ער זייער געוואָלט אַרויסרייסן זיין פּראַמפּאָל פון לעטאַרגיע און פאַרגליווערונג. אַליין אַ שניידער־מייסטער, וועלכער האָט באַדאַרפט אויסהאַלטן אַ שטוב, איז ער ביז אין די שפּעטע נאַכט־שעהן געזעסן ביי דער ניי־מאַשין. אָבער ער האָט אויך געפונען צייט און ווילן צו ווידמען זיך געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. ביי אים אין דער היים פלעגן זיך צונויפקומען יינגלעך מיט מיידלעך (און דאָס אַליין איז געווען אַ גאַנצע איבערקערעניש אין די באַגריפן און מענטאַליטעט מיט וועלכע דאָס שטעטל האָט געלעבט) — און ס׳איז דאָרט געווען פריילעך. אויס מורא פאַרן פרומען אַרום, האָט מען זיך פאַרזאַמלט הינטער פאַרמאַכטע לאָדנס, געזונגען אַ לידל, געכאַפּט אַ שמועס און אַזוי פאַרברענגט די אָוונטן. אַזעלכע האַלב־קאָנספּיראַטיווע פאַרזאַמלונגען האָבן ביי מיר און ביי נאָך עטלעכע יוגנטלעכע אין מיין עלטער (14־15 יאָר) געוועקט נייגיר. מיר פלעגן זיך פאַרגנבענען אַהין און שעהן אָפּשטיין הינטערן פענצטער, זייענדיק אויסערגעוויינלעך צופרידן פון זייער אופן פארברענגען און רעדן. ביי ערטערן איז אויך געווען דאָס איינציקע אָרט אין פּראַמפּאָל, וווּ מען איז זיך צונויפגעקומען אין פרייטיק־צו־נאַכטס...

2

אין יאָר 1923 (אָדער 1924) האָט מעכל ערטער געשיקט מיך און מיין חבר ביירעך פינקעלשטיין צו שלמה קליידמאַן און ציטרינבוים, מיר זאָלן ביי זיי נעמען ביכער צום לייענען. דאָס ערשטע מאָל וואָס אַ יידיש בוך, פון דער מאָדערנער ליטעראַטור, האָט זיך געפונען אין מיינע הענט. כ׳האָב געשלינגען יעדעס וואָרט. איך ווער אַ סטאַבילער לייענער פון בוך און אַן אָפטער באַזוכער אין דער ביבליאָטעק. די דאָזיקע אינסטיטוציע, פּונקט ווי דער דראַמאַטישער קרייז, האָבן אויך געהערט צו די געזעל־שאַפטלעך־קולטורעלע אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן באַדאַרפט דערנענטערן די יוגנט צו דער ציוניסטישער גרופּע אין שטעטל, וואָס האָט צו יענער צייט שוין געציילט ביי אַ 10 מאַן. בראש פון דער גרופּע זענען געשטאַנען די דריי חברים: ערטער, קליידמאַן און ציטרינבוים.

ערב פּורים 1924, האָבן די דריי צונויפגעזאַמלט די אַלע יוגנטלעכע, וועלכע האָבן זיך אינטערעסירט מיט דער באַוועגונג און זיי אָנפאַרטרויט אַ גרויסע אַרבעט. צעטיילט אונדז אויף עטלעכע געמישטע גרופּן פון א. ג. באַלעבאַטישע און אַרבעטער־קינדער, וועלכע זאָלן באַזוכן די זיי באַשטימטע היימען אין אַ געוויסן ראַיאָן צי גאַס, און בעת דער פּורים־סעודה אויפטרעטן מיט אַן אייגענעם, ציוניסטישן פּורים־שפּיל... אָנשטאָט דעם טראַדיציאָנעלן „אַ גוטער פּורים מלאך, ווו איך גיי פאַל איך...“ — האָבן חברה באַדאַרפט אויפזינגען די „התקווה“, „תחזקנה“ אָדער פאָרשטעלן עפּעס וועגן ארץ־ישראל.

אין די היימען פון באַלמעלאָכעס און „עמך“־יידן, האָט מען אונדז אויפגענומען מיט איבערראַשונג, און גלייכצייטיק אַרויסגעוויזן סימפּאַטיע און פאַרשטענדעניש. דאַקעגן אין

די שטרענג־חסידישע היימען האָט מען נישט געוואָלט אונדז הערן — און אַפילו געוויזן די טיר... דער אָנהייב איז אָבער געמאַכט געוואָרן, מ׳האָט צונויפגעזאַמלט אַ באַדייטנדיקע סומע געלט און פּונקט אַזוי אָרגאַניזירטערהייט ווי מ׳האָט אָפּמאַרשירט אויסצופירן דעם אייגענעם פּורים־שפּיל, אַזוי האָבן מיר אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן זיך געטראָפן מיט קליידמאַנען און ציטרינבוימען און זיי אַוועקגעגעבן דאָס געלט, וואָס איז געווען באַשטימט פאַרן קרן קיימת. מיר האָבן געזען, ווי אין די אויגן פון די עלטערע חברים האָבן זיך באַוויזן טרערן פון גערירטקייט. דער עצם פאַקט פון דערשיינען עפנטלעך אַלס ציוניסטן, אין היימען פון פאַנאַטישער פרומקייט, מיט אַן „אַפּיקורסישן" פּורים־שפּיל — איז געווען אַ געוואַגטער שריט. איצט איז נישט געווען קיין שום ספק, אַז דער ציוניזם האָט דעראָבערט אַ וויכטיקע פּאָזיציע.

פונדעסטוועגן האָבן זיך נאָך געפונען גענוג עלטערן, וועלכע האָבן נישט געוואָלט משלים זיין דערמיט, אַז זייערע קינדער זאָלן אַוועק אויף „שלעכטע וועגן". די קאָנפליקטן צווישן טאַטע־מאַמע און זייערע זין און טעכטער האָבן זיך באַנייט. עס האָט פּאַסירט, אַז קינדער פלעגן אין משך פון צוויי וואָכן נישט אַהיימקומען שלאָפן, אָדער נישט עסן ביי איין טיש מיט די עלטערן. דאָס האָט אָבער נישט געשטערט דער אָרגאַניזאַציע צו וואַקסן און פאַרגרעסערן אירע רייען. אַלץ מער יוגנטלעכע זענען פאַרכאַפּט געוואָרן מיטן ציוניסטישן געדאַנק.

3

נאָכן באַדייטנדיקן דערפאָלג פון דער „פּורים־אַקציע", האָט מעכל ערטער באַשלאָסן צו שאַפן אַ דראַמאַטישן קרייז פון דער פריש־צוגעקומענער יוגנט. אין די ווינטער־אָוונטן איז מען ביי אים אין שטוב געזעסן ביז 11־12 ביינאַכט, געלערנט די ראָלן, געשמועסט — און אַלץ אונטער דער אָנפירונג פון ערטערן, וועלכער האָט נישט אוועק־געלייגט די אַרבעט אויף קיין איין מינוט. נאָך דריי חדשים אינטענסיווע צוגרייטונגען, זענען מיר גרייט געווען צו דער ערשטער פאָרשטעלונג. און די הכנסה דערפון איז באַשטימט געוואָרן פאַרן לאָקאַל, וואָס איז געדונגען געוואָרן ביי רבקה פאַנקעוויטש (אַ גרויסער זאַל). גלייכצייטיק האָט מען יענעם יאָר (1924) ארויסגענומען אַ לעגאַליזאַציע אויף אַ „תרבות"־שול.

דער חנוכת־הבית איז געווען פאַרבונדן מיט אַ טאַנץ־אָוונט, וואָס האָט צוגעצויגן אַ גרעסערן עולם אַרבעטער־יוגנט און אויך געגעבן הכנסה. נאָר פאָרזיכטיק האָט מען געמוזט זיין. די פאַרווײלונג איז פאָרגעקומען ביי פאַרמאַכטע לאָדנס. אַ ספּעציעלער שומר איז געשטאַנען אין דרויסן, כדי וואָרענען אין פאַל פון אַ געפאַר. דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַזאַ שומר איז טאַקע צונוץ געקומען...

ביי דער באָבע דבורה חנהס האָבן זיך דערצויגן פינף אייניקלעך — יתומים. און ווי האָט די קינדער אָפּגעהיטן ווי אירע אייגענע. זעענדיק שפּעט ביינאַכט, אַז דאָס עלטסטע אייניקל האָט זיך נישט אומגעקערט אַהיים, האָט זי זיך אַרויסגעלאָזט איבערן

שטעטל זוכן. ביי דער אַלטיטשקער פרוי איז נישט שווער געווען צו דערגיין דעם סוד ווו עס קומט פאָר אַ טאַנץ־אָוונט. אַז זי איז צוגעקומען צום לאָקאַל, האָט מען דאָס איינינקל גלייך געוואָרנט:

— איטע, די באָבע גייט!

און איטע איז אַנטלאָפן דורך דער הינטער־טיר...

מיטן איינשאַפן זיך אַן אייגענעם לאָקאַל, איז די קולטור־טעטיקייט געפירט געוואָרן מיט מער פאַרנעם. יעדן פרייטיק־צו־נאַכטס האָט שלמה קליידמאַן רעפערירט אויף ליטעראַרישע און ציוניסטישע טעמעס. נאָר ווי דער שטייגער — אַלץ הינטער די פאַרמאַכטע לאָדנס. דער רוב עלטערן האָבן נישט געוווּסט ווו זייערע קינדער פאַרברענגען די פרייטיק־צו־נאַכטסן.

דער דראַמקרייז איז דערווייל נישט געשלאָפן — און זיך געגרייט צו נאָך אַ פאָרשטעלונג. נאָר אין דער וואָך פון דער פרעמיערע, האָט דער ראָזוואַדאָווער רבי ר׳ מנשהלע, וועלכער האָט געווײלט אין שטעטל, גוזר געווען אויף זיינע חסידים, וואָס זייערע קינדער „שפּילן טריאַטער״ — זיי זאָלן דאָס נישט טאָן. יאָסל ציטרינבוים, אַ פשוטער, אָרנטלעכער און שטאַרק פרומער ייד, האָט זיך שטאַרק איבערגענומען מיטן רבס רייד און דער עיקר מיטן פאַקט, וואָס ר׳ מנשהלע ווייסט, אַז זיינע טעכטער שפּילן. מיר האָבן געעצהט די מיידלעך, אַז אין יענער וואָך זאָלן זיי נישט שלאָפן אין דער היים.

עס זענען אויך אַרומגעגאַנגען עקשנותדיקע קלאַנגען, אַז די חסידים וועלן שבת־צו־נאַכטס קומען שטערן און נישט דערלאָזן, אַז די פאָרשטעלונג זאָל צושטאַנד קומען. מיר האָבן באַשלאָסן אַוועקשטעלן אַ שטאַרקע שמירה. ביידע צדדים האָבן זיך געגרייט צו אַ פאַרמעסט. מ׳האָט אַפילו צו׳ וויסן געגעבן דער פּאָליציי. דאָך זענען אַלע געווען צופרידן וואָס די פאָרשטעלונג איז אַדורך בשלום...

עס זענען אָבער געווען נאָכווייען. ווייל זונטיק פרי איז דאָס שטעטל ווידער „געגאַנגען אויף רעדער״. אַז איך און ביירעך פינקעלשטיין זענען געקומען דאַווענען אין בית־המדרש, איז דאָרט געוואָרן אַ גרויסער טומל. ביירעכן האָט מען אַפילו אַרויסגע־וואָרפן פון בית־המדרש. זיין פאָטער יאַנקל האָט זיך דערפון געפילט שטאַרק געטראָפן. ער האָט נישט געוווּסט, אַז זיין זון באַגייט אַזאַ אַפּיקורסות, ער שפּילט טעאַטער. אַהיימ־קומענדיק, האָט ער זיך געזעצט שבעה און אַפילו געריסן קריעה... און מיין חבר ביירעך איז במשך אַ דריי חדשים נישט געקומען אַ היים שלאָפן, מ׳האָט אים איינגעאָרדנט ערגעץ אויף אַ בוידעם, אָדער ביי חברים.

אַזוי האָט דעמאָלט אויסגעזען דאָס לעבן פון דער יידישער יוגנט אין קליינעם שטעטל.

4

אין יאָר 1925 האָט די פראַמפּאָלער ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איבערגעלעבט אַ שווערן קריזיס. דער אַרבעטנדיקער עלעמענט האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דעם ניי־

געגרינדעטן פּראָפעסיאָנעלן פאַריין, וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיטן פאַרטיידיקן די אַרבעטער־אינטערעסן און אויסקעמפן מער רעכט און סאָציאַלע דערגרייכונגען. בלויז דער יוגנטלעכער שוסטער־אַרבעטער יוסף וואַלדמאַן איז געבליבן ביי די ציוניסטן. דער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין איז אינגאַנצן אַרונטערגעפאַלן אונטער קאָמוניסטישער השפעה. שפּעטער האָבן מיר זיך געכאַפּט, אַז איינע פון די וויכטיקסטע סיבות פונעם מאַסנהאַפטן פאַרלאָזן די ציוניסטן איז געווען די, וואָס מיר האָבן נישט געהאַט אַ צענטראַלע, אויטאָריטעטע און צוציענדיקע פּערזענלעכקייט, וואָס זאָל זיין פעיק צו זאַמלען אַרום זיך און פאַראינטערעסירן די יוגנט, וועלכע האָט געלעכצט נאָך וויסן און קולטור, אַ יוגנט, וואָס האָט געזוכט אַ ציל און אינהאַלט אין לעבן.

דער הויפּט־אָרגאַניזאַטאָר פון פּראָפעסיאָנעלן פאַריין איז געווען דער בילגאָרייער שוסטער־אַרבעטער יהושע פליסוואַסער. דאָס האָט ער געווירקט אויף דער פּראַמפּאָלער ציוניסטיש־געשטימטער יוגנט, זי זאָל אַריבער אין פאַריין, וועלכער האָט אגב געפירט אַ שיינע טעטיקייט אויפן פּראָפעסיאָנעלן, ווי אויפן קולטורעלן געביט. זיי האָבן אויסגעקעמפט אַן 8־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג, רעגולירט די לוינען און גלייכצייטיק איינגעאָרדנט רעפּעראַטן און קעסטל־אָוונטן.

די ציוניסטישע גרופּע האָט איצט געציילט ביי אַ 18—20 יינגלעך און מיידלעך. די טעטיקייט האָט זיך כמעט ווי אָפּגעשטעלט, נישט געווען קיין מעגלעכקייט אויסצו־האַלטן דעם גרויסן לאָקאַל און מ׳האָט זיך געמוזט איבערקלייבן אין אַ קלענערן, ביים פּאָליאַק מיאזגא, אויפן סאָקאָלוווקער וועג.

ערשט אין יאָר 1926 האָט מען מיט מער אימפּעט זיך גענומען צו דער אַרבעט. די אידעע פון חלוציזם האָט געשלאָגן טיפע וואָרצלען און די יוגנט האָט זיך אָנגעהויבן גרייטן צו אַ פּראָדוקטיוו לעבן אין ארץ־ישראל. דערווייל האָט מען איינגעשטעלט אַ לאָקאַלע הכשרה, מען האָט געהאַקט האָלץ און געטאָן אַלע פיזישע, שוואַרצע אַרבעטן, כדי זיך צוגעוווינען צום נייעם לעבן אין דעם אַלט־נייעם לאַנד.

דעם זעלבן יאָר האָבן מיר אויך זוכה געווען, אַז די ערשטע חלוצים פון שטעטל זאָלן עולה זיין קיין ארץ־ישראל: לייבל ציטרינבוים, יחזקאל (שלמה רבקהס זון) און מאָטל ליבערבוים. ליידער, נאָך אַ יאָר־צוויי, האָבן זיי זיך אומגעקערט צו זייערע משפּחות אין פּראַמפּאָל.

אין יענער צייט איז דאָס שטעטל אויפגערודערט געוואָרן צוליבן פאַרניכטן אויף אַ וואַנדאַלישן אופן די ביבליאָטעק פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. מען האָט די ביכער פאַרפּאַקט אין זעק און זיי אַריינגעוואָרפן אין ברונעם. אין דער פרי איז דאָס פאַרברעכן אַנטדעקט געוואָרן — אָבער ס׳איז שווער געווען עמעצן קאָנקרעט צו באַשולדיקן, ווייל מ׳האָט קיינעמען נישט געכאַפּט ביי דער האַנט. דערפאַר איז אַפילו נישט מעגלעך געווען צו מעלדן דער פּאָליציי, צי אָנקלאָגן אין געריכט. נאָר געשמועסט האָט מען, אַז דאָס האָבן די קאָמוניסטן אָפּגעטאָן אַזאַ שטיקל אַרבעט און גראָד מיט

דער הילף פון יוסף וואַלדמאַן, אויף וועמען ס׳איז געווען אַ חשד, אַז ער שטייט מיט זיי אין פאַרבינדונג. מיר האָבן אויך געוווּסט, אַז דאָס איז געווען איינער פון די מיטלען (נישט נאָר אין אונדזער שטעטל), אָפּצושוואַכן דעם קעגנער.

5

אין די יאָרן 27־1926 האָט זיך געמערקט אַ פאַרשטאַרקטע אויסוואַנדערונג פון דער אַרבעטנדיקער יוגנט. פּראַמפּאָל איז געוואָרן צו ענג כדי געבן באַשעפטיקונג און פרנסה דעם אונטערוואַקסנדיקן דור. מען איז געפאָרן קיין וואַרשע, מ׳האָט זיך געלאָזט אויף יענער זייט ים, אין ביידע אַמעריקעס. יחידים זענען געבליבן אין שטעטל און במילא איז דאָס גאַנצע געזעלשאַפטלעכע לעבן אָפּגעשוואַכט געוואָרן. מיט דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָבן אָנגעפירט מעכל ערטער און שלמה קליידמאַן.

אין יאָר 1928 האָב איך אויסגעוואַנדערט קיין וואַרשע און געלעבט אין דער הויפּט־שטאָט ביזן יאָר 1930. אין ווארשע האָב איך זיך דערנענטערט צו לינקע פּועלי־ציון. אומקערנדיק זיך קיין פּראַמפּאָל, האָב איך געטראָפן אַן אַנדערע יוגנט און אַ נייעם קאַדער אָנפירנדיקע חברים אין „החלוץ״: בעריש בלומער ז״ל, יצחק זיכלער ז״ל, אברהם ליבערבוים ז״ל, אבא בעכער, יחזקאל פרילינג און חיים קיסלאָוויטש (די לעצטע דריי — איצט אין ישראל).

דער לאָקאַל פון „החלוץ״ האָט זיך געפונען ביי יצחק הוף. יוגנטלעכע פון 12 און 13 יאָר פלעגן אָפּט באַזוכן די פאַרלעזונגען, לייענען ביכער אין דער ביבליאָטעק. די



„החלוץ״ בפראמפול ב־1932 ✶ דער „החלוץ״ אין יאָר 1932

עלטערע האָט מען געשיקט אויף הכשרה. דער ערשטער חלוץ, וואָס איז געפאָרן קיין גראָכאָוו אויף הכשרה, איז געווען יוסף קיסלאָוויטש. דערנאָד זענען משה האכראט, יצחק זיכלער, יוסף רעדלמאַן, משה קליינער, אברהם הוף, דער שרייבער פון די שורות און יחזקאל פרילינג, אַרויסגעפאָרן אויף הכשרה קיין ליובאָמיל (ליבעוונע). אין יאָר 1933 האָבן זיי זיך פון דאָרט אומגעקערט און גלייך באַשטעטיקט געוואָרן צו עליה. ליידער, האָט דערנאָך די חברים דערוואַרט אַן אַנטוישונג. צוליב היטלערס קומען צו דער מאַכט, איז דער רוב סערטיפיקאַטן צוגעטיילט געוואָרן די יידן פון דייטשלאַנד — און במילא האָט מען צוגענומען די שוין באַשטימטע סערטיפיקאַטן פאַר די חלוץ־מיטגלידער אין פוילן.

דער פאַרבליבענער אַקטיוו האָט דערוויַיל באַשלאָסן אויסצונוצן די צייט פון זייער געצוווּנגענעם בלייבן אין פראַמפּאָל און איינגעאָרדנט אין סאָקאָלווקע אַ צוויי־וואָכיקע זומער־קאָלאָניע פון החלוץ־הצעיר. אין דער לעצטער מינוט האָט מען זיך געכאַפּט, אַז ס'איז נישט פאַראַן קיין לעגאַליזאַציע פאַר דער קאָלאָניע. האָט מען באַשלאָסן, אַז שבת פרי וועט חיים קיסלאָוויטש אַוועק קיין בילגאָריי צום סטאַראָסטע מיט אַ בקשה צו דערלויבן אַדורכפירן אין סאָקאָלוקע אַ ציוניסטישן ראַיאָן־צוזאַמענפאָר. נאָר דער גאַנצער ענין איז נישט געווען אַזאַ פּשוטער.

ערשטנס, דער פאַרזיצער מעכל ערטער האָט נישט אונטערגעשריבן די בקשה און ס'איז גלייך באַשלאָסן געוואָרן, אַז עמעץ וועט מוזן פאַר אים חתמענען... צווייטנס, האָט זיך געפאָדערט דער סטעמפּל פון דער אָרגאַניזאַציע, וועלכער איז געווען אין רשות פון סעקרעטאַר יוסף ליכטפעלד. דער לעצטער האָט נאָכן אויפקלערן דעם ענין, געלייגט דעם סטעמפּל. דאַקעגן פאַר ערטערן האָט ווער פון די חברים אונטערגעשריבן זיין נאָמען, אָן זיין וויסן.

גאַנץ באַגינען האָט קיסלאָוויטש זיך אַוועקגעלאָזט צופוס קיין בילגאָריי און נאָך באַוויזן קומען צוריק אַהיים און אַריינשטעלן זיך אין שטוב צום שבתדיקן עסן, כאילו ער קומט גלייך פון דאַוונען. אין דער אמתן האָט ער געהאַט אַדורכגעמאַכט אַ מרחק פון 34 קילאָמעטער אַהין־און־צוריק. נאָר דאָס וויכטיקסטע — די דערלויבעניש איז געבערענגט געוואָרן.

מיט דער זומער־קאָלאָניע האָט אָנגעפירט יצחק ווינער, אַ שליח פון מרכז החלוץ און דוכט זיך, אַז אויך אסתר שוסטער פון קעלצער קיבוץ. דאַקעגן די פראַמפּאָלער חלוצים — יצחק זיכלער, בעריש בלומער און איך, האָבן באַדאַרפט זאָרגן צוצושטעלן פראָדוקטן פאַר די 40 יוגנטלעכע „קאָלאָניסטן". קיין סך געלט איז נישט געווען — און אַז מ'האָט מער נישט געהאַט פאַרוואָס צו קויפן עסן, האָט מען ביי חיה־עטל בלומער אין קראָם גענומען אויף באָרג. דערנאָך האָבן מיר פון די אייגענע קעשענעס באַדאַרפט דעקן דעם חוב...

דעם לעצטן שבת פון דער קאָלאָניע זענען אַהינגעקומען פיל עלטערן און סתם

נייגעריקע צו זען, וואָס דאָרט קומט פאָר. זיי זענען אָנגעקומען גראָד אין דעם מאָמענט, ווען די יוגנט איז געווען אויסגעזעצט אין אַ האַלב־קרייז און יצחק ווינער האָט פאַר זיי רעפעריִרט וועגן קאָמונע־לעבן אין ארץ־ישראל. אויף איינעם פון די צעלטן זענען געהאָנגען די בילדער פון קאַרל מאַרקס און פון באָראָכאָוו, באַצירט מיט רויט. פאַרנאַכט האָט שוין פּאָליציי געוווּסט, אַז אין סאָקאָלוווקע לערנט מען קאָמוניזם... זי האָט זיך טאַקע נישט געפּוילט, אַהין אָוועק, אַרעסטירט יצחק ווינערן און באַפוילן פונאַנדערלאָזן די קאָלאָניע. דער פּאָליציי־פּשאָדאָווניק האָט אויך געהייסן זיך ווייזן די דערלויבעניש און זעענדיק, אַז זי איז ארויסגעגעבן געוואָרן אויפן נאָמען פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע



זומער־קאָלאָניע פון „החלוץ הצעיר״ אין סאָקאָלוווקע, 1934
מושבה של „החלוץ הצעיר״ בסוקולובקה בשנת 1934

האָט ער באַפוילן, אַז מעכל ערטער זאָל זיך צו אים מעלדן. מיר האָבן נאָך באַוויזן צוזויסן צו געבן מעכלען, וואָס ס'איז געשען מיט זיין אונטערשריפט און אים געבעטן, ער זאָל אונדז נישט פארשיטן פאַר דער פּאָליציי. מעכל האָט זיך דערשראָקן און שטאַרק איבערגענומען מיט דער גאַנצער געשעעניש, נאָר אונדז צוגעזאָגט צו באַשטעטיקן אין פּאָליציי, אַז ער האָט געחתמעט די בקשה.

אַלע זענען באַפרייט געוואָרן, די הויפּט־אָרגאַניזאַטאָרן פון דער קאָלאָניע זענען נאָר אָפּגעקומען מיט שרעק. נאָר אין עטלעכע טעג אַרום איז מעכל ערטער אַראָפּ פון

זינען... זיין פרוי האָט די איניציאַטאָרן פון דער ביטע צום סטאַראָסטע און די פעלשער פון אונטערשריפט באַשולדיקט אין דעם אומגליק. נישט איין מאָל האָט זי מיר פאָרגעוואָרפן:

— שלמהקע, איר זענט שולדיק אין דעם, וואָס איז פאָרגעקומען מיט מיין מאַן...

דאָס שטעטל האָט געהאַט אַ סך פאַרדרוס און וויטיק צוליב דער פּאַסירונג. און פונקט ווי מיר האָבן נישט געוווסט צי איז טאַקע דער ענין בקשה געווען די דירעקטע סיבה פון ערטערס קראַנקייט, אַזוי אויך זענען מיר נישט געווען אינגאַנצן זיכער, צי דאָס האָבן טאַקע די רעוויזיאָניסטן צוגעטראָגן דער פּאָליציי וועגן דער „קאָמוניסטישער קאָלאָניע". נאָר אַ גרונט אַזוי צו טראַכטן — איז געווען. דערפאַר האָבן מיר אַלס נקמה־אַקט דעמאָלירט דעם רעוויזיאָניסטישן לאָקאַל, צעריסן די בילדער און צעבראָכן דאָס מעבל.

*

אין דעצעמבער 1934 האָב איך צוזאַמען מיט אברהם הוף עולה געווען קיין ארץ־ישראל, אויפן סמך פון די סערטיפיקאַטן, וועלכע מיר האָבן באַקומען צוגעטיילט פון דער „החלוץ"־צענטראַלע אין וואַרשע.

## הכשרה־טעטיקייט פון החלוץ

אברהם-יצחק הוף / תל־אביב

די אָפיציעלע גרינדונג פון דער החלוץ־אָרגאַניזאַציע אין אונדזער שטעטל, דאַטירט זיך אין יאָר 1931. נאָר אין דער אמתן איז נאָך פון יאָר 1926 אָנגעפירט געוואָרן אַ חלוצישע טעטיקייט אין די ראַמען פון דער ציוניסטישער קולטור־געזעלשאַפט „תרבות". מיטן שטאַרקן זיך פון דער ציוניסטישער אידעע און טאַט אין פראַמפּאָל און מיטן אויסקריסטאַליזירן זיך פון די פאַרשידענע ציוניסטישע גרופּירונגען אין שטעטל, זענען געשאַפן געוואָרן די באַדינגונגען פאַר אַ באַזונדערער אָרגאַניזאַציאָנעלער ראַם פון החלוץ.

אונדזער החלוץ האָט געהאַט צוויי קאַטעגאָריעס חברים: די ערשטע — לעבודה ולהכשרה; די צווייטע — טעטיקע בלויז אין לאָקאַלן סניף. צו דער ערשטער גרופּע האָבן געהערט די חברים: יוסף־הערש קיסלאָוויטש, וועלכער איז געפאָרן אויף הכשרה אין קיבוץ גראָכאָוו; דאַקעגן משה האַכראַט און די ברידער פרילינג האָבן זייער הכשרה אַדורכגעמאַכט אין קעלץ. באַלד נאָך זיי איז אַן אַנדערע גרופּע חברים אַוועק

אויף הכשרה אין קיבוץ באָראָכאָוו אין בענדין: חיים קיסלאָוויטש, יוסף רעדלמאַן, משה קליינער, אסתר זיסמילך און דער שרייבער פון די שורות. די רעזולטאַטן פון דער אַדורכגעמאַכטער הכשרה האָבן נישט לאַנג געלאָזט אויף זיך וואַרטן. ווייל שוין אין יאָר 1934, האָט פראַמפּאָל זוכה געווען צום עולה זיין פון עטלעכע חלוצים קיין ארץ־ישראל, צווישן וועלכע אויך איך האָב זיך געפונען.

דעם אמת געזאָגט, איז די מאַטעריעלע לאַגע פון די החלוץ־מיטגלידער געווען אַזעלכע, אַז אַפילו אויף די נייטיקע הוצאות מיט וועלכע ס׳איז געווען פאַרבונדן דאָס אַרויספאָרן אויף הכשרה — האָט מען נישט געהאַט. אויסער דעם, האָבן די קאַנדידאַטן אויף הכשרה נישט געהאַט די פּסיכאָלאָגישע צוגרייטונג און אינערלעכע, גייסטיקע איינשטעלונג צו שווערער, פיזישער אַרבעט. דעריבער האָט מען אין פראַמפּאָל גופא געמוזט זאָרגן פאַר אַרבעטס־פּלעצער און באַשעפטיקונג פאַר אונדזערע חברים. זיי זענען גרייט געווען צו טאָן אַלע שווערע אַרבעטן אויף וועלכע ס׳האָבן געהאַט דעם „מאָנאָפּאָל" די פּאָליאַקן, אַבי זיך אַליין צוגרייטן צו דער אַרבעט אין הכשרה־קיבוץ אין פוילן און צו דער אַרבעט אין ארץ־ישראלדיקן קיבוץ. און איבער אַלץ — אַ דאַנק דעם האָט די קאַסע פון דער החלוץ־אָרגאַניזאַציע שטענדיק דיספּאָנירט מיט אַ געוויסן פאָנד, וואָס האָט דערמעגלעכט צו העלפן די נויטבאַדערפטיקע מיטגלידער, פירן אונדזער קולטור־דערציערישע טעטיקייט און אויך אויסצובריי‍טערן די ביבליאָטעק.

למען האמת דאַרף געזאָגט ווערן, אַז די עקזיסטענץ פון החלוץ אין שטעטל איז געווען צו פאַרדאַנקען נישט נאָר דעם אידעאישן טייל פון דער יוגנט, וואָס האָט בלב ובנפש זיך געווידמעט דער אָרגאַניזאַציע. געווען אויך אַ גרופּע פריינד פון דער באַוועגונג, פון דעם א. ג. עלטערן דור. זיי האָבן נישט נאָר משלים געווען מיטן פאַקט, וואָס דער החלוץ דערציט און פלעגט ליבע צו אַרבעט, שטרעבט אריבערפירן וואָס מער יידן קיין ארץ־ישראל — נאָר גרייט געווען ממשותדיק צו העלפן דער באַוועגונג. זאָל ביי דער געלעגנהייט דערמאָנט ווערן דער נאָמען פון מיין פאָטער וואָלף־בער הוף ז״ל, וועלכער האָט אַוועקגעשענקט אַ גרויסן צימער פאַרן לאָקאַל פון החלוץ און אַרויסגעוויזן אַ סך פאַרשטענדעניש און הילף דער אָרגאַניזאַציע.

היינט, אַז מען כאַפּט אַ בליק אויף צוריק, מעג מען זיין שטאָלץ פון די אויפטוען פון יענעם הייפל יוגנטלעכע אין שטעטל, ביי וועלכע דער באַגריף אַרבעט איז געווען נישט נאָר אַ מיטל צו זיכערן זיך פערזענלעכן קיום, נאָר ממש אַ גאַנצע אידעע. און די הכשרה־טעטיקייט פון „החלוץ" האָט אויף דעם געביט אַ סך, אַ סך אויפגעטאָן. ס׳איז נאָר צו באַדויערן, וואָס דער גרעסטער טייל פון יענער טרוימערישער און קעמפערישער יוגנט איז אַזוי אַכזריותדיק אומגעקומען, נישט דערלעבנדיק צו קומען אין אייגענעם לאַנד — דעם אייגנטלעכן חלום און שטרעבונג פון זייער לעבן...

# דאס שטעטל ווי איך געדענק עס

יחזקאל פרילינג / רמת־גן

### פראַמפּאָל אין דער יידישער ליטעראַטור

פראַמפּאָל ווערט גאָר ווייניק דערמאָנט אין דער אַזוי רייכער יידישער ליטעראַטור, צוליב דער פאַרוואָרפנקייט און ווייטקייט פון אַ גרעסערן צענטער (קיין זאַמאָשטש איז געווען אַ מרחק פון אַ 50 קילאָמעטער); די שלעכטע פאַרבינדונג מיט דער אַרומיקער וועלט — קיין באַן־ליניע, קיין שאָסיי, ווייל די צאַרישע מאַכט איז נישט געווען אין דעם פאַראינטערעסירט.

אין זיין בוך „דער שטן אין גאָריי״ שילדערט טאַקע י. באַשעוויס, ווי די פורן מיט חסידים, וואָס פאָרן צום רבין קיין בילגאָריי, זינקען ממש אין די פראַמפּאָלער בלאָטעס. דער גרויסער י. ל. פּרץ האָט מיט זיין פעדער דערגרייכט בלויז ביזן דאָרף גרייעץ, וואָס ליגט 10 קילאָמעטער נענטער צו זיין שטאָט און געשילדערט דאָס לעבן פון אַ גרופּע דאָרטיקע יידישע לאַנדווירטן.

אַ זייער שיינע דערציילונג וועגן פראַמפּאָל, וואָס לייענט זיך מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם, האָט אָנגעשריבן י. י. זינגער. אויך י. באַשעוויס האָט אין זיין ראָמאַן „דער הויף״ באַשריבן פראַמפּאָל (יאַמפּאָל).

פראַמפּאָל, ווי פיל שטעטלעך אין דער לובלינער וואָיעוואָדשאַפט, איז געלעגן אין אַ זייט, ווייט פון אַ גרויסן שטאָטישן צענטער, אָן אַן אייגענער באַן־סטאַציע. אַפילו נישט געהאַט די זכיה צו האָבן ביי זיך אַ גרויסן, צענטראַלן שאָסיי. אַזאַ לאַגע האָט בעל־כורחו משפּיע געווען נישט נאָר אויף דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון שטעטל, נאָר אויך געצוימט דעם קולטורעלן פאָרשריט.

די נאָענטסטע גרויסע שטאָט איז געווען זאַמאָשטש, אַ מרחק פון אַ 45 קילאָמעטער פון פראַמפּאָל. און כדי קומען צו דער נאָענטסטער באַן־סטאַציע — זוויעזשיניעץ — איז אויך געווען אַ „פּאָלג מיך אַ גאַנג״ פון אַ 30 קילאָמעטער. בילגאָריי פון דרום און יאַנאָוו־לובעלסקי פון מערב זענען טאַקע געווען גרעסערע צענטערס, אָבער זיי זענען נישט געווען בכוח קולטורעל צו באַדינען אונדזער שטעטל.

דעריבער איז דאָס לעבן זיך דאָ געפלאָסן, לויט אַלע כללים פון אַ זייטיקן ישוב, באַוווינט פון א 3000 יידישע נפשות, אויף אַן אַלגעמיינער צאָל פון 5000 איינוווינער. אַ 40 פּראָצענט פון דער יידישער דערוואַקסענער און אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג האָט זיך פאַרנומען מיט מלאכה: שוסטעריי, שניידעריי, סטאָלעריי, רימעריי און אַנד. די אַנדערע 60 פּראָצענט האָבן זיך געווידמעט דעם האַנדל אין שטעטל גופא און אין די דערפער, אַריינגערעכנט דאָס אַרענדירן סעדער. קלאָר, אַז אין אַזאַ פראַמפּאָל האָבן אויך

נישט געפּעלט קיין כלי־קודש. שווער צו זאָגן, אַז דאָס שטעטל זאָל האָבן געהאַט אירע גבירים.

געזעלשאַפטלעך — האָט נאָר געווירקט דער רעליגיעזער כוח. אין אָנהייב פון היינטיקן יאָרהונדערט איז נישט געווען זיך פאַרצושטעלן ווייטגייענדיקע ענדערונגען. דאָס שטעטל האָט, בדרך־כלל, געדרימלט. און אויב עס האָט זיך אַמאָל גערודערט — איז אַרום די וואַלן פון א רב, אַ רכילותל, אַ סקאַנדאַלעכל — ביזן פאַרגעסן ווערן.

פונדעסטוועגן איז פּראָמפּאָל נישט געבליבן אינגאַנצן איזאָלירט פון דער דרויסנ־דיקער וועלט. ידיעות פלעגן דערגיין אַהער מיט אַ געוויסער פאַרשפּעטיקונג און פאַרקריפּלונג — אָבער זיי זענען דאָך דערגאַנגען! און אַזאַ געשעעניש ווי די באַלפור־דעקלאַראַציע האָט גלייך אַרויסגערופן אַ יוירונג. עטלעכע יונגעלייט, טיפּישע בית־המדרש בחורים, האָבן אין געהיים אָרגאַניזירט אַן אייגן שטיבל, וואָס האָט באַקומען דעם נאָמען „ציוניסטיש שטיבל". דאָס אַליין איז שוין געווען אַ גרויסער אויפטו. ווייל פירן ציוניסטישע טעטיקייט, ווי דאָס איז געטאָן געוואָרן אין אַנדערע ערטער — האָט מען אַפילו נישט געטראַכט. אָבער די ערשטע שוואַלב האָט זיך באַוויזן — און זי האָט טאַקע געבראַכט דעם ציוניסטישן פרילינג אין שטעטל. דאָס עצם גרינדן אַ שטיבל נישט אויף דעם נאָמען פון אַ רבין, איז דעמאָלט געווען אַ געוואַגטער שריט.

אין ציוניסטישן שטיבל האָבן זיך גרופּירט בעלי־מלאכות און אַרבעטער, ווי אויך חסידישע יונגעלייט, וועלכע האָבן געזוכט באַנייאונג פאַר זיך און פאַרן פאָלק. פון דער־אָ גרופּע איז שפּעטער אויסגעוואַקסן אַ קערן פון יוגנטלעכע, וועלכע האָבן אָנגעהויבן טראַכטן מיט ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע קאַטעגאָריעס. מיט דער צייט זענען זיי געוואָרן דער שטאַרקסטער און אַקטיווסטער געזעלשאַפטלעכער כוח אין שטעטל. דאָ האָט געשפּרודלט מיט לעבנס־פריידי, אָפּטימיזם און דאָס געזאַנג, די האָרא־טענץ און די גאַנצע קולטורעלע אַרבעט האָבן ווי אַ פריש ווינטל זיך אריינגעריסן אין שטעטל און ממש אדורכגעפירט אַן איבערקערעניש אין די מוחות פון אונדזער יוגנט.

## פּאַרטייען און געזעלשאַפטן

דער חסידיזם איז געווען טיף איינגעוואָרצלט ביי די צוויי טויזנט יידישע נפשות, וואָס האָבן באַוואוינט דאָס שטעטל. דער גלויבן אין רבין האָט געצויגן זיין יחוס נאָך פון חוזה פון לובלין און פון זאַקליקאָווער רבין. דער פאַנאַטיזם האָט געהערשט אויף דער יידישער גאַס און נישט דערלאָזט קיין ביסל פּראָגרעס.

ערשט אין יאָר *1918*, נאָכן אַנטשטיין פונעם אומאָפּהענגיקן פּוילן, האָבן צוויי וועלט־געשעענישן דורכגעבראָכן די מויערן פון שטעטלדיקן פאַנאַטיזם: די באַלפור־דעקלאַראַציע און די אָקטאָבער־רעוואָלוציע.

די ערשטע שוואַלב פון וועלטלעכקייט באַווייזט זיך אין דער פאָרם פון קולטור־פאַראיין „תרבות", וואָס איז בלויז דער קערן פון אַ ברייט־פאַרצווייגטער ציוניסטישער

טעטיקייט און פון דער חלוצישער באַוועגונג. אין שפּיץ פון „תרבות" זענען געשטאַנען טרייע און איבערגעגעבענע טוער: מעכל ערטער, לייבל ציטרינבוים און — ר׳זאָל זיין אָפּגעשיידט צום לעבן — שלמה קליידמאַן. אַליין געוועזענע בית־המדרשניקעס, האָבן זיי באַוויזן מיטצורייסן מיט זיך פאַרן נאַציאָנאַלן געדאַנק פיל חסידישע יונגעלייט, וואָס האָבן אַדורכגעמאַכט די הכשרה־פּונקטן אין קעלץ, בענדין, באַראַנאָוויטש און דערנאָך עולה געווען קיין ארץ־ישראל. אויך די רייכע ביבליאָטעק, אָנגעפירט דורך אַ גרופּע אַקטיווע טוער, ווי: בעריש בלומער (אומגעקומען אין שטעטל), איטשע זיכלער (געפאַלן אין מלחמת הקוממיות), וואָלף פינקעלשטיין, חיים וועלטשער, יחזקאל פרילינג און חיים קיסלאָוויטש (אַלע היינט אין ישראל), האָט צוגעצויגן הונדערטער לייענער, רייכע און אָרעמע, סוחרים און בעלי־מלאכות, לוין־אַרבעטער און לערן־יוגנט. אַלע האָבן גענאָסן פון דער ביבליאָטעק. ס׳איז אויך אַנטשטאַנען אַ שטאַרקער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין, וואָס האָט דורכגעפירט שטרייקן און געהויבן די פאַרדינסטן פון די לוין־אַרבעטער. זיי האָבן אויך געקעמפט מיט די מאַכט־אָרגאַנען, וואָס האָבן פאַרמאַכט דעם פאַריין, נאָכדעם ווי ר׳איז באַהערשט געוואָרן דורך די קאָמוניסטן. די פאַריינס־טוער יהושע פליסוואַסער, יוסף האָניגמאַן, בעריש לעווינגער א. אַ. האָבן שפּעטער געמוזט אויסוואַנדערן מעבר־לים, צוליב די מוראדיקע שיקאַנעס וואָס זיי האָבן געהאַט אויסצושטיין מצד דער מאַכט. ס׳זענען אויך אַנטשטאַנען קלענערע פּאָליטישע פאַרטייען, ווי לינקע פּועלי־ציון. דאָס זענען געווען זייער באַוווסטזיניקע חברים. בראש זענען געשטאַנען: מאיר וועלטשער, די ברידער פאַנקעוויטש און ב. לעווינגער. זיי פלעגן יעדן שבת נאָך מיטאָג האַלטן זייער שיינע רעפעראַטן אין דערבייאיקן וואַלד. געווען אויך אין שטעטל בונדיסטן און בית״ריסטן, וואָס זייערע נעמען געדענק איך נישט.

כדי קעגנווירקן דער השפּעה פון די וועלטלעכע און סאָציאַלע אידעען, וואָס האָבן אָנגעהויבן אַריינצודרינגען צווישן דער חסידישער יוגנט, האָבן אויך די פרומע געמוזט מיטגיין מיט דער צייט. אַזוי איז אַנטשטאַנען די פאַרטיי „אגודת ישראל", וועלכע האָט גלייך דערקלערט אַ מלחמה עד חורמה אַלע אַנדערע פאַרטייען, איבערהויפּט דער ציוניסטישער באַוועגונג. זיי האָבן דערקלערט אַ חרם אויף די, וואָס ווילן, אָדער קלויבן זיך צו פאָרן נאָך ארץ־ישראל. זיי האָבן זיך באַמיט איינצוהאַלטן די השפּעה פון בית־המדרש אויפן יונגן און עלטערן דור — אָבער אָן דערפאָלג. די גייסטיקע פירער זייערע: ר׳ שמואל יוסף קעסטענבוים, אַן ערלעכער און שטאַרק פאַנאַטישער ייד, וואָס זיין שמונה־עשרה שטיין איז געווען אַ שם־דבר; דעם רבס איידעם ר׳ נאָטע, אַ פרומער פייערדיקער לערנער און דערצו אַ גרויסער קבצן; מענדל איטשעלעס, אַ ליידנשאַפטלעכער קעמפער קעגן וועלטלעכקייט — די אַלע הדרת־פּנימדיקע יידן האָבן בתמימות געגלייבט און אויך געפּרוווט איבערצייגן אַנדערע, אַז די ישועה קאָן קומען נאָר פון גאָט — און דעריבער דאַרף מען אַלץ אויפנעמען באהבה און וואַרטן ביז ביאת המשיח.

## החלוץ הצעיר

די יאָרן 30—1926 זענען געווען דער באַרג־אַרויף פון דער חלוצישער אָרגאַני־זאַציע אין פּראַמפּאָל. יוגנטלעכע פון 17—19 יאָר האָבן דאָ געזוכט ענטפערס אויף די אַלע פראַגן, וואָס האָבן זיי געמאַטערט. נאָר פּאַר אַלעמען איז נייטיק געווען דער איבערברוך אין זייער באַציאונג צו אַרבעט. דער ענין פון כיבוש־עבודה — דעראָבערן אַרבעטס־פּלעצער — איז געווען ענג פאַרבונדן מיטן פלעגן אויך אהבת עבודה, ליב האָבן די אַרבעט. דאָס איז געווען אַ גרויסע איבערלעבונג פאַרן שטעטל, ווען יעדן פרימאָרגן פלעגן יוגנטלעכע פון באַלעבאַטישע הייזער אַרויסמאַרשירן צו אַזעלכע אַרבעטן, וואָס נאָר קריסטן האָבן געהאַט אויף זיי דעם מאָנאָפּאָל. אין דערבייאיקן



„החלוץ הצעיר" בשנת 1932 ✶ דער „החלוץ הצעיר" אין 1932

טאַרטאַק פון יוזעף מיאַזגאַ האָבן יידישע יונגעלייט אָנגעהויבן זיך צוגעוווינען צו פיזישער אַרבעט. און פון דעמאָלט אָן נישט געמיאוסט זיך מיט כל־מיני באַשעפטי־קונגען. דער טראַדיציאָנעלער און אין משך פון לאַנגע דורות פאַרוואָרצלטער יידישער לעבנס־שטייגער אין פּראַמפּאָל, האָט זיך לאַנגזאַם אָנגעהויבן צו ענדערן.

באַגלייך מיט דער ליבע צו אַרבעט, האָט די אָרגאַניזאַציע אויך דערוועקט ליבע צום בוך און באַמיט זיך גלייכצייטיק צו שטילן דעם דורשט פון דער יוגנט נאָך וויסן און בילדונג. רעפעראַטן פון אייגענע און צוגעפאָרענע רעדנערס, קרייזן, לעקציעס און שמועסן, די געגרינדעטע מיט אייגענע כוחות ביבליאָטעק, וואָס איז דערגאַנגען צו טויזנט ביכער, די קעסטל־אָוונטן — האָבן אויסגעברייטערט דעם האָריזאָנט,

פאַרטיפט דעם וויסן און אַנטוויקלט די מוחות. מיר האָבן נישט מוותר געווען אויף אַ דראַמאַטישן קרייז, וואָס האָט אַפילו געוואָגט עטלעכע מאָל אַרויסצופאָרן מיט פאָרשטעלונגען קיין גאָריי, יאַנאָוו־לובעלסקי און טוראָבין.

די איניציאַטאָרן פון דעם זעלבסט־בילדונגס־קרייז, וואָס האָט זיך שפּעטער פאַרוואַנדלט אין אַ פונדאַמענט פאַרן החלוץ הצעיר, זענען געווען: יצחק זיכלער ז״ל, בעריש בלומער ז״ל, שלמה קליידמאַן, חיים קיסלאָוויטש, משה האָכראָט, אבא בעכער, דער שרייבער פון די שורות און אַנדערע, וואָס זייערע נעמען געדענק איך נישט. מיר פלעגן לאַנג און ליידנשאַפטלעך דיסקוטירן און באַהאַנדלען די אַדורכגעלייענטע ביכער און צייטונגען, זוכנדיק, ווי דער שטייגער אין יענער תקופה, אַ סאָציאַליסטישע און גלייכצייטיק נאַציאָנאַלע לייזונג צו אַלע אָנגעווייטיקטע יידישע פּראָבלעמען. זייענדיק פאַרטאָן אין דער וועלט פון אידעאָלאָגיע, האָבן מיר, ווי געזאָגט, נישט פאַרגעסן אין דער פּראַקטישער אַרבעט, ווי דינגען אַ לאָקאַל אויף דער יאַנאָווסקע גאַס, אין הויז פון וואָלף־בער הוף, אויפשטעלן דאָ אונדזער גרויסע ביבליאָטעק און איינשפּאַנען די חברים צו ממשותדיקער אַרבעט.

פון דער צענטראַלע אין וואַרשע, געדענק איך, האָבן אונדז באַזוכט יצחק ווינער און טוביה באָזשיקאָווסקי. זייערע שבחים אויפן אַדרעס פון דעם פּראַמפּאַלער החלוץ, זענען געווען פולשטענדיק באַרעכטיקטע.

אַ באַזונדער קאַפּיטל זענען געווען די זומער־קאָלאָניעס. אין דאָרף סאָקאָלוווקאַ, צוויי קילאָמעטער פון שטעטל, פלעגן יידישע יינגלעך און מיידלעך אַרויספאָרן יעדן זומער אויפן דאָרף און פאַרברענגען אויף דער פרישער לופט — ביים טייך, באַרג און פעלד. אַפילו די פרומע עלטערן האָבן זיך געפרייט מיט די אויפטוען פון דער זומער־קאָלאָניע און באַגלייט זייערע קינדער מיט ברכות אין וועג אַריין...

אַ סברה, אַז די אַלע אויפטוען און דערגרייכונגען פון החלוץ הצעיר, האָבן אַרויס־גערופן קנאה ביי די אַנדערע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס אין שטעטל, ווי: בית״ר, אַגודת ישראל, קאָמוניסטן און די אַנדערע ציוניסטישע גרופּירונגען. יעדער פון זיין שטאַנדפּונקט און מיט זיינע אַרגומענטן, האָט באַקעמפט דעם החלוץ. באַזונדערס פאַרשאַרפט דעם קאַמף האָבן די וואַלן צום 18טן ציוניסטישן קאָנגרעס. די פאַר־זאַמלונגען און דיסקוסיעס אין וואַלד האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער ערנסטקייט און הויכן ניוואָ.

קלאָר, אַז דער אידעישער געראַנגל, האָט נאָר געשטאַרקט אונדזערע רייען. בלויז דער שטייגנדיקער אַנטיסעמיטיזם אין פּוילן און היטלערס קומען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד, האָבן געדיכטער געמאַכט די אַטמאָספער אַרום די יידן און געצוווּנגען די יוגנט צו טראַכטן וועגן אַן אויסוועג.

אַ באַדייטנדיקער טייל פון אונדזער חלוצישער יוגנט איז אַרויסגעפאָרן אויף הכשרה קיין קאַטאָוויץ, בענדין, לאָדזש, קעלץ, ביאַליסטאָק, באַראַנאָוויטש און פּינסק.

מיר האָבן נאָך באַוויזן אַרויסצושיקן אייגענע חלוצים קיין ארץ־ישראל. משה

האָכראַט, שלמה פרילינג, משה קליינער, אסתר זיסמילך, חיים קיסלאָוויטש, יצחק זיכלער ז״ל און אַנדערע — זענען מיט געזאַנג און טענץ באַגלייט געוואָרן, ממש פון גאַנצן שטעטל, ביז אויפן בילגאָרייער שאָסיי. אַנדערע ווידער האָבן זיך נישט געקענט אָפּזאָגן פון דעם פאַרגעניגן מיטצופאָרן ביז דער באַן־סטאַציע זוויעזשיניעץ און ערשט דאָרט זאָגן דעם „צאתכם לשלום״ די חלוצים־עולים.

און די וואָס פלעגן זיך אומקערן קיין פראַמפּאָל פון די הכשרה־פונקטן — איז נישט געווען צו דער־קענען. די זעלבע היימישע יוגנטלעכע אונדזערע, נאָר מיט אַ נייער מענטאַליטעט און צוגאַנג. זיי אַלע זענען אויסגעוואַקסן גייסטיק און פּאָליטיש.

## דער אומקום

דאָנערשטיק, דעם 31טן אויגוסט 1939. אין פראַמפּאָל פילט זיך נישט דער ערב שטורעם, קיינער זעט נישט פאָרויס, אַז שוין מאָרגן וועט אויסברעכן די צווייטע וועלט־מלחמה. אין שטעטל גייט אָן אַ נאָרמאַל לעבן, ווי יעדן טאָג. יידישע באַלעגאָלעס צעפירן סחורות און פּאַסאַזשירן אויף יאַרידים און סתם באַזוכן אין די שכנותדיקע שטעטלעך. טאַנדייט־שנײַדערס, שוסטעַרס, סוחרים און קרעמער לאָזן זיך אין וועג אַריין צו פאַרגרייטן רוישטאָף צום האַרבסט־ און ווינטער־סעזאָן. און די דאָרפס־גייער, וואָס האָבן געפירט מסחר מיט די אַרומיקע דערפער, זענען ווי יעדן פרימאָרגן געגאַנגען אויף די פּאַר־שטויבטע וועגן און געפּרעפּלט זייערע תפילות, בעטנדיק ביים רבונו־שלי־עולם אַ מזלדיקן טאָג מיט פרנסה אויף אַ גאַנץ לעבן... און די בעלי־מלאכות, וואָס זענען געבליבן אין שטעטל, זיצן שוין ביי די וואַרשטאַטן און דורך די אָפענע פענצטער טראָגט זיך אין דער לופט דער גערויש פון דער ניי־מאַשין, צי דאָס געקלאַפּעריי פון העמערל.

די מתפללים פון ערשטן מנין האָבן נאָר וואָס פאַרלאָזט דאָס בית־המדרש — און אויף זייער אָרט קומען אַנדערע. אַ ביסל שפּעטער זעט מען שוין חברה קליינוואַרג גיין אין די חדרים און אין שול אַריין. אין פראַמפּאָל האָט זיך געשטעלט נאָך איין טאָג... נאָר אין דער לופט איז פאָרט געהאָנגען אַן אומרו, שפּאַנונג, דערוואַרטונג. די יידן אין שטעטל, פונקט ווי דאָס גאַנצע פוילישע יידנטום, האָבן געהאַט הינטער זיך פּשיטיק, בריסק, די שחיטה־גזירות, פּיקעטן, אַנטיסעמיטיזם אין לאַנד גופא, און די אָפּטע מלחמה־דראָונגען פון היטלערן פון יענער זייט גרענעץ. עסטרייך און טשעכאָסלאָוואַקיי זענען שוין פון לאַנג געפאַלן אַ קרבן פון דער דייטשער אַגרעסיע — איצט איז אַוודאי די ריי אויף פוילן...

פרייטיק גאַנץ פרי, דעם 1טן סעפּטעמבער 1939, האָט מען אויך אין פראַמפּאָל שוין געוווּסט וועגן אויסברוך פון קריג. ווי נאָר מ׳האָט אַרויסגעהאָנגען די מעלדונגען וועגן מאָביליזירן עטלעכע יאָרגענג — האָבן זיך באַוויזן דייטשע עראָפּלאַנען. אין שטעטל איז געוואָרן אַ בהלה. איך בין שנעל אַריין אין שטוב, וווּ מיין מאַמע האָט זיך

געפּאָרעט ביים גרייטן די שבתדיקע מאכלים און דערביי געהייצט דעם אויוון פאַר די טשאָלענטער, מיט וועלכע זי האָט באַזאָרגט אַלע שכנים. אַזוי האָט זי זיך געפירט איר גאַנץ לעבן... פּשוט — לשם מצווה! זי האָט אין מיין צעשראָקענעם פּנים דערקענט, אַז עפּעס אומגעווײנלעכס קומט פאָר — און אַ געשריי געטאָן: „ווו זענען מיינע קינדער?" איך בין צוריק אַרויס, צוזאַמענגענומען די קינדער און אַלע האָבן זיך געלאָזט לויפן צו די ביימער פון יאַנטעטשיקן, זוכנדיק דאָרט שוץ קעגן די רוצחים פון דער לופט. מיר הערן באַלד דעם געוואָי פון די פאַלנדיקע באָמבעס און די שטאַרקע אָפּהילכן פון די אויפרייסן. צום גליק, פאַלן די באָמבעס אויף די סאָקאָלאָוועקער פעלדער און דאָס מאָל זענען נישט געווען קיין מענטשלעכע קרבנות. אָבער יענעם פרייטיק־צו־נאַכטס האָט מען שוין נישט געזונגען אויפן הויכן קול די שבתדיקע זמירות. פאַרציטערט און פאַרצווייפלט האָט מען געוואַרט וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען.

און דער מאָרגן האָט געבראַכט מיט זיך... עוואַקואַציע. לויט אַ ספּעציעלן היתר פון רב, האָבן ייִדן אַליין געשפּאַנט פערד־און־וואָגן, אָדער געדונגען וועגענער ביי די פּאַליאַקן און זיך פאַרנומען פון שטעטל. אייגנטלעך, האָט דאָס אַנטלויפן פון שטעטל זיך אָנגעהויבן נאָך פרייטיק, אָבער שבת האָט עס אַרומגענומען כמעט אַלע ייִדישע הייזער. געלאָפן איז מען נישט ווייט — בלויז אין די שכנותדיקע דערפער. איך, מיין מאַמע גיטל און שוועסטער רייזל זענען אַוועק אין דאָרף קאָמאַדזשאָנקע, עטוואָס ווייט פון פראַמפּאָל, אָבער דאָרט האָט מען זיך באַדאַרפט פילן זיכערער צוליב די נאַטירלעכע פעסטונגען און טיפע טאָלן מיט בערג. דאָס דאָרף איז אויסער דעם געלעגן צווישן סאָסנע־וועלדער.

פראַמפּאָל האָט זיך אויסגעליידיקט. די עוואַקואירטע האָבן נאָר אין די אָוונטן געוואַגט קומען אין שטעטל, נעמען פון זייערע היימען די נייטיקסטע זאַכן, דערליידיקן ענינים — און צוריק אין דער באַהעלטעניש.

אַזוי זענען פאָריבער עטלעכע טעג — ביז ערב ראש־השנה, ווען דייטשע באָמבעס זענען אין גרויסע צאָלן געפאַלן אויפן שטעטל און עס אונטערגעצונדן פון אַלע פיר זייטן. די ייִדן וואָס זענען יענעם טאָג געקומען אין שטעטל, כדי זיך צוגרייטן צום יום־טוב, ווינטשן אַ גוט יאָר און גלייכצייטיק זיך דערוויסן נייעס — זענען שוין נישט אַלע געקומען צוריק צו זייערע אויסבאַהאַלטענע פאַמיליעס. ביי אַ דרייסיק פראַמפּאָלער ייִדן זענען אומגעקומען פון די באָמבעס און שריפות. מיר האָבן פון קאָמאַדזשאָנקע געזען די פייער־צונגען און קנוילן רויך, וואָס האָבן זיך געטראָגן איבערן שטעטל און חרוב געמאַכט שווערע מי און האָרעוואַניע אין משך פון דורות. מיין מאַמע און שוועסטער האָבן זיך שטאַרק צעוויינט, צוקוקנדיק זיך צו דעם חורבן. איך, דעמאָלט נאָך אַ יוגנטלעכער, האָב זיי באַדאַרפט טרייסטן און באַרויקן, אַז די מלחמה וועט זיך שנעל ענדיקן און מיר וועלן זיך נאָך אומקערן אַהיים. פאַרשטייט זיך, אַז כ'האָב נישט געגלויבט מיינע אייגענע רייד, פילנדיק בחוש די זיך דערנענטערנדיקע קאַטאַסטראָפע,

הגם ס׳איז דעם גרעסטן פעסימיסט שווער געווען זיך פאַרצושטעלן אַז זי וועט אָננעמען אַזעלכע מאַסשטאַבן...

יענע נאַכט איז שוין קיינער נישט געשלאָפן. באַגינען בין איך מיט מיין שוועסטער אַוועק אין שטעטל זיך דערוויסן נייעס. די מאַמען האָבן מיר איבערגעלאָזט אין דאָרף, ביים אָפענעם מחזור, זי זאָל פאַר אונדז און פאַר כל ישראל אויסבעטן אַ גוט יאָר.

דער וועג קיין פּראַמפּאָל איז נישט געווען אַזאַ לייכטער ווי מיר האָבן זיך פאָרגעשטעלט. די אָפטע באָמבאַרדירונגען און די מאַסע פּליטים אויף די וועגן האָבן נישט געלאָזט פריי זיך באַוועגן. צוקומענדיק צום שטעטל, האָט זיך פאַר אונדזערע אויגן אַנטפּלעקט אַ שרעקלעך בילד: גאַסן, הייזער און געשעפטן — זענען אָפּגעמעקט געוואָרן. נישטאָ קיין זכר פון אַ גרויסן טייל שטעטל. מיט אַמאָל דערטראָגט זיך צו אונדזערע אויערן דאָס יום־טובדיקע דאַווענען. אין גאָרטן פון יאַן סאָבטשאַק האָבן ייִדן, אָנגעטאָן אין קיטלען און טליתים, געבעטן גאָט צו באַשיצן זיי פון די מלחמה־סכנות. עס דערהערט זיך דער באַקאַנטער ניגון פון ונתנה תוקף. שמואל יוסף קעסטענבוים, נאָטע דעם רבס, מענדל איטשעלעס און אַנדערע ייִדן דאַווענען אונטערן פרייען הימל, הייבן זייערע הענט צו גאָט. אייניקע ביימער אַרום זיי זענען אָפּגעברענט, ווייזט אויס, אַז דאָס פייער האָט נעכטן דערגרייכט אויך אַהער.

לאַנג שטיין קען איך נישט. איך מוז גיין זען, וואָס איז געוואָרן מיט אונדזער הויז. נישטאָ... אַוועק אין די פלאַמען. צוזאַמען מיטן ביסל אָרעמקייט. איצט זענען מיר געבליבן מיט דעם, וואָס מ׳האָט געטראָגן אויף זיך. מיין שוועסטער און איך קוקן זיך שטום איבער. מיר זענען פאַרזונקען אין מחשבות...

מיט אַמאָל דערהערן מיר טריט. אַ פרוי מיט צוויי קליינע קינדער בעט מיט אַ וויינענדיק קול, מען זאָל אויף איר רחמנות האָבן. זיי זענען פּליטים פון קראָקע. פאַרבייגייענדיק נעכטן פּראַמפּאָל, האָט אַ באָמבע־שפּליטער געטראָפן איר מאַן, ווען זיי האָבן זיך אָפּגערוט אין איינעם פון די סעדער. זי וויל בלויז איר מאַן ברענגען צו קבר ישראל און בעט דעריבער מיין הילף. זי מיט די קינדער זענען נישט אימשטאַנד אַדורכצופירן די קבורה.

צוזאַמען מיט נתן קעסטענבוים, האָבן מיר דעם טויטן קערפּער אַוועקגעפירט אויפן בית־עלמין און אין ראש־השנה געטאָן אַלע רעכט דעם געפאַלענעם פּליט.

די לופט־אַטאַקעס אויף פּראַמפּאָל און אויף דער אַרומיקער געגנט — האָבן נישט אויפגעהערט. מיר באַשליסן צו פאַרלאָזן דאָס דאָרף, ווייל קיין באַקאַנטע פּויערים זענען דאָ נישט געווען. עטלעכע טעג נאָך ראש־השנה זענען מיר אַריבער אין דאָרף סאָקאָלוווקי, וואָס איז געווען נענטער צום שטעטל. דאָ האָט מען גוט געקענט מיין מוטער, צו עסן איז געווען און מ׳האָט שוין נישט געליטן קיין הונגער ווי פריער אין קאָמאַדזשאַנקע. דער פּויער שימעק שוואַטאָווסקי האָט אונדז אָפּגעגעבן אַ צימער און געהאָלפן, וויפל ער האָט געקענט.

ערב יום־כיפור זענען די דייטשן אַריין אין שטעטל. אין די ערשטע טעג פון זייער פאַרנעמען פראַמפּאָל, האָבן יידן נישט פאַרלאָזט די היימען. שפּעטער האָט מען זיך צוגעוווינט, ווייל אין אָנהייב האָט מען נישט געהערט פון ספּעציעלע רדיפות.

מיר זענען אַלץ געווען אין סאָקאָלוווקע. איינמאָל רופט מיך דער פויער אַרויס. איך דערזע אויפן הויף דריי דייטשע זעלנער. איינער פון זיי פרעגט, צי איך פאַרשטיי דייטש. נאָך מיין ענטפער „יאַוואָל" פרעגט ער צי איך בין אַ ייד. כ'האָב נישט אָפּגעלייקנט. זיי באַפעלן מיר אַרויפזעצן זיך אויפן אויטאָ און מיטפאָרן. זיי זוכן האָניק... איך וועל דאַרפן זיין דער מדריך און איבערזעצער. פאָרנדיק צו אַ פויער, וואָס איך האָב געוווּסט, אַז ביי אים איז פאַראַן האָניק, האָב איך געהערט ווי די דייטשן שמועסן צווישן זיך, צי זאָלן זיי מיך שיסן, אָדער באַפרייען. איינער האָט גאָר פאָרגעלייגט — מיך מיטצונעמען צו זיי אין דער מיליטערישער איינהייט...

אַז זיי האָבן געקויפט דעם האָניק, האָט דער עלטסטער באַפוילן:

— יודע — ל־אָ־ף!

כ'האָב זיך געלאָזט לויפן און בשעת־מעשה געטראַכט, אַז אַ מערדערישע קויל וועט מיך אָניאָגן. אָבער די דייטשן האָבן נישט געשאָסן. מיר איז געלונגען צוריק צו קומען צו מיין מאַמען און שוועסטער. ס'איז אָבער קיינעם פון אונדז נישט איינגעפאַלן צו בלייבן אין דאָרף. די זעלבע נאַכט זענען מיר דורך פעלדער און זייטיקע וועגן אַוועק אין אַ צווייט דאָרף און ביים סאַמע עק זיך פאַרקליבן אין אַ פאַרלאָזטער קאַמער און דאָרט איבערגענעכטיקט. דער נע־ונד האָט זיך ערשט אָנגעהויבן.

דער רוב אויסבאַהאַלטענע יידן האָט אָנגעהויבן זיך אומקערן קיין פראַמפּאָל. די סיבה פון דעם צוריקקער איז אויך געווען צוליב דעם, וואָס די דייטשן זענען נישט געזעסן סטאַביל אין שטעטל, נאָר איינמאָל אָדער צוויי מאָל אין וואָך, פלעגן זיי קומען פון בילגאָריי, צי פון יאַניוו (יאַנוווּ). נישט האָבנדיק קיין ברירה, האָבן אויך מיר דריי זיך אומגעקערט קיין פראַמפּאָל און פּרובירט זיך ווי עס איז איינאָרדענען אין די נייע באַדינגונגען.

אַ געוויסן טאָג בין איך געשטאַנען אויפן שעברעשינער וועג, לעבן דעם הויז פון פייגע רפאלס, דאָס איינציקע גאַנץ־געבליבענע יידישע הויז, וואָס איז געווען אַדורכגעלעכערט פון קוילן. דאָ איז געווען דער טרעף־פּונקט פון די פראַמפּאָלער יידן. מיט אַמאָל דערהערט זיך אַ שטאַרק פייפן פון פּאָליציי. יידן האָבן גענומען לויפן, ווייל שוין דעמאָלט האָבן זיך צו אונדז דערטראָגן ידיעות וועגן דערשיסן און פייניקן יידן. דער וועג קיין סאָקאָלוווקע האָט זיך באַלד פאַרפולט מיט אַנטלויפנדיקע און צעשראָקענע מענער, פרויען, קינדער און אַלטע לייט. יעדער האָט וואָס שנעלער געוואָלט קומען אין זיין באַהעלטעניש. די בהלה איז געווען גרויס. איך דערהער הינטער זיך אַ פאַרצווייפלט געשריי פון אַ פיר־יאָריק קינד: „מאַמע, מאַמע!". איך דריי זיך אויס און זע פאַר זיך אַ וויינענדיק ייִנגעלע, וואָס זוכט אין פאַרצווייפלונג זיין מוטער... איך קלער נישט קיין

סך, נעם דאָס קינד אויף די אַקסלען און לאָז זיך דערמיט לויפן. דאָס קינד האָט זיך איינגעקלאַמערט אין מיר, פילנדיק אַ שוץ און זיכערקייט. אַ מידער און פאַרמאַטערטער בין איך געקומען אין דאָרף אַריין, ווו מיין מאַמע און שוועסטער האָבן זיך געפונען. אויף ביינאַכט זענען מיר אַלע פיר (מיטן געפונענעם קינד) אַראָפּ אין קעלער שלאָפן. אין דער פרי האָט די מוטער פון קינד, אַ פראַמפאָלער פרוי, וואָס איר נאָמען געדענק איך נישט איצט, זיך באַוויזן אין אונדזער קעלער. ווייזט אויס, אַז עמעץ האָט איר איבערגעגעבן וועגן מיין מיטנעמען איר ייִנגעלע. צוקוקנדיק זיך צו דער רירנדיקער סצענע פון פרייד, וואָס איז אויסגעבראָכן צווישן דער מאַמען מיטן קינד, האָבן אין אונדזערע אויגן זיך געשטעלט טרערן...

איך ווייס נישט צי איז יענץ פראמפאָלער ייִנגעלע געבליבן לעבן אָדער צי ס'האָט געטיילט דעם גורל פון דעם מיליאָן אומגעבראַכטע ייִדישע קינדער פון אייראָפּע. נאָר אין די שוידערלעכע מלחמה־טעג, האָבן אויך דערוואַקסענע זיך געפילט ווי פאַרלוירענע קינדער און שטענדיק איז זיי שווער געווען צו אַנטשיידן...

# די „יבנה״־שול

## דבורה מאָנטאג-ציטרינבוים / ניו־יאָרק

געווידמעט דעם אָנדענק פון מיין פאָטער ע״ה

מיין טאַטע איז אַלע זיינע יאָרן געווען אַן איבערגעגעבענער ציוניסט. צוזאַמען מיט מיין קוזין שלמה קליידמאַן, האָט ער געגרינדעט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין פּראַמפּאָל. מיין פאָטער האָט אפילו עולה געווען קיין ארץ־ישראל, נאָר אין סוף פון די דרייסיקער יאָרן — צוריק געקומען קיין פּראַמפּאָל. איך געדענק, ווי אים איז ממש געגאַנגען אין לעבן צו גרינדן אין שטעטל אַ שול מיט העברעיש אַלס אונטער־ריכט־שפּראַך. קיינער האָט נישט געגלויבט, אַז אין פּראַמפּאָל וועט זיך לאָזן די זאַך אַדורכפירן. מיין פאָטער האָט אָבער האָט נישט נאָכגעגעבן. מיט נאָך עטלעכע ענטוזיאַסטן — מעכל פרילינג, מעכל ערטער, חנוך רייזילבער, שמחה אַשענבערג און אַנדערע — איז אים געלונגען צו פאַרוואַנדלען אַ טרוים אין אַ ווירקלעכקייט. אין פּראַמפּאָל אַנט־שטייט אַ „יבנה״־שול.

דער ערשטער לערער איז צו אונדז געקומען פון ווילנע, ליליענשטיין האָט ער געהייסן. אַן ענערגישער און געבילדעטער יונגערמאַן, נאָר יידיש האָט ער מער ליב געהאַט ווי עברית. דעם שול־קאָמיטעט איז נישט געפאַלן אַזאַ צוגאַנג פונעם לערער — און נאָך אַ קורצער צייט פאַרלאָזט ער דאָס שטעטל. דער צווייטער לערער, גאָלדשטיין, איז געווען אַן אידעלער, בלאָנדער יונגערמאַן, געשפּילט אויף אַ מאַנדאָלין. אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן האָבן איבערן שטעטל זיך געהערט די שיינע מעלאָדיעס זיינע. ער האָט אין שול איינגעשטעלט לעקציעס פון מאַנדאָלין שפּילן פאַר די שילער וואָס האָבן געהאַט דערביי אַן אינטערעס. אויך ער האָט שפּעטער פאַרלאָזט די שול און דאָס שטעטל, נאָר צוליב וואָסערע סיבות — געדענק איך נישט.

נאָך אים איז געקומען דער לערער פרישבערג, אַ גאָר פרומער, געשטאַמט פון אַ רבנישער משפּחה; אַ לערער פון אַלטן שניט און דערפאַר נישט אַרויסגערופן דעם געהעריקן דרך־ארץ צו זיך מצד די שילער. ער איז אויך געווען אַ קפדן. מיט דער צייט האָט דער קאָמיטעט אויך אים באַפרייט.

דערנאָך זענען געקומען נאָך לערער — נאָר כ׳געדענק נישט זייערע אַלעמענס נעמען. שמואל דריזען איז געלונגען אַוועקצושטעלן די „יבנה״־שול אויף אַ הויכן

ניוואָ. זיין יונגקייט און פרישקייט ביים לערנען האָבן אים געשאַפן די געהעריקע אויטאָריטעט ביי די עלטערן, ווי ביי די קינדער. צוליב זיין שיינקייט, זענען אַ סך פּראַמפּאָלער מיידלעך געווען אין אים פאַרליבט.

אַ דאַנק מיין פאָטערס איניציאַטיוו, איז אויך אין גאַריי און טוראָבין געגרינדעט געוואָרן „יבנה"־שולן. אויסער די לימודים, זענען פאָרגעקומען אָפּט אויספלוגן און פאָרשטעלונגען אין עברית. אַזוי ווי צו די פאָרשטעלונגען אין דער פוילישער שול האָט מען זעלטן ווען צוגעלאָזן אַ יידיש קינד, האָט די „יבנה" שול געגעבן אַ מעגלעכקייט אירע תלמידים צו באַווייזן זיך מיט זייערע אַרטיסטישע פעאיקייטן.

צום לערער־פּערסאָנאַל האָבן אויך געהערט צוויי פּראַמפּאָלער תושבים: משהקע וואַלדמאַן און יאָסל ליכטפעלד — אַן איידעלער, אינטעליגענטער בחור, זיי האָבן גע־לערנט תנ"ך.

די שול האָט זיך כסדר געראַנגלט מיט מאַטעריעלע שוועריקייטן. די עלטערן האָבן אָפּגעשפּאָרט פון זייערע מאָגערע פאַרדינסטן, דער קאָמיטעט האָט געאַרבעט מיט מסירות־נפש, כדי אָנהאַלטן די שול און געבן די קינדער אַ מאָדערנע ידיש־נאַציאָנאַלע דערציאונג.

✶

ווער פון די אַלטע תושבים פון פּראַמפּאָל געדענקט נישט ווי מען פלעגט אַ גאַנצע וואָך אויסקוקן אויף מאָנטיק — דעם טאָג פון יאַריד און דערביי געבעטן עס זאָל זיין אַ שיין וועטער. פון דעם איז דאָך געווען אָפּהענגיק אַ גוטער פדיון און פּרנסה אויף זיבן טעג — ביזן צווייטן יאַריד. נאָר אויף צו להכעיס, פלעגט בדרך כלל מאָנטיק רעגענען, אָדער זיין אַ שניי־זאַוויערוכע. דאַמאָלט האָט פון יידישע אויגן אַרויס־געקוקט אַ סך צער און אַנטוישונג; ווייל אַ קנאַפּע לייזונג האָט אויך געמיינט נישט קענען באַצאָלן דעם שכר־לימוד אין חדר צי אין שול; איז גוט געשען, וואָס אונדזערע קינדער האָבן געוואָסן פון דער שטיצע וואָס די אַמעריקאַנער סאָסייטי פון די פּראַמ־פּאָלער האָט אַריינגעשיקט פאַר דער „יבנה"־שול. מיין פאָטערס ברודער, שלמה־פנחס ציטרינבוים, איז געווען דער פאָרזיצער פון די פּראַמפּאָלער אין ניו־יאָרק, וואָס האָט אַוודאי משפיע געווען אויף דער עפעקטיווקייט פון דער הילף.

פאַרן שול־קאָמיטעט איז געוויס געווען אַ סאַטיספאַקציע, וואָס די קינדער האָבן געלערנט מיט התמדה און דאָס וויכטיקסטע — גערעדט אַ פיינעם העברעיש.ליידער, קיין העכערע קלאַסן האָט „יבנה" נישט פאַרמאָגט, ווי די „תחכמוני"־שול אין בילגאָריי.

אונדזער שול האָט עקזיסטירט פון יאָר 1931 ביז 1939, ווען ס'איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה. מיט צוויי יאָר שפּעטער איז די פּראַמפּאָלער יידישע באַפעל־קערונג אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַצישע רוצחים. צווישן די אומגעקומענע — אויך די קינדער פון דער „יבנה"־שול. בלויז 5 פון זיי לעבן היינט —— אַליין שוין טאַטעס און מאַמעס פון קינדער.

# דאָקומענטן דערציילן

וווענדונג פון דער פאַרוואַלטונג פון דער „יבנה"־שול אין פראַמפאָל
צו די לאַנדסלייט אין ארץ־ישראל, פון יאָר 1935, פסח).

בית־ספר „יבנה" בפרמפול ב"ה פרמפול ג' דחהמ"ע פסח תרצ"ה.

צו אייך, חשובע און טייערע חברים פון פראַמפּאָל אין ארץ־ישראל, ווענדן מיר זיך איצט אין אונדזער עת־צרה. ווי ס'איז אייך באַקאַנט, עקזיסטירט שוין ביי אונדז



תלמידים ומורים של בי"ס „יבנה".
לערער און שילער פון דער „יבנה"־שול.

זינט 1930 יאָר אַ העברעישע שול, וואָס נעמט אַרונטער אונטער איר שוץ אויך אייערע פריינדס און קרובימס קינדער. אין משך פון דער צייט איז אונדז געלונגען צו דער־ציען אַ פיינעם יונגען דור אין גייסט פון נאַציאָנאַלן יידנטום. ס'איז אַ דאַנק דער מי פון לערער־פערסאָנאַל געהויבן געוואָרן איר פרעסטיזש. אָט דער אַזוי וויכטיקער מוסד איז אָוועקגעשטעלט געוואָרן אויף דעם געהעריקן קולטורעלן ניווֹא. מיר האָבן זיך באַמיט אַרויסצורייסן אָרעמע יידישע קינדער פון דער נעץ פון אַסימילאַציע, וואָס לויערט

אויף אונדז שטענדיק. און אַט איצט, ווען די שול האַלט ביי דער צעבליאונגס־ און אַנטוויקלונגס־תקופה, האָט זיך דערנענטערט אַ שטורעם, פון וועלכן ס'איז עלול, אַז דער בנין, וואָס איז מיט אַזוי פיל בלוט און שווייס אויפגעשטעלט געוואָרן — זאָל איינפאַלן. לויט אַ פאַראָרדענונג פון דער פוילישער מאַכט, מוזן מיר זיך איבערציען אין גרעסערע דירות, וואָס זאָלן אַנטשפּרעכן אַלע היגיענישע פאָרשריפטן. נאַטירלעך, אַז אַזעלכעס קאָנען מיר ביים היינטיקן טאָג נישט שאַפן און דערפאַר איז עלול, אַז מען זאָל די שול, צוליבן פעלן פון פּאַסיקע לאָקאַלן, פולשטענדיק שליסן, פאַרשטענדלעך, מיט גאַנץ ביטערע קאָנסעקווענצן פאַר אונדז. מיר האָבן אָבער באַשלאָסן נישט צו רעזיגנירן און מיט מסירת־נפש דאָך דערהאַלטן די שול אין אונדזער רשות. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם האָבן מיר באַשלאָסן צו באַשטייערן זיך ווי ווייט מעגלעך און אויפבויען אַן אייגענעם בנין פאַר דער שול. אונדזערע אָנשטרענגונגען זענען קאָלאָסאַלע און מיר האָבן זיך אַרומגעזען, אַז אויב איר, טייערע חברים, וועט נישט קומען אונדז צו הילף, זענען מיר צו מאַכטלאָז דאָס צו רעאַליזירן.

אונדזער ביטע און רוף צו אייך איז:

העלפט אונדז ווי ווייט מעגלעך אין אונדזער שווערער שעה און שטיצט אונדז אונטער ביים לייגן דעם פונדאַמענט פון אַ העברעישער שול אין פראַמפּאָל, וואָס וועט טראָגן אייביק אייער נאָמען. נעמט אָן דעם האַרציקן דאַנק פון צענדליקער יידישע קינדער און פאַרצווייפלטע עלטערן אין פראַמפּאָל — פאַראויס.

דערוואַרטנדיק אייער באַלדיקע תשובה און הילף, ווינטשן מיר אייך אריכת־ימים און כט״ס.

בב. החינוך

| | |
|---|---|
| הענעך ריינזילבער | מעכל פרילינג |
| לייביש וועלטשער | מ. א. |
| אברהם מאבער | יצחק פראַמפּאָלער |
| *ש. ד. בריק* | ל. ציטרינבוים |

סטעמפּל פון דער שול אין פויליש און העברעיש:
**Hebrajska Szkoła Relig. p. n. „Jabne" we Frampolú**
(בית־ספר „יבנה" בפרמפול)

## בעריש דינבורט, דער ראש־הקהל

זיין אינטעליגענץ, אַלזייטיק וויסן און אָפטע נסיעות אין די גרויסע שטעט צוליב זיינע עסקים, האבן אים אונטערשיידעט פונעם דורכשניטלעכן פּראַמפּאָלער ייד. צוליב זיין שוואַכן געזונט־צושטאַנד, האָט אים די פרוי געהאָלפן פירן דעם מסחר. אָבער זיין קראַנקהייט האָט אים נישט אָפּגעהאַלטן פון צו זיין דער אמתער שליח ציבור, יאָרן לאַנג פאַרנעמען דעם וויכטיקסטן אַמט פון ראש־הקהל. צו אים איז מען געקומען זיך אַן עצה האַלטן וועגן אַ שידוך, אויסגלייכן אַ סיכסוך, באַראַטן זיך געשעפטלעך. ער איז געווען געשעצט און באַליבט ביים רוב מנין ובנין פּראַמפּאָלער יידן.

אַ גרויסער מומחה אין חשבון. נישט איין מאָל אַרויסגעהאָלפן די אָרטיקע לערער ביים לייזן שווערע מאַטעמאַטישע אויפגאַבן. געזאָרגט פאַר וועלטלעכער בילדונג פון זיינע זיבן קינדער.

אַ טריסקער חסיד, אַ טרייער אָנהענגער פון רבין ר׳ משהלע, וועלכער פלעגט איינשטיין ביי אים אין שטוב, ווען ר׳איז פאַרפאָרן קיין פּראַמפּאָל. דאַקעגן פלעגט ר׳ בעריש צוויי מאָל אַ וואָך אַריינפאָרן קיין לובלין — און נישט פאַרגעסן אָפּצוטרעטן ביי זיין באַליבטן רבין.

ר׳ בעריש דינבורט איז אויך געווען טעטיק אין דער חברה קדישא, דערצו נאָך אַ גוטער בעל־קורא. אַ סך מענטשן פלעגן זיך פאַרזאַמלען, כדי הערן זיין לייענען די מגילה.

האָט אַ ייד באַדאַרפט אַ גמילות־חסד — איז ער אַוועק צו ר׳ בערישן זיך אָנפאַר־טרויען, ווויסנדיק, אַז פון דאָרט וועט ער אַרויס אַ באַפרידיקטער.

ר׳ בעריש האָט געזאָרגט פאַר דער דערציונג פון זיינע קינדער, אַראָפּגעברענגט ספּעציעלע מלמדים פון דער פרעמד, כדי די זין זאָל געניסן פון רעליגיעזע און וועלט־לעכע לימודים. דערנאָך, אַז זיי זענען אונטערגעוואַקסן, האָט ער פון זיי געהאַט אַ סך נחת. זיי האָבן אים אויך געהאָלפן אין מסחר.

מעכלא הערצבערג

## דער יידישער גוטבאַזיצער

היינט, ווען ס׳איז באַוווסט דער טראַגישער גורל, וואָס האָט געטראָפן די פּראַמפּאָלער יידן בעת דער הערשאַפט פון די היטלעריסטישע רוצחים, דערמאָנט זיך, אַז ביים צאַר האָבן אונדזערע שטעטלדיקע יידן נישט געוווסט פון קיין דיסקרימינאַציע צי

ספעציעלע פאַרפאָלגונגען. אויב מ׳האָט אַמאָל אַרויסגעגעבן גזירות, האָבן זיי זיך געלאָזט דערקלערן דערמיט, וואָס פראַמפּאָל איז געלעגן אַ 20—22 קילאָמעטער ווייט פון דער עסטרייכישער גרענעץ און דערפאַר האָט אַ גרויסער טייל איינוואוינער געלעבט פון שמוגל. פון יענער זייט גרענעץ האָט מען אַריינגעפירט היטלען צוקער, שנאַפּס, לייוונט און אַנדערע סחורות. דאַקעגן פון פראַמפּאָל האָט מען אַרויסגעפירט קיין עסטרייך פערד, פעל און אַנדערע זאַכן.

אויך דאָס צוזאַמענלעבן צווישן יידן און פּאָליאַקן אין שטעטל איז מיט 60 יאָר צוריק געווען אַ נאָרמאַלס, אָן רייבונגען און צוזאַמענשטויסן. אַפילו ביי אַזאַ ענין ווי פאַרקויפן דעם „ראָטהויז", מיט זיינע פיל געשעפטן, וועלכע האָבן געהערט צו קריסטן און צו יידן — איז אַלץ צוגעגאַנגען בשלום. אין דער טראַנזאַקציע איז געווען פאַרמישט דער א. ג. יידישער גוטבאַזיצער, האַנדלסמאַן — און וועגן אים וויל איך איבערגעבן עטלעכע עפּיזאָדן:

אין יאָר 1903 האָט ער אין פראַמפּאָל און אין דער אַרומיקער געגנט פאַרמאָגט אַ ריזיקן פאַרמעגן: אַ גאָזשעלניע אין קאָנטיס, אַ מיל אין סאָקאָלוווקע, גיטער אין רעטשיץ און אין רידע און די גרעסטע געביידע אין פראַמפּאָל גופא — דאָס ראָטהויז, וואָס איז געשטאַנען אינמיטן מאַרק. (שפּעטער איז דאָרט געווען אַ באַנק). אָבער צו יענער צייט האָט הער האַנדלסמאַן שוין געוווינט אין וואַרשע און געווען אינגאַנצן אָפּגעריסן פון פראַמפּאָל.

מיין פאָטער, אַ דאָזאָר אין דער קהילה, כמעט דער איינציקער, וואָס האָט געקאָנט שרייבן און דערפאַר געפירט די ביכער (נאָך דאָזאָרעס אין יענער צייט: וואָלף־הערש פרילינג, הערש־מענדל און אַנדערע) — איז ספּעציעל אַראָפּגעפאָרן קיין וואַרשע אַלס פאָרשטייער פון די פאַראינטערעסירטע פּאָליאַקן און יידן, וואָס האָבן געהאַט זייערע געשעפטן אין ראָטהויז, כדי צו פירן דעם משא־ומתן וועגן אַנטשעדיקונג. זיצנדיק אין וואַרשע, האָט האַנדלסמאַן געוואָלט ביסלעכווייז ליקווידירן זיינע עסקים אין שטעטל און צומערשט — זיך באַפרייען פון ראָטהויז, נאָר מיטן באַדינג, אַז די בעלי־הבתים און לאָקאַטאָרן זאָלן געבן דערצו זייער הסכמה. האַנדלסמאַן האָט מיין פאָטער און אַנדערע מיטגלידער פון דער דעלעגאַציע, צוגעזאָגט עטלעכע טויזנט רובל אַנטשעדיקונג און דעם ראש פון דער דעלעגאַציע (מיין פאָטער) — אַ טויזנטער „טירחה־געלט".

נאָך דעם ווי די דעלעגאַטן זענען צוריק געקומען פון וואַרשע, האָט מען זיך אָנגעהויבן דינגען. די בעלי־הבתים זענען נישט איינגעגאַנגען אויף דער פאָרגע־לייגטער סומע. אויך האָט מיין פאָטער זיך דערוווּסט וועגן „טירחה־געלט" און באַשלאָסן אַראָפּצופאָרן צו האַנדלסמאַנען און ביי אים פאָדערן אַ חלק.

דער גאַנצער ענין איז געבליבן שטיין אויף אַ טויטן פונקט. מיט אַ צייט שפּעטער, ווען מיין פאָטער איז ווידער געפאָרן קיין וואַרשע, האָט ער זיך דערוווּסט, אַז

האַנדלסמאַן איז פאַר דער צייט געשטאָרבן און דערפאַר געמוזט אָנהייבן פירן די פאַרהאַנדלונגען מיט זיין זון, ווייל בכתב איז גאָרנישט געבליבן. נאָך לאַנגע דינגענישן, האָט דער זון געגעבן 2 טויזנט רובל — און דאָס געלט איז צעטיילט געוואָרן אַלס אַנטשעדיקונג צו אַלעמענס צופרידנהייט.

אבא בעכער ז״ל / ניו־יאָרק

# פראַמפּאָלער עסקנים, געשטאַלטן, טיפּן

אין אונדזער שטעטל האָבן נישט געפעלט פאַרשידענע טיפּן און געשטאַלטן, שליחי־ציבור און סתם־יידן, וועלכע האָבן באַלאַנגט צו דער „מענטשן־פּאַנאָראַמע" און „לאַנד־שאַפט" פון פראַמפּאָל. דיי־אָ יידן — אָרעמע און רייכע, לומדים און עם־הארצים, וועלט־לעכע און פאַנאַטיש־פרומע, האָבן מיר געשעצט און ליב געהאַט, געפירט מיט זיי וויכוחים און געשלונגען יעדעס וואָרט. היינט איז נאָר געבליבן צו שרייבן וועגן זיי זכרונות, אַרויסברענגען אויפן פּאַפּיר די געשטאַלטן פון די אַלע קדושים. כ׳האָב נישט פאַרטיילט לויט מער בכבודיקע, צי וויניקער בכבודיקע. די וויטערדיקע רשימה פון געשטאַלטן האָב איך צונויפגעשטעלט לויט ווי זיי זענען מיר צופעליק געקומען אויפן געדאַנק, נישט וועלנדיק בכוונה איינעם אַוועקזעצן ביי דער מזרח־וואַנט און אַן אַנדערן אַוועקשטעלן אין פּאָליש...

### ר׳ נאָטע, דעם רבס איידעם

ווער זאָל עס גלייבן, אַז אין אַזאַ פאַרוואָרפן שטעטעלע ווי פראַמפּאָל, זאָל זיך געפינען אַזאַ באַדייטנדיקע פּערזענלעכקייט, וואָס וואָלט זיכער פאַרנומען אַ וויכטיק אָרט אין אונדזער לעבן, ווען ר׳וואָלט איבערגעלעבט די שרעקלעכע מלחמה.

ר׳ נטע איז געווען אַ גרויסער אָרעמאַן, דאָס זייגערמאַכעריי האָט אים קנאַפּ מפרנס געווען. אַ שטאַרק פרומער, יעדן טאָג געגעבן שעורים אין תלמוד, שלא על מנת לקבל פרס. ווען ער האָט איין מאָל באַקומען צוגעשיקט פון אַמעריקע 20 דאָלער, האָט ער עס צוליב זיין פרומקייט נישט געוואָלט אָפּנעמען, מיט דער טענה, אַז דאָס געלט שטאַמט פון חילול־השבת...

געהאַט האָט ר׳ נטע אַ פייערדיקן קאָפּ, געקענט גאַנץ ש״ס בעל־פּה, געהאַט אַ ידיעה וועגן די גרעסטע געלערנטע פון דער וועלט, אַ בקי אין דיקדוק. ער האָט געקענט ציטירן אבן עזרא, ווי אַ ייד זאָגט „אשרי".

די מאַפּע פון ארץ־ישראל איז געווען פאַר אים אַן אָפן בלאַט. אַז עס פלעגט אַראָפּ־

קומען צו אונדז אַ ייד פון הייליקן לאַנד און געשמועסט מיט ר׳ נאָטען, האָט זיך דעם גאַסט אויסגעדאַכט, אַז ר׳ נאָטע האָט אַדורכגעשניטן דאָס לאַנד אין דער לענג און אין דער ברייט, נישט ווינציקער ווי אַ מאָל צוואַנציק...

אינטערעסאַנט איז דאָס, אַז מ׳האָט ר׳ נאָטען קיין מאָל נישט געזען לייענען קיין צייטונג און קיין ביכער. פאַרקערט, ער האָט שטרענג פאַרבאָטן צו לייענען די טריף־פסולס. דאָס רעטעניש פון וואַנען ער האָט געשעפּט אַזוי פיל וויסן — האָט ער מיט זיך מיטגענומען אין זיין אייביקער רו אַריין.

## ר׳ שמואל־יוסף קעסטענבוים

ר׳ שמואל יוסף איז געווען אַ בן־יחיד ביי זיין רייכן פאָטער. דער טאַטע — אַ גאַנץ פּשוטער ייד, אָבער שמואל יוסף האָט קענטיק מיט די אייגענע כוחות איבערגעריסן די פּשטות פון זיין משפּחה און מיט אים האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייער דור.

ער איז געווען אַ גרויסער מתמיד און אַ הייסער חסיד, אָבער ער האָט געהאַט אַ ידיעה אין קולטור־פּראָגן און פּאָליטיק.

עס פּלעגט טרעפן, אַז איינער וואָס האָט אים נישט געקענט און צום ערשטן מאָל זיך צוגעקוקט צו זיינע העוויות ביים דאַווענען, ווי רייסן די בלעטער פון סידור, אָדער קנייפּן זיך ביי די אויערן, און אַנדערע משונהדיקע באַוועגונגען, — האָט ער געקענט מיינען, אַז ר׳האָט פאַר זיך אַ נישט נאָר׳מאַלן מענטש.

אָבער מיר האָבן אים געקענט, אַז ער איז גאַנץ ווייט דערפון. אין די אָפּטע וויכוחים, וואָס מיר פלעגן פירן מיט אים, האָבן מיר געהאַט פאַר זיך אַ ביז גאָר באַוווּסטזיניקן מענטשן.

ער איז געווען אַ גרויסער עוסק בצרכי ציבור. די גאַנצע שטאָט איז געווען אויף זיין קאָפּ. ער פלעגט פאַרנאַכלעסיקן אַפילו זיינע אייגענע געשעפטן און זיין האַנט איז געווען בכל. קיין דאָזאָרעס האָט מען אָן שמואל יוספן נישט געוויילט; בנוגע דער באַנק, בית־יעקב־שולן, די מקווה און בית־המדרש, דעם רב און די שוחטים — וועגן אַלעם האָט ער געמוזט זאָגן זיין וואָרט.

ווו אַן אָרעמאַן, איז דער אַדרעס געווען צו ר׳ שמואל־יוספן; ווו אַ רבי, איז ער איינגעשטאַנען נאָר ביי שמואל־יוספן, דעם אָנגעזעענעם ייד.

ערב ראש־השנה איז ער אַוועקגעפאָרן קיין לובלין צום טריסקער רבין, און צוריק־געקומען מיט אַן אתרוג אין דער האַנט נישט פריער ווי אויף סוכות.

ר׳ שמואל־יוסף האָט אַרויסגעזןרופן צו זיך די גרעסטע אַכטונג. ער האָט אויפגעצ־שטעלט אַ שיינעם דור — פיר זין — אַלע לומדים, אינטעליגענטע מענטשן, גוטע שאַך־שפּילערס. ליידער, איז קיינער פון זיי נישט פאַרבליבן ביים לעבן. אים אַליין, ר׳ שמואל־יוספן, האָט מען אין טלית און תפילין דערשאָסן.

זאָלן די פּאָר ווערטער זיין אַ מצבה אויף זיין אומבאַוווּסטן קבר.

## ר׳ עקיבא מאיר, דער מלמד און לערער



זיין פּאַטריאַרכאַליש געזיכט מיט דער שיינער באָרד, שטייט מיר פאַר די אויגן. אַראָפּגעבראַכט האָט מען אים צו אונדז פון יאַנאָוו־לובעלסקי, ווייל פאַר קינדער מיט בעסערע קעפּ, האָט זיך אין פראַמפּאָל נישט געפונען קיין מלמד. פאַר די עלטערן, וואָס האָבן נישט געשיקט זייערע קינדער אין די „פּאָווּשעכנע" שולן מטעמי דת, האָט מען געמוזט געפינען אַ מלמד, וואָס זאָל לערנען מיטן קליינוואַרג אויך לימודי־חול, ווי לייענען און שרייבן יידיש, פּויליש, דייטש און חשבון.

ר׳ עקיבא האָט אויסגעפירט זיין שליחות באמונה. ר׳האָט פאַרמאָגט גרויסע פּעדאַגאָגישע פעיקייטן, געקענט פיל לערנען, געהאַט אַ געבענטשטע האַנטשריפט און אַ שיינעם סטיל. ער איז אויך געווען אַ גרויסער בעל־חשבון.

און דער עיקר: מיט זיינע זעלטענע פּעדאַגאָגישע פעיקייטן, האָט ער געוווּסט איינצופלאַנצן אינעם יונגע דור אַ ווילן צו וויסן. יעדעס קינד, וואָס האָט נאָר געהאַט חשק, האָט געקענט פון אים אַ סך לערנען.

ס׳איז קלאָר, אַז אַלע אונדזערע ידיעות אין פּויליש, יידיש, דייטש און חשבון — האָבן מיר אים צו פאַרדאַנקען.

חוץ דעם האָבן מיר יעדע וואָך געמוזט זיך אויסלערנען בעל פּה גאַנצע זאַצן אויף העברעיש. יעדן טאָג, אַ שעה פאַר אַהיימגיין, האָבן מיר געלערנט אַ קאַפּיטל תנ״ך. אַזוי אַרום איז די מי פון ר׳ עקיבא־מאיר דעם מלמד, געווען אַ גרויסער ביישטייער צו דער דערציונג פון אונדזער דור.

זיין אָנדענק וועלן מיר קיין מאָל נישט פאַרגעסן.

## ר׳ לייביש שו״ב, דער פראַמפּאָלער קאָמפּאָזיטאר

צו געבן אַן אָפּשאַצונג וועגן דער פּערזענלעכקייט פון ר׳ לייבל שוחט — איז מיין פּעדער צו אָרעם. אַ פאַקט איז, אַז די גאַנצע אומגעגנט, מיט אירע שטעט און שטעטלעך, אַזש ביז קיין לובלין, האָבן מקנא געווען דאָס קליינע פראַמפּאָל, וואָס האָט פאַרמאָגט ביי

זיך אַזאַ שוחט, אַ מענטש, וועלכער האָט אין זיך אַלע שיינע מעלות און אַזוי פיל פעיקייטן.

ר׳ לייבל שוחט איז געווען אַ ייד אַ בן־שבעים, מיט אַ הדרת פּנים, שטענדיק געגאַנגען ריין און ציכטיק אָנגעטאָן, אַ חכם און תלמיד־חכם ממדרגה ראשונה.

ער איז קודם כל געווען אַ גוטער שוחט. דאָס האָט געהייסן, אַז טאָמער האָט זיך געמאַכט אַ שווערע סרחה, האָבן די קצבים קיינעם נישט צוגעלאָזן, נאָר בלויז אים, דעם גרויסן בעל־מומחה אין שחיטה. זיין פּסק־דין איז אָנגענומען געוואָרן מיטן פולן צוטרוי.

ר׳ לייב איז אויך געווען אַ באַרימטער מוהל, נוח לבריות, מיט יעדן געווען אויסגעבונדן, ווי אַ חבר מיט אַ חבר, ממש ווי אַן אייגענער ברודער.

ער איז אויך געווען אַ בקיא אין רפואה. אַז עמעצער האָט זיך געקלאָגט אויף אַ מיחוש, האָט ער אים געראָטן צו נעמען די און די רפואה — און דווקא אין אַפּטייק. מ׳האָט דערציילט, אַז ער האָט געשריבן רעצעפּטן, וואָס זענען האָנאָרירט געוואָרן פונעם אַפּטייקער.

יונג און אַלט, פרומע און וועלטלעכע, פלעגן ביי אים שואל עצה זיין אין פאַרשידענע אָנגעלעגנהייטן.

ווו אַ שווערע דין־תורה, אָדער אַ סיכסוך וועגן אַ ירושה, האָט מען געוווסט, אַז ר׳ לייבל שוחט וועט עס דערליידיקן על צד היותר טוב. ער פלעגט צעטיילן די הייזער פאַר יורשים, ווי אַ גענײטער אינזשעניער, אויסמעסטן מיט אַ מעטער יעדן שפּאַן און געמאַכט די חלוקה. דאָס מערקווירדיקסטע דערביי איז, וואָס פון זיין פּסק־דין זענען אַלע צדדים געווען צופרידן. ס׳האָט נאָך נישט געטראָפן, אַז איין צד זאָל אים ווערן אַ שונא בנפש, ווי עס פלעגט געוויינלעך טרעפן אין אַזעלכע פאַלן.

לעצטנס האָט ער זיך געהאַט געשטעלט אַ הויז. אַזוי ווי די גמינע האָט שוין נישט געהאַט דערלויבט צו בויען נייע הייזער, אָן אַ פּלאַן פון אַן אינזשעניער, האָט ר׳ לייב אַליין אויסגעאַרבעט דעם פּלאַן און געגעבן דעם אינזשעניער צום באַשטעטיקן. האָט מען דערנאָך דערציילט, אַז דער אינזשעניער האָט זיך אָנגעפרעגט ביי ר׳ לייבן, צי ער האָט געלערנט אַרכיטעקטור — און באַשטעטיקט דעם שוחטס פּלאַן, אָן איין באַמערקונג.

צו זיצן מיט ר׳ לייב שוחט ביי שיחות חולין, איז געווען אַ גייסטיק פאַרגעניגן. יעדעס וואָרט זיינס האָט געשפּרודלט מיט חכמה. זיינע ווערטלעך האָט מען באַדאַרפט לערנען.

ואחרון אחרון חביב: ער איז געווען, חוץ די אַלע אויסגערעכנטע מעלות, אַ גרויסער קאָמפּאָזיטאָר פון חסידישע ניגונים!

אַזוי ווי ער האָט געקענט שרייבן נאָטן, פלעגט ער יעדעס יאָר, ערב ראש־השנה, צוגרייטן דריי מאַרשן און אַ ניגון; אויף שבת חנוכה, ווען ער פלעגט פאָרן צום רבין קיין לובלין, האָט ער מיטגענומען מיט זיך צוויי נייע ניגונים. אין דער גאַנצער לובלינער געגנט האָט מען געזונגען זיינע שאַפונגען, פול מיט אומבאַשרייבלעכער דבקות.

װען ער פלעגט פאָרן אויף שבת חנוכה קיין לובלין, צו לאָזן הערן זיין „המבדיל“, האָט זיך די גאַנצע שטאָט פאַרזאַמלט הינטער די פענצטער פון רבינס הויז, געדראַפּעט זיך אויף די װענט, כדי צו הערן און זען װי ר׳ לייב זינגט.

װען ער האָט מיט זיין געבענטשטער שטים אָנגעהויבן זינגען, זענען די הונדערטער מענטשן אַזוי שטיל געװאָרן, אַז מ׳האָט געקענט הערן אַ פליג דורכפליען. באַגלייטן אויף אַ פידל פלעגט אים איינער אַ כלי־זמר, װעמען מ׳האָט, דאַכט זיך, גערופן שבתילע. איין מאָל האָט געטראָפן, אַז נאָך דעם װי ר׳ לייב האָט אָפּגעזונגען זיין „המבדיל“, האָט שבתילע געזאָגט, אַז נאָך אַזאַ נגינה, האָט ער שוין נישט װאָס צו פאַרקויפן... און קאַטעגאָריש זיך אָפּגעזאָגט איבערצושפּילן דעם ניגון פון „המבדיל“.

האָט ר׳ לייב אַ נעם געטאָן די פידל און אַליין איבערגעשפּילט זיין אייגענעם ניגון. דער גרויסער עולם איז דעמאָלט אַזוי נישתומם געװאָרן, אַז פון גרויס באַגייסטערונג האָט ער ר׳ לייבן אַרויסגעטראָגן אויף די הענט.

גאַנצענע נעכט איז מען נישט מיד געװאָרן צו זיצן און אויסהערן זיינע מוזיקאַלישע פאַרפאַסונגען.

איך דערמאָן זיך, אַז איין מאָל בין איך געגאַנגען צו ר׳ לייב שוחט פרעגן אַ שװער שטיקל גמרא. װען איך בין צוגעקומען צום פענצטער ביי דער מזרח־װאַנט, װו ער האָט געהאַט זיין אייגענע שטול, האָב איך באַמערקט, װי ער האַלט אָנגעלענט דעם קאָפּ אויף ביידע הענט און ברומט זיך שטילערהייט אַ ניגון. האָב איך זיך צוריקגעצויגן, נישט װעלנדיק אים שטערן אין זיין נגינה. אָבער קענטיק, אַז ר׳ לייב האָט עס באַמערקט, האָט ער אַ פאַרשעמטער זיך אויסגעדרייט צו מיר און אַ זאָג געטאָן:

— װאָס קען מען מאַכן, ס׳איז מיר איינגעפאַלן אַ שיינע מעלאָדיע. נישט האָבנדיק ביי זיך קיין פעדער צו פאַרשרייבן די נאָטן, האָב איך מיר איינגעחזרט די נאָטן, כדי נישט צו פאַרגעסן דעם ניגון... אַז איך װעל קומען אַהיים, װעל איך אים פאַרשרייבן לעולם ועד.

זיינע ערשטע סליחות, די תפילות צו ראש־השנה און יום־כפור — װער האָט עס כוח איבערצוגעבן. עס איז דערגאַנגען אַזוי װייט, אַז דער טריסקער רבי, ר׳ משהלע טװערסקי הי״ד פון לובלין, האָט זיך מתקנא געװען אין פראַמפּאָל און דורכאויס געװאָלט צונעמען ר׳ לייבן צו זיך פאַר אַ בעל־תפילה אויף די ימים נוראים, װייל דער שוחט איז דאָך געװען זיינער אַ חסיד.

װייזט אויס, אַז אויך ר׳ לייבל האָט געהאַט חשק אָנצונעמען דעם רבינס פאָרשלאַג. אָבער די גאַנצע שטאָט האָט זיך אַזוי איינגעשטעלט, אַז ער זאָל בלייבן דאַװענען אין פּראַמפּאָל, אַז דער רבי האָט זיך געמוזט אונטערגעבן דעם דעת הקהל. קיינער אין פראַמפּאָל האָט זיך נישט געקענט פאָרשטעלן אַ סליחות אָדער אַ תפילה אין די ימים נוראים, אָן ר׳ לייב שוחטס נגינה.

אונדזער בעל־מנגן האָט זיך געפירט אויף אַזאַ אופן: אַ גאַנץ יאָר פלעגט ער פאַר־

נאַטירן אויפֿן פּאַפּיר די איינצלנע טענער, וואָס זענען אים געקומען אין קאָפּ אַרייַן, נאָך דעם אויפֿגעשטעלט די טענער אין דריי מאַרשן, אָבער אַליין זיי אויסזינגען, האָט ער נישט געקענט אָדער נישט געוואָלט.

אַ שבת פֿאַר די סליחות איז שוין געווען אַ חזקה, אַז מיר אַלע, זיינע אונטערהעל־פֿערס, האָבן זיך פֿאַרזאַמלט ביי ר׳ לייבן. ער איז אויפֿגעשטאַנען פֿון שלאָף, אָנגעטאָן דעם שיינעם געבלימטן שלאָפֿראָק, וואָס האָט אים נאָך מער צוגעגעבן אַ באַזונדערן הדרת קודש־חן, זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש און געהייסן דער שוחטקע דע־לאַנגען שבת־אויבסט. דאַן האָט ער אַרויסגענומען די פֿאַרשריבענע העפֿטן מיט די נאָטן און אָנגע־הויבן איינזינגען די ניגונים.

ער פֿלעגט פֿאַרציען זיך סאָל־סאָל־סאָל — און מיר האָבן גלייך דערפֿילט, אַז זיינע שאַפֿונגען הייבן אָן אָנצוטאָן אויף זיך עור וגידים, עס קומט אַרויס אַ פֿאַרטיקע זאַך. די דריי מאַרשלעך האָבן געניצט איינס אויף יתגדל נאָך שמונה עשרה, דאָס צווייטע — פֿאַר ויתרוממו כל, און דאָס דריטע — אויף קצבה לשונך.

ווען איינער פֿון די פֿיר ברידער, רביים פֿון טריסק, פֿלעגט קומען צו פֿאָרן צו אונדז אין שטעטל, איז געוואָרן אַ גאַנצער אָנגעלויף פֿון חסידים פֿון דער גאַנצער סביבה: יאַנאָוו לובעלסקי, בילגאָריי, טאַרניגראַד, שעברעשין און גאָריי. מע פֿלעגט אַ גאַנצן שבת זינגען און זיך אויסלערנען ביים רבינס טיש ר׳ לייבלס ניגונים. דערנאָך האָט מען זיי פֿאַרשפּרייט ווייטער.

נאַטירלעך, אַז פֿון איין שטעטל ביזן צווייטן, האָט די נייע שאַפֿונג פֿאַרלאָרן פֿון איר אָריגינעלקייט. דאָ פֿאַרלאָרן אַ טאָן, דאָ צוגעגעבן אַ פֿרעמדן טאָן — און אַזוי אַרום איז דער ניגון פֿאַרקריפּלט געוואָרן.

האָט זיך געמאַכט אַ מעשה, אַז אין איינער פֿון די שטעטלעך איז אַראָפּגעפֿאָרן אַ רבי האַלטן שבת. איז דאָרט פֿאַרפֿאָרן אויך אונדזער ר׳ לייב שוחט. דערהערנדיק, וואָס ס׳איז געוואָרן פֿון זיין ניגון, האָט ער איראָניש אַ זאָג געטאָן:

— כ׳הער עפּעס מיין שאַפֿונג ווי אין הינערפֿלעט, אָן אַ האַנט און אָן אַ פֿוס, אָבער מיך אַרט עס נישט, כ׳בין חלילה נישט ברייז אויף די, וואָס האָבן צעדרייט מיין נגינה, ווייל ווו איז עס געזאָגט געוואָרן, אַז דער בים־באַם דאַרף זיין אַזוי ווי איך האָב אים פֿאַרפֿאַסט? אפֿשר איז ריכטיקער אַזוי, ווי מ׳האָט אים פֿאַרדרייט — איך האָב עס דאָך נישט געגומען פֿון הר סיני...

ר׳ לייב שוחט איז, חוץ אַלעמען, געווען אַ מזג טוב. ס׳דערמאָנט זיך מיר אַ קאַלטע ווינטער־נאַכט, ווען איך, צוזאַמען מיט זיין אייניקל אברהם, האָבן געלערנט ביי אים אין שטוב. פּלוצלינג האָט די שוחטקע אַ זאָג געטאָן צו מאַן:

— לייב, טראָג נאָר אַרויס, איך בעט דיך, די מידניצע וואַסער אין דרויסן.

ר׳ לייב האָט גלייך אָנגענומען די שיסל מיטן שמוציקן וואַסער און איז אַוועק

בהכנעה אויספירן זיין ווייבס פארלאנג. נאר ווען ער איז שוין געווען אין צווייטן חדר, האט די שוחטקע אים נאכגעשריען:

— זע, פארגעס נישט אויסצוגיסן וואס ווייטער פון אונדזער שוועל...

די כוונה פון דער פרוי איז געווען, אז טאמער וועט מארגן די פאליציי מאכן א פראטאקאל פארן שמוציקן פלעק אויפן שניי, זאל די שטראף אויספאלן אויף א שכן...

ווען ר' לייב האט דאס דערהערט, האט ער גלייך זיך אומגעקערט מיט דער פולער שיסל און בייז געזאגט צו זיין פלוניתטע:

— וואס הייסט איך זאל אויסגיסן ביי יענעמס שוועל, מע זאל אים פאר מיין שמוץ מאכן א פראטאקאל? מארגן וועט יענער דאס זעלביקע טאן דיר, און אריינגיסן גלייך אין שטוב אריין... טראג אליין ארויס די פאמוניצע, אז ביסט שוין יא אזא חכמתטע...

אזא מענטש איז געווען ר' לייב שוחט. אז מע פלעגט פאר וועמען דארפן א הלוואה — איז דאך אפגערעדט. נישט איין מאל האט געטראפן, אז מע האט געמוזט העלפן א יידן מיט פינף זלאטעס. וואס טוט מען? האט ר' לייב,ביים שיעור אין בית־מדרש, באשטעלט צוויי בחורים זיי זאלן ארויסגיין אין שטאט זאמלען פארן נצרך דאס געלט. דערוויייל האט ער די 5 זלאטעס אוסגעלייגט פון זיין קעשענע.

אז דער שוחט האט אין עטלעכע טעג ארום געזען, אז די יונגעלייט מאכן זיך נישט וויסנדיק וועגן געלט, האט ער אין איינעם א פרימארגן באהאלטן זייערע תפילין... ווען די בחורים זענען געקומען דאווענען און נישט געפונען די תפילין, האבן זיי באלד פארשטאנען, אז דאס איז ר' לייבס א שטיקל ארבעט. ווען מען איז צוגעגאנגען אים בעטן ער זאל אפגעבן די תפילין, האט ער געענטפערט:

— טאקע יא, באהאלטן אייערע תפילין, ווייל איר האט דאך ערוב געווען פאר די פינף זלאטעס. איך דארף כסדר אנטלייען מענטשן געלט, — טא וואס וועט זיין דער סוף?

פארשטייט זיך, ווען די בחורים האבן זיך מתחייב געווען אויפצוזאמלען די הלוואה, האבן זיי צוריק באקומען זייער שאדן...

פון וואנען ר' לייב שוחט האט געשטאמט ווייס איך נישט. מ'האט נאר דערציילט, אז ער איז געווען שוחט אינעם שטעטל קרילאוו. אז דאס שטעטל איז אוועק מיטן פייער און ביי אונדז אין פראמפאל האט מען זיך פון דעם דערוווסט, איז אראפגעפארן א דעלעגאציע פון צוויי דאזארעס — ר' איציק קעסטנבערג און ר' יעקב קיסלאוויטש — קיין קרילאוו און פארבעטן דעם שוחט ר' לייב צו אונדז אין שטעטל. און דאס אן שום ארענדע־אפצאל פון זיין זייט, ווי עס פלעגט זיך פירן אין יענע צייטן. ווי עס שיינט, איז דער נאמען פון ר' לייב שוחט געווען אזוי שטארק בארימט, אז דאס שטעטל האט געהאלטן פאר א כבוד אים אריינצוקריגן צו זיך, זייענדיק מוותר אויפן געלט, וואס איז שטארק נייטיק געווען פאר קהלס הצטרכותן.

ר' לייב שוחט האט געהאט א זון און צוויי טעכטער. דער זון איז געגאנגען אין

טאַטנס וועגן, געווען שוחט אין קרילאָוו און אויך געווען מוזיקאַליש באַגאַבט, ווי זיין באַרימטער פֿאָטער. אָפֿט פֿלעגן זיי אַפֿילו זיך אַרויסהעלפֿן אין זייערע שאַפֿונגען.

### יעקל כמיעלס, דער שטעטלדיקער בעל־עגלה און זיין פֿרוי אסתּר

אַ פּשוטער בעל־עגלה געווען, מן־הסתּם — נישט קיין קליינער אָרעמאַן, אָבער געהאַט אַ וואַרעם יידיש האַרץ. ער איז אויפֿגעשטאַנען אין דער פֿרי, איידער די הענער האָבן געקרייעט, אָפּגעדאַוונט גיך, ווי ער פֿלעגט זאָגן — „אויף איין פֿוס", מיטן ערשטן מנין, וואָס איז געווען דער היפּוך פֿון זיין באַשעפֿטיקונג, ווייל ער האָט זיך געשלעפּט מיט זיין פֿור זייער פּאַמעלעך. פֿון יאַנאָוו אַ שטייגער, איז געווען אַ מרחק פֿון אַכצן קילאָמעטער. איז ער געפֿאָרן מיטן „פּוילישן וועג" בערך אַ פֿיר שעה, ווייל די פֿערד זענען געווען אויסגעמאַטערט. יעדן טאָג פֿלעגט ער אַדורכמאַכן דעם זעלביקן קורס און קומען אַהיים אַזייגער צען אין אָוונט. און מ׳האָט געמוזט פֿאָרן מיט יעקל בעל־עגלה, ווייל קיין אַנדערע פֿאַרבינדונג מיט יאַנאָוו איז דעמאָלט נישט געווען.

דאָס איז אַלץ גערעדט געוואָרן וועגן די וואַרעמע זומער־טעג. אַז עס האָבן זיך אָנגעהויבן די אָסיענדיקע וועטערן — אַ רעגן, אַ שניי און אַ בלאָטע — איז דעמאָלט געווען אַ גאָטס רחמנות אַ קוק צו טאָן אויף אונדזער יעקל כמיעלס. די פֿערד האָבן אָפֿט פֿאַרשטרייקט, אָדער עס איז אַראָפּגעפֿאַלן אַ ראָד אין מיטן וועג.

יעקל פֿלעגט אַליין זאָגן צו זיינע פּאַסאַזשירן:

— מיט מיר צו פֿאָרן, דאַרפֿט איר פֿריער בענטשן גומל, ווייל מיינע פֿערדלעך האָבן שוין אַזאַ נאַטור: זיי טרעפֿן דאָרט, וווּ מען דאַרף נישט.

ער איז געווען אַ ייד מיט אַ גוט געמיט, האָט ליב געהאַט זיך אונטערצווויצלען אויפֿן חשבון פֿון זיינע בידנע סוסים:

— מיר האָבן אַ גרויסן גאָט אין הימל און כּל זמן מיינע פֿערדלעך שלעפּן זיך אויף די פֿיס, וועלן זיי מיר אַריינשלעפּן דעם שבת אין שטוב אַריין...

איז געווען גוט — אַז אַלץ איז געגאַנגען כּשורה. האָט ווען אַ פֿערד צעבראָכן אַ פֿוס, אָדער זיך אָפּגעטראָגן אויף יענער וועלט — איז די נויט ביי ר׳ יעקלען געווען גרויס.

דאַן האָבן זיך געמוזט אַריינמישן אַ פּאָר גוטע יידן, וועלכע האָבן שוין געזען צוזאַמענצושטעלן אַ ביסל געלט, עפּעס האָט די גמילת חסדים־קאַסע אויסגעליען און מ׳האָט יעקלען געקויפֿט אַן אַנדערן שפּיזער.

איך דערמאָן זיך, אַז נאָך די אַלע גליקן, האָט איין מאָל נישט געסטאַיעט קיין געלט, האָט מען אים איינגעהאַנדלט אַ פֿערד, בלינד אויף ביידע אויגן, ווייל עס האָט געקאָסט ביליקער. פֿלעגט אויף דעם יעקל זאָגן:

— צו אַלע גוטע יאָר, בלינד איז מיין שפּייזער ווי די נאַכט, אָבער ווו נאָר אַ גרוב, טרעפֿט ער גלייך אַריין..

אונדזער בעל־עגלה איז געווען אַ מטופל מיט קינדער. זיין פרוי האָט מען ביי אונדז גערופן אסתר די צדיקת. און ווי דער נאָמען — אַזאַ איז זי געווען. זי האָט זיך קיין מאָל נישט עוסק געווען, ווי אַ שטייגער אַנדערע ווייבער, מיט רכילות. מ׳האָט פון איר מויל נישט געהערט קיין איינציקן קרעכץ אויף איר ביטער מזל.

פאַרקערט, זי האָט נאָך געהאָלפן אַנדערע מיט וואָס זי האָט נאָר געקענט. שטילער־הייט פלעגט זי יעדע וואָך צונויפזאַמלען נדבות פאַר אָרעמע מענטשן און צעטיילט מתן בסתר, קיינעם נישט דערציילט פאַר וועמען זי האָט געזאַמלט. מע האָט אָבער געוווּסט, אַז דאָס געלט ליגט אין ערלעכע הענט.

יעדן פרייטיק פאַרנאַכט פלעגט אסתר די צדיקת אַרויסשיקן קליינע מיידלעך איבער דער שטאָט אויפצוזאַמלען חלות און פּראָדוקטן פאַר אָרעמע מענטשן, כדי נישט מבייש זיין קיין יידן, פלעגט זי די פּראָדוקטן אַריינברענגען אין די אָרעמע הייזער אַזוי, אַז קיינער זאָל עס נישט באַמערקן, אונטערלייגן אונטער דער טיר בינטלעך האָלץ אין די קאַלטע ווינטער־טעג א. אַז. וו.

אין די גרעסטע שנייען און זאַווערוכעס, פלעגט די דאָזיקע פרוי מיט באַשיידנקייט און מסירת־נפש אויספירן איר אַרבעט. איר מאַן, דער בעל־עגלה פלעגט שטענדיק זאָגן:

— מיין אסתר די צדיקת, הלוואי זאָל זי זיין מיט מיר צוזאַמען אויך נאָך די הונדערט און צוואַנציק...

## דער שוואַרצער שלמה — דער מכניס אורח

דער שוואַרצער שלמה (אַזוי האָט מען אים גערופן), איז געווען אַ שוסטער, געניט און פאַראַכטן שטיוול פאַר פויערים.

שווער צו זאָגן, אַז שלמה איז געווען אַן אָרעמאַן, ווייל קיין מאָל האָט מען פון אים נישט געהערט זיך באַקלאָגן אויף זיין שווערער מערכה, בפרט, אַז ר׳איז געווען אַ גרויסער מכניס־אורח און דווקא פאַר אַזעלכע אָרעמע לייט, וואָס וואָלטן אַן זיין הילף געמוזט איבערנעכטיקן אויף דער האַרטער באנק אין בית־המדרש. די דאָזיקע אביונים האָט מען ביי אונדז גערופן „אורחי פרחא״.

די בעסערע אָרעמע לייט האָבן שוין געהאַט זייערע חסידים, וועלכע האָבן זיי באַזאָרגט מיט אַ געלעגער, ווי אַ שטייגער, ר׳ שמואל יוסף קעסטענבערג, אָדער אַ צווייטער חסיד.

אָבער פאַר די „אורחי פרחה״ האָט קיינער נישט געזאָרגט. אַראָפּקומענדיק אין שטעטל, זענען זיי אַ גאַנצן טאָג אַרומגעגאַנגען איבער די הייזער און באַקומען צו צוויי גראָשן אין אַ שטוב, אָדער אַ שטיקל צוקער אין אַן אָרעמער שטוב. נאָך אַ טאָג זיך אַרומשלעפּן איבער די הייזער, קומענדיק אָפּט צופוס פון אַ דערבייאיקער שטאָט, ווייל

ס׳האָט פּשוט געפּעלט אויף הוצאות, האָבן די דאָזיקע לייט נישט געהאַט ווו אויסצורוען זייערע אויסגעמאַטערטע ביינער.

און דווקא אַזאַ פּשוטער ייד אַ בעל־מלאכה, ווי שלמה דער שוסטער, האָט שטענדיק אַרויסגעוויזן זיי וואַרעמקייט. ער פלעגט זיי מיטנעמען צו זיך אַהיים, וואָס איז באַשטאַנען פון איין חדר, מיט נאָך אַ קליין צימערל.

אין גרעסערן חדר האָט ער אַליין געוווינט מיט זיין משפּחה און דאָס קלענערע האָט ער אָפּגעגעבן פאַר תינוקות של בית רבן. אַזוי ווי איך האָב אויך דאָרט געלערנט, האָב איך זיך גוט צוגעקוקט צום דאָזיקן שוסטער מיט אַ וואַרעם יידיש האַרץ, וועלכער פלעגט נעמען אויף נאַכטלעגער אין זיין ענגער שטוב.

ער פלעגט אויסשפּרייטן פאַר די אורחים אַ בינטל שטרוי אויף דער פּאָדלאָגע, ווייל קיין אַנדער אָרט איז אין שטוב נישט געווען — און מיט אַ באַזונדער האַרציקייט און זאָרג באַדינען די אָרעמע יידן. אין דער פרי האָט ער אויפגערוימט דאָס שטרוי, כדי מיר, די קינדערלעך, קומענדיק אין חדר, זאָלן געפינען אַלץ צוריק אויפן אָרט.

שלמה דער שוסטער האָט אויך געהאַט אַ חזקה יעדן יאָר, באַלד נאָך פּורים, צו באַקן מצות פאַר די אָרעמע מענטשן וועלכע האָבן זיך נישט געקענט דערלויבן אָפּצוגעבן דאָס ביסל מעל צום בעקער, ווייל ער האָט זיך גענומען אַ צו גרויסן חלק פון די מצות.,

שלמה האָט אַזוי איינגעאָרדנט, אַז ביי אים אין דער ענגער שטוב זאָל זיך צונויפנעמען אַ משפּחה מיט ווייב און קינד אין איינעם און אָפּבאַקן די מצות. איינער האָט גערעדלט, דער צווייטער האָט געוועלגערט, אַ קינד האָט געגאָסן וואַסער פאַר דער הויפּט־קנעטערין. און ער, שלמה בכבודו ובעצמו, איז געשטאַנען ביים ברענענדיקן אויוון און געבאַקן. זיין פרוי האָט געמאַכט די „מיירע״. דאָס אַלץ האָט ביי שלמה שוסטער געקאָסט זייער ביליק.

מיט וואָס פאַר אַ יראת־הכבוד דער דאָזיקער פּשוטער ייד איז געשטאַנען ביים אויוון און געטוישט אַלע מאָל די לאָפּעטעס. מיט איינער האָט ער אַריינגעזעצט די מצות, מיט דער צווייטער — אַ שמאָלערער לאָפּעטע, האָט ער זיי איבערגעדרייט אויף דער צווייטער זייט. און מיט דער דריטער — אַרויסגענומען די מצות פון אויוון.

קוקנדיק אויף שלמה שוסטער, ווי ער שטייט ביים אויוון, האָט מען געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער טוט עס מיט אַ טיף געפיל פון עבודת הקודש.

נאָר זיינע אויגן זענען געווען אומעטום, ר׳האָט געזען, וואָס עס טוט זיך אין דער גאַנצער שטוב, אַז ר׳האָט באַמערקט ווי עמיצער האָט איבערגעדרייט אַ טייגל אויף דער צווייטער זייט, אָדער — וואָס נאָך ערגער — אַראָפּגעלאָזט אַ טייגל אויף דער ערד, האָט ער געגעבן אַזאַ געשריי, אַז מען האָט געקאָנט מיינען, אַז ס׳איז אויסגעבראָכן אַ שריפה:

— חמץ! — האָט ער געליאַרעמט — און צוגעכאַפּט דאָס טייגל. אָבער גענומען טרייסטן די אָרעמע משפּחה:

— מילא, מילא, וואָס קאָן מען מאַכן, איר וועט שוין היינט אָפּקאָכן דערפון קליסקעס פאַר די קינדערלעך אויף וועטשערע...

שלמה שוסטער איז, ווי געזאָגט, געווען אַ גרויסער אָרעמאַן, אָבער אַ שטאַרק פרומער. אַלע באַגינען פלעגט ער גיין אין בית־המדרש דאַווענען און תפילין האָט ער געלייגט אַפילו אין חול המועד. פאַר אונדז, קינדער, איז עס געווען אַ גרויסער חידוש, ווייל אין שטעטל האָט קיין איין ייד נישט געלייגט אין חול המועד קיין תפילין. מיר פלעגן ספּעציעל קומען אין בית־המדרש זיך צוקוקן צו דער מאָדנער פירונג.

קיינער פון אונדז האָט אָבער אויס דרך־ארץ, נישט געוואַגט אים צו פרעגן וועגן דעם. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז אויב דער רב זעט עס און רעדט גאָרנישט, איז עס מן־הסתם נישט קיין עבירה.

אַזוי האָט זיך כל ימיו געפירט דער דאָזיקער פּשוטער ייד.

## ר׳ משה־חיים האָכראַד

געווען זענען זיי צוויי ברידער: ר׳ משה־חיים און ר׳ נתן־דוד. זייער פרומע יידן, קוזמירער חסידים בלב ובנפש, געשמאַקפולע בעלי־תפילות. ר׳ נתן איז געווען אַ ייד אַ קבצן. לשם שמים פלעגט ער זיך אַרומדרייען אין בית־המדרש — און ווינד־און־ווי איז געווען צו יענעם, וועמען ר׳האָט געטראָפן אויסרעדן אַ וואָרט בעת דער גרויסער שמונה־עשרי.

דאַקעגן זיין ברודער ר׳ חיים איז געווען אַ ייד אַ נוח הליכות, אַ הדרת פנים, תמיד מיט אַ זיס שמייכעלע אויף די ליפּן. ציכטיק, זיך אָנגעטאָן מיט אַ טעם און ועל כולם — געווען אַ שמח בחלקו.

אַמאָל איז ער געווען אַ שיינער בעל־פּרנסה. מען דערציילט, אַז בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען ער האָט געהאַנדלט מיט מעל, איז אויסגעבראָכן אין שטעטל די מגיפה פון כאָליערע. אויך ר׳ נתן מיט דער פרוי זענען אַוועקגעפאַלן אין בעט. האָט דער אויסגעהונגערטער עולם אויפגעבראָכן זיין מעל־שפּייכלער — און ר׳ נתנס פאַרמעגן איז געגאַנגען לאיבוד.

ווען ער מיט דער פרוי האָבן זיך געראַטעוועט און אויפגעשטאַנען פון דער קרענק, האָט זי אים נישט צורו געלאָזן: זאָל ער זיך דערוויסן ווער ס׳האָט גענאָסן פון זיין פאַרמעגן, אפשר וועט זיך לאָזן עפּעס אָפּגעפינען.

אָבער ר׳ נתן מיט זיין שטענדיקן שמייכל אויף די ליפּן, האָט רואיק אָפּגעענטפערט:

— זאָל זיי וווּיל באַקומען, די אָרעמעלייט. קיין גביר האָט דאָך נישט געדאַרפט

אונדזער מעל. און אפשר טאַקע אין דעם זכות האָט אונדז גאָט געהאָלפן און מיר זענען געזונט געוואָרן...

אין דער לעצטער צייט האָט ער זיך פאַרנומען מיטן פאַרקויפן אומלעגאַל בראָנפן אויפן גלעזעלע. אין יענער צייט איז דאָס געווען זייער געפערלעך. און אָט־וואָס ס׳איז געשען:

צוליב אַ מסירהלע פון אַ גוי, האָט מען אים געכאַפּט און ס׳האָט געדראָט מיט שיינע חדשים תפיסה. איך דערמאָן זיך, אַז מען האָט אַראָפּגעבראַכט, אַזש פון זאַמאָשטש, דעם גרעסטן אַדוואָקאַט ציגעלמאַן. דער פּראָצעס איז פאָרגעקומען אין אַ שבתדיקן טאָג און דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען אויף די פיס, ווייל ס׳איז שווער געווען זיך פאָרצושטעלן, אַז אַזאַ ייד ווי ר׳ משה־חיים זאָל גיין זיצן אין תפיסה. און עס האָט ווירקלעך געהאַלטן ביי דעם.

משה־חיים האָט אויפן פּראָצעס געטענהט, אַז די קריסטן האָבן אים אַריינגעבערענגט בראָנפן אין שטוב אַריין און געבעטן, ער זאָל זיי דערלויבן צו מאַכן ביי אים אַ לחיים.

נאָכן אויסהערן די טענות, האָט דער ריכטער אַרויסגעגעבן אַ פּסק־דין, אַז ער גלויבט נישט, דאָס אַזאַ ייד מיט אַזאַ הדרת פנים, זאָל זיך דערלויבן עובר צו זיין אויפן געזעץ פון דער מלוכה... ר׳ משה־חיים איז באַפרייט געוואָרן.

די פרייד אין שטעטל איז געווען נישט צום באַשרייבן.

ווי איך האָב שוין דערמאָנט, איז ר׳ חיים־משה געווען אַ שטרענג פרומער ייד — אָבער נישט קיין בטלן. ביי דער ערשטער געלעגנהייט, האָט ער זיינע צוויי קינדער אַוועקגעשיקט קיין ארץ־ישראל. ער האָט בכלל נישט מורא געהאַט פאַרן מה יאמרו הבריות. און דאָס איז אין יענער צייט נישט געווען פון די קליינוקייטן.

ר׳ חיים־משה האָט געטרוימט, געהאָפט און געוואַרט אויף דער מינוט, ווען אויך ער אַליין וועט קאָנען עולה זיין אין הייליקן לאַנד און זיך פאַראייניקן מיט זיינע קינדער.

ליידער, ער האָט נישט דערלעבט זיין חלום צו פאַרווירקלעכן, ווייל די מערדערישע האַנט פון נאַצי האָט אים דערגרייכט. ער מיט זיין פרוי, זון און טאָכטער, זענען אומשולדיק פאַרשניטן געוואָרן.

## ר׳ אברהם־אליעזר בן ר׳ מנחם־דוד ליכטפעלז

כל לבי דוי וכל ראש לחולי על שבר בת עמי ועל שבר משפחתי הדגולה ובראש ובראשונה על מותו הטרגי והאכזרי של א״ד־אבי, מורי הי״ד ר׳ אברהם אליעזר ב״ר מנחם דוד ליכטפעלד. מי יתן ראשי מים ועיני מקור דמעה ואבכה יומם ולילה על האי שופרא שלא זכה לקבר ישראל.

די הענט ציטערן, ווען איך נעם זיך שרייבן וועגן מיין האַרציקן פאָטער, דעם לאַנגיאָריקן ראש פון דער חברה קדישא ביי אונדז אין שטעטל, וואָס האָט זיין גאַנצן

לעבן אָפּגעגעבן דער מצוה פון הלוית המת. אַליין נישט זוכה געווען צו קומען צו קבר ישראל, מען ווייסט נישט ווו זיין געביין איז אַהינגעקומען.

מיין זיידע ע״ה, ר׳ פּנחס צוקער, האָט אים ממש געקויפט פאַר געלט און זיין גאַנצן לעבן זיך געשפּיגלט אין דעם איידעם, וואָס איז געווען געבענטשט מיט אַ סך מידות טובות. אַ ייד אַ תלמיד־חכם, וואָס איז געזעסן, יומם־ולילה און געלערנט, האָט ער געשטאַמט פון גרויסן יחוס אין שטעטל איזביצע ביי לובלין, אַ קרוב פון ביסקוויצער רבין ז״ל, א הדרת פּנים, אַ גוטער בעל קריאה און ספרא רבא, אַ בעל חשבון ועוסק בצרכי ציבור באמונה. ועל כולם — אַ מזג טוב בין אדם לחברו.

ער איז געזעסן גאַנצע טעג אין געוועלבל, וואָס אין ראָטהויז און האָט אויך געלערנט יום־יום דעם דף גמרא אָדער אַ פּרק משניות. סיי ווינטער, סיי זומער, פלעגט ער אויפ־שטיין באַגינען, כדי גיין אין בית המדרש, ווו ר׳האָט עוסק געווען אין עבודת הקודש, געלייגט צוויי פּאָר תפילין און די גאַנצע צייט בעתן דאַווענען נישט אויסגערעדט מיט קיינעם קיין וואָרט.

פון דרייצן יאָר אָן, האָט ער נישט אַדורכגעלאָזן קיין איין תענית ציבור. אין די ערבי חדשים, האָט ער שטענדיק אָפּגעפאַסט ביז צוועלף אַזייגער בייטאָג. אַז עס איז געקומען ראש חודש־אלול, האָבן מיר אים נישט דערקענט.

ער איז אַרומגעגאַנגען און געקרעכצט און געזיפצט מעמקא דליבא, געלערנט דעם זוהר און ספרי מוסר. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס ער איז געווען אַ שטאַרק קראַנקער מענטש, איז ער ערב יום־כיפור געגאַנגען אין שול, אויסגעשטעלט אַלע קינדער, זיי געבענטשט מיט האַרץ־רייסנדיקע בכיות און אַזוי אָפּגעדאַוונט ביז מוצאי יום כיפור. דאַן ערשט איז ער אַהיים געגאַנגען עפּעס טועם זיין און זיך צולייגן אָפּרוען.

חוץ זיין פרומקייט, האָט ער גוט פאַרשטאַנען דאָס לעבן פון יונג און אַלט, געלייענט און אַבאָנירט די ערשטע „הצפירה״ און דערנאָך יעדן טאָג דעם „יוד״ און דעם „טאָגבלאַט״.

ער איז געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן אָרגאַניזירט אַן אַלגעמיינעם חדר פאַר קינדער, ווו די מלמדים האָבן געקריגן באַצאָלט זייער לוין פון אַ קאָמיטעט, וועלכער האָט געהאַט אויפזיכט אויף זייער לערנען.

ער איז געווען איינער פון די ערשטע, וועלכע האָבן געגרינדעט די קאָאָפּעראַטיווע ליי־קאַסע, דערנאָך די גמילת חסדים־קאַסע, ער האָט איינגעפירט דעם ערשטן נר תמיד אין בית־המדרש, וועלכער האָט געברענט מיט שמן זית. יעדן שבת בהעלותך האָט ער געמאַכט אַ פייערלעכע חגיגה. ליידער, איז עס נאָך דעם בטל געוואָרן. ער איז אַ סך עוסק געווען אין ביקור חולים. גאַנצע נעכט אָפּגעזעסן ביי קראַנקע און דער עיקר איז ביי אים געווען די אַרבעט אין דער חברה קדישא, וועלכע ער האָט געפירט ביד רמה.

ער האָט איינגעפירט א תקנה, אַז ווען מ׳האָט עמעצן מזכיר־נשמות געווען, האָבן אַלע מיטגלידער פון דער חברה־קדישא געמוזט קומען אין שול אַריין דאַווענען. אַז עס

האָט זיך געמאַכט אַ בר מינן אין שטאָט, האָט קיינער פון חברי קדישא־לייט נישט געטאָרט אַרויספאָרן מחוץ לעיר, אויסער, פאַרשטייט זיך, אין אַן אויסנאַם־פאַל.

ער האָט געהאַלטן דעם פנקס פון דער חברה, אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען תקנות פון עטלעכע הונדערט יאָר. ער האָט אויך איינגעפירט אָרדענונג אויפן בית החיים, אַז ווען עמעצער האָט געוואָלט גיין אויף קבר־אבות, האָט ער אים פון אַ באַזונדער פנקס געזאָגט גענוי, ווו דער טויטער געפינט זיך, אין וועלכער שורה און נומער, ווען יענער איז באַערדיקט געוואָרן. ער איז אין אַלץ געווען זייער פּינקטלעך.

לײדער, האָט די מערדערישע האַנט אונטערגעהאַקט אַזאַ טייערן בוים. דער מענטש, וואָס האָט אַזוי פיל געזאָרגט, אַז אַ ייד זאָל קומען צו קבר ישראל — האָט אַליין צו דעם נישט זוכה געווען.

ביחד עם כל בית ישראל נבנה על השריפה אשר שרף ה׳. יהי זכרון ברוך לנצח.

## ישעיהלע דעם רבס — דער „קבלהניק"

געבאָרן איז ישעיהלע אין יאָר 1912. נאָך זייענדיק אַ ייִנגעלע פון אַ יאָר 10—12, האָט ער אַרויסגעוויזן אַ נטיה צו אָפּגעזונדערטקייט. ער פלעגט אין בית־המדרש זיצן אַליין, אָפּגעבנדיק זיך ווייניק מיט די אַנדערע קינדער פון זיין עלטער. אויך האָט ער אין קלויז ווייניק געלערנט, דער עיקר פון זיינע לימודים איז געווען אין דער היים.

שווער געווען צו דערגיין זיין מהות. צווישן אונדז זענען געווען פאַרשידענע מיינונגען וועגן ישעיהלע דעם רבס. אייניקע פלעגן זאָגן, אַז זיין באַהאַלטנקייט דרינגט אַרויס פון דעם, וואָס ער זעט אויס צו זיין אַ נסתר, וועלכער וויל נישט אַרויסווייזן זיינע קענטענישן. אַנדערע ווידער פלעגן אים חושד זיין אין גאווה. אָבער אַזוי צי אַזוי, האָבן אַלע מודה געווען, אַז דער קליינער האָט אַ שאַרפן קאָפּ. ממש אַ יורש פון זיין גרויסן פאָטער, דעם פראַמפּאָלער רב ז"ל. מען האָט נישט געוווּסט פון וואַנען עס האָט זיך גענומען, נאָר עס האָבן אָנגעהייבן אַרומצוגייען קלאַנגען, אַז דעם רבס זינדל האָט זיך אָוועקגעלאָזן אויף אַ וועג, וואָס פראַמפּאָל האָט עס ביז איצט נישט געוווּסט, דהיינו: ער פאַרטיפט זיך אין קבלה.

ווי אַזוי ישעיהלע איז צו דעם געקומען — האָט קיינער נישט געוווּסט. אָבער עס געדענקט זיך אַזאַ פאַקט: איין מאָל אין אַ ראש השנה, פאַר די תקיעות, ווען אַ גרויסער טייל פון עולם איז געווען פאַרטיפט אין זאָגן דעם זוהר (און געזאָגט האָט מען מיט אַ סך האַרץ און מיט בכיות — ווער עס האָט יאָ פאַרשטאַנען, און ווער נישט), האָט פּלוצים ישעיהלע מיך אָוועקגערופן אין אַ זייט און, נישט ווי זיין שטייגער אַ זאָג געטאָן צו מיר:

— משה, לאָמיר לערנען דעם זוהר.

אויף מיין פראַגע, צי ער פאַרשטייט דעם זוהר, האָט ער מיר געענטפערט, אַז אויב

מ׳איז נאָר ראוי דערצו, קען מען אַלץ פאַרשטיין, אַפּילו די שמות הקדושים, וואָס זאָגנדיק זיי, האָט מען מורא געהאַט זיי אַרויסצורעדן מיטן פולן מויל.

איך דאַרף באַמערקן, אַז זיין פאָטער, דער פּראָמפּאָלער רב, איז געווען אַ שטאַרקער מתנגד און מן הסתם האָט ער זיין זון נישט געוואָלט לאָזן גיין אויפן דאָזיקן דרך.

ישעיהלע האָט אָנגעהויבן פאַרקריכן מיט מיר אין די עולמות העליונים און ס׳איז נאָך אַ מזל, וואָס דאָס האַרץ־רייסנדיקע געשריי פון זיין פאָטער „מן המיצר קראתי״ האָט איבערגעריסן אונדזער שמועס, ווייל ווער ווייסט ווי ווייט מיר וואָלטן דערגאַנגען...

ס׳איז קלאָר געוואָרן פאַר אַלעמען, אַז דעם רבס זינדל איז זיך מתעסק אין קבלה. אָבער לײַדער, איז אויך ער ווי אַלע יונגעלייט וואָס פאַרפּלאָנטערן זיך אויף די דאָזיקע דרכים, נכשל געוואָרן בבחינת „הציץ ונפגע״.

אין עטלעכע יאָר אַרום האָט מען אָנגעהויבן שמועסן, אַז ישעיהלע דעם רבס זון האָט אָנגעהייבן שרייבן שירים, און דווקא מאָדערנע שירים; אַז ער איז אַ הייסער פאַרערער פון חיים־נחמן ביאַליק.

פאַרשטייט זיך, אַז זיין פאָטער דער רב, האָט פון די אַלע זאַכן נישט געוווּסט. אָבער אין איינעם אַ טאָג האָט זיך ישעיהלע געקליבן צו פאָרן קיין וואַרשע, וויזט אויס, מיט אַ פּעקל לידער. ערשט דעמאָלט האָט זיך זיין פאָטער געכאַפּט, אַז עפּעס איז דאָ נישט כשורה.

דער רב האָט געפּרוּווט מיט גוטן און מיט בייזן צו שטערן דעם זון אויסצופירן זיין פּלאַן, אָבער אָן הצלחה.

מ׳האָט אַרויסגעזאָגט אַ דעה, אַז זייענדיק פאַרטאָן אין הויכע וועלטן, האָט ישעיהלע געוואָלט מקרב זיין עקסטרעמקייטן. און די זאַך איז אַזוי געווען:

אַ קורצע צייט פאַרן „שוואַרצן שבת״, ווען מ׳האָט אַדורכגעפירט גרויסע אַרעסטן צווישן די קאָמוניסטן, האָבן אייניקע פון זיי דערפילט, אַז די פּאָליציי שפּירט זיי נאָך, און דעריבער אָנגעהויבן אַרײַנצוגיין אין בית־המדרש, כלומרשט צו דאַווענען. ווען ישעיהלע האָט אָנגעטראָפן אויף אַזאַ איינעם, האָט ער אים געוואָלט מקרב זיין, אָנגעהויבן מיט אים לערנען און שמועסן וועגן דברי־תורה. דער קאָמוניסט פון זיין זייט, איז אויך נישט געבליבן שולדיק...

פון דעם טאָקע זאָל דעם רבס זינדל נכשל געוואָרן. ער איז אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע און באַלד געפונען אָן אָרט ביי איטשעלע יאושזאָן, הלל צייטלין און אַנדערע חשובע לייט.

ס׳איז אַפּילו געקומען דערצו, אַז ווען זיין פאָטער דער רב, איז נפטר געוואָרן און פּראָמפּאָל האָט נישט געוואָלט אויפנעמען דעם זון אויפן כסא־הרבנות, האָט זיך הלל צייטלין אַרײַנגעמישט און אָנגעשריבן אין „מאָמענט״ אַן אַרטיקל אונטערן קעפּל: „פּראָמפּאָלער יידן, וואָס פייניקט איר אייער יונגן רב?״

ציטלין האָט אים שטאַרק פּאַרטיידיקט. קאָן זיין, אַז נאָכן אָפּפאָרן קיין וואַרשע, האָט דער פאָטער דורכגענישטערט דעם זונס כתבים, ווייל ער זאָל האָבן געזאָגט:

— ווען איך זאָל וויסן ווי גרויס מיין ישעיהלע איז, וואָלט איך געווען מער אַכטונג געגעבן אויף אים.

מ׳האָט אויך געשמועסט, אַז דעם זונדלס אויפפירונג האָט מיטגעווירקט דערצו, אַז זיין פאָטער זאָל אין זעלביקן יאָר נסתלק ווערן.

ישעיהלען האָב איך ווידער געטראָפן אין לעמבערג. ער איז שוין געווען אַן אַנדער מענטש. קענטיק געוואָרן אַ בעל תשובה, ווי איך האָב דאָס דערקענט פון זיינע רייד, בפרט, ווען איך האָב אים געטראָפן אין אַן אַכסניה, ווו גרויסע רבנים־פּליטים פון פּוילן האָבן זיך אויפגעהאַלטן. די אַכסניה האָט זיך געפונען אויפן פּלאַץ וואָלנאָשטשי, אין דער דירה פון לעמבערגער גרעסטן מוהל (דאַכט זיך, אַז גרינבערג האָט ער געהייסן). ביי אים איז געווען דער כשרסטער רעסטאָראַן אין לעמבערג. דאָרט טאַקע האָט ישעיהלע, דעם פּראַמפּאָלערס זון, זיך פאַרהערט מיט פיל רבנים אין תורה.

דאָס איז געווען מיין לעצטע באַגעגעניש מיט דעם דאָזיקן ברויזנדיקן יונגערמאַן, מיט אַן אָפּענעם קאָפּ, וועגן וועלכן איך בין זיכער, אַז ער איז געוואָרן אַ בעל תשובה.

## משה חנהלעס וועלטשער

ס׳איז נישט לייכט אויסצומאָלן דאָס געשטאַלט פון אַ מענטש, וואָס לויט דער יידישער אויפפאַסונג, איז ער געווען פול מיט ווידערשפּרוכן. לאָמיר נעמען, צום ביישפּיל, ר׳ משה חנהלעס:

פון איין זייט — אַ ייד, אַ הייסער חסיד פון ראַזוואַדאָווער רבין, אַ מענטש מיט אַ וואַרעם יידיש האַרץ און פון דער צווייטער זייט — אַ גבר, וואָס די גויים האָבן פאַר אים מורא געהאַט...

האָט זיך אַמאָל געמאַכט, אַז כוליגאַנעס האָבן זיך געוואָלט אַ ביסל פריילעך מאַכן איבער די יידישע קעפּ, איז ר׳ משה אַרויס אויף דער גאַס און צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע יונגעלייט, אָנגעהייבן דערלאַנגען מכות־רצח אויף לינקס און אויף רעכטס.

ער איז געווען גבאי ראשון פון חברה קדישא און פון אַנדערע חברות, און גלייכצייטיק געווען אויסגעבונדן מיט די פּריצים. אַלס ראַטמאַן אין דער גמינע, האָט ער געהאַט אַ צוטריט אין די הערשנדיקע קרייזן. ער האָט אָפט זיך משתדל געווען פאַר אַ נויטבאַדערפטיקן יידן.

געווען פאַלן, ווען ער האָט אינטערווענירט ביי דער פּאָליציי, אָדער ביים בירגער־מייסטער וועגן יחידים אָדער וועגן כלל־זאַכן. אים איז אָפּטמאָל אויסגעקומען אָפּצוזיצן אַ נאַכט מיט די פאָרשטייער פון דער מאַכט, טרינקען מיט זיי אַ כוסה — ביז ר׳האָט זיך דערשלאָגן דאָס זייניקע.

ער איז געווען אַ געזעלשאַפטלעכער טוער מכף ועד הרגל, אומעטום געגעבן זיין

צושטייער מיט אַ ברייטער האַנט, און דער עיקר — מיט זיין אָפן יידיש האַרץ. הגם אַ יידישער מענטש, האָט ער געהאַט אַ געפיל און פאַרשטענדעניש פאַר וועלטלעכע זאַכן. ער האָט דער ערשטער אַריינגעבראַכט אין שטעטל אַ פידל, כדי צו לערנען זיינע קינדער שפּילן. דאָס איז ביי אונדז געווען אַ גרויס געשעעניש — און נישט ווייניק אַרויסגערופן קנאה ביי אַנדערע קינדער פון בעל־הבתישע עלטערן.

ר׳ משה איז געווען אפּוטרופּוס איבער יתומים און זיי אַרויסגעוויזן אַ וואַרעם האַרץ; אַכטונג געגעבן אויף זייער פירונג, ווי אַן אייגענער פאָטער. בכלל איז ער געווען אויסגעבונדן מיט דער יוגנט, וועלכע האָט אים שטאַרק ליב געהאַט. זיין שטוב איז שטענדיק פול געווען מיט יונגע מענטשן.

חוץ דעם, האָט ער גלייכצייטיק אָפּגעגעבן אַ צימער צום דאַווענען, פאַר די ראָזוואָדאָווער חסידים, שלא על מנת לקבל פּרס. ער האָט ליב געהאַט אויפצונעמען ביי זיך אין דער היים אויף גאַנצע וואָכן, מיט אַלעם גרייטן, די רבנים, וואָס פלעגן פון צייט צו צייט באַזוכן דאָס שטעטל.

ר׳ משה חנהס וועלטשער איז געווען אַ געמיש פון יונג און אַלט, פון חסידישקייט און וועלטלעכקייט. אָבער אַלץ וואָס ער האָט געטאָן, ווי אַן איבערגעגעבענער בלב ובנפש ייד.

מען דערציילט וועגן זיין טראַגישן סוף, אַז ר׳איז דערשאָסן געוואָרן צוזאַמען מיט זיינע עלטערן און זון מעכל, פאַר די אויגן פון זיין פרוי און די אַנדערע קינדער.

### יעקל פעלדשער (בענדלער) מיט זיין פרוי רייזעלע די אקושערין

אַ גאַנץ אַנדערער טיפּ איז געווען יעקל פעלדשער, וועלכער האָט געדינט דער גאַנצער יידישער און נישט־יידישער באַפעלקערונג מיט זיינע מעדיציניש קענטעניש, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס ער האָט נישט געהאַט דעם טיטל דאָקטאָר.

אים איז מן הסתם שווער געווען אַריינצופּאַסן זיך אין אַזאַ סביבה, ווי פראַמפּאָל, וואָס האָט געאָטעמט מיט רעליגיעזער יידישקייט. פונדעסטוועגן האָט די דאָזיקע פאַמיליע געהאַט פאַר זיך איין־און־איינציקן ציל: טראָגן הילף דער גאַנצער באַפעלקערונג פון פראַמפּאָל און די אַרומיקע דערפער, יידן ווי נישט־יידן. דאָ האָט מען געדאַרפט אָפּנעמען אַ קינד, דאָרט עמעצן אַרומשערן און אָפּראַזירן, יעדן לויט זיין געשמאַק און טעם: מיט פאות, אָדער אָן פאות, אַ פּירקאַנטיק בערדל, צי איינגאַנצן אָפּשערן די באָרד — אַלץ לויטן פאַרלאַנג...

אַז מ׳האָט באַדאַרפט אַרויסרייסן אַ פאַרפוילטן צאָן, אָדער סתם איינשטילן אַ ווייטיק, פאַרלייכטערן אַ מיחוש, אויסשרייבן אַ רעצעפּט, שטעלן באַנקעס — איז דער אַדרעס געווען: די פעלדשערס.

נישט קיין וווּנדער, וואָס די דאָזיקע משפחה איז רעספּעקטירט געוואָרן דורך אַלעמען. דערצו זענען זיי געווען זייער צוגעלאָזענע מענטשן, די בענדלערס.

רייזעלע די אַקושערקע — אַ זייער קלוגע פרוי. אַז זי איז אַריינגעקומען אַפּנעמען אַ קינד, פלעגט זי קודם כל אַ זאָג טאָן צו די ווייבער, זיי זאָלן אויפהערן כליפּען...״

אַ ניי נפשל דאַרף מען אויפנעמען מיט פרייד און מיט אַ שמייכל — פלעגט טענהן די דאָזיקע גוטע פרוי. זי האָט שטענדיק געהאַט אַ גלייכווערטל, אַליין געלאַכט און אָנגעשטעקט אַנדערע מיט געלעכטער.

די גוטמוטיקייט פון דעם פעלדשער מיט זיין פרוי האָט זיך מן הסתם גענומען אויך פון דעם, וואָס זיי זענען שטענדיק געווען באַזאָרגט מיט פּרנסה. חוץ דעם זענען זייווירקלעך געווען האַרציקע מענטשן.

נישט געקוקט אויף דעם, וואָס זיי זענען געווען ווייט פון פרומקייט, האָבן זיי זיך אויסגעהיטן נישט מחלל־שבת זיין בפרהסיה, נישט געעפנט די ראָזורע אום שבת. גערעכנט זיך מיט די געפילן פון דער יידישער באַפעלקערונג.

אַז מען האָט גערופן יעקלען אום שבת צו אַ קראַנקן, האָט ער נישט פאַרלאַנגט מען זאָל אים באַצאָלן. ביי אַן אָרעמאַן האָט ער בכלל נישט גענומען קיין געלט.



יעקב בנדלר (חובש), אשתו רויזלה (מיילדת) ובנם הבכור יאנק

דער פעלדשער יעקב בענדלער, זיין פרוי רויזעלע די אַקושערין און זייער עלטסטער זון יאַנעק

זיינע קינדער זענען געווען גוטע פידל־שפּילערס און יעדן זומער־פאַרנאַכט, ווען דאָס שטעטל איז געגאַנגען מנחה דאַווענען, האָבן די פידלערס זיך געלאָזט הערן מיט אַזעלכע האַרציקע טענער, אַז די וואָס האָבן געאיילט צו מנחה, האָבן זיך געמוזט פאַרהאַלטן, אָנשטעלנדיק די אויערן צו דער זיסער נגינה (מען דאַרף געדענקען, אַז דעמאָלט איז אין שטעטל קיין ראַדיאָ נישט געווען). באַזונדערס פלעגן די יונגעלייט זיך פאַרהאַלטן ביי דער מוזיק, ביז די עלטערן פלעגן אָנהייבן שרייען אויף אונדז, מ׳זאָל גיין דאַווענען מנחה...

פירנדיק זייער אייגן אַרט לעבן, האָבן די בענדלערס נישט באַזונדערס זיך פאַראינטערעסירט מיט יידישע ענינים. אַפילו צום ציוניזם האָבן זיי נישט אַרויסגעוויזן קיין שום פאַראינטערעסירונג.

דאָס איינציקע, וואָס עס האָט זיי פאַרבונדן מיט יידישקייט, האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם, וואָס ראש־השנה און יום כיפור פלעגן זיי קומען צו מזכיר נשמות אין שול אַריין.

איין מאָל האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דעם פעלדשערס עלטסטער זון, יאַנעק, איז געוואָרן אַ הייסער ציוניסט. ער קומט אין דער אָרגאַניזאַציע, ווערט אין כעס, וואָס מען רופט אים יאַנעק, פאַרלאַנגט מ׳זאָל אים רופן מיטן יידישן נאָמען, ווייל ער איז אַ ייד, גלייך מיט אַלע.

ער האָט אָנגעהויבן זאַמלען געלט פאַרן קרן קימת און אַנדערע ציוניסטישע פאָנדן, חברט זיך בלויז מיט יידישע חברים. מיט איין וואָרט — אַ נייער מענטש געוואָרן.

די פרומע יידן פלעגן אויף דעם זאָגן: „אַ יידישע נשמה איז נישט אָפּצושאַצן, זאָל זיין באַדאַי אַ ציוניסט, אַבי אַ ייד...״

איז נישט קיין וווּנדער, וואָס דער דאָזיקער יאַנעק האָט אַריינגעבראַכט אין זיין אַסימילירטער שטוב אַ סך יידישע מאַניערן און שטימונגען.

צו דעם אַלעמען דאַרף מען צוגעבן, אַז זיי האָבן זיך געלאָזט קאָסטן פאַר אָרעמע קראַנקע מענטשן, און דערלאַנגט הילף אָן געלט.

## ר׳ יעקב קיסלאָוויטש, דער יידישער סאָלטיס

ער איז געווען אַ ייד פון אַלטן טיפּ, געשטאַמט פון דערבייאיקן שטעטל קרעשיוו.

ס׳איז געווען שיין צו קוקן, ווי דער אַלטער ר׳ יעקב איז געגאַנגען אין גאַס, אָנגעלענט אויף זיין גראָבן שטעקן. זיין לאַנגע צעפּלאָשעטע באָרד און זיין פּאַטריאַ־כאַלישער אויסזען, האָבן אויף די דורכגייער איבערגעלאָזט אַ שטאַרקן איינדרוק.

ר׳ יעקב האָט געוועקט צו זיך יראת הכבוד מיט זיין הדרת־פּנים. ער איז געווען אַ ייד אַ תלמיד־חכם, געזעסן יומם ולילה און געלערנט מיט אַזאַ שיינעם ניגון, אַז עס האָט פאַרכאַפּט ביים האַרץ.

דער דאָזיקער קלוגער ייד איז געווען לאַנגע יאָרן אַ סאָלטיס פון שטעטל, אָדער ריכטיקער געזאָגט — דער פאָרשטייער פון יידישן שטעטל אין דער גמינע און כלפּי דער פּאָליציי. זיין חכמה האָט מען געקענט זען, ווען ער פלעגט דערליידיקן פאַר וועמען אַ שתדלנות און אים אָפּגעראַטעוועט פון אַ צרה, אַ „זאַיענטשע״, אָדער ליציטאַציע.

מיט גרויס מסירת־נפש פלעגט ער זיך איינשטעלן פאַר אַ יידן, ווען ס׳איז געקומען דער סעקוועסטראַטאָר אויפמאָנען שטייערן. דערוויסנדיק זיך, אַז דער באַדראָטער ייד האָט אין דער היים אַ ביסל סחורה, פלעגט ר׳ יעקב עמעצן צושיקן וואָרענען, אַז דער

סעקוועסטראַטאָר גייט. אַזוי אַרום איז די סחורה אָפּגעראַטעוועט געוואָרן. עס האָט געטראָפן, אַז די וואָרענונג איז שוין געווען צו שפּעט. דער ייד האָט נישט באַוויזן אַרויסצוטראָגן, אָדער באַהאַלטן די סחורה, פלעגט ר׳ יעקב, ווי דער שטייגער, אויסגעפונען אַ פרישע תחבולה, כדי פאַרדרייען דעם סעקוועסטראַטאָר דעם קאָפּ.

אין ערגסטן פאַל, פלעגט ר׳ יעקב פערזענלעך גאַראַנטירן פאַרן ביסל סחורה, אַז דער ייד וועט עס צושטעלן צו דער צייט. דערווייל, ביז וואָס ווען, אַריינגערוקט דעם באַאַמטן אַ פּאָר זלאָטעס און צוגעזאָגט, אַז די שטייערן וועלן אויסגעצאָלט ווערן אין ראַטעס.

ער האָט איינגעטענהט מיטן סעקווֶעסטראַטאָר, אַז אויב מען וועט צונעמען ביים אָרעמען ייִדן דאָס לעצטע ביסל סחורה, וועט ער מיט די קינדער אויסגיין פון הונגער.

די גאַנצע גמינע האָט פאַר אים געהאַט דרך־ארץ: דער וואָיט, דער שרייבער און אַלע ראַטמענער, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס אין יענער צייט איז דער אַנטיסעמיטיזם געווען גרויס.

די גמינע פלעגט זיך אָפט באַראַטן מיטן יידישן סאָלטיס וועגן אַדורכפירן וויכטיקע ענינים. די קריסטן האָבן דערשאַצט זיין חכמה און דערפאַרונג. זיינע אַלע לייסטונגען פאַר דער גאַנצער שטאָט זענען געווען קודם־כל פאַר דער יידישער באַפעלקערונג.

## דער פראמפאלער ל״וניק (דער פרומער יעקל)

ער האָט געהערט צו דעם סאָרט ייִדן, וועמען ס׳איז שווער צו שילדערן מיט דער פעדער. נאָר די, וועלכע האָבן אים געזען דאַווענען, אין דרומדיקן ווִינקל פון בית־המדרש און זיך צוגעהערט צו זיינע שטילע זיפצן און קרעכצן היוצאים מן הלב, האָבן געקענט אָפּשאַצן וואָס פאַר אַ מענטש דאָס איז געווען.

אַ גרויסער אָרעמאַן, אַ גרויסער בעל־יסורים איז געווען דער דאָזיקער יעקל ל״וניק.

ווען די טרויעריק־באַרימטע האַלערטשיקעס זענען אַריין אין פראַמפּאָל און זיך געלאָזט ווּילגיין אויף די בערד פון אומבאַהאָלפענע יידן, האָט אים געטראָפן דער ערגסטער גורל.

די באַנדיטן זענען אים באַפאַלן אין גאַס און מערדערלעך צעשלאָגן, געטרעטן מיט די שטיוול אַזוי לאַנג, ביז מען האָט אים צעבראָכן אַ פוס מיט אַ האַנט. אין אַ באַוווּסטלאָזן צושטאַנד האָבן זיי אים געלאָזן ליגן אין מיטן גאַס.

ווען מ׳האָט יעקלען אָפּגעפירט אין שפּיטאָל קיין יאַנאָוו־לובעלסקי, האָט קיינער נישט געגלויבט, אַז דער מענטש וועט איבערהאַלטן די יסורים. אָבער זיין גרויסע אמונה האָט מן־הסתם מיטגעווירקט דערצו, אַז ער איז אַרויס אַ לעבעדיקער פון שפּיטאָל, הגם אַ קאַליקע אויפן גאַנצן לעבן: געשלעפּט אַ פוס מיט אַ האַנט.

הערנדיק זיינע קרעכצן און זיפצן ביים דאַווענען, האָט ער געקענט רירן אַ שטיין. דער ייד האָט געלעבט אָפּגעזונדערט, מיט קיינעם קיין מגע ומשא נישט געהאַט, קיין מאָל נישט גערעדט קיין דברים בטלים. אַרומגעגאַנגען אין בית־המדרש און געוועקט דעם עולם צו זאָגן ברוך הוא וברוך שמו. ער האָט נישט געלאָזט אויסריידן אַ וואָרט ביי דער הויכער שמונה־עשרה — און דאָס אַלץ געטאָן מיט אַזאַ האַרציקייט, אַז קיינער האָט זיך נישט געקענט קעגנשטעלן, מ׳איז תיכף אַנטשוויגן געוואָרן.

איין מאָל, אין מיין אָנוועזנהייט, האָט זיך עמעצן פאַרגלוסט אים אַ פרעג טאָן:

— ר׳ יעקל, ווען מען גיט אַ פינף זלאָטעס פאַר אַן „אמן" — וואָלט מען שוין יאָ נאָכגעזאָגט.

האָט ר׳ יעקל אויסגעשריגן:

— וואָס? איך גיב אָוועק אַלץ וואָס כ׳פאַרמאָג פאַר דיינס אַן „אמן"... ווייסטו דען וויפל אַן „אמן" האָט די ווערט? די וועלט האָט עס נישט צו באַצאָלן...

מע האָט געפילט, אַז דאָס זענען דברים היוצאים מן הלב.

די גאַנצע שטאָט האָט געהאַט פאַר אים גרויס דרך־ארץ, ווייל מ׳האָט אים געהאַלטן פאַר אַ נסתר. פיל האָבן געגלייבט, אַז ער איז אַ ל״וניק...

## יהושע לעווינגער „דער משוגענער"

אויף נאָך איין ייד וויל איך זיך אָפּשטעלן — יהושע לעווינגער. מ׳האָט אים גערופן „משוגענער" נישט דערפאַר, ווייל ער איז, חלילה, געווען משוגע, נאָר ווייל ר׳האָט אַנדערע געמאַכט משוגע... אַ ייד אַ תלמיד־חכם, ליב געהאַט צו לערנען מדרש מיטן ריכטיקן ניגון, געלייגט צוויי פּאָר תפילין און ביים דאַווענען נישט דורכגעלאָזן קיין איין וואָרט. פון אַ בעל־פרנסה, וואָס האָט געגעבן צדקה, איז ער שפּעטער געוואָרן אַ יורד און אַ גרויסער אָרעמאַן. ר׳איז נישט געווען אימשטאַנד צו דערנערן זיין ווייב מיט די צען קינדער. אויס פאַרביטערונג איז ער געוואָרן אַן איבערצייגטער קאָמוניסט. נישט לייענענדיק מאַרקסן און ענגעלסן, האָט ער אויף זיין שטייגער און מיט זיינע אַרגומענטן געפירט אַ קאָמוניסטישע אַגיטאַציע ביי יעדער געלעגנהייט. אַפילו אין בית המדרש, ווו ער האָט נישט אויפגעהערט קומען דאַווענען צוויי מאָל אין טאָג, לייגן זיינע צוויי פּאָר תפילין און לערנען זיין פּרק מדרש מיטן ריכטיקן ניגון. קיין גרויס דערפאָלג מיט זיין אַגיטאַציע צווישן פרומע יידן, האָט ער נישט געהאַט און געמוזט שווער אַרבעטן, כדי זיי איבערצייגן, אַז ווען דער אמתער קאָמוניזם וועט זיגן, וועט ער נישט דאַרפן אַזוי זיך מאַטערן, כדי דערנערן זיינע צען קינדער, וואָס וועלן דאַן זיין אַ ברכה פאַר דער מענטשהייט. איצט, אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, זענען זיי אַן איבעריקע לאַסט.

איין מאָל בין איך געשטאַנען אין בית־המדרש און גערעדט מיט הערש־חיים האָף

און יעקב שלייכער. איז צו אונדז צוגעקומען ר׳ נתן דוד האָכראַט, — אַ ייד אַ קבצן אין זיבן פּאָלעס, און אָנגעשריען, הלמאי מיר זאָגן נישט נאָך „ברוך הוא, ברוך שמו״. האָט אים ר׳ יהושע גענומען אַריינזאָגן:

— ר׳ נתן־דוד, איר האָט דאָך דריי דערוואַקסענע מיידלעך חתונה צו מאַכן און אירווילט דאָך מן־הסתם, זיי פירן אונטער דער חופה?

ענטפערט ער:

— אַוודאי, אַוודאי, אַלס פאַרשטענדלעכער מענטש ווייסט איר דאָך, אַז אָן די צוויי פּאַפּירלעך, וואָס הייסן 200 דאָלאַר נדן, וואָס יעדער בחור פאָדערט אויף אַ דירה, מעבל און געלט אויף צו האַנדלען — קאָן קיין שום לייטיש מיידל נישט חתונה האָבן.

— אַוודאי, אַוודאי, היינט שטעלט אייך פאָר: אייערע מיידלעך האָבן ליב יינגלעך, וואָס מוזן אָבער, צוליבן פעלן פון די צוויי פּאַפּירלעך, זוכן אַנדערע כלהס, וואָס האָבן זיי יאָ. וויפל יונגע לעבנס זענען צוליב דעם אומגליקלעך? אייערע טעכטער מוזן דעמאָלט נעמען אַזעלכע חתנים, וואָס זענען שוין קיין נדן נישט ווערט...

פרעגט אים ר׳ נתן־דוד:

— וואָס זשע איז דאָ צו טאָן, ר׳ יהושע?

— כ׳זאָג אייך — זאָל זיין „ומלאה הארץ דעה״. אַז דער קאָמוניזם וועט קומען, וועט מען דאָס אַלץ פאַרשפּאָרן, נישט דאַרפן קיין געלט. אַלע וועלן זיין גלייך און האָבן פּרנסה.

ר׳ נתן־דוד איז אַוועקגעגאַנגען, שווער צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און דערביי פאַרגעסן, אַז פאַר דער גאַנצער צייט האָבן מיר אַפילו קיין איין מאָל נישט געזאָגט „אמן״.

אָבער ווי לייכט אים איז אָנגעקומען אַריינצוברענגען אין פאַרלעגנהייט פרומע, אָרעמע יידן, אַזוי איז אים געגאַנגען שווער מיט די מער וועלטלעכע, און איבערהויפּט די רייכערע יידן. די גרעסטע וויכוחים און צוזאַמענשטויסן האָט ער געהאַט מיט אַ ייד אַ גביר און דערצו אַ פאַרגעשריטענער, וואָס האָט שוין געזען די וועלט פאַר די אויגן — ר׳ מאיר קנאָבליך. רעדלעך פלעגן זיך שאַפן אַרום די צוויי דיסקוטאַנטן. מען מוז מודה זיין, אַז תמיד איז ר׳ יהושע געווען פון אויבן, ווייל ער האָט אין דעם קליינשטעטלדיקן גביר געזען די פאַרקערפּערונג פון וועלט־קאַפּיטאַליזם. ער פלעגט זיך ווענדן צום גביר בזה הלשון:

— מאיר, וואָס טויג דיר אַזוי פיל געלט? במילא קאָנסטו נישט מער אָנטאָן ווי איין פּאָר שטיוול, איין פוטער, נישט אויפעסן מיר ווי איין גאַנדז.

אויף דעם האָט אים ר׳ מאיר געענטפערט:

— משוגענער יהושע, אַז איך וועל דיר געבן, וועל איך דאָך אַליין נישט האָבן, כ׳פאַרשטיי אָבער נישט פאַר וואָס האָסטו טענות? אַז אַ פּאָר שטיוול גייסטו אָנגעטאָן, עסן — עסטו אויך, טאָ וואָס זשע נאָך ווילסטו?

ענטפערט אים ר׳ יהושע:

— אָט איז דער אונטערשיד צווישן מיר, דעם קבצן, און דיר, דעם גביר. דו גייסט

אין שטיוול ווינטער און אין האַלבע שיך זומער, עסט שבועות מילכיקס און שמחת תורה פלייש, און ביי מיר — איז אַלץ פאַרקערט. זומער גיי איך אין שווערע שטיוול, ווינטער אין האַלבע לאַטשן, שבועות עס איך פליישיקס און שמחת תורה מילכיקע קרעפּלעך. ווייל נאָך סוכות, ווען כ׳בלייב שטיין באָרוועס, איז אָנשטאָט באַשטעלן אַ פּאָר שטיוול, מוז איך בעסער פאַר דעם געלט האַנדלען ביז די חגאות. קויף איך מיר דערווייל אַ פּאָר ביליקע האַלבע שיך. נאָך די חגאות באַשטעל איך מיר אַ פּאָר שטיוול — און ביז פּסח צאָל איך זיי אויס, קאָן איך זיי אָנטאָן פּונקט זומער. ערב שבועות, אַז כ׳קום אַהיים פון דאַוונען, באַפאַלט מיך מיין ווייב, אַז זי האָט נאָך נישט קיין פּיצל קעז פאַר מילכיקע קרעפּלעך, ווייל קעז איז איצט גלייך מיט גאָלד. און גיטל, דעם קליינעם משהלעס, הייסט זיך אָנצאָלן, דאַקעגן איז פלייש גאָר ביליק און נישטאָ דערויף קיין בעלנים. כ׳גיב איר דעמאָלט צוויי זלאָטעס און הייס איר מאַכן אַ פליישיקן שבועות. דאַקעגן שמחת תורה, אַז פלייש איז טייער און קעז איז ביליקער, הייס איך איר מאַכן אַ מילכיקן שמחת תורה. איצט זעסטו שוין, אַז ווען דאָס גאַנצע שטעטל טראָגט וואַרעמע שטיוול, פריר איך מיר אָפּ די פיס אין האַלבע שיך און זומער ברען איך מיר אָפּ די פיס אין שווערע שטיוול. שבועות, ווען די וועלט עסט מילכיקס, עס איך פליישיקע קרעפּלעך. דו לאָזט מיך פאַר־קילן און קראַנק ווערן און שפּעטער מוזטו אַליין אַרומלויפן און שאַפן פאַר מיר עטלעכע זלאָטעס פאַרן דאָקטאָר. אָבער אַז די קאָמונע וועט ווערן איינגעפירט, וועל איך מיך אָנטאָן און עסן גלייך מיט דיר — צו דער זעט און צו דער צייט. גלייב מיר, איך האָב אויך אַ מאָל פאַרמאָגט געלט, אָבער דאַן בין איך געווען אַן אָקס און נאָר געזוכט יענעם צו שטויסן; די אמתע, גוטע און דערהויבענע געדאַנקען זענען מיר געקומען ערשט, ווען כ׳בין געוואָרן אַן אָרעמאַן. אויך דו, וואָס פאַרמאָגסט היינט צו טאָג אַ 20 טויזנט זלאָטעס, גייסט אַרום ווי אַן אָקס מיט צוויי גרויסע און שטאַרקע הערנער און זוכסט נאָר יענעם צו שטויסן... ווילסט שוין פאַרמאָגן אַ 50 טויזנט!

אָט מיט אַזעלכע נאַיווע און פּשוטע אַרגומענטן, איז אים געלונגען צו געווינען אַ פּאָר פרומע יידן פאַרן קאָמוניסטישן אידעאַל.

משה ליכטפעלד / פתח־תקווה

# אונדזערע בעלי־מלאכות

צום אָנדענק פון די אויף קידוש השם אומגעקומענע פּראַמפּאָלער ייִדישע בעלי־מלאכות, האַנטווערקער, כאַלופּניקעס און סתם האָרע־פּאַשנע און ערלעכע מענטשן.

מיר געדענקען גוט די אַלע אָרנטלעכע און אַרבעטזאַמע ייִדן פון שטעטל, וואָס פלעגן אַמאָל ביז 16 שעה אין מעת־לעת זיצן ביי דער מאַשין, צי ביים וואַרשטאַט און מיט זייער שוויס און פראַצע אויסאַרבעטן דאָס שטיקל ברויט פאַר זיך און פאַר דער משפּחה.

איך וויל בלויז דערמאָנען אייניקע פון די דאָזיקע עמך־ייִדן:

די האַניגמאַנס זענען ווינטער געווען שוסטערס און פון די קנאָפּ אָפּגעשפּאַרטע זלאָטעס אַרענדירט יעדן זומער סעדער אין דאָרף. אַהין אַרויסגעפאָרן נאָך פּסח, ווי נאָר דאָס ערשטע בליעכץ האָט זיך באַוויזן אויף די ביימער און שוין געבליבן דאָרט ביז איבער די יום־טובים. זיי האָבן געפירט אַ ציגיינער־לעבן, געשלאָפן און געלעבט אין אַ בויד, געמוזט היטן מיט טויזנטער אויגן, מען זאָל נישט גנבענען די פּרוכט און פאַרטאָג, ווען ס׳איז נאָך געווען פינצטער, אַליין אַוועקפירן אין שטעטל די קעסטלעך עפּל, באַרן, צי פלוימען, עמערס מיט קערשן און ווײַנשלען. נישט שטענדיק איז געווען אַ „געראָטן יאָר". דעמאָלט איז מען געווען צופרידן, אַז מ׳איז כאָטש אַרויס מיטן קרן...

די שוסטערס פּיוועלע יעגערמאַן און בן־ציון יעגערמאַן האָבן געהאַט פיל אָנזען אין שטעטל, אויסגעלעבט זיך גאָר פיין, חתונה־געמאַכט די קינדער.

פון די שניידערס קומט אומבאַדינגט די בכורה בן־ציון וואַלדמאַן, וועלכער האָט געשמט אַלס בעסטער פאַכמאַן ביי ייִדן, ווי ביי קריסטן. אַ גוט שטיקל אַרבעט האָט מען געגעבן נאָר צו בן־ציונען. דער שניידער יוסף־איציק רויזער האָט געהערט צו די אַלטע תושבים פון פּראַמפּאָל. אַלע זיינע זין האָבן פון פאָטער איבערגענומען דאָס פאַך. דאָס איז געווען אַן עכטע אַרבעטער־שטוב. ביזן גרינדן דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַריין פון די נאָדל־אַרבעטער, האָבן אַלע יונגעלעכע, וועלכע האָבן זיך געוואָלט לערנען שניידעריי, געפּונען ביי רויזערן אין וואַרשטאַט אַן אָפענע טיר און אַן אָפן האַרץ. די פאַמיליע רויזער האָט געפירט אַ שטיל און באַשיידן לעבן. יוסף־איציק איז געשטאָרבן נאָך אַ לאַנגער קראַנקייט אויף אַ פוס.

יחזקאל האָף האָט געהערט צו די מער פאַרמעגלעכע שוסטערס, געווען זייער אָנגענומען אין די באַלעבאַטישע קרייזן. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט גמילות חסד

און גוטהאַרציקייט. די זעלבע אייגנשאַפטן האָט אויך געהאַט יואל־בער ריטמאַן, וועל־כער האָט אַלע זיינע קינדער גוט איינגעאָרדנט; הענעך ריינזילבער — דער היטלמאַ־כער; איטשע־לייב יעגערמאַן, דער גאַלאַנטעריע־סוחר; מיכאל ערטער, אַ שניידער, וועלכער האָט זיך אויסגעלעבט קולטורעל, געווען אַן אַקטיווער ציוניסט און געשיקט זיינע קינדער אין אַ העברעישער שול.

בנוגע די בעקערס האָט מען געוווּסט, אַז זיי אַרבעטן טאַקע שווער, נאָר פּרנסה איז פאַראַן. צו די עלטסטע בעקער האָט געהערט משה בעכער. ער האָט געשמט מיט זיין הכנסת־אורחים, מיט זייער שיינער שטוב און די שבתדיקע און יום־טובדיקע טישן, וואָס מ׳האָט געפירט מיט אַ ברייטער האַנט. צו די נייע בעקערס האָבן געהערט חיים שטיינבערג און פּסח בריק, וועמענס ווייב ברכה האָט אים געהאָלפן אין דער בעקעריי. די חתנוה־געהאַטע קינדער זייערע האָבן זיך אויך מפרנס געווען פון דער בעקעריי — ביז דעם חורבן.

די אלמנה שרה אַשנבערג האָט מיט אירע קינדער געפירט אַ בעקעריי. מען האָט געוווּסט, אַז די דאָזיקע פרוי איז שטענדיק איבערגעאַרבעט, מיד, נישט אויסגעשלאָפן. מ׳האָט מיט איר געהאַט אַ סך מיטלייד. געווען אויך אַ בעקער אַן אָרעמאַן — נתן־דוד. אים איז שווער געוועזן צונויפצושטעלן פאַרנאַכט די עטלעכע זלאָטעס צו קויפן מעל, כדי קאָנען פאַרגרייטן דאָס פרימאָרגן־געבעקס. ער האָט אַליין געאַרבעט מיט זיינע קינדער.

שמחה אַשנבערג האָט שווער געאַרבעט ביי זיין פאַך. ער האָט אָבער שטאַרק ליב געהאַט דאָס בוך. אַז ער האָט גענומען לייענען דעם וואַרשעווער ציוניסטישן „היינט" — איז אים שווער געווען דערפון אָפּצורייסן. אַ פיינער, אָנשטענדיקער יונגערמאַן, געווען אַקטיוו אין דער ציוניסטישער באַוועגונג.

פון די אַלטע שניידערס איז נאָך כדאי צו דערמאָנען עזריאל בלומער און שמואל בלומער דער ערשטער — פול מיט ענערגיע, אַ פעדאַנט, שטענדיק אַ פריילעכער, ליב געהאַט צו וויצלען זיך, אַפילו מיט יוגנטלעכע. פון דער גרויסער משפחה בלומער — איז קיינער נישט געבליבן.

פון די קאַמאַשנמאַכערס איז געווען באַקאַנט יאַנקל פראַמפּאָלער, אַ וואַרשעווער חסיד, וואָס איז יעדעס יאָר געפאָרן צם רבין און דאָרט געלאָזן אַן אָנגעזעענעם פדיון. ער איז געווען אַ פאַרמעגלעכער ייד, ווייל קאַמאַשנמאַכעריי איז ביי אים געווען נישט נאָר אַ מלאכה, נאָר אויך — מסחר. מיכאל פרילינג האָט מיט געהילפן געפירט אַ וואַר־שטאַט און זיין פרוי חיה־פעשע איז געווען די סוחרטע. איר בקיאות אין דער לעדער־בראַנזשע, פונקט ווי איר גרייטקייט צו העלפן מיט אַ גמילות־חסד אַ נויטבאַדערפטיקן ייד — איז געווען באַוווּסט אין שטעטל. די משפּחה פרילינג האָט זיך אויסגעלעבט קולטורעל, געווען ציוניסטיש טעטיק און געשיקט די קינדער אין אַ העברעישער שול. יצחק פראַמפּאָלער און זיין פרוי מינדל האָבן געפירט אַ וואַרשטאַט. די דאָזיקע פרוי

האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר טיכטיקייט און אַרבעטזאַמקייט. פון 9 פרי ביז 10 ביינאַכט פלעגט זי זיצן ביי דער שטעפּ־מאַשין און נאָך אַזאַ שווערן און לאַנגן אַרבעטס־טאָג, נישט פאַרנאַכלעסיקן אירע פליכטן אַלס באַלעבאָסטע, מאַמע און פרוי. געווען שוסטערס, וועלכע האָבן פאַרלאַנגט כאַלעוועס וואָס נאָר מינדל האָט זיי אויסגעאַרבעט — פאַר אַזאַ מייסטערין איז זי אָנגעגאַנגען... די משפחה האָט זיך מפרנס געווען שיין און אָנשטענדיק, געווען ציוניסטיש אַקטיוו און געשיקט זייערע קינדער אין דער יבנה־שול.

איינער פון די ערשטע וועבערס אין שטעטל, איז געווען אייזיק הייפלער מיט זיינע קינדער און יאָסל האָף פון די רימערס געדענק איך אברהמלע פייגעס, יחזקאל זלמן און יצחק טענענוווּרצעל. זיי, פונקט ווי די וועבערס, האָבן געאַרבעט נאָר פאַר די פויערים. אויך די היטלמאַכערס הענעך ריינזילבער, וועלוול פּרעס און ליפּע וועלטשער, האָבן געאַרבעט פאַרן מאַרק און פאַר די פויערים. זיי אַלע האָבן זיך בכבודיק אויסגעלעבט פון זייער מלאכה.

פאַרן מאַרק האָבן אויך געאַרבעט סטאַנדאַרט מעבל: וואָלף־בער עלבוים. דאַקעגן זיינוול קריקשער האָט שוין אָנגענומען פּריוואַטע באַשטעלונגען און געקענט אויס־פאַרטיקן אַ לייטיש שטיקל מעבל.

פוטער־פעלצן פאַר די פויערים האָבן געליפערט די קירזשנערס גוטמאַן גאַנז און מענדל־בער גאַנז.

*

איך ווייס, אַז די דאָזיקע רשימה איז נישט קיין פולע, כ׳האָב דערמאָנט די וואָס זייערע נעמען זענען מיר געבליבן אין זכרון.

מעכלא דינבורט / רמת־גן

## דער בלינדער שיע

אַ פרומער, ערלעכער ייד געווען, שטאַרק אָפּגעהיטן דאָס דאַווענען. ער איז פאַר־בליבן איינגעקריצט אין מיין האַרצן און זכרון, ווי אַן אייגענער פון דער משפּחה. אַלס קינד האָב איך שטענדיק געדענקט אין אים, גלייך ער וואָלט באַלאַנגט צו אונדזער היים. בלינדערהייט האָט ער אַלץ געוווּסט, וואָס עס קומט פאָר אין אונדזער פאַמיליע און אין שטוב. ער האָט געוווּסט ווו דאָס ברויט ליגט — און אַליין דערפון זיך נעמען עסן.

אַמיינסטן האָבן מיר ביי אים באַוווּנדערט ווי ער האָט געהאַקט האָלץ פאַר דער אַלעיאַרניע — און אַזעלכע דינע שטיקלעך, נישט צעקאַלעטשנדיק זיך די הענט קיין

אײן מאָל. אַז אין שטוב איז עפּעס צעבראָכן געוואָרן, האָט ער עס פֿאַריכט. אויך חשבונות האָט ער געמאַכט שנעל און גוט.

ווען מײן פֿאָטער פֿלעגט אַמאָל אַרויספֿאָרן אויף עטלעכע טעג, האָט דער בלינדער שיע געהאָלפֿן דער מאַמען פֿירן די אָלעיאַרניע. אַז דעם אַרבעטער (אַ פּאָליאַק) האָט זיך פֿאַרגלוסט צו גנבֿענען מאַקוך און אים באַהאַלטן — האָט שיע גלײך אָפּגעפֿונען דאָס באַהעלטעניש און די גניבֿה.

שיעס פּרוי איז יונג אַוועק פֿון דער וועלט און אים געלאָזן מיט דרײ מײדלעך. אײנע איז יונג געשטאָרבן, די צווייטע איז געווען קראַנק און אײנע דאַרף זײן אַוודאי אין אַמעריקע.

דער בלינדער שיע איז געווען אַ זייער אינטערעסאַנטער טיפּ אין שטעטל, אַ גוטער, געטרײער און ערלעכער מענטש — נאָר אויך אַן אומגליקלעכער. זײן געשטאַלט און אָנדענק דאַרפֿן פֿאַראײביקט ווערן אין אונדזער יזכּור־בוך.

חנה דינבורט-שארף / קאַנאַדע

## חיים און לייביש — די וואַסערטרעגערס

ערבֿ פּסח אין פּראַמפּאָל. דער ווייץ פֿאַרן מעל צו באַקן מצות איז שוין אָפּגעמאָלן אין דער ײדישער מיל אין סאָקאָלוווקע, אונטער דער שטרענגער השגחה פֿון רבֿ. דאָס שטעטל גרייט זיך צום באַקן מצות. די קנעטערס, רעדלערס, שיבערס און וואַ־סערגיסערס האָבן זיך צוגעשטעלט אין פֿולן קאָמפּלעט. דער לאַנגער נאָטע גרייט זיך שיבן די מצות, ווי צו אַן עבֿודת קודש. אויך חיים וואַסער־טרעגער מיט זײן זון לייביש פֿעלן נישט אויס. אָבער די אַרבעט רירט זיך נישט. נישטאָ קיין וואַסער! עס ווערט אַ שטיקל מהומה. ס׳טייטש? טאַטע און זון זענען דאָ, עפּעס שטייען זיי אין אַ זייט, ריידן זיך איבערן אויפֿן הויכן קול און שטיל — אָבער די פֿיר עמערס אויף ביידע קאָראָמיסלעס ליגן זיך אין אַ זייט, גלײך נישט זיי מיינט מען...

עס נעמט נישט קיין סך צייט — און מע דערוווּסט זיך, אַז לייביש האָט פֿאַר־שטרייקט. ער וויל אַ גרעסער שטיקל ברויט פֿון טאַטן, פֿאַרן העלפֿן אים טראָגן וואַסער, אויב נישט — איז אויס אַרבעט. אַ שטרייק!

אַלע טענות פֿון טאַטן און פֿון די אַנדערע אַרבעטער — העלפֿן נישט. לייביש איז פֿאַרעקשנט. ביז ר׳ חיימען פֿאַלט אײן אַ געדאַנק צו וואָרענען זײן זון, אַז ער נעמט אים צו די שטיוול, אויב ער הייבט נישט אָן טראָגן וואַסער. לייביש וויל נישט פֿאַרלירן זײנע שטיוול. אַ רעזיגנירטער הייבט ער אויף די קאָראָמיסלעס מיט די עמערס. טוט זיי אָן

אויף די אַקסלען — און טאַטע און זון הייבן אָן צושטעלן וואַסער. פראַמפּאַל איז נישט געבליבן, חלילה, אָן מצות.

די צוויי כמעט אומבאַקאַנטע חיים און לייביש, וועגן וועלכע מ'האָט אַ גאַנץ יאָר נישט גערעדט און נישט געהערט — זענען יענעם ערב פסח געוואָרן באַרימט. ערב יום־טוב און אויך שפּעטער האָט מען געהאַט פון זיי צו ריידן און צו דערציילן...

## דער קליינער שימעלע און די הויכע לאה

דאָס דאָזיקע פּאָרפּאָלק איז געווען באַקאַנט אין שטעטל מחמות דעם הויכן וווקס פון דער אשת־חיל און איר נידעריקן מאַן.

שמחת־תורה אין פראַמפּאַל. יעדן ייד איז פריילעך אויפן האַרצן. נאָכן יום־טובדיקן דאַווענען בייטאָג און נאָך די הקפות, לאָזט מען זיך אויף אַ קידוש צו די יידן, וועלכע האָבן געוואָלט ביי זיך אין דער היים משמח זיין זיך און אַנדערע.

דער קליינער שימעלע האָט מתפלל געווען אין שטיבל פון דער לינת־הצדק, ביי זיינוול־מרדכי. געקומען אַהיים איז ער נאָך אַ כוסה. ווי אַ ייד, ווען ס'איז פריילעך אויף דער נשמה, רופט ער זיך אָן צו זיין ווייב, די הויכע לאה:

— מיין ווייב, היינט איז מיר געלונגען... כ'האָב געקויפט סחורה. אַ לייטישן אתה הראית...

די הויכע לאה האָט לאַנג נישט געטראַכט, גענומען אויף זיך דאָס פּאַרטעך און אַוועק צום גבאי מיט אַ טענה:

— ווו איז די סחורה, וואָס מיין מאַן האָט געקויפט? כ'בין געקומען זי נעמען. גיט זי שנעל, ווייל כ'האָב קיין צייט נישט...

*

אַזעלכע טיפּן און געשטאַלטן האָט פּאַרמאָגט אונדזער שטעטל. תמימותדיקע, ערלעכע, און דערפאַר טאַקע — אומפאַרגעסלעכע...

אברהם הוף / תל־אביב

## דריי פּראַמפּאָלער בחורים געפאַלן ביים פאַרטיידיקן די יידישע

## מדינה: יצחק זיכלער, אברהם צימערמאַן, ישראל ראָטמאַן

### יצחק (איטשע) זיכלער ז״ל



געבוירן אין יאָר 1911 אין פּראַמ־פּאָל, געפאַלן אין יאָר 1948 ביים פאַרטיידיקן רמת־רחל.

מיר האָבן אים געקענט אין שטעטל אָלס איינעם פון די ערשטע, וועלכער האָט דערזען און ריכטיק אָפּגעשאַצט די יידישע ווירקלעכקייט. ווי נאָר ר׳האָט פאַרלאָזט דאָס חדר, האָט ער שוין אַרויסגעוויזן אינטערעס און גע־זוכט אַ לייזונג פאַר די ספּעציפישע נויטן פון זיין פאָלק. ער איז פרי פאַר־יתומט געוואָרן מיטן טויט פון זיין פאָטער. די מוטער פראַדל ע״ה האָט באַדאַרפט מפרנס זיין אַ פיר־פּערזאָ־ניקע משפחה. זי האָט אָבער געזען די נייגונגען פון איטשען און באַמיט זיך אים אַוועקגעבן אויף לערע צו די בעסטע מלמדים, ווי צ. ב. צו עקיבא־מאירן, וועלכער האָט אויך געשמט מיט זיין איינפלאַנצן די תלמידים וועלטלעכע לימודים, אויסער תורה און חכמה. אַ דאַנק דעם האָט איטשע פאַרמאָגט אַ סך יידישן און אַלגעמיינעם וויסן.

ער מוז אָבער העלפן דער מאַמען אין עול פרנסה — צי אין דעם קליינעם שפּייז־געוועלבל, צי איז האַנדל. נאָר פאַר זיך זעט ער נישט קיין שום צוקונפט, קיין פּערס־פּעקטיוו. ער הייבט אָן זיך אינטערעסירן מיט פאַרטייאיש־געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען. אין ארץ־ישראל זעט ער די לייזונג פון אַלע יידישע נויטן.

מיר געדענקען אים אַלס איינעם פון די אַקטיווסטע חלוצים אין שטעטל. ער פאַרט מיט באַגייסטערונג אויף הכשרה קיין פינסק, שפּעטער קיין ווילנע. אין יאָר 1934 ווערט ער באַשטעטיקט צו עליה — און קומענדיק קיין ארץ־ישראל, איז ער געבליבן טריי זיין וועג פון פראַמפּאָל: אַרייגעטראָטן אין קיבוץ. געוועזן פון די ערשטע וואָס זענען אַרויף אויפן באַדן הינטער ירושלים, אין קיבוץ רמת־רחל, דאָרט אויך אויפגעשטעלט זיין פאַמיליע־נעסט.

אין קיבוץ האָבן אים אַלע ליב געהאַט. אַלס שאָפער, האָט ער אַדורכגעמאַכט די געפערלעכסטע נסיעות, טיילמאָל — אונטער אַ האָגל פון קוילן. אין מאַי 1948, מיטן אויסברוך פון דער באַפרייאונגס־מלחמה, איז ער מיט אַ ביקס אין האַנט געשטאַנען אין רמת־רחל און פאַרטיידיקט דאָס לאַנד, זיין קיבוץ און זיין משפחה — אַ פרוי מיט 3 קינדער. ער איז געפאַלן מיט געווער אין האַנט.

מיר וועלן דיך דערמאַנען, איטשע, דיין אידעאַליזם און דיין קרבן.

כבוד דיין ליכטיקן אָנדענק!

יחזקאל פרילינג / רמת־ג

## אברהם צימערמאַן ז״ל



בן יהושע ואסתר־פייגה, נולד ביום ל׳ בסיון תרפ״ח (18.6.1928) בפראמפול. אחרי מלחמת העו־לם השניה הצטרף לקיבוץ „דרור״ בלובלין, בו עשה שנתיים. עלה ארצה בשנת 1948 באוניית המעפילים „פאביה״.

בימי מלחמת השחרור השתתף בכמה קרבות קשים בירושלים. נפל בקרב על הצומת רפיח־חן־יונים ביום ה׳ בטבת תש״ט (6.1.1949) הניח אשה. בנו, שנולד אחרי נפלו, נקרא על שמו.

(מתוך „גוילי אש״, כרך ב׳).

# ישראל ראָטמאַן ז״ל



אַלס 12־יאָריק יינגל איז ער צוזאַמען מיט די עלטערן און פֿאַמיליע, אַוועק פון דאָרף, ווו מ׳האָט געלעבט עטלעכע יאָר און זיך אַריבערגעקליבן קיין שעברעשין. שפּעטער ברעכט אויס די צווייטע וועלט־מלחמה און צוזאַמען מיט איר — רדיפות און רציחות פון יידן. בעת איינער פון די אויסזידלונג־אַקציעס, געלונגט ישראלן צו שפּרינגען פון צוג. ער קומט אָן אין דאָרף, ווו איך און מיין ברודער משה האָבן זיך אויסבאַהאַלטן. אונדזער לאַגע ביי די פּויערים ווערט ערגער פון טאָג צו טאָג. אַלע דריי זענען מיר צוזאַמען אַ שטיקל צייט. די ברידער שיידן זיך מיט מיר, זיי זענען אַוועק קיין פראַמפּאָל, אין זייער געבורט־שטעטל.

אָנקומענדיק קיין פראַמפּאָל, טרעפן זיי זיך אָן אויף איינער פון די דייטשע אַקציעס פון אומברענגען יידן. מיין ברודער משה פאַלט אַ קרבן פון זייערע רציחות. ישראלן געלונגט צוריק אַנטלויפן אין דאָרף. שפּעטער שליסט ער זיך אָן אין די פּאַרטיזאַנער. פאַר דעם געלונגט מיר אים איבערצושיקן קיין לובלין, ווו ער באַקומט זיך אַריין אין יידישן יתומים־הויז. אויך יענע קינדער ווערן אומגעבראַכט — און ישראלן געלונגט ווידער צו אַנטלויפן.

נאָך דער באַפרייאונג האָפט ער אויפצוזוכן וועמען פון די ניצול־געוואָרענע משפחה. ער געפינט נאָר מיך אין דאָרף. מיר זענען עולה קיין ארץ ישראל.

דעם 20־טן מאַי 1957 (י״ט באייר תשי״ז), פאָרנדיק אויפן טראַקטאָר פון דער אַרבעט, האָט אים אַ מערדערישע קויל געטראָפן אין האָרץ — און ער האָט אויסגעהויכט זיין נשמה.

כבוד זיין אָנדענק!

דיין שוועסטער טעמאַ

# יזכור!

יזכור!

זאָל דערמאָנט ווערן די עדה יידן פון פּראַמפּאָל: אָרעמע און רייכע, פרומע און וועלטלעכע, חסידים און מתנגדים, לינקע און רעכטע, זקנים, אנשים, נשים וטף, וואָס נאָכן פאַרנעמען דאָס חרובע שטעטעלע, זענען זיי דורך די דייטשן צונויפגעטריבן געוואָרן אין אַ געטאָ ווו מ'האָט זיי פּאַ־פּייניקט דורך הונגער און מגיפות, און דערנאָך אַוועקגעפירט אומצוקומען על קידוש־השם.

יזכור!

פאַר די אַלע, וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן: סיי אין די ווייסע קיטלען, וואָס זענען געגאַנגען צום טויט אָן ווידערשטאַנד, מיטן „שמע־ישראל" אויף די ליפּן; סיי די, וואָס זענען געפאַלן אין די וועלדער מיט געווער אין האַנט, פאַרטיידיקנדיק דעם כבוד פון ידישן פאָלק און זייערע לעבנס.

יזכור!

פאַר די ערשטע קרבנות, וואָס זענען געפאַ׳ן פון די ערשטע שאָסן בײם פאַרנעמען דאָס שטעטל.

יזכור!

פאַר מײן פרומער מאַמען גיטל און אײנציקער שוועסטער ריזל, וואָס זענען 22 טעג אין חשוון, 2 אַזייגער בייטאָג, דערשאָסן געוואָרן, צוזאַמען מיט אונדזערע פרויען, אין שייער אויפן בילגאָרייער וועג.

יזכור!

פאַר ד׳ העלדישע ידישע מאַמעס, וואָס האָבן, ווי לייבינס, געראַנגלט זיך מיט דער בעסטיע און נישט געוואָלט אַוועקגעבן זייערע קינדער.

יזכור!

פאַר די משפחות, וואָס האָבן זינט דורות געלעבט אין פּראַמפּאָל, איינגעפונדעוועטע, יחוסדיקע...

פאַר זיי שטייען מיר מיט געבויגענע קעפּ און זאָגן:

מיר וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן, וואָס עמלק האָט אונדז געטאָן!

יחזקאל פרילינג / רמת־גן

# נאך א טרער...

ליובאַ וויצקין (ליבערבוים) / רמת־גן

שרייבנדיק ה י י נ ט וועגן דער אַלטער היים, מוז עס זיין נאָר אין נוסח אַ מ אָ ל, ג ע ו ו ע ן. יאָ, כ׳האָב געהאַט אַ מאָל אַ זאַטע, וואַרעמע שטוב, מיט טאַטע־מאַמע, שוועסטער־ברידער. געווען צו זיי אַלע צוגעבונדן און געטריי, ווי צו אייגן בלוט־און־פלייש. כ׳האָב ליב געהאַט מיין גאַס און דאָס גערטנדל מיטן ביימל בעז; דעם מאַרק מיטן פּלומפּ; דעם גאָרייער וועג מיט דעם הויכן באַרג פון ווייטנס; דעם בילגאָרייער טראַקט ווו אונדזער יוגנט האָט זיך געלאָזן צום שבתדיקן שפּאַציר.

דער וועג קיין יאַניוו איז מיר באַזונדערס געווען נאָענט, ווייל ער האָט געפירט צו מיין ברודער מאָטל. כ׳האָב גערן געשפּרייזט אויפן סאָקאָלאָווער וועג, צום טייכל רעטשיצע, כדי זיך אויסבאָדן אין די הייסע זומער־טעג, אַנטציקן זיך מיט דער זון, בלויען הימל, גרינע פעלדער, לאָזן זיך ווויִלגיין אויפן שויס פון דער נאַטור...

פינצטער איז געווען די פּראַמפּאָלער נאַכט, אָבער געהאַט אין זיך אַ סך חן, אַ דאַנק די שימערירנדיקע שטערן אויפן הימל און די אָנגעצונדענע לאַמטערנדלעך פון די קינדער, וואָס האָבן זיך אומגעקערט שפּעט פון חדר; בלאָטיק זענען געווען די געסלעך אין האַרבסט — דאָך זענען זיי מיר געווען נאָענט און ליב, ווייל זיי האָבן געפירט צו מיין היים, צו דער משפּחה...

אַזוי האָט מען אָפּגעלעבט אַ קינדהייט און יוגנט, ביז — — — ווי אַ בייזער געוויטער, אַ שוואַרצע פּעסט, האָט זיך אָנגעטראָגן דער רוצח און ברוטאַל פאַרניכטעט אי די פייגל, אי זייערע נעסטן.

בלוט, טרערן, הונגער, נויט, ברידער־קברים, פייער־צונגען — פּראַמפּאָל ברענט! שמע ישראל!

אַז איך טראַכט היינט פון דער ווייטן  
וועגן די וואָס לעבן נישט מער —  
קומט צו אין אונדזער בעכער פון פיין  
נאָך אַ טרער... נאָך אַ טרער...

# געוועז אמאל א שטעטעלע פראמפאל

## (זכרונות פון אַ יידישן פּאַרטיזאַנער)

מאָטל דינבורט / קאַנאַדע

מיין באַשיידענער בייטראָג צום פּראַמפּאָלער יזכור־בוך: די ווייטערדיקע זכרונות וואָס לאָזן נישט רוען, הגם עס זענען שוין פאַריבער 20 יאָר זינט דער בלוטיקער שטורעם האָט מיטן וואָרצל אויסגעריסן אַ גאַנצע יידישע קהילה מיט אירע בעלי־בתים, עסקנים, קרעמער, האַנטווערקער, אַרבעטער און אַכזריותדיק פאַרניכטעט אַ שטאָט מיט אירע איינוואוינער און אינסטיטוציעס.

יאָ, געוועזן אַמאָל אַ שטעטעלע פּראַמפּאָל — און מער נישטאָ! גאָטס צאָרן האָט זיך אויסגעגאָסן אויף אַ יידישן ישוב, פאַרוויסט און אָפּגעמעקט פון דער ערד דאָס שטעטל, וואָס האָט געשמט מיט הכנסת־אורחים, מיט עכטן יידישן גייסט און מיט די פּשוטע און ערלעכע יידן.

דער געדאַנק האָט זיך נאָך אַלץ נישט באַרואיקט. ווו זענען זיי, די אַלע אומשולדיקע קרבנות? אָ, ווי שרעקלעך גרויס איז די צאָל אומגעקומענע און ווי נישטיק קליין די שארית הפּליטה...

איך פּרוביר איצט אויפלעבן דאָס שטעטל און אירע געשטאַלטן.

מיר האָבן נישט געהאַט קיין באַרימטע יידישע דאָקטוירים, אָבער בענדלער דער פעלדשער און זיין פרוי די אַקושערקע, זענען געוועזן מער באַרימט, ווי די בעסטע דאָקטוירים...

אָט שטייען פאַר מיינע אויגן די קרעמער א. הוף, פ. דרעשער, א. פעלער, ח. הערמאַן, ראָזענבערג, לאַזאַראָוויטש, מ. וועלטשער, פ. ווייס און אַנדערע.

מיין זכרון פירט מיך איצט צו י. בריקס סאָדעוואַסער־פאַבריקל, צו י. בוימס אייזן־געשעפט, צו וועלטשערס קראָם... פון אונדזערע קרעמער דערמאָן איך זיך אין בירמאַנען, בראָמבערגן, האָכראַד, יודקאָוויטש, קעסטענבוים, שטיינבערג און נאָך און נאָך. אַפילו באָדאַנאָוויטשעס אַפּטייק קאָן איך נישט פאַרגעסן, ווי אויך דעם ד״ר פּיאָטר באַדאָווסקי, וועלכער איז געוועזן אַ מומחה אין אַ סך קראַנקייטן. האָבנדיק אים אין שטעטל, האָט מען פאַרשפּאָרט צו פאָרן קיין בילגאָריי, זאַמאָשטש, צי אַפילו קיין לובלין גופא...

אין אונדזער קליינעם שטעטל האָבן מיר געהאַט אייגענע בעקערס, שניידערס, שוסטערס, אַן אָלעיאַרניע, וועבערייען — אַלץ בזעיר אַנפּין. און געלעבט זיך שטיל, רואיק און צופרידן.

אַט איז געקומען דער שרעקלעכער הוראַגאַן — און מיר זענען אַלע פּאַריתומט געבליבן. כ׳וועל, ווי ווייט מעגלעך, אַרויסגראַבן פון מיין זכרון איניקע דערינערונגען פון דעם גרויסן חורבן און איבערגעבן אַ צאָל עפּיזאָדן, וואָס כ׳האָב איבערגעלעבט; פאַקטן און פּאַסירונגען, וואָס רויבן צו מיין שלאָף ביינאַכט און גיבן מיר נישט קיין מנוחה בייטאָג...

## די ערשטע באָמבע

איך וועל אָנהייבן מיט דער ערשטער באָמבע, וואָס האָט חרוב געמאַכט דאָס הויז פון ר׳ שמואל משה פעלדמאַן. דאָס עלטסטע הייזל אין שטאָט איז גראָד געווען ליידיק און קיין קרבנות זענען נישט געווען.

דאָס איז געווען דער ערשטער אָנזאָג, אַז דער שטורעם רוקט זיך אָן. באַלד האָבן גענומען אָנקומען יידן פון די אַרומיקע דערפער און שטעטלעך. די פּאָליאַקן האָבן אַריינגעפירט זייער אָפּטרעטנדיק מיליטער און די שטימונג איז געוואָרן אַ שווערע. מ׳האָט גלייך דערפילט, אַז עס ווערט שלעכט! מ׳האָט אָנגעהויבן ראַבירן יידישע קראָמען. משה וועלטשער איז געווען פון די ערשטע געליטענע פון דער רויבעריי.

. ערב ראש־השנה, פאַרנאַכט, (סעפּטעמבער 1939), האָבן דייטשע עראָפּלאַנען באָמ־באַרדירט די שטאָט. די ערשטע צוויי קרבנות: ר׳ איצעלע מאַנעס און ר׳ ישראל לייטער, דער גבאי פון בית־המדרש. בידע זענען דאַמאָלט אומגעקומען.

די פּאַניק איז געווען אין לשער. יידן זענען אין ראש־השנה אַנטלאָפן דאַווענען אין פעלד, צווישן זיי: ר׳ לייבל שוחט און עטלעכע מנינים יידן. מעשה נס, האָבן יידישע סאָלדאַטן אַרויסגעראַטעוועט אַ ספר־תורה און זי געבראַכט אין פעלד. פיל יידן זענען דאָך געבליבן אין שטעטל, מיט דער האָפענונג, אפשר וועט אַלץ אָפּגיין גלאַטיק, עד יעבור זעם.

דערווייל האָט מען אין ראש־השנה געבראַכט צו קבר־ישראל די צוויי קרבנות. נישטאָ קיין ווערטער צו שילדערן יענע טראַגעדיע! דערנאָך האָבן יידן גענומען לויפן פון פּראַמפּאָל, כדי זיך באַהאַלטן אין די אַרומיקע דערפער און זוכן אַ מקלט פאַר זיך, זייערע פרויען און קינדער. די נאַציס קומען אָן, פאַרלאָזן און — זענען ווידער דאָ.

נאָך דריי טעג מהומה, זענען אַריינגעקומען די נאַציס. זייער ערשטער שוידערלע־כער אַקט איז געווען: צו כאַפּן אַכט יידן און זיי אַריינשליידערן אין אַ גרוב, וואָס האָט זיך געשאַפן פון אַ באָמבע. אויב מיין זכרון דינט מיר, קאָן איך אויסרעכענען איניקע פון זיי: אברהם־לייזער ליכטפעלד, מיין זיידע יצחק קאָרן, ר׳ יעקב־ברוך שוחט, מלך דער איינבינדער, זיינוול קריגשער, יעקב־לייב האָכראַט, מ. קיסלאָוויטש א״אַ. די נאַציס האָבן אויך געוואָלט אָנוואַרפן אַ שרעק אויף די יידן, האָבן זיי געצוווּנגען אָנצוטאָן טעפּ אויף די קעפּ — און געשאָסן אין די טעפּ... קיינעם דעמאָלט נישט דערשאָסן, אָבער בעת דעם ספעקטאַקל, האָבן יידן געדאַרפט זינגען „זאָל לעבן היטלער״...

שפעטער האָט מען גענומען יידן צו דער אַרבעט, דער עיקר — אָפּצורייניקן די וועגן.

קורץ נאָך דעם, האָבן די באָלשעוויקעס פאַרנומען דאָס שטעטל, ווייל די דייטשן האָבן זיך צוריקגעצויגן אויפן סמך פון אָפּמאַך וועגן דער חלוקה פון פוילן. די יידן זענען צוריק געקומען פון זייערע באַהעלטענישן און אָנגעהויבן לעבן אונטער דעם סאָוויעטישן רעזשים. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ מיליץ פון יידן און קריסטן אָפּצוהיטן די אָרדענונג. ווידער אַמאָל — אַ נייעס: די רוסן ציען זיך אַרויס, די נאַציס נעמען איבער דאָס שטעטל.

יידן זענען געבליבן אין דער גרעסטער פאַרלעגנהייט, נישט וויסנדיק וואָס צו טאָן: זאָל מען אַוועק מיט די רוסן, אָדער בלייבן מיט די דייטשן?

דער סך־הכל איז געווען, אַז ביי אַ צען פּראָצענט יידן זענען אַוועק מיט די רוסן און די גרויסע מערהייט איז פאַרבליבן מיט די נאַציס...

די דייטשן האָבן געשאַפן זייערס אַ מיליץ פון פּאָליאַקן און פאַראָרדנט די יידן אָנצוטאָן געלע לאַטעס. ווען מ׳האָט געכאַפּט אַ יידן אָן אַ געלער לאַטע, פלעגן שוין די פּאָליאַקן צעשניידן זיין מאַנטל, צערייסן זיינע בגדים און דערביי אָנגעטאָן כלערליי נגישות.

זעליק ראָזענבערג האָט באַוויזן אויפשטעלן אין שטעטל אַ לעפּיאַנקע און פאַר־לויפיק בלייבן אויפן פּלאַץ. אַ גרויסער טייל האָט זיך פאַרבונדן מיט די יידן אין ביל־גאָריי, וועלכע זענען אויך געוואָרן אַ קרבן פון פייער.

מען האָט זיך באַראַטן וועגן שאַפן אַ יודענראַט.

### דער יודענראַט

דער פריער דערמאָנטער זעליק ראָזענבערג איז געוואָרן דער פאָרזיצער, ד. ה. דער פּראַקטישער פירער פון יודענראַט. ער האָט געהאַט צו זאָגן אין אַלע פראַגן, געווען דער פוסק אחרון אין אַלע אָנגעלעגנהייטן. פיל יידן זענען פאַרבליבן אין שטעטל, הגם די צאָל איז געווען קליין. דער דלות האָט געהערשט אומעטום — באַגלייט פון הונגער, דחקות, פיין און עלנט. אַפילו די יידן וואָס האָבן געאַרבעט פאַר די נאַציס, האָבן נישט געהאַט דאָס שטיקל ברויט צו דער זעט. געאַרבעט האָט מען ביים שאָסיי און מ׳האָט ביסלעכווייז צוגעשמוגלט מיט עסנוואַרג. ס׳איז איבעריק צו דערמאָנען, אַז פיל זענען אומגעקומען ביי דער שווערער אַרבעט, פּשוט געשטאָרבן פון הונגער, קעלט און מאַנגל אין מעדיצינישער הילף!

אין יאָר 1940 האָבן די נאַציס געבראַכט קיין פראַמפּאָל די א. ג. גראַנאַטאָווע פּאָליציי פון פויזנער געגנט — פאַרביסענע אַנטיסעמיטן און אויסוואורפן, וועלכע האָבן געפייניקט די יידן אָן אַ גרענעץ. די איינציקע תרופה זיך אַרויסצוראַטעווען איז געווען — געלט! האָבן יידן בלית ברירה צוריק אַרויסגעצויגן זייער ביסל באַהאַלטענע סחורה פון די קעלערן און פאַרקויפט פאַר וויפל ס׳האָט זיך געלאָזט, און אַזוי געלעבט

אין צרות און שרעק. דאָס אַלץ האָט נאָך געהאָלפן, ביז היטלער איז באַפאַלן דעם סאָוויעטן־פאַרבאַנד. מען האָט גיך פאַרגעסן, וואָס ריבענטראָפּ האָט אָפּגעמאַכט מיט סטאַלינען, דורך מאָלאָטאָווס פאַרמיטלונג.

## אַנטשטייאונג פון געטאָ

תיכף נאָך דעם איז געשאַפן געוואָרן די פאַרשאָלטענע געטאָ. די געלע לאַטע האָט זיך געפונען אויף די אָרעמס פון די יידן. קיין מאָרדן זענען דערווייל נישט פאָרגעקומען, אַלנפאַלס — נישט קיין סך. שבועות־צייט זענען געקומען ס.ס.־לייט, זיי האָבן געזוכט יידישע מוסרים צו דינען דעם דייטש. צום שטאָלץ פון אונדזער קהילה, זענען קיין מוסרים נישט געווען די גאַנצע צייט.

מיין ברודער יאָסל, וועלכער האָט געדינט אין דער פוילישער אַרמיי, איז דערווייל צוריקגעקומען. ער האָט שוין געהאַט פאַרזוכט דעם ביטערן טעם פון זיין אַ געפאַנגענער סיי ביי די נאַציס, סיי ביי די רוסן. קורץ נאָך זיין צוריקקער, האָט די פוילישע מאַכט (אין יאָר 1940) אים באַשטימט אַלס קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי. ער האָט אָבער דערפילט, אַז דאָס איז נישט קיין בכבודיקער אַמט, אַז ער וועט נישט קאָנען טאָן שלעכטס צו יידן — און ער האָט דעם אַמט נישט אָנגענומען. האָט מען אים דער־פאַר אַרעסטירט און געהאַלטן אין געפענגעניש 4 מעת־לעת. מיר האָבן דעמאָלט פאַרקויפט דעם פאָטערס פעלץ און פאַר דעם געלט אים אויסגעלייזט פון זייערע הענט.

די ס.ס.־לייט האָבן לאַנג נישט געלאָזט וואַרטן אויף זייערע נגישות און גרויל־טאַטן: זיי האָבן דערהרגעט 16 יידן דערפאַר וואָס זיי האָבן געקליבן קאַרטאָפל אָן אַ מאָס, און אויך נישט אין דער באַשטימטער צייט. דאָס איז פאָרגעקומען שבועות, 1941.

איך דערמאָן זיך דעם תשעה־באב פון יאָר 1940. די נאַציס זענען אָנגעלאָפן און צוגענומען פיל מענער אויף צוואַנגס־אַרבעט. זיי האָבן אָוועקגעשיקט קיין בעלזשעץ אַרום 75 יידן. מיין פאָטער בעריש איז אויך געווען צווישן זיי. מיין פאָטער איז געווען שוואַך און מיר האָבן געמוזט אַרבעטן ביים בויען פאָרטיפיקאַציעס צווישן דייטשלאַנד און רוסלאַנד. דאָס איז געווען עבודת פרך, פול מיט יסורים און שווערע ליידן. אין דעם לאַגער האָט זיך געפונען דער בלוטדורשטיקער מאַיאָר דאָלף, וועלכער האָט געשאָסן מענטשן אויף רעכטס און לינקס.

איך האָב באַוויזן זיך אַריסצורייסן פון דאָרט און אַוועק קיין לובלין. ס׳איז מיר אויך געלונגען אַרויסצוראַטעווען מיין פאָטער: עס האָט פּאַסירט, אַז גראַד איז אַ דייטש דאָן אַריינגעפאָרן אין שטעטל און ער האָט דעם טאַטן געבראַכט צו מיר. נאַטירלעך, פאַר אַ הויכן אָפּצאָל.

יידן האָבן דעמאָלט אין דער גאַנצער געגנט געאַרבעט ביי מעליאָראַציע. דאָס יאָר 1940 איז אין אַלגעמיין געווען אַ ביטערער און שווערער נסיון פאַר די אויסגעמאַ־טערטע יידן. די פּאָליאַקן האָבן געהאַנדלט זייער ברוטאַל לגבי זיי. אַזוי האָט מען

געקרעכצט און געאַרבעט, געשוויגן און געליטן. קיין אַנדערע ברירה איז נישט געווען...

מיט אַמאָל איז אָנגעקומען אַ מעלדונג — אַז די יידן זאָלן זיך צונויפקלייבן אין שטעטל, מען וועט זיי געבן מעגלעכקייטן אַוועק צו פאָרן קיין פּאַלעסטינע... דער ערשטער האָט זיך צוגעשטעלט דער באַקאַנטער יהושע „באַלשעוויק״ מיט זיין פאַמיליע. דאָס האָבן די דייטשן אויסגעקוקט: מען האָט זיי אַלע דערשאָסן. דאָס איז געווען איינע פון די לעצטע געשעענישן אין יאָר 1940, אַן אָנזאָג פון דעם, וואָס וועט קומען שפּעטער...

## פוילישע מוסרים און רוצחים

אין יאָר 1941 האָבן זיך באַזעצט אין שטעטל די ס.ס. און במשך פון 5—6 וואָכן אומגעבראַכט געגנוג מענטשן אויפן גרונט פון בילבולים. מען האָט סתם געשאָסן, כדי צו דעמאָנסטרירן זייער אומבאַגרענעצטע מאַכט. דער ערשטער קרבן איז געווען שמואל יאָסל גייסט, וועמען מען האָט דערשאָסן אין גאַס. דעם זעלבן גורל האָט געטראָפן משה וועלטשער און זיין זון מיכאַל.

שפּעטער האָט מען זיך גענומען צו די אַלע, וואָס האָבן געהאַט באַהאַלטן סחורות, צירונג וכדומה. דאָ האָבן שוין די פּאָליאַקן געשפּילט די פינצטערע ראָלע פון מוסרים. זיי האָבן פיל יידן איבערגעגעבן אין די הענט פון די נאַציש תליינים. דער הויפּט־מסור איז געווען אַ געוויסער יוזעף קאַטשמאַרעק. צוליב אים זענען אומגעבראַכט געוואָרן די שוין דערמאָנטע משה וועלטשער מיט זיין זון מיכאל, משה שטיינבערג, אברהם־עליע בריק, שמאי־יאָסל גייסט, דאָס יונגע מיידל ניכל און אַנדערע. מזלדיק האָט זיך געראַ־טעוועט וואָלף קישעבער, אַ מיטגליד פון יודענראַט. ער איז אַרעסטירט געוואָרן דער־פאַר, ווייל ער זאָל מכלומרשט האָבן געהאָלפן די רוסן. ער האָט אָבער אָנגעטראָפן אויף אַ „גוטן דייטש״, וועלכער האָט פאַר געלט אים באַפרייט.

עס זענען אָבער אַוועק קוים 2 טעג, ווי עס איז געקומען אַ באַפעל, אַז אויב ער וועט זיך נישט צוריק מעלדן, וועט מען דערשיסן פערציק אַנדערע יידן.

וואָלף קישעבער האָט זיך געלאָזט איבערן שטעטל און געזעגנט זיך מיט יעדן איינעם. אַלע האָבן מתפלל געווען, ער זאָל ראַטעווען זיין לעבן. ער האָט זיך צוגע־שטעלט צו די מערדער. עס האָט נישט גענומען קיין האַלבע שעה — און ער איז שוין געווען אַ דערשאָסענער. אונדזערע פראַמפּאָלער יידן: זיינוול קריגשער, חיים הוף און איך האָבן אים צוגעטיילט דעם חסד־של־אמת און געבראַכט צו קבר ישראל אין שטעטל.

## די ערשטע יידישע פּאַרטיזאַנער

מיין ברודער יאָסל האָט זיך גענומען אָרגאַניזירן אַ פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג. ער האָט זיך פאַרבונדן מיט די שטעטלעך טאַרנאָגרוד און יאַנאָוו־לובעלסקי. אין דעם אָרגאַניזיר־קאָמיטעט זענען אַריין: יאָסל דינבורט (קאָמענדאַנט), חיים ברוך — אייזיקל

קצבס זון (אויספירער פון אַקציעס), יאַנקל הוף, שמואלס זון, איז געווען דער איינ־קויפער פון געווער און אַרטשע — פאַרבינדונגס־מאַן מיט די אַרומיקע שטעטלעך. בסך הכל זענען אין דער פאַרטיזאַנקע געווען אַרום 44 מענטשן. חיים־ברוך האָט געזאָלט אויספירן דעם אַטענטאַט אויף מראָזשעקן פאַר זיינע בעסטיאַלישע נגישות. אַ געוויסן שבת פאַרנאַכט איז מראָזשעק געזעסן מיט אַ יידישן יונגערמאַן, וועלוויש פינקעלשטיין, וועלכער האָט מראָזשעקן געוואָלט געבן געלט, כדי ווייכער מאַכן זיין האַרץ. צום סוף האָט מען דעם אַטענטאַט נישט דורכגעפירט, ווייל מע האָט זיך באַרעכנט, אַז וועלווישעס לעבן וואָלט געשטעלט געוואָרן אין געפאַר.

איך געדענק נאָך, אַז ר׳ יעקב ברוך קאַרפּ, געוועזענער שוחט, האָט מען צעשלאָגן פאַר שעכטן עופות פאַר יידן, וואָס האָבן זיך אויסגעהיטן צו עסן טריפות. נאָר אַ דאַנק פינקעלשטיינען, האָט ער זיין לעבן געראַטעוועט.

דעם 2־טן אָקטאָבער 1942, זענען פיל דייטשן באַפאַלן און אַרומגערינגלט דאָס שטעטל. יעדער ייד האָט געמוזט זיך צושטעלן אויפן פלאַץ אין משך פון איין שעה. מיר האָבן שוין געוווּסט, אַז עס גרייט זיך אַזאַ פאַראָרדענונג, דעריבער האָבן מיר מיט 2 טעג פריער אָפּגעהאַלטן אַ געהיימע באַראַטונג ביי מיר אין הויז, מיטן אָנטייל פון הרב ר׳ יהודה לערנער, ר׳ יעקב ברוך שוחט, גרשון ראָזענבערג, מיין פאָטער און נאָך איניקע יידן. ס׳איז געשטאַנען בלויז די איינציקע פראַגע: זאָל מען זיך צושטעלן, אָדער נישט. גרשון ראָזענבערג האָט געזאָגט: יאָ! מע דאַרף וויזן אַ ביישפּיל, ווי יידן קאָנען אומקומען על קידוש־השם, זאָלן אַלע זיך צושטעלן — מענער, פרויען און קינדער. דאָס איז געווען סוף סעפּטעמבער 1942. אָבער די מערהייט האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן צושטעלן זיך.

דעם 2־טן אָקטאָבער איז, ווי געזאָגט, דאָס שטעטל געדיכט באַשטעלט געוואָרן פון דייטשן, פּאָליאַקן און אוקראַינער. מיר האָבן נאָך באַוויזן צו אַנטלויפן אין קאָשיצער וואַלד. דער רוב יידן האָט בלית־ברירה זיך געמאָלדן אויפן פלאַץ. איך מיט מיין ברודער יאָסל האָבן זיך באַהאַלטן, כדי צו זען וואָס עס וועט דאָ פאָרקומען. עס איז געווען צייט צו מעלדן זיך ביז 12 אַ זייגער. נאָך דער דאָזיקער צייט האָט מען שוין גענומען הרגענען יעדן איינעם, וואָס מען האָט געפונען באַהאַלטן... די פּוילישע פייערלעשער האָבן אויסגעזוכט די יידן און זיי אויסגעליפערט די נאַציס. מען האָט זיי אינמיטן גאַס דערשאָסן.

נאָך איין טרויעריקער עפּיזאָד: יאָסל, מעכל פּריליגנס קינד, אַ ייגל פון אַ יאָר 10, איז באַמערקט געוואָרן פון אַ פּאָליאַק, וועלכער איז צו אים צוגעגאַנגען און מיט לאַקריץ־זיסע רייד גענומען טרייסטן, אַז אים וועט מען גאָרנישט טאָן, ער וויל אים בלויז אַוועקפירן צום טאַטן. דער רשע־מרושע האָט דאָס ייגל אַרויסגעפירט פון הויז און גלייך אים איבערגעגעבן די נאַציס, וועלכע האָבן דאָס קינד דערמאָרדעט אויפן

אָרט. גרשון ראָזענבערג, אָנגעטאָן אין טלית ותפילין, איז אַוועק אים מקבר זיין, כדי מקדש השם צו זיין אָן אומגעקומענעם על קידוש השם...

## דער גלח מאַכט זיך נישט וויסן...



יעקב־ברוך קאַרפ (שוחט) ז״ל

און אָט איז די טראַגעדיע מיט ר׳ יעקב ברוך שוחט; דער פּאָליאַק אַל־פּאַנס האָט אים צופעליק באַמערקט. ער האָט זיך גענומען אים נאָכיאָגן ביזן קלויסטער. דאָרט אים געכאַפּט און מיט אַ שטעקן צעבראָכן אים אַ פוס. שפּעטער האָט ער צוגערופן עט־לעכע דייטשן, זיי געוויזן זיין „העל־דישקייט״, און די רוצחים האָבן אברימוּויִז צעריסן יעקב־ברוכס קער־פּער. כדאי צוצוגעבן, אַז דער גלח האָט גראָד צוגעזען די ווילדע רציחה פון דעם פּאָליאַק און די נאַציס — און זיך געמאַכט נישט וויסנדיק. אַזוי זענען פיל אומגעקומען אין אונדזער שטעטל.

די וואָס האָבן זיך צוגעשטעלט, האָט מען געטריבן צופוס ביז צו דער באַן אין זוויעזשיניעץ, אָבער אויפן וועג זענען פיל אומגעקומען, ווי מיין פאָטער בעריש, יעקב פראַמפּאָלער, חיים־יהודה הערמאַן א. אַ. אונדזער בן־עיר הוף האָט באַוויזן אַן אויסער־געוויינלעכע העלדישקייט: ער האָט מיט אַ רעוואָלווער געשאָסן אַ דייטש אין פוס. מ׳האָט אים, נאַטירלעך, גלייך דערהרגעט אויפן אָרט.

## אין וואַלד

וואָס איז געוואָרן מיט די קנאַפּע 200 יידן, וואָס זענען אַוועק אין וואַלד?

מיין זיידע — דער רב און רביצין מיט אַ קינד, יצחק קאָרן, אַ ייד פון איבער די שבעים און זיין גאַנצע פאַמיליע, זענען צייטווייליק פאַרבליבן אין וואַלד. מיין ברודער

מיט אַ גרופּע באַוואָפנטע חברים, האָבן באַשלאָסן צו באַשיצן די אַנטרונענע יידן. אין די נעכט האָט מען געפירט ביטערע קאַמפן מיט יענע פּאָליאַקן, וועלכע פלעגן פשוט קומען ראַבירן אַלץ. זיי האָבן צוגענומען צירונג, קליידער, שפּייז. יעדע נאַכט פלעגט זיך אָפּשפּילן אַזאַ מין קאַמף. 21 טעג האָט זיך געצויגן די ביטערע נאַכט־מלחמה, ביז מיין ברודער יאָסל איז שטאַרק פאַרוווּנדעט געוואָרן אין דער רעכטער האַנט, אויך שמואל ציטרינבוים און אַנדערע זענען פאַרוווּנדעט געוואָרן.

מיר האָבן זיך איינגעטיילט אין 5 באַזונדערע גרופּן, אויסגעגראָבן עטלעכע בונ־קערס צום וווינען. אָבער צוליב דער שנעלער אַרבעט און מאַנגל אין געהעריקע מאַטעריאַלן, איז איין בונקער פאַרשאָטן געוואָרן און 18 מענטשן האָבן דאָרט געפונען זייער קבר. בלויז 9 האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט.

אין וואַלד האָבן מיר דערפילט דעם גרויזאַמען הונגער: מען האָט געמוזט צאָלן פאַר איין קאַרטאָפל 25 גראָשן...

איך דערמאָן מיך נאָך אַ טרויעריקן פאַל: איין מאָל פאַרנאַכט, ווען מיין ברודער יאָסל האָט נאָך געלעבט, בין איך מיט אים אַוועק אין שטעטל צו קויפן עסן. אַריינקו־מענדיק פאַרנאַכט אין שטעטל, האָבן מיר דערזען די צוויי קינדער פון יעקב־מרדכי ליכטפעלד, וועלכע זענען פון אַ קעלער אַריין צום פּאָליאַק פּאַטאָראַנסקי בעטן אַ שטיקל ברויט. מיר האָבן זיך פאַרהאַלטן צו זען וואָס וועט דאָ פּאַסירן. ער האָט ביידע קינדער פאַרשפּאַרט אין אַ שטאַל, אַליין אַרויס אין גאַס מיט אַ געשריי „געכאַפּט יידן!"

די נאַציס פלעגן פאַר אַזאַ „העלדנטאַט" צאָלן מיט אַ ליטער בראָנפן און אַ קילאָ צוקער פאַר יעדן ייד וואָס מ'האָט געכאַפּט...

די צוויי אומשולדיקע קינדער (11 און 13 יאָר) האָט מען דערהרגעט.

אונדזער נישטערן אין שטעטל האָט גאָרנישט געגעבן. מיר האָבן קיין עסן נישט באַקומען און צוריק אַוועק אין וואַלד, ווו דאָס לעבן איז דאָך נישט געווען אַזוי אין געפאַר.

## אויך אין וואַלד איז מען נישט זיכער

דעם 23־טן אָקטאָבער 1942 האָבן די נאַציס דערשמעקט, אַז אין וואַלד געפינען זיך פּאַרטיזאַנער. זיי האָבן אַרומגערינגלט דעם וואַלד פון אַלע זייטן, אַריינגעשיקט אין וואַלד פּויערים מיט פערד און וועגענער, וועלכע האָבן אַרויסגעצויגן פון דאָרט די יידן. קעמפן איז געווען אוממעגלעך, נישט געווען קיין געווער! און קיין געלט איז אויך נישט געווען! די פּוילישע גזלנים זענען געקומען אין וואַלד באַוואָפנט מיט העק, מעסערס און אייזנס. זיי האָבן אַוועקגענומען יעדן אָנגעטראָפענעם ייד, דערונטער מיין גאַנצע משפחה, מיט מיר צוזאַמען, די מוטער טשאַרנע־רחל, דעם ברודער יאָסל, הערים, עזריאל, די שוועסטער גאָלדע, דעם זיידן יצחק קאָרן, די מומע לאה (מיין מוטערס שוועסטער), די מומע איטע מיט אירע 3 קינדער, די מומע גיטל מיט אירע 3 קינדער

און די מומעביילע מיט אירע 2 קינדער, יהודה לערנער, דעם רב מיט זיין פרוי און קינד — און נאָך אַנדערע, וועלכע כ׳געדענק נישט. די געכאַפּטע יידן האָט מען אויסגעזעצט אויף די וועגענער, זיי געשלאָגן מכות רצח.

מיין ברודער יאָסל האָט גענומען אונטערהאַנדלען מיט די פּאָליאַקן, זיי צוגעזאָגט געלט, אַבי פריי לאָזן די יידן. די פּאָליאַקן האָבן געמיינט, אַז ער׳ האָבן אַ סך געלט, זענען זיי אַוועק און אויפן וואָגן זענען געבליבן: איך, מיין מוטער, מיין ברודער הערים, די פרוי מיצנער, דער זיידע און די מומע ביילע. מיר זענען געזעסן אויפן וואָגן און געוואַרט. נאַטירלעך, האָט איין פּאָליאַק געהיט דעם וואָגן מיט אונדז אַלע. דאָס איז געווען די מיאוסע בריאה סאָפּטשאַק, אַ גאַיאָווע, וועלכער האָט געהאַלטן אַ האַק אין האַנט. ער האָט גענומען שלאָגן די מוטער. האָב איך אים געפרעגט, פאַרוואָס ער טוט דאָס. אַזוי ווי זיין ענטפער איז געווען אַ פרעכער און חוצפּהדיקער, האָב איך זיך אָנגעהויבן מיט אים אַמפּערן, אַרויסגעריסן די האַק פון זיינע הענט און אים דערלאַנגט מיט איר אין אַ זייט. כ׳האָב אים איבערגעהאַקט די אָדערן — אָבער ער איז געבליבן לעבן.

מיין מוטער האָט גענומען שרייען, איך זאָל אַנטלויפן. בין איך אויף דער מאָמעס פאַרלאַנג אַנטלאָפן און איבערגעלאָזן אויפן וואָגן די, וועלכע איך האָב דעמאָלט געזען צום לעצטן מאָל. דאָס איז געווען דעם 23־טן אָקטאָבער 1942.

מיך האָט באַמערקט אַ באַנדע יונגע פּאָליאַקן, וועלכע האָבן מיך גענומען נאָכיאָגן. איך בין געלאָפן אָן אָטעם, ביז כ׳בין אַריינגעפאַלן אין אַ זומפּ, זיך אָפּגעמאַטערט דאָרט אַ גאַנצע נאַכט, אַבי נישט אַריינצופאַלן צו בעסטיאַלישע פאַרפאָלגערס. די, וועלכע מען האָט אַרויסגעפירט פון וואַלד, האָט מען אַלע אומגעבראַכט און זיי מקבר געווען אויפן יידישן בית־הקברות אין פּראַמפּאָל, ווו מ׳האָט פון פריער געהאַט צוגעגרייט דריי גרויסע, טיפע גריבער.

ביי דער שרעקלעכער סצענע, זענען געשטאַנען 2 געסטאַפּאָ־באַנדיטן מיט מאַשין־געווער, געזויפט שנאַפּס און זיך געלאָזט ווײַלגיין, בעת די פּוילישע פּאָליציי האָט געהיטן, אַז די יידן זאָלן נישט אַנטלויפן. די אומגליקלעכע האָט מען באַפוילן זיך אויסטאָן נאַקעט. זייערע זאַכן האָט מען צוגענומען, די קרבנות אַריינגעשטויסן אין די גריבער און זיי אַלעמען דערשאָסן.

אין די דריי ברידער־קברים ליגן 165 מענטשן. אין דער הריגה האָט אויך מיין ברודער יאָסל פאַרלוירן זיין לעבן. ער האָט געטרייסט די מוטער ביזן לעצטן אָטעם־צוג.

אַ באַזונדערע העלדישקייט האָט באַוויזן שעיהלע ציטרינבוים. ראַנגלענדיק זיך מיט אַ געסטאַפּאָ־מערדער, האָט ער אים צעביסן צוויי פינגער, אײדער מ׳האָט אים אַריינגעשליידערט אין ברידער־קבר. די גריבער האָבן נאָך אַ פּאָר טעג זיך באַוועגט. איין מיידל, די טאָכטער פון פסח בריקס (בעקער), האָט זיך אַרויסגעראַטעוועט פון דעם קבר אין דער נאַכט־פינצטערניש, נאַקעטערהייט. זי האָט אָבער געכאַפּט אַ פּאָליאַק, אַ

געוויסער מאַטעאוש, ער האָט זי אַזוי לאַנג געשלאָגן, ביז זי איז געפאַלן טויט אין עלטער פון 25 יאָר.

## דער טויט פון מיין ברודער

שפּעטער האָב איך געפונען ביי אַ קריסט מיין שוועסטער גאָלדע און דעם קליינעם ברודערל עזריאל. איך האָב אויך אויסגעפונען דעם פעטער אשר גוטמאַכער, וועלכער האָט זיך אויסבאַהאַלטן. מיין שוועסטער איז קראַנק געוואָרן אויף די לונגען, איך האָב זי מיט מאַטערניש געבראַכט אין בילגאָרייער שפּיטאָל, זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט אַ געוויסן פלאָרענס, פון פוילישן אונטערגרונט, וועלכער האָט אַ לענגערע צייט געשטיצט מיין שוועסטער און מיך באַזאָרגט מיט אַ רעוואָלווער. איך מיט מיין 9־יאָריקן ברודערל זענען די גאַנצע צייט געווען צוזאַמען — אין וואַלד און נאָכן אַרויסגיין פון וואַלד איך האָב אים פיל מאָל געמוזט טראָגן אויף די הענט. איין נאַכט בין איך אַרויס אין פעלד זוכן קאַרטאָפל, צוזאַמען מיט מיין ברודערל. האָט מען אים געכאַפּט. אַ דאַנק מיין פעטער אשר גוטמאַכער, איז די זעלבע נאַכט מיין ברודערל באַפרייט געוואָרן.

דעם 17־טן פעברואַר 1943, איז מען אַריין צו אשר גוטמאַכער, וועלכער איז געווען באַהאַלטן, מען האָט פון אים צוגענומען דאָס געווער און אים דערהרגעט. געטאָן האָבן דאָס פּאָליאַקן, דערביי אויך אומגעבראַכט אַ ייִנגל פון אַכט יאָר.

דעם 13־טן פעברואַר 1943, האָב איך צופעליק געטראָפן אין וואַלד 14 ייִנגלעך מיט מיידלעך. יעקב לייב האָכראַט, דער פאָטער, זיין זון אפרים און טאָכטער עטל, האָבן זיך געמאַכט אַ בונקער אין וואַלד. מען איז זיי אָבער באַפאַלן, אַלץ צוגענומען — נאָר דערמיט זיך אויסגעקויפט דאָס לעבן ביי די מערדערס.

אין דער נאַכט פון 18־טן אָקטאָבער, בין איך געגאַנגען מיט איצע מיצנערס פרוי, וועלכע האָט געהאַט אַ קינד פון 6 חדשים און עס אונטערגעוואָרפן ביי וואָזשניצקיס טיר. זיין פרוי איז געווען אַ לערערין. זי האָט דאָס קינד אַריינגענומען אין הויז. שפּעטער האָט מען געכאַפּט די מוטער, איך האָב באַוויזן צו אַנטלויפן. דאָס קינד איז געשטאָרבן ביי די וואָזשניצקיס.

שפּעטער בין איך אַוועק אין וואַלד, כדי זיך דערוויסן דעם גורל פון די 14 מענטשן. דאָס איז געווען אַ פרייטיק־צו־נאַכטס. גייענדיק אַזוי אין וואַלד, האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף אָפּגעהאַקטע קעפּ, וועלכע מ׳האָט נאָך צונויפגעלייגט ווי אַ קופּע האָלץ...

דעם 13־טן מערץ האָט דער קאָמענדאַנט פון פוילישן אונטערגרונט, פלאָרענס, מיך פאַרבונדן מיט אַ גרופּע פון וואַלד, וועלכע איז באַשטאַנען פון דריי יונגעלעכע און אַן אַלמנה מיט זיבן יתומים.

דעם 2־טן טאָג פסח 1943, האָט מען געמסרט, אַז מיין שוועסטער איז באַהאַלטן ביי אַ פּאָליאַק. האָט מען זיי ביידע דערהרגעט! שפּעטער האָט מען אין וואַלד אַנטדעקט אַ

גרופּע פּאַרטיזאַנער, יידן און פּאָליאַקן, צווישן זיי — די אַלמנה מיט אירע זיבן יתומים. אַלע זענען געוואָרן אויסגעמאָרדעט.

מיין קליינעם ברודער עזריאל האָב איך געהאַט אַוועקגעשיקט צו מיינעם אַ חבר ברענגען געוועד. האָבן אים אויפן וועג באַמערקט עטלעכע פּוילישע פּאָליציאַנטן. דאָס קינד האָט אָנגעהויבן לויפן. מ'האָט אים נאָכגעוואָרפן אַ האַנט־גראַנאַט — און דאָס קינד איז צעריסן געוואָרן אויף שטיקלעך.

## מיט פּאַרטיזאַנער — יידן, פּאָליאַקן, רוסן

די לעצטע גרופּע פּאַרטיזאַנער (17 פּערזאָן) האָט פאַרגעזעצט דעם קאַמף מיט די נאַציס און זייערע פּוילישע העלפּערס. אין יאָר 1943 האָבן זיך געטראָפן אין וואַלד צוויי פּאַרטיזאַנער־אָטריאַדן. זיי האָבן באַשלאָסן צו פאַראייניקן זיך און געקעמפט צוזאַמען ביז דער לעצטער מינוט — יידן, פּאָליאַקן און רוסן. די זעלבע פּאָליאַקן האָבן שפּעטער געוואָלט דערמאָרדן די יידן.

מיר האָבן צוזאַמען מיט דער גרופּע פּאַרטיזאַנער, בערך 35 מענטשן — מענער, פרויען און קינדער, ווי אויך אייניקע רוסישע געפאַנגענע, וועמען ס'איז געלונגען צו אַנטלויפן פון דייטשע לאַגערן — געקעמפט צוזאַמען, שוין ביז דער באַפרייאונג.

דער קאַמף איז געווען, ווי אַזוי צו באַקומען אַ ביסל שפּייז, כדי דערהאַלטן די נשמה. מיר האָבן אָפט געמוזט טוישן אונדזערע ערטער, כדי די נאַציס זאָלן אונדז נישט אַנטדעקן. ווען מיר האָבן געוואַנדערט פון אָרט צו אָרט, האָבן מיר אַזוי געלאָזט שפּורן, וועלכע האָבן זיי פאַרפירט. פון דער גרויסער מיליטערישער אָנשטרענגונג, וועלכע זיי האָבן געמאַכט אונדז אויפצוזוכן איז געווען צו זען, אַז זיי האָבן געשאַצט אונדזער צאָל אויף טויזנטער. אונדזער געווער האָבן מיר באַקומען פון איבערפאַלן אויף איינצלנע דייטשע פּאָסטנס.

ענדע יאָר 1943, האָבן מיר זיך פאַראייניקט מיט אַ גרויסער פּאַרטיזאַנער־אַרמיי אַרמיי, וואָס איז באַשטאַנען פון טויזנטער.

יולי 1944 האָבן מיר זיך געטראָפן מיט דעם פראָנט פון דער רוסישער אַרמיי. אין משך פון די 27 חדשים, וואָס איך בין געווען אין וואַלד, האָבן מיר געזוכט נאָר צו נעמען נקמה פון די רוצחים.

נאָך די אַלע שווערע איבערלעבונגען, וועלכע לאָזן זיך נישט איבערגעבן מיט דער פולער פּינקטלעכקייט, שוין צוואַנציק יאָר נאָך דער טראַגעדיע, בין איך צוריק אַריין צו אונדז אין שטעטל, דורכן וועג פון לובלין. איך האָב דעם וועג אַדורכגעמאַכט מיט אבא בעכער — און צוזאַמען געזען דעם חורבן...

איין געפיל האָט אונדזביידע באַהערשט: נקמה! נקמה! עס האָט זיך געוואָלט נוקם זיין אין די נאַציס, און נאָך מער — אין די פּוילישע באַנדיטן, ליידער, מיר

האָבן זייער ווינציק געקענט אויפטאָן... איך האָב זיך פאַרהאַלטן אין פּראָמפּאָל אַ צען טעג, נישט געקענט מער צוזען דעם חורבן און צוריק אַוועק קיין לובלין.

אויסער די פריער דערמאָנטע, האָב איך פאַרלאָרן מיין שוואָגער מאיר קאַמינער, זון פון רעדאַקטאָר פון "יידישן טאָגבלאַט". וועגן מיין פאָטער וויל איך נאָר צוגעבן, אַז ער איז געווען פּרעזעס פון דער קהילה. אין די יאָרן 1940־1941 האָט ער געהאַט די קאָנצעסיע איינצוקויפן פלאַקס. פיל יידן האָבן געהאַט דערביי באַשעפטיקונג און נישט באַדאַרפט אַרבעטן ביי די נאַציס.

מיין שוועסטער חנהטשע שאַרף איז אין מאָנטרעאַל. מיכלע הערצבערג — אין רמת־גן.

## מיינע איבערלעבונגען אין וואלד

חנה בריק (בוקסבוים) / רמת־גן

1

אין נאָוועמבער 1942, זענען מיר אַ גרופּע יידן געלעגן אויסבאַהאַלטן אינעם הויז פון דעם קאַשעמאַכער, איינעם פון די ווינציקע הייזער, וואָס זענען איבערגעבליבן פון דער גרויסער שריפה, וואָס האָט כמעט חרוב געמאַכט דאָס שטעטל, בעת דער באָמבאַר־דירונג אין יאָר 1939. אַ געוויסן פרימאָרגן האָבן מיר געהערט ווי די דייטשן האָבן זיך אַריינגעריסן קיין פּראָמפּאָל און אָנגעהויבן הרגענען די לעבנגעבליבענע יידן. צו אונדזערע אויערן האָבן זיך דערטראָגן די שיסערייען און אַנגסט־געשרייען פון די אומגעקומענע, ווי אויך די אָפּגעהאַקטע און הייזעריקע באַפעלן פון די רוצחים. די אָרטיקע פּאָליאַקן האָבן באַגלייט די מערדער און זיי אָנגעוויזן די ערטער, וווּ ס׳האָבן זיך אויסבאַהאַלטן יידן.

אין דעם הויז וווּ מיר זענען געווען באַהאַלטן, האָבן זיך געפונען צוויי גרופּעס יידן:

איינע אויפן בוידעם און די צווייטע גרופּע — אין קעלער. ווי נאָר די דייטשן זענען אַריין אין שטעטל, האָבן די אַלע, וואָס זענען נישט געווען אויסבאַהאַלטן, זיך געלאָזן לויפן וווּ די אויגן האָבן געטראָגן. מיר איז שוין נישט געלונגען זיך אַריינצו־באַקומען אינדערהייך, דערפאַר האָב איך זיך מיט גרויס מי איינגעאָרדנט אין קעלער. דאָרט האָבן זיך געפונען ביי אַ פופציק פּערזאָן. די ענגשאַפט איז געווען זייער גרויס. צוזאַמען מיט מיר האָט זיך דאָרט אויך אַריינבאַקומען מיין מוטער. קיין קליינע קינדער זענען דאָרט נישט געווען. איך דערמאָן זיך, אַז צווישן די אויסבאַהאַלטענע האָט זיך דאָרט געפונען — די אלמנה ניחה פעדער מיט אירע צוויי טעכטער. איינע פון זיי איז א

שוער־פֿאַרוווּנדעטע פֿון אַ דייטשישער קויל, אַריינגעלאָפֿן אין אונדזער באַהעלטעניש און צוליב די גרויסע ווייטאָקן, האָט זי כּסדר געמוזט שרייען און קרעכצן. מיר האָבן איר מיט גאָרנישט געקאָנט העלפֿן, ווייל קיין וואַסער איז נישט געווען. האָט מען איר בלויז צוגעהאַלטן דאָס מויל, כּדי נישט הערן אירע געשרייען. עס זענען דאָרט אויך געווען צוויי זין פֿונעם קאַשעמאַכער.

מיט אַמאָל האָבן מיר דערהערט ווי די דייטשן דערנענטערן זיך צו אונדזער הויז. צום קעלער האָבן זיך דערטראָגן די ראַשיקע שטיוול־טריט פֿון די רוצחים, זייערע באַפֿעלן „יודע, הערויס" און די העק־רייד פֿון די פּאָליאַקן. פּלוצעם — היסטערישע אויסגעשרייען פֿון די אַנטדעקטע ייִדן אויפֿן בוידעם, דערנאָך — אין דער שטוב. מיר זענען געווען זיכער, אַז אָט־אָט דערנענטערט זיך דער טויט אויך צו אונדז. די דייטשן האָבן מיט די קאָלבעס פֿון זייערע ביקסן געקלאַפּט אין דער פֿאָדלאָגע, וואַרטנדיק אויפֿן אָפּקלאַנג... ווייזט אויס, אַז יענעם טראַגישן טאָג האָט אונדז גראָד צוגעשפּילט דאָס מזל. בלויז די פֿון קעלער זענען ניצול געוואָרן.

שפּעט ביינאַכט האָבן עטלעכע יוגנטלעכע פֿאַרלאָזט דאָס באַהעלטעניש, נישט וועלנדיק קיינעמען מיט זיך מיטנעמען, ספּעציעל — קיין פֿרויען. איך האָב אויף כּוח זיך אָנגעשלאָסן אין דער גרופּע, וואָס האָט זיך געלאָזט אין וואַלד. דאָס איז נישט געווען פֿון די לייכטע זאַכן, ווייל די שטעטלדיקע פּאָליאַקן האָבן זיך אַרומגעדרייט אַרום די ווינציקע ייִדישע הייזער און גוט געהיטן, אַז עמעץ פֿון די ניצול־געוואָרענע זאָל זיך נישט אַרויסדרייען פֿון דער באַלאַגערונג, נאָר אַריינפֿאַלן אין זייערע הענט. פֿונדעסטוועגן איז אונדז געלונגען אויך דאָס בייצוקומען — און מיר זענען אָנגעקומען בשלום אָן אַכט פּערזאָן, צווישן זיי — איך און מיין מוטער, אין פּראָמפּאָלער וואַלד.

## 2

אין וואַלד האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף פֿאַרשידענע גרופּעס ייִדן, וואָס זענען אַזוי ווי מיר, אַהין אַוועק. צו אונדז איז צוגעשטאַנען אַ פֿרוי מיט צוויי קינדער, וואָס איינס פֿון זיי איז נאָך געווען אַ פּיצלס. אָט דאָס אומשולדיקע באַשעפֿעניש האָט אַ סבֿרה נאָך נישט געוווּסט וואָסערע סכּנות עס לויערן אויף אונדז — און אַלעמאָל אָנגעהויבן וויינען אָדער מוראדיק שרייען. די איבעריקע האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז צוליב דעם געוויין פֿון קינד, דראָט אַלעמען אַ געפֿאַר. די אומגליקלעכע מאַמע האָט געפֿילט דעם כּעס און צאָרן פֿון די אַנטרונענע ייִדן און נישט קענענדיק ביישטייערן די טענות און פֿאָרוווּרפֿן קעגן איר — איז זי פֿון אונדז אַוועק מיט בײדע קינדער. אין אַ צייט אַרום האָט זי זיך אומגעקערט, נאָר בלויז מיטן עלטערן ייִנגל. אויף אונדזערע דערשטוינענדיקע פֿראַגן און האַרבע פֿאָרוווּרפֿן, הלמאי זי האָט זיך באַפֿרייט פֿון אַ קינד, האָט זי דערציילט, אַז זי האָט דאָס קליינטשיקע אַוועקגעלייגט אין עק וואַלד און געוואַרט ביז ס'איז אַדורכגע־פֿאָרן אַ פֿויער און עס צוגענומען. ווילנדיק ראַטעווען דאָס צווייטע קינד, האָט זי

געמוזט ברענגען אַ קרבן דאָס יינגערע... (ווי מיר שיינט, איז די דאָזיקע פרוי נישט געווען פון פראַמפּאָל, נאָר פון אַ דערבייאיק אָרט).

צווישן די אויסבאַהאַלטענע האָט זיך געפונען דער פראַמפּאָלער רב, בעריש דינבורטס פרוי מיט אייניקע קינדער.

באַלד אין דער ערשטער נאַכט פון אונדזער זיין אין וואַלד, האָב איך מיט נאָך צוויי אַנדערע יוגנטלעכע זיך געלאָזט זוכן אונדזערע עלטערן. איך — מיין פאָטער, זיי — זייערע טאַטע־מאַמע.

אין שטעטל האָט געהערשט אַ פינצטערניש, ממש אָנצוטאַפּן מיט די הענט. נאָר איך האָב צו גוט געקענט פראַמפּאָל און באַשלאָסן ווייטער זוכן. די פּאָליאַקן האָבן זיך נאָך אַלץ אַרומגעדרייט גרופּנוויז, זוכנדיק אויסבאַהאַלטענע יידן. איך בין אָבער געווען דעצידירט נישט רעזיגנירן פון אויפזוכן מיין פאָטער. ווען כ׳האָב זיך אָנגעשטויסן אויף לויערנדיקע פּאָליאַקן, האָב איך זיי דרייסט דערקלערט, אַז איך געפין זיך איצט אין באַגלייטונג פון פּאַרטיזאַנער, וואָס גייען הינטער מיר. אויב מיר וועט עפּעס געשען, וועלן זיי דערפאַר טייער באַצאָלן. ביי באַקאַנטע פּאָליאַקן האָב איך זיך דערוווּסט, אַז מיין פאָטער און יינגערער ברודער זענען אויסבאַהאַלטן ערגעץ־אַנדערש, דאַקעגן יהושע, דער עלטערער ברודער, איז אומגעקומען. אַזוי ווי דאָס זענען געווען אונדזערע גוט־באַקאַנטע פּאָליאַקן, איז איינער פון זיי אַוועק אויפזוכן מיין פאָטער און אים טאַקע געברענגט מיטן יינגערן ברודער. שווער איבערצוגעבן מיין פרייד און טיפע איבערלעבונג ווען כ׳האָב נאָך אַזאַ שחיטה אין שטעטל זיך באַגעגנט מיט מיין פאָטער און ברודער.

מיר זענען גלייך צוריק אַוועק אין וואַלד, נאָר ווי גרויס איז געווען אונדזער אַנטוישונג, ווען מיר האָבן אויפן אָפּגערעדטן אָרט נישט געטראָפן מיין מוטער. אַלע דריי האָבן מיר זי אָנגעהויבן זוכן, הגם דער וואַלד איז אונדז געווען אומבאַקאַנט. געזוכט אַזוי אַ גאַנצן מעת־לעת און גראָד האָט דעמאָלט געפּליצט אַ רעגן — ממש אַ מבול. מיר האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף פיל יידן פון פראַמפּאָל. אַ טייל פון זיי: אשר גוטמאַכער, מאָטל און יוסף דינבורט האָבן שוין געהאַט געווער און געזוכט פּאַרטיזאַנער, כדי זיך צו זיי אָנשליסן.

מיר האָבן באַגעגנט אין וואַלד אַ גרופּע שטעטלדיקע יוגנט. זיי האָבן אַוועקגערופן אונדזער פאָטער אין ׳אַ זייט און אים פאָרגעלייגט צוצושטיין צו די פּאַרטיזאַנער, אָבער — אָן די פרויען און קינדער. דאָס האָט דערהערט מיין 7־יאָריק ברודערל. אַ פאַרווייַנטער איז ער צו מיר געקומען צולויפן און דערציילט: „דער טאַטע גייט פון אונדז אַוועק". אויך איך, אַלט זייענדיק דאַן 12 יאָר, האָב שטאַרק אָנגעהויבן וויינען. ווען דער טאַטע איז צו אונדז געקומען און דערזען ביידע קינדער וויינען, כליפּען און שרעקלעך באַזאָרגטע, האָט ער אונדז באַרויקט און צוגעזאָגט, אַז כל־זמן ער וועט

לעבן, וועט ער זיך מיט דער משפחה נישט שיידן. מיר האָבן געוווּסט, אַז ביי אונדזער פאָטער איז עס נישט סתם אַ זאָג, נאָר אַ טרייע, ערלעכע פליכט פון אַ טאַטן צו זיין פרוי און קינדער.

3

נאָך עטלעכע טעג בלאָנקען אין וואַלד, זוכנדיק אונדזער מוטער, האָבן מיר זי ענדלעך געטראָפן אין אַ זייער נישט־גוטן צושטאַנד. זי איז געווען שרעקלעך פאַרדאַגהט און אינגאַנצן צעטרייסלט צוליבן נישט האָבן קיין ידיעה פון די קינדער און מאַן. דערזעענדיק אונדז, האָט זי זיך ספּאַזמאַטיש צעוויינט און ס׳האָט לאַנג געדויערט, ביז מיר האָבן זי באַרואיקט. איצט זענען מיר טאַקע געווען צוזאַמען, אָבער פאָרט אין אומבאַקאַנטן וואַלד, אָן אַ תכלית, אָן אַ צוועק, נישט וויסנדיק, וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען.

פונדעסטוועגן זענען נישט אַלע געווען פאַרצווייפלט. אָט ווערט ביי אייניקע געבוירן דער געדאַנק וועגן אויפשטעלן אַ בונקער פאַר די פרויען און קינדער און די מענער זאָלן זיין אין דער פאַרטיזאַנקע. זיי וועלן אונדז באַזאָרגן מיט עסן און גלייכצייטיק באַשיצן אונדז פון די דייטשן און נאָך מערער — פון די פּאָליאַקן. דער געדאַנק איז אַלעמען געפעלן. מיט די סאַמע פרימיטיווע מיטלען האָבן מיר אָנגעהויבן גראָבן אַ בונקער וואָס האָט אונדז באַדאַרפט דינען אַלס באַהעלטעניש אין וואַלד. פאַרשטייט זיך, אַז די דאָזיקע אַרבעטן האָבן מיר געטון נאָר ביינאַכט און מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיקייט. פאַרענדיקט דאָס גראָבן, האָבן מיר מיט מער בטחון און אָפּטימיזם געקוקט אין דער צוקונפט. מיר האָבן שוין געוואָלט אָנהייבן אַריינטראָגן אונדזערע זאַכן. און מיטאַמאָל — טראַך! דער גאַנצער בונקער האָט זיך איינגעשיט. מיר האָבן נאָך נישט געהאַט די נייטיקע דערפאַרונג צו אַזאַ אַרבעט. צום גליק, האָט דאָס קיינעמען נישט געשאַדט, ווייל קיינער פון אונדז איז נאָך נישט געהאַט אַריין אינעווייניק.

נאָכן ערשטן דורכפאַל מיטן בונקער, האָבן מיר שוין געוווּסט וואָס צו טאָן. ביינאַכט בין איך מיט מיין פאָטער אַוועק אָנקלויבן האָלץ, כדי שטאַרקן דעם בונקער. אַז מיר האָבן שוין געהאַט אָנגעקליבן אַ ביסל האָלץ און זיך געלאָזט גיין צוריק, דערהערן מיר שרייען אונדזער מוטער:

— גייט נישט אַהער, די מערדער זענען געקומען אין וואַלד!

באַזאַמען מיט דער דאָזיקער וואָרענונג, האָבן מיר אויך געהערט אַ פייפעריי און אַן איבערופן זיך אויף פויליש פון די שטעטלדיקע פּאָליאַקן, וואָס האָבן נאָך אַלץ געזוכט און גענישטערט אין וואַלד — ווער צוליב מאָרד־צוועקן, ווער צוליב רויב און גזילה און ווער ווידער — אויס ריינע אַנטיסעמיטישע אינסטינקטן צו פאַרפאָלגן יידן.

איצט איז מיר שווער איבערצוגעבן די געפילן פון יענעם מאָמענט. איך געדענק נאָר, אַז מיר האָבן זיך געלאָזט לויפן ווייט פון יענעם אָרט ווו אונדזער מוטער און

ברודערל האָבן זיך געפונען. איינס האָבן מיר געוווסט: דערנענטערן זיך אויף יענעם אָרט — מיינט זיכערער אומקום. מיר האָבן גאַלאָפּירט אין איין אָטעם, זוכנדיק אַ באַהעלטעניש אין געדיכטן וואַלד, ווו ס'האָבן געלויערט אַזוי פיל געפאַרן.

אין אונדזער געלויף האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף אַ פּאָליאַק, מיט אַ פאַרוואָר־פּענער האַק אויפן אַקסל. מיר זענען געווען גוט אָנגעטאָן, באַזונדערס האָבן זיך אָנגעזען אויף אונדזערע פיס די פיינע שטיוול. דער יונגער פּאָליאַק האָט באַפוילן מיין פאָטער אויסטאָן די שטיוול און זיי אים אַוועקגעבן. ער איז דערפאַר גרייט געווען צו געבן זיינע צעריסענע שטיוול און אויך אונדז לאָזן אַוועקגיין. מיין פאָטער איז צו צו דעם אויסוווּרף און נאָך אַ קורצן פאַרמעסט אים צוגענומען די האַק. אָן אַנטוואָפנטער האָט דער פּאָליאַק שנעל זיך אָפּגעטראָגן, נאָר לויפנדיק, האָט ער נישט אויפגעהערט צו פייפן און רופן זיינע חברים. פאַרמאַטערטע און פאַרצווייפלטע זענען מיר צוגעקומען צו אַן אויסגעטראָטענער סטעזשקע און דווקא דאָ, אונטער אַ ברייט־צעוואַקסענעם בוים, האָבן מיר זיך אַוועקגעזעצט אָפּרוען און... אויסבאַהאַלטן. ווידער דערהערן מיר זיך דערנענטערנדיקע שריט פון אַ באַנדע פּאָליאַקן און צווישן זיי — דער גוי, ביי וועמען מיין פאָטער האָט צוגענומען די האַק. מיר האָבן געגנוי געהערט זיינע רייד:

— אַזאַ פאַרשיווע זשיד זאָל מיר צונעמען די האַק. לאָמיר אים נאָר אָפּזוכן, וועל איך אים צעשניידן אויף שטיקער!

הגם זיי פלעגן זיך אָפּשטעלן און פאַרבייגיין לעבן אונדז און מיר האָבן אַלץ געהערט, פונדעסטוועגן האָבן זיי אונדז נישט דערזען. אַזוי זענען מיר דעמאָלט געזעסן אַ גאַנצן טאָג און אַ נאַכט, אָבער צום גליק האָט מען אונדז נישט באַמערקט, הגם מיר האָבן זיך געפונען לעבן אַ וועג. קאָן זיין, אַז טאַקע דערפאַר איז אונדזערע פאַרפאָלגער נישט איינגעפאַלן, אַז גראַד איף אַזאַ פונקט זאָלן זיך אויסבאַהאַלטן צוויי יידן.

## 4

אין דער טיפער נאַכט האָבן מיר זיך געלאָזט קיין... פּראַמפּאָל. מיר האָבן געוווּסט: אין וואַלד איז מער נישטאָ פאַר אונדז קיין אָרט. ס'איז געווען ווינטער. די קעלט און דער שניי האָבן נאָך מערער פאַרגרעסערט אונדזערע יסורים און געפאַרן. אין די קליינע נאַכט־שעהן, האָבן מיר זיך דערשלאָגן אין שטעטל. אָבער ווו זיך ווענדן? ווו גיין? דאָס דאָזיקע שטעטל ווו מיר זענען געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן, איז פאַר אונדז געווען ווילד־פרעמד, אומהיימלעך און מיט פאַרשלאָסענע טיר־און־טויער. נאָך מער: אויב עמעץ וואָלט אונדז דאָ אַנטפּלעקט, זענען מיר פאַרלוירענע. מיר האָבן געוואָלט אַוועק צו דעם באַקאַנטן פויער, וואָס האָט מיט אַ צייט צוריק געברענגט מיין פאָטער און דעם ברודער. אָבער מיר האָבן מורא געהאַט אָנצוקלאַפּן און דערפאַר באַשלאָסן זיך פאַרגנבענען אויף אַ פרעמדן בוידעם, כדי דאָרט איבערוואַרטן דעם טאָג און אין אָוונט גיין צום באַקאַנטן. אַזוי איז טאַקע געווען. מיר זענען אַרויף אויף דעם

בוידעם, זיך אַזוי פֿאַרשטעקט אין ווינקל, אַז הגם די בעל־הבתים פֿלעגן דאָרט עטלעכע מאָל אַרויפֿקומען נעמען פֿאַרשידענע זאַכן, האָבן זיי אונדז נישט באַמערקט. אַזוי איז אונדז געלונגען צו זיצן ביז פֿאַרנאַכט. דערנאָך זענען מיר אַוועק צו דעם פֿריינדלעכן פּאָליאַק און צו אונדזער אָנגענעמער איבעראַשונג, איז ער גרייט געווען אונדז אויסצו־באַהאַלטן. ער האָט אונדז גלייך אַוועקגעפֿירט אין שטאַל און אין דער גאָר נאָענטער שכנהשאַפֿט פֿון פֿערד האָט ער אונדז איינגעאָרדנט. נישט איינמאָל פֿלעגט דאָס פֿערד אַ פֿאָרסקע טאָן גלייך אויף מיר, נישט איינמאָל האָב איך מורא געהאַט, אַז אָט־אָט דערלאַנגט עס מיר אַ קאָפּע צי אַ ביס.

מיין פֿאָטער האָט זיך אויסגערעדט מיט דעם פּאָליאַק, אַז מיר וועלן צאָלן פֿאַר אונדזער באַהעלטעניש, נאָר קיין געלט האָבן מיר נישט מיט זיך. אַ סומע איז פֿאַראַן ביי אַ צווייטן פּאָליאַק, וואָס גיט אונדז פֿון צייט צו צייט געלט. מיר האָבן נישט געוואָלט אויסזאָגן, אַז מיר האָבן ביי זיך אַ גרעסערע סומע. מען דאַרף מודה זיין, אַז פֿאַר די 17 וואָכן פֿון אונדזער זיין אויסבאַהאַלטן אין שטאַל, איז מען זיך מיט אונדז זייער גוט באַגאַנגען. דריי מאָל אין טאָג האָט מען אונדז צוגעשטעלט עסן אויף אַ זייער קאָנספּיראַטיוון אופֿן. אונטערן עסן פֿאַרן פֿערד פֿלעגט מען דערלאַנגען אונדזערע פּאָרציעס. ביים געבן דעם פֿערד צו טרינקען, האָט מען אויך נישט פֿאַרגעסן אָן אונדז

די קעלט אָבער האָט זיך געוואַלדיק געלאָזט פֿילן. מיינע פֿיס זענען פֿאַרפֿרוירן געוואָרן און נישט איין מאָל פֿלעג איך פּשוט פֿאַרשטאַרט ווערן פֿון קעלט. נאָך היינט־צו־טאָג האָב איך קענטיקע שפּורן פֿון יענעם, העכער 4־חדשימדיקן געפֿונען זיך אין שטאַל. ס'האָט אָפּט פּאַסירט, אַז מיין פֿאָטער פֿלעגט אין די שפּעטע נאַכט־שעהן זיך אַרויסלאָזן איבערן שטעטל, כדי פּשוט זיך דערוויסן ווי עס זעט אויס די לאַגע — אָבער ער האָט מיך נישט געקאָנט מיטנעמען צוליב דעם, וואָס מיינע פֿיס האָבן מיך שוין נישט געטראָגן. פֿון דער צווייטער זייט האָט ער אויך מורא געהאַט צו ריזיקירן אין פֿאַל פֿון אַן אומגליק, וואָס האָט געלויערט אויף טריט און שריט.

נאָך אין אָנהייב פֿון אונדזער זיין אין שטאַל, האָט מיין פֿאָטער זיך דערוווּסט, אַז די אָבלאַווּעס און געיעג אויף די אויסבאַהאַלטענע יידן אין שטעטל גופֿא און אין די אַרומיקע וועלדער, האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט. די געכאַפּטע יידן פֿלעגט מען צונויפֿ־זאַמלען אין דער געביידע פֿון דער „פּאָווּשעכנער" שול און נאָך עטלעכע טעג, ווען די געסטאַפּאָ־לייט זענען געקומען אין שטעטל, האָט מען די אומגליקלעכע דערשאָסן. נישט איין מאָל האָבן מיר געהערט אין שטאַל די שאָסן פֿון די עקזעקוציעס איבער די יידן. אויך איז מיין טאַטן באַוווּסט געוואָרן, אַז די מאַמע מיט מיין ברודערל געפֿינען זיך אין דער שול און מיר האָבן געפֿילט, אַז די קויל־שאָסן, וואָס האָבן זיך דערטראָגן צו אונדזער שטאַל, זענען באַשטימט פֿאַר אונדזערע טייערסטע.

יעדער אַרויסגיין פֿון מיין פֿאָטער איז געווען פֿאַרבונדן מיט האַרצרייסנדיקע

געזעגעגונגען און טרערן, ווייל קיינמאָל איז מען נישט געווען זיכער, צי מען וועט זיך ווידער זען.

5

יענעם זוניקן טאָג פון 15־טן מערץ 1943 וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן. ליכט־שטראַלן האָבן דורך די שפּאַרעס פון די ברעטער און די עפענונגען אין שטאָל זיך אַריינגעריסן אין אונדזער באַהעלטעניש. ווי דורכגענומען איך בין נישט געווען מיט קאָנספּיראַציע און פאַרשטאַנען וואָס עס מיינט צו זיין פאָרזיכטיק אין יענע באַדינ־גונגען, האָט מיך דאָך עפּעס אַ שטויס געטאָן זיך אויפצוהייבן פונם געלעגער, צוגיין צו דער וואַנט און איין אויג צולייגן צו דער קליינער עפענונג, כדי דערפילן די וואַרעמקייט פון דער זון. מיטאַמאָל האָט ווי אַ שאָטן פאַרטונקלט מיין בליק. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז עמעץ האָט מיך באַמערקט און כ׳בין שנעל צוריק אין מיין באַהעלטעניש.

דעם זעלבן טאָג איז אונדזער בעל־הבית, סטאַנטשיק, אַוועק אין שענק כאַפּן אַ טרונק און אויך זיך דערוויסן נייעס. אין דער דאָזיקער שענק פלעגן זיך צונויפקומען די פּאָליאַקן פון שטעטל, כדי ביי אַ כוסה אַרומריידן די נייעס. אַז די חברותה איז געוואָרן עטוואָס בגילופנדיק, האָט מען זיך אָנגעהויבן איבערוואָרטלען און איין פּאָליאַק האָט אַ זאָג געגעבן סטאַנטשיקן:

— מיר האָבן געהערט, אַז באַהאַלטסט אויס יידן!

הגם דער גוי איז געווען בגילופין, האָט ער זיך נישט פאַרלוירן און גלייך אָפּגע־ענטפערט:

— איך וועל אויסבאַהאַלטן יידן? ווען איך באַקום אַריין איינעם אין מיינע הענט, גייט ער נישט אַרויס קיין לעבעדיקער...

פונדעסטוועגן איז אים דער פאַרוואורף גוט אַריין אין קאָפּ. גלייך פון שענק איז ער געקומען צו אונדז און דערציילט וועגן געשפּרעך. ער האָט אונדז געבעטן פאַרלאָזן די שטאָל און צוגעזאָגט, אַז ווי נאָר עס וועט זיך באַרויקן, נעמט ער אונדז צוריק. נאָר איצט מוזן מיר אַוועק. אַזוי אַרום האָט ער באַשטעטיקט מיין חשד, אַז עמעץ האָט בייטאָג מיך געזען אַרויסקוקן דורך אַ קליינטשיקער עפענונג און דאָס צעפּויקט איבערן שטעטל. דער עמעץ איז געווען סטאַנטשיקס אַ שכנה, מידלאַטש, וואָס האָט פון יאָרן געהאַט אַ בייז האַרץ אויף דעם פּאָליאַק, באַשולדיקנדיק אים אינעם טויט פון איר זון.

יאָ, לייכט צו זאָגן — אַוועק. אָבער וואַהין? איצט, ווען דאָס שטעטל איז כמעט אָן יידן און די פּאָליאַקן לויערן אויף דיר ווי בייזע חיות. מיר האָבן אָבער נישט געהאַט קיין ברירה — און געמוזט אויספאָלגן דעם באַפעל פון סטאַנטשיקן.

עס איז נישט געווען אַזוי פּשוט מיט מיינע אָפּגעפרוירענע פיס זיך לאָזן אין וועג אַריין. מיט גרויס מי און מאַטער האָבן מיר זיך דערשלעפּט צו אַ באַקאַנטן פויער, וווּ מיר האָבן געטראָפן צוויי פראַמפּאָלער ברידער, שלמה־לוי און לייבל פּעדער. זיי האָבן אונדז דערציילט, אַז זיי געפינען זיך אין וואַלד, האָבן דאָרט אַ בונקער און זענען גרייט

אונדז אַהינצונעמען. דאָס איז אין יענער צייט געווען אַזאַ לאָקנדיקע איינלאַדונג, אַז מיר האָבן זיך אין איר אָנגעכאַפּט מיטביידע הענט.

מיר זענען אַוועק אין וואַלד.

.6

דער אָוונט איז געווען אַ מילדער, הגם דער ווינטער האָט געהאַלטן אין סאַמע ברען. מידע און דערשעפּטע זענען מיר צוגעקומען צו אַ בוים. כ׳האָב דאַן געפרעגט: „ווו וועלן מיר שלאָפן?" דערויף איז געקומען אַן ענטפער, אַז זיי האָבן אַפילו אַ בונקער נישט ווייט פונדאַנען, אָבער פּאָליאַקן האָבן אים שוין אַנטדעקט און דעריבער האָבן זיי מורא צו גיין אַהין. בלית־ברירה האָבן מיר אַוועקגעשאַרט דעם שניי פון אונטערן בוים, און וואָס נאָר מיר האָבן געהאַט מיט זיך, איז אויסגעשפּרייט געוואָרן איף דער ערד און מ׳האָט זיך געלייגט שלאָפן.

צומאָרגנס, גאַנץ פרי, האָט מען זיך אויפגעהויבן — פאַרשטאַרט פון קעלט, נישט אויסגעשלאָפן און פאַרצווייפלט. וואָס וועט זיין ווייטער? צו אונדזערע אויערן האָט זיך דערטראָגן דאָס האַקן און פאַלן פוןביימער אין וואַלד — אַ סימן, אַז פּאָליאַקן געפונען זיך נאָענט. מ׳האָט נישט געטאָרט זיך באַווייזן. דער הונגער האָט אָבער געפאָדערט זיינס. מיר האָבן פון אונטערן בוים אָפּערגעשלעפּט שוואָמען און וואָרצלען, אַלץ אַריינגעלייגט אין אַ בלעך, באַשאָטן מיט שניי, געמאַכט אַ פייער און אָפּגעקאָכט אַ „מאַלצייט".

געווען נאָך אופנים צו באַזאָרגן זיך מיט שפּייז. די עלטערע פלעגן אַוועק אין די פינצטערע נעכט אין שטעטל און דאָרט זיך באַזאָרגט מיט אַ ברייטל, שוועבעלעך און אַ ביסל זאַלץ. די יונגעלייט, ווידער, פלעגן זיך פאַרגנבענען אויף פּויערישע הויפן און פון די אַ. ג. „קאָפּצעס" גנבענען קאַרטאָפל, און פון די שטייגן — הינער און אייער. די קאַרטאָפל פלעגט מען פאַרגראָבן אין פאַרשידענע ערטער אין וואַלד. איינמאָל האָבן חברה אַפילו זיך פאַרמאָסטן אַוועקצושלעפּן אַ קו. פּויערים האָבן אונדז נאָכגעיאָגט און געשאָסן. די קו האָט דאַן אַזוי געליאַרעמט, מיר האָבן געמיינט, אַז די גאַנצע געגנט וועט זיך צוזאַמענלויפן. דאָך האָט מען נישט אָפּגעלאָזט די קו, זי דערשלעפּט אין וואַלד אַריין, זי געשאָכטן און אַ טייל פונעם פלייש פאַרגראָבן.

אָבער נישט שטענדיק האָבן מיר געהאַט צו עסן פלייש. געווען טעג, ווען מ׳האָט נישט געהאַט וואָס צו נעמען אין מויל אַריין.

געווען צייטן, אַז מ׳האָט בכלל נישט געקאָנט אַרויסגיין פון וואַלד, ווייל דייטשן האָבן זיך געדרייט אין דער סביבה. דאַמאָלט האָט אונדז געפעלט עסן, און דער עיקר — שוועבעלעך, וועלכע מ׳האָט באַקומען נאָר אין שטעטל. איז מיין פאָטער געפאַלן אויף אַן המצאה: אַזויווי ער האָט געקענט אַביסל רוסיש, וואָס ער האָט זיך אויסגעלערנט זייענדיק אין „פּלען" בעתן ערשטן וועלט־קריג, פלעגט ער אַרויסגיין אויפן וועג לעבן וואַלד און אָפּשטעלן אַ פאַרבייגייענדיקן פּויער:

— ספּיטשקי או וואָס יעסט? (שוועבעלעך האָט איר?) — דערביי האָט ער געהאַלטן

די האַנט אין דער רעכטער קעשענע, גלייך דאָרט וואָלט געלעגן אַ רעוואָלווער. דער איבערגעשראָקענער פויער האָט נישט פאַרשטאַנען די שפּראַך, ר׳האָט אָבער אינסטינקטיוו געפילט, אַז דאָ שטייט פאַר אים אַ סאָוויעטישער פאַרטיזאַנער — און אין אַזאַ פאַל האָט ער געגעבן נישט נאָר שוועבעלעך, נאָר אַמאָל אויך — אַ ברייטל...

קלאָר, אַז נאָך אַזאַ פאַל האָט מען זיך געמוזט אָפּטראָגן פון דעם אָרט, ווייל ס׳האָט אויך געקאָנט פּאַסירן, אַז דער פויער זאָל צוטראָגן די דייטשן, אָדער פּאָליאַקן, אַז פאַרטיזאַנער האַלטן זיך אויס אין וואַלד.

יעדעס שוועבעלע פלעגט מען צעטיילן אויף פיר און ווי אַן אוצר עס אויסבאַהאַלטן אויף טרוקענע ערטער. מ׳דאַרף אונטערשטרייכן, אַז גראָד אַזאַ צעשניטן שוועבעלע, האָט זיך שוין דווקא יאָ אָנגעצונדן...

7

מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין וואַלד פון 15טן מערץ 1943. דער שניי איז נאָך געלעגן געדיכט. ס׳איז געווען קאַלט. ווינטער־צייט זענען מיר אַוועק גנבענען קאַרטאָפל פון די „קאָפּצעס״ (גריבער, וווּ די פויערים פלעגן אַריינלייגן די קאַרטאָפל, זיי צודעקן מיט אַ דיקער שיכט ערד, כדי זיי זאָלן נישט פאַרפרוירן ווערן). אונדז איז זייער שווער אָנגעקומען אויפצוברעכן די „קאָפּצעס״, ווייל קיין ריכטיקע כלים האָבן מיר נישט געהאַט. מיר האָבן דערביי איבערגעלעבט גרויס שרעק, ווייל די פויערים האָבן געוווּסט, אַז מ׳וויל זיי באַגנבענען און האָבן די „קאָפּצעס״ געהיטן.

נישט איינמאָל, בעתן אויספירן אַזאַ אַרבעט, פלעגן מיר הערן אַן אויסגעשריי: „ווער איז דאָרט? בלייבן שטיין!״ מיר האָבן אויף דעם נישט געלייגט קיין אַכט און שנעל זיך אָפּגעטראָגן מיט די געגנבעטע קאַרטאָפל, וועלכע מיר האָבן געהיטן ווי אַן אויג אין קאָפּ. דאָס איז דאָך געווען אונדזער איינציק לעבנסמיטל. זייער אָפט, ווען כ׳בין אַנטלאָפן מיט אַ זעקל אויף די פּלייצעס, בין איך געבליבן הינטערשטעליק. דאַן האָט מיין פאָטער צוגענומען פון מיר מיינע קאַרטאָפל און געטראָגן אויף זיך, אין געיעג, ביידע זעק. געווען פאַלן, אַז ער האָט מיך נישט געלאָזט מיטגיין. כ׳פלעג דאַן זיצן ביים עק פון וואַלד און וואַרטן אויף זיין צוריקקומען. כ׳פלעג דאַן לעבן אין אומאויפהערלעכער שרעק און איבערטראַכטן וואָס ס׳געשעט מיט זיי דאָרט.

נאָך אַזאַ אַקציע האָבן מיר נישט געקענט שלאָפן, צוליב דער מורא נאָכגעיאָגט צו ווערן. ביינאַכט פלעגן מיר אָפּבראָטן עטלעכע קאַרטאָפל, טיילמאָל — מיט עטלעכע שוואָמען, אָפּקאָכן אַ מיטאָג. געווען צייטן, ווי כ׳האָב שוין דערציילט, אַז מ׳האָט פון שטעטל געבראַכט אין וואַלד אַריין אַ לעבעדיקע בהמה. צו אַזאַ „אַקציע״ בין איך שוין נישט מיטגעגאַנגען. מיר האָבן זיך דאַן געפילט ווי אויף אַן אמתער חתונה!

אַפילו שעכטן די בהמה איז נישט געווען מיט וואָס. מיר האָבן געהאַט אַ קליין מעסער און די חיה האָט זיך, נעבעך, שטאַרק געמוטשעט, ביז זי איז אויסגעגאַנגען. מיטן פליישׁ האָט מען זיך געמוזט באַגיין ווי מיט די קאַרטאָפל: באַהאַלטן אויף אַ

לענגערער צייט, באַגראָבן עס אויף אַ סך ערטער און נישט איבערלאָזן קיין שפּורן. נישט איינמאָל איז געשען, אַז די חיות אין וואַלד פלעגן דערשמעקן אויף געוויסע ערטער איינגעגראָבן פלייש און עס אויפקאָפּען. זענען מיר דאַן געווען געצוווּנגען צו עסן פלייש איבער דער נאָרמע, ווייל מער ווי צוויי־דריי וואָכן האָט מען עס נישט געקאָנט אויפ־האַלטן. עס האָט אויך פּאַסירט, אַז ווען מיר האָבן געהאַט פלייש, האָבן מיר נישט געהאַט קיין קאַרטאָפל, שוין אָפּגערעדט פון ברויט.

מיר פלעגן אויך גנבענען הינער. זאַלץ האָט שטענדיק אויסגעפעלט. געווען צייטן, ווען מיר האָבן אויך נישט געהאַט קיין וואַסער, ווען ס׳איז נישט געלעגן דער שניי. אַמיינסטן האָבן מיר געגעסן געבראָטענע קאַרטאָפל.

8

געווען פאַלן, ווען איך מיט מיין פאָטער פלעגן זיך אַריינגנבענען אין שטעטל אריין, צו סטאַנטשיקן, און פון דאָרט ברענגען אַ ברייטל מיט אַ ביסל זאַלץ, אַמאָל אויך — שוועבעלעך. ער האָט דערביי ריזיקירט מיטן לעבן. מיר זענען געווען מיט אים גוט באפריינדעט, ער האָט זייער געוואָלט אונדז העלפן. אויף מיר האָט ער געהאַט שטאַרק רחמנות.

אַ גאַנצע נאַכט האָט גערעגנט. מיר זענען געווען דורכגעווייקט ביזן לעצטן. איך און מיין פאָטער האָבן באַשלאָסן צו גיין קלויבן שוואָמען, ווייל נאָך אַ רעגן זענען זיי שיין און פריש. גאַנץ פרי זענען מיר אַרויסגעגאַנגען זוכן. די זון האָט שוין געלויכטן. ס׳איז נאָך געווען נאַס. מיר האָבן באַדאַרפט דורכגיין אַ הויפּט־שאָסיי. אונדז האָט דאַן דערקענט אַן אדורכפאָרנדיקער פויער, אונדזערס אַן אלטער באַקאַנטער. ער האָט זיך כלומרשט דערפרייט מיט אונדז און דערציילט, אז דער סוף פון קריג איז שוין נאָענט, אז די רוסן דערנענטערן זיך. ער האָט אונדז געראָטן זיך צו היטן, ווייל אויב מיר האַלטן ויך שוין אויף ביז איצט, גלויבט ער, אַז מיר וועלן דערלעבן ביז איבער דער מלחמה. פון אים האָבן מיר זיך דערוווּסט, אז ארום דעם וואַלד ליגן דייטשן אין די אָקאָפּעס. זיי זוכן באַנדיטן און פּאַרטיזאַנער. מען כאַפּט די פּאָליאַקן אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד. ער זעלבסט איז פון זיי אַנטלאָפן. ספּעציעל כאַפּט מען יינגע מענטשן. ער האָט זיך ביי אונדז נאָכגעפרעגט ווי אַזוי מיר לעבן און פון וואָס מיר לעבן. ער האָט אונדז צוגעזאָגט צו ברענגען זאַלץ, ברויט און קאַרטאָפל. אַנגעזאָגט, מיר זאָלן זיך נישט ארויסרירן פון וואַלד, ביז ס׳וועט זיך נישט באַרויקן אין דער געגנט. דאָס קען דויערן אַ וואָך צייט.

9

כ׳בין איבערצייגט, אַז דאָס אַלץ האָט ער מיט אונדז גערעדט מיט אַ גוטער כוונה, נישט געמיינט אונדזער שלעכטס. דער גורל האָט אָבער אַנדערש געוואָלט. אָפּפאָרנדיק פון אונדז, האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף דייטשן, וועלכע האָבן אים געוואָלט אַרעסטירן. ער האָט זיך געוואָלט אויסקויפן פון זייערע הענט און דערציילט, אז ער האָט אין וואַלד נעטראָפן יידן, און געגאַנגען ווייזן ווו מיר געפונען זיך.

פון דעם אַלעמען האָבן מיר נישט געוווסט. מיר זענען מיט פרייד צוריק אין וואַלד, וואָס שנעלער צוגעקומען צו אונדזערע צוויי ברידער, וואָס זענען געשלאָפן אונטער אַ געדיכטן בוים. מיר האָבן זיי דערציילט, אַז די מלחמה וועט זיך שנעל ענדיקן.

אין גאַנג פון דערציילן, וואָס דער באַקאַנטער פויער האָט מיט אונדז גערעדט, האָב איך פּלוצים דערהערט טריט: כ׳האָב באַלד דערויף אויפמערקזאַם געמאַכט. אָבער מ׳האָט מיך אָפּגעפּטערט מיט אַ זאָג: „דיר הערט זיך שטענדיק טריט! זיכער איז עס דאָס שאָקלען זיך פון דיביימער״!

איך האָב זיך אָבער געהאַלטן ביי מיינס. כ׳האָב דייטלעך געהערט ווי אַ רעגן־מאַנטל האָט זיך געריבן אין די ביימער. ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט און מיר האָבן פּאָר זיך דערזען אַ דייטש מיט אַן אנגעצילטע ביקס אין די הענט, באַגלייט פון אונדזער באַקאַנטן פויער. מיט די לעצטע כוחות האָבן מיר אנגעהויבן צו לויפן אין דער טיפעניש פון וואַלד. איך האָב דער־ביי געהאַלטן די אַנגעקליבענע שוואָמען, וועלכע כ׳האָב נישט געוואָלט פאַרלירן. אַזוי ווי מיין פּאָטער האָט מורא געהאַט, אז איך וועל בלייבן הינטערשטעליק, האָט ער געמוזט אַביסל פארלאַנגזאַמען זיין שריט. מיר זענען, צוזאַמען געלאָפן. אין אַ געוויסן מאָמענט האָב איך מיין פּאָטער פאַר־לוירן פון די אויגן און איינע אַליין זיך פארטיפט אין וואַלד. די שיסעריי האָט נישט אויפגעהערט. אַזוי לויפנדיק, בין איך צוגעקומען צו אַן אָפענעם פּלאַץ אינמיטן וואַלד, וווּ ס׳האָט זיך געפונען אַ זומפּ. כ׳האָב דאָן געטראָגן א פּאָר שטיוול, וואָס זענען געבליבן שטעקן אין זומפּ, וועלכן כ׳בין בשלום אריבער — און געבליבן שטיין אין גרויס פארלעגנהייט. וואָס טוט מען ווייטער? כ׳האָב שוין אלץ פארלוירן, אליין געבליבן אויף דער וועלט. וואָס וועל איך טון? איז נישט כדאי צו ענדיקן מיטן לעבן, אָדער זיך אליין צושטעלן צו די דייטשן?

פאַרטיפט אַזוי אין מיינע געדאַנקען און פאַרצווייפלונג, האָב איך דערהערט אַ גערויש. ס׳האָט ווידער אין מיר אויפגעוואַכט דער לעבנס־אינסטינקט, ס׳איז ווידער אַריינגע־טראָטן אַ האָפענונג: אפשר וועל איך נאָך טרעפן מיין פּאָטער? שטאַרבן וועל איך קיינמאָל נישט פאַרשפּעטיקן! כ׳האָב זיך באַהאַלטן אין אַ פאַרמאַסקירטער עפענונג, צוגעדעקט מיט מאָך. שפּעטער האָב איך, צו מיין גרויסער פרייד, דערזען פונדערווייטנס, אַז ס׳גייט מיין יינגערער ברודער (פון די צוויי וואָס זענען געווען מיט אונדז). מיר האָבן זיך שטאַרק דערפרייט. ביז אויף דער נאַכט זענען מיר בידע געזעסן באַהאַלטן און זיך נישט גערירט פון אָרט. ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן, האָבן מיר זיך אַרויסגעלאָזט, יעדער אין אַן אַנדער ריכטונג, זוכן די פאַרלוירענע. מיר האָבן זיך אָפּגערעדט צו טרעפן אויף אַ באַשטימט אָרט, אויב עמעצער פון אונדז וועט זיך אָנשטויסן אויף וועמען פון דער משפחה. נאָך אַ גאַנצער נאַכט זוכן, האָבן מיר געטראָפן דעם עלטערן ברודער. אָבער אונדזער פּאָטער האָבן מיר, ליידער, שוין נישט געטראָפן. כ׳האָב אים געזוכט טעג און נעכט — נאָר אָן רעזולטאָט.

נאָך מיין פּאָטערס טויט, האָב איך אַליין געמוזט זאָרגן פאַר זיך. צוזאַמען מיט אַלע האָב איך זיך געמוזט מיטשלעפּן. דער ייִנגערער ברידער פלעגט אָפט זיין דער אַרויסהעלפער. ער פלעגט זיינע קאַרטאָפל לאָזן ליגן ביים עק וואַלד און זיך צוריקקערן צו מיר, צונעמען מיין זעקל און עס שנעל איבערטראָגן ביז צום וואַלד. נאָך אַזאַ נאַכטאַרבעט, האָט מען אויף שנעל געמוזט אויסקאָפּען קליינע „קאָפּצעס", פאַרגראָבן די קאַרטאָפל אויף פאַרשידענע פלעצער און פאַררייבן די שפּורן.

10

אַ געוויסן טאָג זענען מיר אַלע איינגעשלאָפן אין אַ יונג וועלדל, מיר האָבן געהאָפט, אַז קיינער וועט אונדז דאָרט נישט שטערן. פּלוצים האָבן מיר דערהערט שטימען פון קינדער וואָס זענען צופעליק דורכגעגאַנגען אויף דעם דאָזיקן אָרט. זיי זענען ממש אַרויפגעקראָכן אויף אונדז, שלאָפנדיקע, און מיט גרויס שרעק אויסגעשריגן, אַז טויטע ליגן אין וואַלד... מיר זענען געווען געצווּנגען זיך אָפּצוטראָגן פון דעם אָרט. אַזוי לויפנדיק, האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף דעם פּאָטער פונעם פויער, וואָס האָט אונדז אויסגעגעבן די דייטשן. ער איז געווען זייער אַלט און דאַן געפּאַשעט די בהמות. ער האָט דערציילט, אַז מיט עטלעכע טעג צוריק האָבן די דייטשן דערהרגעט אַ באַקאַנטן ייִד: דאָס איז דער „לימאַניאַדזשיאַזש" (די קריסטן האָבן אַזוי גערופן אונדזער פּאָטער, ווייל ער האָט געהאַט אַ פאַבריקל פון לימאַניאַדע און סאָדעוואַסער). כ'האָב זיך דאַן צעוויינט מיט ביטערע טרערן. ער האָט נישט געוווּסט, אַז דאָס בין איך זיין טאָכטער. ער האָט מיך געפּרוּווט טרייסטן. אָבער וואָס פאַראַ באַדייטונג האָבן פאַר מיר געהאַט זיינע ווערטער ?...

אַז מיר האָבן דערנאָך זיך געטראָפן מיט באַקאַנטע קריסטן אין שטאָט, האָבן אויך זיי דערציילט וועגן אונדזער אומגליק. כ'האָב זיך געטראַכט: פאַר וועמען האָב איך איצט צו לעבן ? און דאָך האָט מיך אַלץ יאָ געטריבן צום לעבן. ס'האָט מיך געשטאַרקט איין־און־איינציקער געדאַנק: אַז כ'וועל טראָץ אַלעמען איבערלעבן און נקמה נעמען פאַר די אַלע ליידן און אומגליקן. דאָס נקמה־געפיל האָט מיך געטריבן ווייטער צו קעמפן פאַרן לעבן.

11

אָן מיין פּאָטער, בין איך געווען ווי אַן אָנגעוואָרפענע ביי די ברידער, אַ שטערונג אין זייער געראַנגל אויסצוהאַלטן די שווערע צייט. מ'האָט אונדז דערציילט, אַז מיין פּאָטער האָט מען געכאַפּט אַ לעבעדיקן און פון אים געוואָלט זיך דערוויסן וועגן אַלץ, וואָס איז געווען פאַרבינדן מיט אונדזער אויפהאַלט אין וואַלד, וויפל זענען מיר, ווו האַלט מען זיך אויף און פון וואָס לעבט מען ? מ'האָט אים צוגעזאָגט צו שענקען דאָס לעבן, אויב ער וועט אַלץ דערציילן. ער האָט נישט געוואָלט רעדן. מ'האָט אים שרעקלעך געפּייניקט, געריסן שטיקער פון זיין קערפּער. ער האָט זיך געהאַלטן ביי זיינס, נישט געוואָלט די

דייטשן דערציילן. מ׳האָט אים נישט געוואָלט דערשיסן, ווייל די דייטשן איז אַ שאָד געווען אַ קויל... זיי האָבן געזאָגט, אַז ער וועט אַליין שטאַרבן. אַזוי איז טאַקע געווען. ער איז אין גרויסע יסורים אויסגעגאַנגען. זיי האָבן אים אַזוי געלאָזט ליגן אין וואַלד. די פויערים האָבן אים דערנאָך באַגראָבן אין וואַלד. מ׳האָט מיר אַפילו אויסגעמאָלט ווי דאָס אָרט געפינט זיך. כ׳האָב אָבער נישט געקאָנט דאָרט צוגיין. ביז היינט באַדויער איך, וואָס כ׳האָב נישט אַרויסגענומען פון דאָרט זיין קערפּער.

די פראָנט־שיסערייי האָט זיך איצט אָפּט געלאָזט הערן. נאָר דאָס מאָל האָבן מיר באַמערקט, אַז די אַנטלויפערס זענען... די דייטשן זעלבסט. אין אַזעלכע פאַלן פלעגן מיר זיך באַהאַלטן אין די בערג און פון דאָרט געזען, אַז די דייטשן לויפן צוריק. זיי ווערן אומאויפהערלעך באַשאָסן פון דער לופט.

איינמאָל האָבן מיר דערזען ווי פּאַליאַקן לויפן צוזאַמען מיט זייערע משפחות, כדי זיך באַהאַלטן אין די וועלדער. אַן אַנדערש מאָל האָבן מיר דערהערט אַ שווער געוויש — און באַשלאָסן אַרויסצוגיין אויפן הויפּט־טראַקט אַליין זיך איבערצוצייגן וואָס עס קומט פאָר. מיט פרייד האָבן מיר דערזען סאָוויעטישע טאַנקן, מיט זייערע רויטע פענער. מיר האָבן געפרעגט אַ פויער, צי די רוסן זענען שוין אַריין? האָט ער אונדז געענטפערט, אַז יאָ, נאָר צוגעגעבן, אַז „אויב זיי טרעפן אַ ייד — הרגענען זיי אים"... מיט גרויס ווייטיק האָבן מיר אָנגעקוקט איינער דעם צווייטן און גאָרנישט געענטפערט. מיר האָבן זיך פון אים דערווייטערט און נישט געוווסט וואָס ווייטער צו טאָן. מיר האָבן דערזען פונדערווייטנס אַ רוסישן טאַנק.

כ׳האָב פאַרגעלייגט מיר זאָלן זיך צו אים דערנענטערן, אויב די רוסן שיסן אויך יידן, זאָלן מיר בעסער פאַלן פון זייערע הענט! מיר האָבן זיך צו זיי דערנענטערט אין גרויס שרעק. זעט אויס, אַז אונדזער אייגענער אויסזען און אונדזערע קליידער האָבן אויך זיי דערשראָקן. זיי האָבן נישט געוווסט ווער מען זיי האָבן פאַר זיך. פאַר גרויס שרעק האָב איך אויסגעבראָכן אין אַ געוויין, גערעדט צו זיי פויליש, מיט עטלעכע רוסישע ווערטער, וואָס כ׳האָב זיך אויסגעלערנט פון מיין פאַרשטאָרבענעם פאָטער. מיט גרויס שוועריקייט האָבן זיי אונדז פאַרשטאַנען. מיר האָבן זיי אויך דערציילט וועגן די ווערטער וואָס דער פויער האָט אונדז געזאָגט וועגן די רוסן. זיי האָבן אונדז געגעבן ברויט, געטרייסט און געהייסן גיין אין שטאָט אַריין, ווו ס׳איז שוין פאַראַן רוסיש מיליטער. אין שטאָט האָבן אויף אונדז די אָרטיקע פּאָליאַקן געקוקט ווי אויף אַ בייז ווונדער, ווייל זיי האָבן אונדז געהאַלטן פאַר טויטע.

מיר זענען דאַן צוגעגאַנגען צו אונדזער באַקאַנטן קריסט, צו סטאַנטשיקן. דאָרט אָפּגעגעסן אַ ביסל געקעכטס, זיך אַרומגעוואַשן, איבערגעטון די קליידער און שיך. בלייבן אין שטאָט האָבן מיר מורא געהאַט. מיר האָבן זיך געלאָזט גיין אויפן יאַנאָווער שאָסיי, ווו ס׳האָט אומאויפהערלעך געשטראָמט רוסיש מיליטער. מיר האָבן זיך געהאַלטן

אין איין נאָכפרעגן צי ס׳זענען צווישן זיי נישט פאַראַן קיין יידן. זיי האָבן אונדז גע־ענטפערט, אַז יידן גייען נישט אויף דער ערשטער ליניע...

אויך אין יאַנאָוו האָבן מיר נישט געטראָפן קיין יידן. מיר זענען געווען די איינציקע יידן צווישן דער גרויסער צאָל סאָלדאַטן. מיר האָבן זיך פאַרטרויט פאַר אַ סאָוויעטישן אָפיציר, וועמען מיר האָבן געבעטן, אַז ער זאָל אונדז העלפן, ווייל מיר האָבן שטאַרק מורא פאַר די פּאָליאַקן, אַז זיי זאָלן אונדז נישט אַוועקהרגענען. ער האָט אונדז איינגע־אָרדנט אויף צוויי טעג אין אַ סאָוויעטישן פּאָלק. דאָרט האָט אונדז אַ מיליטערמאַן געבראַכט אַ גרויס ברויט מיט אַ שטיק חזיר און מיר האָבן זיך גענומען צו דער סעודה. אַזוי ווי איך בין נישט געווען געוווינט צו אַ נאָרמאַל עסן, האָט עס מיר זייער געשאַדט. כ׳האָב באַקומען בויך־שמערצן און געווען אין אַ לעבנס־געפאַר. אַ דאָקטאָר פון דער רויטער אַרמיי האָט מיך דאַן אויסגעהיילט, געשטעלט אויף די פיס. די רוסן האָבן אונדז מיטגענומען מיט זיך אין קינאָ אַריין. די פּאָליאַקן אין קינאָ, אַנשטאָט צו קוקן אויפן פילם, האָבן געקוקט... אויף אונדז. די רוסן האָבן מיר אויך געגעבן אַ שוואַרצע ספּוז׳ניצע. קיין שיך האָבן זיי נישט געהאַט. די אַנטיסעמיטישע פּאָליאַקן האָבן בשום אופן נישט געקאָנט פאַרשטיין, ווי אַזוי איז מעגלעך געווען, אַז טראָץ אַלעמען זענען יידן געבליבן לעבן!

12

נאָך עטלעכע טעג זיין אין יאַנאָוו, זענען מיר צוריק געפאָרן קיין פראַמפּאָל, ווייל מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז ס׳זענען דאָרט געבליבן לעבן עטלעכע יידן. דאָרט האָב איך געטראָפן מיין שול־חברטע דינה הוף. כ׳בין געווען אַ גליקלעכע ווען כ׳האָב זי דערזען. זי האָט זיך געהאַט אויסבאַהאַלטן ביי אַ קריסט מיטן נאָמען סאָבטשאַק. זי איז געווען אַזוי אָפּגעשוואַכט, אַז עטלעכע טעג נאָך דער באַפרייאונג, איז זי נישט געווען בכוח צו גיין. כ׳האָב זי געמוזט פירן אונטערן אָרעם.

ווען מיר אַלע זענען צו זיך געקומען, האָבן מיר באַשלאָסן אַריבערצופאָרן קיין בילגאָריי. דאָרטן זענען געבליבן לעבן יידן. אָפּגעווען אין בילגאָריי עטלעכע חדשים. געלעבט האָבן מיר אַלע צוזאַמען, אין אַ קאָמונע.

מיר האָבן זיך דערוווּסט אַז אויך אין זאַמאָשטש האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט פיל יידן. זענען מיר דאָרט געבליבן אַרבעטן אין אַ רוסישער קיך פאַרן בלויזן עסן, פון גאַנץ פרי ביז שפּעט ביינאַכט.

נאָכן אָפּזיין אַ שטיקל צייט אין זאַמאָשטש, איז צו מיר אין קיך אַמאָל אַריינגעקו־מען אַ רוס און דערציילט, אַז אַ קליין מיידעלע זוכט מיך. דאָס איז געווען מיין קוזינקע דבורה בריק (היינט — קיסלאָוויטש). זי האָט איבערגעלעבט די אָקופּאַציע אַלס אַריערין. זי איז געקומען קיין זאַמאָשטש זוכן יידן. האָט מען איר געזאָגט, אַז אַ מיידל מיטן נאָמען חנה בריק געפינט זיך דאָ. אַזוי האָט זי מיך געפונען. זי האָט זיך מודה

געווען, אַז זי האָט שוין באַלד פאַרגעסן, אַז זי איז אַ יידיש קינד. זי איז געבליבן איינע פון אַ גאַנצער פאַמיליע. זי האָט באַלד פאַרלאָזט די קריסטין, ביי וועלכער זי האָט זיך אויפגעהאַלטן אין די אָקופּאַציע־יאָרן. זי האָט זיי דערציילט, אַז זי איז אַ יידישע. מיר זענען שוין געבליבן צוזאַמען. מיר האָבן פאַרלאָזט פּוילן און אַריבער קיין דייטשלאַנד, פון וואַנען מיר זענען אין יאָר 1946, געקומען קיין ארץ־ישראל.

# דער פּאַליאַק סאַבטשאַק האָט אונדז געראַטעוועט

שמואל מאַהלער / חיפה

1

אין האַרבסט 1942, זענען אין לובלינער וואָיעוואָדסטווע געבליבן ווייניק יידן. צווישן די פאַרבליבענע האָבן זיך געפונען יידן פון בילגאָריי, טאַרנאָגראָד און פראַמפּאָל. די בילגאָרייער יידן זענען נאָך פריער איבערגעפירט געוואָרן קיין פראַמפּאָל. די פאַרניכטונגס־אַקציעס פון די היטלעריסטן איבער דער יידישער באַפעלקערונג, זענען אָדורכגעפירט געוואָרן מיט דער שטרענגסטער מיליטערישע טאַקטיק. די שטעט און שטעטלעך פלעגן אַרומגערינגלט ווערן דורך מיליטער, זשאַנדאַרמעריע־אָפּטיילונגען און אָרטיקע פּאָליאַקן.

דעם 30־טן אָקטאָבער 1942 איז פון בילגאָריי געקומען קיין פראַמפּאָל די זשאַנדאַרמעריע און צוגעפאָרן צום יודענראַט, ווו ס׳האָבן זיך געפונען פאָלגנדיקע פּערזאָנען: חיים־יהודה האָרמאַן, יחזקאל האָף, זעליג ראָזענבערג, זאב פינקעלשטיין, חיים האָף (ער איז געווען קאָמענדאַנט פון דער יודענראַט־פּאָליציי).

יענעם טאָג האָט די זשאַנדאַרמעריע פאַרלאַנגט צוצושטעלן עטלעכע קופּאָנען לעדער און אַנדערע ווערטפולע זאַכן. לויטן טאָן פון די היטלעריסטן, האָבן די יודענראַטלער פאַרשטאַנען, אַז עס גרייט זיך אָן אַקציע — און האָבן זיך דערפאַר איינציקוויז אָפּגעטראָגן פונעם יודענראַט. די זשאַנדאַרמעריע איז שפּעטער צוריק געפאָרן קיין בילגאָריי. די יידן אין פראַמפּאָל האָבן זיך ווידער דערזען ווי אין אַ פּאַסטקע. מ׳האָט שוין נישט געגעכטיקט אין די היימען, נאָר אין די צוגעגרייטע בונקערס. אַ טייל ווידער — ביי באַקאַנטע קריסטן.

אונדזער פאַמיליע האָט זיך איינגעטיילט אין דריי גרופּעס. נישט אַלע האָבן גענעכטיקט אויף איין אָרט. מיין מאַמע ליבע און די צוויי שוועסטערן סימע און גיטל, זענען אַוועק אין בונקער פון אונדזער וווינונג. די שוועסטער שיינדל צו נחמה קעסטנבוים,

איך, מיין פֿאָטער יהושע און מיין שוועסטער איידל זענען אַוועק צו אַ געוויסן אַנטעק קורטליק.

דער בונקער אין שטוב איז באַשטאַנען פֿון צוויי קעלערס, איינער אָפּגעטיילט פֿון צווייטן מיט אַ מויער, דורך וועלכער ס'איז נישט געווען קיין אַריינגאַנג פֿון איינעם צום צווייטן. דאַקעגן איז דורך דער פֿאַדלאָגע געווען אַ געהיימער אַריינגאַנג אין קעלער.

ביי קורטליקן זענען מיר געווען באַהאַלטן אינעם קעלער פֿון דער סטאָדאָלע. דעם 1־טן נאָוועמבער 1942 האָב איך פּרובירט אַרויסגיין פֿון דער באַהעלטעניש, כדי זיך צוכאַפּן אַהיים. אָבער אין דער זעלבער מינוט האָב איך דערהערט אַ געדיכטע שיסעריי אין שטעטל און בין צוריק אַריין אין דער באַהעלטעניש. ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און מיר האָבן דערהערט ווי אין סטאָדאָלע איז אַריין גאָלדע האָף, זאב פינקלשטיינס פרוי, מיט איר קינד. כ'האָב דאַן אויפגעמאַכט די עפענונג פֿון אונדזער באַהעלטעניש און זיי אַריינגענומען צו אונדז.

אַ גאַנצן טאָג האָט געדויערט די געדיכטע שיסעריי, ווי אויפֿן פראָנט, נאָר דאָס מאָל — קעגן אונדז יידן. אין אַ געוויסן מאָמענט איז אונטער דער סטאָדאָלע, וווּ מיר זענען געווען אויסבאַהאַלטן, אַרונטערגעלאָפן איידל ווייסטוך (שלום ווייסטוכס אַ טאָכטער). די דייטשן האָבן זי באַמערקט און געוואָלט דערשיסן. די פּויערטע, קורטליקס ווייב, האָט זיך געבעטן ביי די דייטשן זיי זאָלן נישט שיסן, ווייל זיי וועלן איר פֿאַרברענען די תבואה. און צו איידלען האָט זי זיך געווענדעט זי זאָל אַרויס פֿון דער סטאָדאָלע, די דייטשן וועלן נישט שיסן.

אין משך פֿון אַ גאַנצן טאָג זענען אין שטעטל אַרומגעפֿאָרן פּויערישע פֿורן און אויפגעזאַמלט די געהרגעטע יידן. די פּאָליאַקן האָבן זיך געוואָרפֿן מיט די הרוגים, ווי מען וואַרפֿט שטיינער. אין אונדזער באַהעלטעניש האָבן מיר געהערט די גיפטיקע באַמערקונגען פֿון די פּאָליאַקן, וועלכע האָבן זיך באַשעפֿטיקט מיטן אויפזאַמלען די הרוגים. דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען אַרומגערינגלט מיט סאָלדאַטן, באַוואָפֿנטע מיט מאַשינגעווער. נישט געווען ווו צו אַנטלויפֿן. אַפֿילו די, וועמען ס'איז יאָ געלונגען זיך אַרויסצובאַקומען אויף די פֿעלדער — זענען דאָרט געפֿאַלן פֿון דער שיסעריי.

ביינאַכט איז צו אונדז אַריין דער באַלעבאָס פֿון דער סטאָדאָלע, קורטליק, און געמאָלדן אַז מיר דאַרפֿן פֿאַרלאָזן די באַהעלטעניש. בלית־ברירה האָבן מיר זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פֿון די פֿעלדער. אויפֿן וועג האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף די שטאָטישע נאַכט־וועכטער, וועלכע האָבן אונדז אינפֿאָרמירט, אַז מ'האָט נאָך נישט אויפגעזאַמלט אַלע געהרגעטע יידן. זיי האָבן אונדז געוווּנטשן מצליח צו זיין אין אונדזער געפֿערלעכן וועג. מיר האָבן זיי געוואָלט מיט עפּעס באַלוינען, אָבער זיי האָבן נישט געוואָלט נעמען.

מיר זענען אָנגעקומען אויף די מאָרגער וועלדער און דאָרט געטראָפֿן נאָך אַ דרייסיק מענטשן. אָפּזייענדיק עטלעכע טעג אין וואַלד, האָבן מיר באַשלאָסן צוריקגיין צו קורט־

ליקן און אים בעטן, ער זאָל אונדז ווידער נעמען צו זיך. ער האָט מסכים געווען און אַפילו גענומען געלט. אָבער אין איניקע מינוטן אַרום קומט ער צוריק און דערציילט, אַז זיינס אַ שכן האָט אונדז באַמערקט אַריינגיין צו אים און דערפאַר — קאָן ער אונדז נישט אויפנעמען. אין דער זעלבער צייט האָב איך באַמערקט, ווי ער האָט זיך פאַרשטענדיקט מיט דער פאַמיליע פון יעקב מרדכי ליכטפעלד, גענומען ביי זיי געלט און זיי יאָ אַריינגעפירט אין דער באַהעלטעניש.

2

זייענדיק אין וואַלד, האָבן מיר געהערט אַז אויפן בית־עולם האָט מען צוגעגרייט גריבער. כ׳בין אַוועק אַהין און געזען די אויסגעגראָבענע גריבער, יעדער פון צוויי אַ האַלבן מעטער די לענג און ברייט.

אין אַ פּאָר טעג אַרום בין איך ווידער געקומען אין שטעטל און דאָרט געטראָפן יעקב מרדכי ליכטפעלד מיט זיין פאַמיליע. זיי האָבן מיך געפרעגט, וואָס איך קלער צו טאָן, ווייל זיי האָבן שוין נישט קיין כוח צו וואַנדערן און זיך אויסבאַהאַלטן. זיי זענען גרייט זיך צושטעלן אין דער פּאָליציי, ווו מ׳וועט זיי אָפּהאַלטן איניקע טעג און דערנאָך וועט קומען דער סוף. איך האָב זיי דערקלערט, אַז כ׳בין אַנטשלאָסן ווייטער צו קעמפן פאַר מיין לעבן און וועל אַלץ טאָן, כדי נישט אַריינצופאַלן אין די רוצחים׳ס הענט.

זייענדיק אין וואַלד, זענען אָפט אַהינגעקומען באַוואָפנטע פּאָליאַקן און געשאָסן אין דער לופט, כדי אונדז איבערצושרעקן. אונדז איז באַפאַלן אַ פּחד. איינמאָל האָבן זיי אַפילו מיך אַוועקגענומען פון מיין פאָטער און שוועסטער, אַריינגעפירט אין טיפן וואַלד און געפאָדערט כ׳זאָל זיי איבערגעבן אונדזער געלט. זיי האָבן צו מיר געטענהט: „סיי ווי וועט איר דאָך אַריינפאַלן אין דייטשע הענט, זיי וועלן ביי אייך אַוועקנעמען אַלץ וואָס איר פאַרמאָגט. גלייכער אַז אייער געלט זאָל בלייבן אין אונדזערע הענט“. זיי האָבן מיר געדראָט, אַז אויב זיי געפינען ביי אונדז געלט — וועט מען אונדז דערשיסן. בעסער זיי עס אָפּגעבן מיט גוטן.

קומענדיק נאָכאַמאָל נאָענט פון שטעטל, האָב איך געהערט ווי ישעיהו האַסמאַן האָט אָפּגעשמועסט מיט אַ קריסט, אַז ער וועט אים אַוועקגעבן זיין פאַלטן מיט די שטיוול, פאַר וועלכע ער זאָל אים געבן אַ פּאָר צעריסענע שיך — און דערנאָך וועט ער זיך צושטעלן אין דער פּאָליציי. דערפאַר דאַרף אים דער קריסט באַזאָרגן מיט עסן אין אַרעסט, ביז די זשאַנדאַרמעריע וועט אים צונעמען.

צוריקגייענדיק אין וואַלד, האָב איך באַגעגנט דעם פּאָליאַק טושוק, וועלכער האָט געוווינט אין פּראַמפּאָל, אויפן יאַנאָווער וועג. כ׳האָב זיך מיט אים פאַרשטענדיקט, אַז ער וועט אונדז אויסבאַהאַלטן. ער האָט אונדז אַריינגעפירט אין דאָרף מאָרגיס אין אַ הויז וואָס קיינער האָט דאָרט נישט געוווינט (דאָס הויז האָט געהערט צו אים, נאָר ער האָט עס פאַרלאָזט). מיר האָבן אים געגעבן עטלעכע הונדערט זלאָטעס. ער האָט צוגעזאָגט צו ברענגען צוויי ברויט — אָבער קיין וואָרט נישט געהאַלטן. אין דער נייער באַהעלטעניש

זענען מיר אָפּגעלעגן צוויי טעג, אָן אַ ביסן ברויט און אָן וואַסער. מיר זענען געווען זיכער, אַז ער שיקט אונטער פּאָליציי אונדז צו כאַפּן. זענען מיר צוריק אַוועק אין שטעטל, צו דער קריסטין שימיעניעווע, וואָס האָט אַמאָל געפירט אַ בראָנפן־געשעפט, אין הויז פון חיים האָכראַד. דאָרט האָבן מיר דערזען אַ געשטעל פון פיר דרענגער מיט אַ דעכל, ווו ס׳איז געווען שטרוי. איז מען דאָרט אַרויפגעקראָכן און זיך איינגעגראָבן אין שטרוי מ׳זאָל אונדז נישט אַרויסזען. אַזוי ווי ס׳האָט דאַן געשיט אַ געדיכטער שניי, האָט ער אונדז אינגאַנצן צוגעדעקט. פון צייט צו צייט פלעג איך אַרויסשטעקן די האַנט, נעמען אַ ביסל שניי און דערמיט זיך דערכאַפּט דאָס פאַרחלשטע האַרץ. זעט אויס אַז עמעץ האָט אונדז באַמערקט, ווען מיר זענען אַהין אָנגעקומען. ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט און מיר דערהערן שטימען, וואָס פרעגן זיך נאָך אויף יידן, וועלכע האָבן זיך דאָ אויסבאַהאַלטן. דאָס זענען געווען די אָרטיקע פייערלעשער, ועמענס אויפגאַבע ס׳איז געווען אויסצוכאַפּן אַלע באַהאַלטענע יידן. די אייגנטימערין פון געשטעל איז אויך געווען מיט זיי. זי איז אַרויסגעקראָכן אויפן לייטער ביז צום דעכל, אַ ביסל געזוכט אין שטרוי, אָבער גאָרנישט באַמערקט. זי האָט געזאָגט:

— ס׳איז נישט אמת, דאָ זענען נישטאָ קיין יידן.

דער פירער פון די פייערלעשער, יוזשעק זאַלעוואַ איז דאַן אויך אַרויפגעקראָכן, און גענומען זוכן מיט מער ענערגיע. איך האָב באַוויזן אים צו זאָגן ער זאָל קיינעם גאָר־נישט אַנטדעקן, זאָל ער ביינאַכט קומען און — מיר וועלן אים דערפאַר גוט באַצאָלן. ער האָט דאַן אַראָפּגעשריגן פון דער הייך, אַז מ׳זאָל אים נישט פאַרדרייען דעם קאָפּ, ווייל קיינער געפינט זיך נישט דאָ. ביינאַכט איז ער טאַקע געקומען און אונדז אַריבערגע־פירט צו זיך אין הויז און דאָרט אויסבאַהאַלטן. מיר האָבן אָפּגערעדט, אַז ביינאַכט וועט ער מיך צופירן צו אונדזער שטוב, דאָרט וועל איך נעמען עטלעכע הונדערט דאָלאַר, וואָס מיר האָבן געהאַט אין אַ באַהעלטעניש אין וואַנט. ביי זאַלעוואַן זענען מיר געווען אַ צוויי מעת־לעת. ביינאַכט איז ער צו אונדז געקומען און געזאָגט, אַז מיר מוזן זיין הויז פאַרלאָזן, ווייל צומאָרגנס וועט מען דערשיסן די יידן וואָס געפינען זיך אין אַרעסט. ער האָט דעריבער מורא אונדז צו האַלטן.

3

מיר זענען צוריק אַוועק אין מאָרגער וואַלד, ווו מיר האָבן געטראָפן צבי וואָרטמאַן (נתן וואָרטמאַנס זון), וועלכער דערציילט, אַז אונדזערס אַ שוועסטער לעבט און געפינט זיך אין אַ דאָרף לעבן קאַשובע. אויפן צווייטן טאָג איז ער ווידער געקומען און מיטגע־בראַכט די שוועסטער. אונדזער פרייד איז געווען גרויס ווען מיר האָבן זיך דערזען לעבעדיקע. זי האָט דערציילט, אַז די מאַמע מיט די שוועסטער זענען לעבעדיקערהייט פאַרשיט געוואָרן אין אַ מאַסן־גרוב, צוזאַמען מיט נאָך 200 מענטשן, צו וועלכע מ׳האָט געגעבן געציילטע שאָסן און זיי דערנאָך אַריינגעוואָרפן אין אָפענעם גרוב. זי האָט זיך

אויסבאַהאַלטן אין בונקער פון נחמן קעסטנבוים, מיט נאָך יידן. דוד קעסטנבוים מיט זיין פרוי און קינדער, אַלע פון טשאַרניסטאָק, זענען אויך דאָרט געווען. איינמאָל האָט זייערס אַ קליין קינד אָנגעהויבן וויינען. דער פאָטער האָט געוואָלט דעם קינד פאַרשטאָפּן דאָס מויל מיט אַ טיכל, אָבער זיין פרוי האָט נישט געלאָזט. זי האָט געזאָגט: „בעסער נעם ביי מיר דאָס לעבן, אײדער צו טויטן אַ קינד". ס'האָט לאַנג נישט געדויערט און די באַהעלטעניש איז אַנטדעקט געוואָרן. מיין שוועסטער איז פון דאָרט אַנטלאָפן אונטער אַ האָגל פון קוילן, מיטנעמענדיק מיט זיך די דריי קליינע קינדער פון די שטיינבערגס.

אַז מיר זענען אַוועק אין וואַלד האָבן אונדז אַרומגערינגלט באַוואָפנטע פּאָליאַקן, וועלכע זענען אונדז באַפאַלן און געשלאָגן. מיר זענען זיך צעלאָפן אין אַלע זייטן, זיך באַהאַלטן צווישן די ביימער, אין די קוסטעס. זיי האָבן באַוויזן צו כאַפּן מיין שוועסטער, דעם רב מיט זיין פרוי און נאָך צוואַנציק מענטשן. אין דער זעלבער צייט האָבן מיר געהערט, ווי די זשאַנדאַרמעריע דערשיסט די פאַמיליע פון דוב דינבארט.

מיר האָבן פאַרלאָזט דעם וואַלד און אַוועק אין דער ריכטונג פון שטעטל, צו דער ציגעלניע. איך מיט מיין פאָטער און יינגסטע שוועסטער אײדל, האָבן עטלעכע טעג זיך אויפגעהאַלטן אין וואַלד און דערנאָך אויך אַוועק צו דער ציגעלניע. אויך דאָרט איז מען נישט געווען זיכער מיטן לעבן, ווייל אַלע קריסטן אין שטעטל האָבן געוווסט, אַז אין דער ציגעלניע האַלטן זיך אויף יידן. אָבער ווו גיין?

ס'איז געווען אַ פּראַקטיקער פרייטיק־צו־נאַכטס. די קעלט האָט אינגאַנצן דורכגענומען. פאַרטאָג האָבן מיר זיך דערנענטערט צו דער ציגעלניע און זיך אַריינבאַקומען אין אַן אויוון פון אויסגעברענטע ציגל. פון דער וואַרעמקייט איז אונדז געוואָרן זייער אָנגענעם. דער טאַטע האָט זיך דערמאָנט, אַז אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער געווען אין דער געגנט פון כאַרבין, צוזאַמען מיטן פּראָמפּאָלער רב, וועלכער האָט דאַן געזאָגט, אַז ס'איז אַ סגולה צו מאַכן קידוש. האָט טאַקע דער טאַטע געזאָגט דעם „יום הששי" און זיך שטאַרק צעוויינט...

ווען ס'האָט אָנגעהויבן טאָגן, האָבן די אָרטיקע פייערלעשער אונדז אַרומגערינגלט און אוממעגלעך געמאַכט צו אַנטלויפן. פריער האָבן זיי אונדז באַזוכט צי מיר טראָגן נישט קיין געווער. אין דער אמתן האָבן זיי געמיינט צונעמען אַלץ וואָס מיר פאַרמאָגן. זיי האָבן אונדז גענומען פירן אויפן גאַרייער וועג צו דער שול. אויפן וועג האָט דער טאַטע געזאָגט, אַז אונדזער לעבן איז געענדיקט. מיר האָבן אויפגעשטעלט הייזער, אויף וועלכע עס לויערן די פּאָליאַקן, זיי ווילן אונדז אַלע אומברענגען און דערנאָך ירשענען.

אויפן וועג זענען פון די רייען אַנטלאָפן: מיין יינגסטע שוועסטער אײדל, אברהם שטיינבערג (משה שטיינבערגס זון). דאָס איז געשען כמעט אין דער לעצטער רגע, ווען מיר האָבן שוין געזען די צוגעגרייטע גריבער אויפן בית־הקברות.

צוקומענדיק צו דער שול, האָבן די וועכטער אָנגעהויבן צו חוזקן, געציילט ווער ס'איז נאָך געבליבן ביים לעבן און ווער נישט. מיר האָבן זיך פאַרשטעלט די פּנימער, נישט

געוואַלט קוקן אין זייערע פּרצופים. מ׳איז אַריין אין דער שול, מיטן געדאַנק וועגן טויט וואָס רוקט זיך אָן...

אין איין וואַנט אין דער זייט, האָב איך באַמערקט אַ טיר, וואָס גייט אַרויס צום ראַדעטשינער וועג. כ׳האָב פּרובירט זי אויפרייסן, זי איז אָבער געווען גוט צוגעפּעסטיקט און פון דרויסן אונטערגעשפּאַרט מיט אַ ברעט. דאָך האָב איך די טיר אויפגעריסן — און אַנטלאָפן. דאָס איז געשען אינמיטן נאַכט. כ׳האָב זיך געלאָזט לויפן צום פּוילישן בית־הקברות. ליגנדיק דאָרט האָב איך געמאַכט דעם טרויעריקן סך־הכל. די מאַמע מיט די צוויי שוועסטערס זענען דערהרגעט געוואָרן אין שרעקלעכע יסורים; דערנאָך — אַ שוועסטער אין וואַלד. וואָס איז מיר געבליבן צו טאָן? כ׳האָב זיך אַרומגעזען, אַז אויך פאַר מיר איז נישטאָ קיין אָרט צום לעבן. כ׳האָב דעריבער באַשלאָסן אַליין גיין דעם טויט אַנטקעגן.

אויפן וועג האָט מיך באַגעגנט אַ פּוילישע פרוי, גלאָמביצקאַ, וועלכע האָט מיט מיר אָנגעהויבן איינטענהן, אַז כ׳דאַרף נישט פאַרלירן די האָפענונג צו בלייבן לעבן. כ׳האָב איר דערציילט מיינע איבערלעבענישן און וואָס ס׳איז געבליבן פון מיין גרויסער פאַמי־ליע — דעריבער האָב איך באַשלאָסן צו גיין אַנטקעגן דעם טויט, צוזאַמען מיט מיין פאָטער און שוועסטער. זי האָט אויף דעם געענטפערט, אַז דעם טאַטן וועט זיכער נישט זיין גרינגער צו שטאַרבן ווען ער וועט אויך מיך זען גיין צום טויט. זי האָט מיר פאָרגע־שלאָגן צו גיין מיט איר, זי וועט מיר קויפן ברויט. כ׳האָב זי געבעטן, זי זאָל אָפּרעדן מיטן וועכטער סטאַך וונוק, אַז ווען ער וועט פירן די אַרעסטירטע אין קלאָזעט, זאָל ער זיי דערמעגלעכן צו אַנטלויפן און דערביי שרייען, אַז זיי זענען אַנטלאָפן. כ׳האָב איר צוגעזאָגט צו געבן אַ ביסל צירונג.

מיט דער דאָזיקער פרוי האָב איך איבערגעשיקט אַ בריוול צום טאַטן, וועלכער האָט מיר געענטפערט, אַז ס׳וואָלט בעסער געווען צו פּרוּוון עפּעס דערליידיקן דאָס אַנטלויפן דורך סטאַך סאָבטשאַק. כ׳האָב געבעטן די פרוי גלאָמביצקאַ צו קאָנטאַקטירן מיך מיט סטאַך סאָבטשאַק. זי איז צו אים אַוועק — און ער האָט מסכים געווען. דערזעענדיק אים פונדערווייטנס, האָב איך אים נישט דערקענט און אָנגעהויבן צו אַנטלויפן. ער האָט געשריגן צו מיר, כ׳זאָל נישט מורא האָבן, ער איז סאָבטשאַק. כ׳בין צו אים צוגע־גאַנגען און געפרעגט, צי ער קאָן פּועלן ביים וועכטער וונוק, אַז מיין טאַטע מיט דער שוועסטער זאָלן אַנטלויפן פון אַרעסט? סאָבטשאַק האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז פאַר צוויי קאָן ער נישט גאַראַנטירן, נאָר דערליידיקן בלויז פאַר איינעם. ווייל אויב וונוק וועט אויפהייבן אַ געשריי, אַז צוויי מענטשן זענען מיטאַמאָל אַנטלאָפן, וועלן די אַרעסטירטע, וועלכע ווילן אויך לעבן, פאָדערן מ׳זאָל זיי באַפרייען און אים, דעם וועכטער, דראָען מיט געסטאַפּאָ... און אויב ס׳וועט ביז אין אָוונט נישט קומען די געסטאַפּאָ, וועט מען זיי אַרויסלאָזן. דאַן זאָלט איר קומען צו מיר און איך וועל אייך אויסבאַהאַלטן צוזאַמען מיט נאָך זיבן יידן, וואָס זענען דאָ ביי מיר.

4

מײַן ליב קינד! איך בין דיר מוחל און גאָט זאָל דיר מוחל זײַן. כ׳גיי פֿון דער וועלט אַלס אַ קרבן פֿאַר דיר, אַז דו זאָלסט איבערלעבן און קאָנען ווייטער לעבן. אַדאַש וואָנשיק, דער וואָס האָט צו אונדז געפֿירט די ציגל בײַם בויען אונדזער הויז, איז בײַ מיר געווען. דורך די קראַטן פֿון דער שויל האָב איך זיך מיט אים דורכגערעדט. ער האָט מיר פֿאַר־געלייגט, אַז זאָלסט צו אים קומען און ער וועט דיך אויסהאַלטן און איבערלעבן בײַ אים די שלעכטע צײַטן. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ס׳איז אַ גרויסער שאָד, וואָס מיר אַלע זענען נישט געקומען צו אים. מיר וואָלטן געווען בײַ אים געקאָנט זיך אויסבאַהאַלטן און בלײַבן לעבן. זע צו עסן און טרינקען כּדי זאָלסט האָבן כּוח אויסצוהאַלטן די צרות. זאָלסט זיך נישט פֿאַרקילן.

אפֿשר וועט נאָך געלונגען, אַז מיר זאָלן זיך אַרויסבאַקומען פֿון אַרעסט און כ׳זאָל זוכה זײַן צו לעבן. דאָס זענען די לעצטע ווערטער פֿון מיר דײַן טאַטן וואָס גייט צום טויט אַלס קרבן פֿאַר דיר, אַז דו זאָלסט איבערלעבן.

י ה ו ד ה

**אַזאַ בריוו האָט מײַן גאָטזעליקער פֿאָטער באַוויזן מיר איבערצושיקן פֿון זײַן אַרעסט, ווו ר׳האָט געוואַרט אויפֿן טויט.**

**(כ׳האָב דערנאָך באַזוכט אַדאַש וואָנשיקן. ער האָט זיך מודה געווען, אַז ער האָט טאַקע צוגעזאָגט דעם טאַטן מיך אַרײַנצונעמען צו זיך, אָבער ער האָט זייער מורא געהאַט. מאיר קנאָבליך איז געווען בײַ אים באַהאַלטן און מ׳האָט אויך אים געמוזט פֿון דאָרט אַרויסנעמען. ווײַל וואָנשיקס פֿרוי איז אַ קראַנקע און דעריבער קאָן נישט זײַן קיין רייד וועגן עמעצן אַרײַננעמען צו זיך).**

**אין מײַן באַהעלטעניש אויפֿן צמענטאַזש האָב איך געהערט, ווי אַן אויטאָ פֿאָרט אַרײַן אין שטאָט. דאָס קומט אַוודאי די געסטאַפּאָ. דערנאָך האָב איך געהערט שרײַען און וויינען און באַמערקט ווי צוויי מערדערס פֿירן די אַרעסטירטע ייִדן.**

**בײַנאַכט האָב איך געזען, ווי אויפֿן ייִדישן בית הקברות שטייען פֿאָליאַקן מיט אָנגעצונדענע לאַמטערנס, בײַ אָפֿענע קבֿרים. כ׳בין דאַן אַוועק אין שטאָט, צו סאָבטשאַקן, אָבער אין דער לעצטער מינוט איז מיך באַפֿאַלן אַ פּחד און כ׳האָב באַשלאָסן צוריקצוגיין אויפֿן צמענטאַזש.**

**דעם צווייטן פֿאַרנאַכט בין איך ווידער געגאַנגען אין שטעטל אַרײַן. אין אַ זײַטיק געסל האָב איך פּלוצים דערהערט אַ געשריי: „האַלט!“ כ׳בין געבליבן שטיין. צו מיר איז צוגעקומען איינער מיט אַן עלעקטריש לעמפּל אין האַנט. דאָס איז געווען אַנטעק קורסליק. פֿאַר דער מלחמה האָב איך בײַ אים געאַרבעט. ער פֿלעגט דאַן זאָגן: „וואָס ס׳וועט זײַן מיט מיר — וועט אויך זײַן מיט דיר“. און שפּעטער, בעת דער מלחמה: „אויב כ׳וועל בלײַבן לעבן — וועסטו אויך לעבן... פֿאַר דער פֿאַמיליע זאָג איך דיר נישט צו, נאָר דיך וועל איך אויסבאַהאַלטן“.**

כ׳האָב אים נישט געגלייבט, ווייל כ׳האָב אים שוין געהאַט דערקענט באַלד דעם ערשטן טאָג פון דער אַקציע. איצט האָט ער מיך באַקוקט פון אַלע זייטן און געפרעגט, פאַרוואָס כ׳בין אַזוי גראָב אָנגעטאָן? ער האָט מיך באַטאַפּט צי כ׳בין נישט אַרומגעוויקלט מיט סחורה... כ׳האָב אים דערקלערט אין אַן אָנטשלאָסענעם טאָן, אַז איך גיי איצט אין זיין סטאָדאָלע און אים געבעטן קויפן פאַר מיר ביי דער שוסטאָווע, וואָס האָט געהאַט אַ שפּייז־געוועלב, 10 דעקא צוקערקעס פאַר 10 זלאָטעס. ער איז גלייך אַוועק צו דער שוסטאָוואַ, נאָר קומענדיק צוריק האָט ער שוין מיך נישט געטראָפן. כ׳בין פון דאָרט אַנטלאָפן. ער האָט מיך נאָכאַמאָל געזען ערשט אין צוויי יאָר אַרום. דאַן בין איך געווען זיכער, אַז אויב איך בלייב ביי אים אַפילו איין טאָג — וואָלט איך נישט געלעבט.

כ׳בין אַוועק צו סטאַך סאָבטשאַק. ס׳איז שוין געווען שפּעט ביינאַכט. סאָבטשאַקס פרוי האָט מיר צוגעשטעלט אַ לייטער און כ׳בין אַרויף אויף אַ בוידעם מיט שטרוי. דאָ האָב איך געטראָפן די קינדער פון משה שטיינבערג, נחמן קעסטנבוים, משה צימערמאַן, שמואל האָניגמאַן מיט זיין פרוי חוה, משה זאַלץ פון גאָריי. סאָבטשאַק פלעגט זאָגן, אַז פאַר אויסבאַהאַלטן איין ייד, דראָט טויט־שטראָף, און פאַר צען יידן — גיט מען אויך די זעלבע שטראָף. שלעכט איז נאָר וואָס עסן דאַרף מען געבן פאַר צען און דאָס זעלבע — מיטן אַוועקטראָגן פון די צען...

אין דער פרי פלעגט ער ברענגען אַ גרויסן טאָפּ אָפּגעקאָכטע קאַרטאָפל מיט אַ טעפּל קאַשע, אָדער עפּעס אַנדערש. צוויי מענטשן האָבן געטיילט דאָס עסן, אַז יעדן זאָל אויסקומען אַ גלייכע פּאָרציע.

אין אַ צייט אַרום, האָט משה זאַלץ געבראַכט זיין שוועסטער פון וואַלד. אַזוי זענען מיר צוזאַמען געלעגן ביי אַ זעקס חדשים אויף אַ בוידעם, אונטער צעמענטענע דאַכווורקעס. די גרעב פון דער וואַנט (פון ברעטער), איז געווען איין צאָל.

סאָבטשאַק האָט חושד געווען, אַז זיין שכן וואַך הייבט אים אָן נאָכצושפּיאָנירן. האָט ער אונדז איבערגעפירט אין אַ בונקער הינטער דער סטאָדאָלע. דער בונקער האָט פאַרנומען די גאַנצע לענג פון דער סטאָדאָלע. דאָרט זענען צוועלף מענטשן געווען באַהאַלטן די גאַנצע צייט — ביז דער באַפרייאונג.

נאָך אַ יאָר אָפּזיין אין בונקער ביי סאָבטשאַקן, האָט ער אונדז געגעבן צו פאַרשטיין זיין לאַגע: ער וואָלט זייער געוואָלט כאָטש איין חודש זיין פריי פון אונדז. ער שטרעבט איינמאָל זיך רואיק אויסצושלאָפן ביינאַכט. ער איז שטענדיק אָנגעשטרענגט, מוז זיך וואַכזאַם, קוים קומט ווער. אויף אונדז, יידן, איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן אַ טויט־אורטייל, אָבער ער, סאָבטשאַק, האָט אויף זיך פרייוויליק גענומען דעם עול צו העלפן. אַ מוטער האָט שטענדיק געדולד פאַר אירע צען קינדער, אָבער ווען זי אַליין ווערט קראַנק און מ׳דאַרף אַ לענגערע צייט פון איר צו נעמען די אומריינקייטן — ווערט עס סוף־כל־סוף אויך די קינדער נמאס...

דאָס איז געווען אין דער זעלבער צייט, ווען די דייטשע זשאַנדאַרמעריע איז אָפּט געקומען אין שטאָט און געגעכטיקט ביי סאָבטשאַקן. ס'האָבן זיך דאַן געשאַפן זייער קאָמפּליצירטע סיטואַציעס. נישט איינמאָל האָט זיך די זשאַנדאַרן פאַרגלוסט צו שלאָפן אין דער סטאָדאָלע. אָבער סאָבטשאַק האָט זיך קיינמאָל נישט פאַרלוירן. ער האָט זיך דאַן אַרויסגעוויזן אַלס מענטש מיט אייזערנע נערוון. אויב די זשאַנדאַרן פלעגן אים טיילמאָל זאָגן, אַז זיי הערן שטימען פון סטאָדאָלע, האָט ער דאָך רואיק געענפנט די טיר און הויך געענטפערט, אַז ס'איז נישט אמת... בעת די דייטשן זענען געווען ביי אים, האָט ער זיינע אייגענע בהמות אַרויסגעפירט פון שטאַל און אויף זייער אָרט אַריינגעפירט די פערד פון די דייטשן. זיינע בהמות פלעגט ער אַריינפירן אין סטאָדאָלע, כדי אונדז באַזאָרגן מיט עסן און אַנדערע באַדערפענישן, אַפילו ווען די דייטשן זענען געווען ביי אים. צו דעם צוועק האָט ער אין חזירים־שטאַל אויסגעגראָבן אַן עפענונג. די דייטשן האָבן אָבער זייערע פערד נישט געוואָלט האַלטן אין שטאַל, נאָר אין דער סטאָדאָלע. סאָבטשאַק האָט זיך אָבער נישט פאַרלוירן און אונדז באַדינט דורך דער עפענונג אין חזירים־שטאַל.

ס'האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז אַלע מענער וועט מען מאָביליזירן אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד. סאָבטשאַק האָט דעריבער געטראַכט צו אַנטלויפן. אין סטאָדאָלע האָבן מיר אונטערגעהערט אַ געשפּרעך צווישן אים און זיין פרוי. ער האָט איר געזאָגט, אַז פאַר אים איז נישטאָ קיין אַנדערער אויסוועג נאָר זיך אויסצובאַהאַלטן, כדי אויסצומיידן דאָס פאָרן אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד. ער בעט זי, אַז אין זיין אָפּוועזנהייט זאָל זי זאָרגן פאַר די בהמות און אויך פאַר די מענטשן וואָס געפינען זיך אין בונקער. די פרוי האָט אים קאַטעגאָריש געענטפערט, אַז דאָס וועט זי נישט טאָן. אויב ער מוז שוין אַנטלויפן — זאָל ער מיט זיך מיטנעמען די מענטשן...

נאָך דעם ענטפער פון זיין פרוי, האָט ער שלום געמאַכט מיט זיין גורל און ווייטער אונדז באַזאָרגט מיט אַלעמען. דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען אין די טעג, ווען די זשאַנדאַרן זענען געווען ביי אים.

5

4 וואָכן פאַר דער באַפרייאונג איז קראַנק געוואָרן חוה האָניגמאַן. ביז די לעצטע מינוטן פון איר לעבן איז זי געווען ביי די קלאָרע געדאַנקען. בעת איר קראַנקייט האָבן מיר ערשט איינגעזען ווי גוט און פרום די דאָזיקע פרוי איז געווען. אינעם בונקער, טיפער אין דער ערד, האָבן מיר אויסגעגראָבן אַ קבר און זי געבראַכט צו קבר ישראל, לויט אַלע כללים פון יידישן דין. מ'האָט איר אויפגענייט תכריכים פון לייוונט און זי אַראָפּגעלאָזט אין קבר אַריין. די מיידלעך, וואָס זענען מיט אונדז געווען, האָבן זיך מיט איר מטפל געווען און אויפגענייט די תכריכים. אין דעם קבר ליגט זי ביזן היינטיקן טאָג...

מיר פלעגן אָפטריידן פון חוה האָניגמאַן, וועלכע האָט זוכה געווען צו קומען צו קבורה כדת וכדין. ווער וועט זיך מיט אונדז פאַרנעמען, אַז מיר וועלן שטאַרבן? מיר

זענען נישט געווען זיכער, אַז מען וועט זיך דערוואַרטן אויף דער באַפרייאונג. סאַבטשאַק זאָל זיך פאַרנעמען מיט אונדזערע טויטע קערפּערס — האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד.

צווישן זיך האָבן מיר באַשלאָסן, אַז כל זמן די וואַנט פון שכן וועט נישט ברענען — וועלן מיר זיך נישט רירן פון אָרט. דאָס זעלבע פלעגט אויך זאָגן סאַבטשאַק, צוגעבנדיק, אַז אויב מיר וועלן זען, אַז ער איז דענערווירט — זאָלן מיר אים באַרואיקן און דערנאָך וועט ער שוין קומען צו זיך...

אַ געוויסן טאָג קומט צו אונדז סאַבטשאַק און גיט איבער, אַז עס ברענט. מיר זענען שנעל אַרויס פון בונקער. נאָך איידער מיר זענען אַרויסגעקומען אין דרויסן, האָבן מיר געהערט, אַז די רוסן געפינען זיך שוין אין די וועלדער הינטער פּראַמפּאָל. מיר האָבן שוין געזען די דייטשן אין זייער צוריקלויפן, מיט שטעקנס אין די הענט, מידע און אָן געווער. זיי האָבן זיך געשלייכט דורך דעם הינטערגעסל פון סאַבטשאַקן, אין דער ריכטונג פון דער שול, ווו ס'האָט זיך געפונען זייער שטאַב. בייניאַכט האָט געברענט דאָס הויז פון מיכאַלעווסקי. סאַבטשאַק האָט זיך שטאַרק דערשראָקן און אונדז געהייסן גיין אויף זיינע פעלדער זיך אויסצובאַהאַלטן אין דער תבואה. מיר האָבן גערעכנט, אַז אויב עמעצער פון זיינע שכנים האָט אונדז באַמערקט, איז גלייכער צו דערווייטערן זיך פון סאַבטשאַקס פעלדער. אין די טאָלן איז נחמן קעסטנבוים געבליבן הינטערשטעליק. דאָס איז געשען דעם 26־טן יולי 1944. אָנשטאָט צו באַהאַלטן זיך, האָט ער אָנגעהויבן רופן: „שמואל, אברהם!". די א.ק.־לייט האָבן אים פאַרהאַלטן. מיר האָבן אים אָנגעהויבן זוכן און זענען, ווי ער, אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די פּוילישע א.ק.־באַנדיטן. זיי האָבן אויף אונדז אָנגעהויבן שיסן. משה שטיינבערגס קינדער: אברהם, צבי, הינדע און גיטל, ווי אויך נחמן קעסטנבוים, האָבן זיי געהאַט פאַרהאַלטן און מיר פינף זענען אַנטלאָפן פון זייערע קוילן. אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיר זיך אַרומגעשלעפּט איבער די פעלדער און נישט געוווּסט ווו מיר געפינען זיך. ערשט ס'איז געוואָרן טאָג, האָבן מיר דערזען, אַז מיר זענען דאָ אין שטאָט. איז מען צוריק אַנטלאָפן אויף סאַבטשאַקס פעלדער. אַ שיסעריי איז געווען פון אַלע זייטן. אויפן פעלד זענען מיר איבערגעזעסן כמעט אַ גאַנצן טאָג. פאַרנאַכט האָט זיך די שיסעריי איינגעשטילט. מיר האָבן געמיינט, אַז די שטילקייט איז אַ צייטווייליקע כדי אָפּצורוימען די טויטע. די דייטשע האַרמאַטן זענען געשטאַנען לעבן אונדז, ממש די האַנט אויסצושטרעקן און זיי אָנרירן. די גאַנצע צייט וואָס מיר זענען געלעגן אין דער תבואה און זיך אויסבאַהאַלטן, האָבן מיר געהערט די דייטשע שפּראַך. נאָכדעם ווי ס'איז שטיל געוואָרן, האָבן מיר מיטאַמאָל דערהערט אַ גאָר אַנדערע שפּראַך. מיר האָבן אַ ביסל אָוועקגעשאַרט דאָס שטרוי, ווו מ'איז געווען פאַרשטעקט און דערזען פאַר זיך רוסישע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן געזוכט דייטשן. זיי זענען צוגעקומען צו דער שול און פון דאָרט אָנגעהויבן שיסן. דאָס איז געווען אַ באַווייז, אַז די דייטשן האָבן זיך שוין פון דאָרט אָפּגעטראָגן. באַלד דערנאָך האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען רעגולערע מיליטער־אָפּטיילונגען פון דער רויטער אַרמיי. מיר אָבער זענען נאָך אַלץ געלעגן באַהאַלטן

אין שטרוי, מורא האָבנדיק זיך צו רירן פון אָרט. דאָס רוסישע מיליטער האָט אָנגעהויבן אָוועקצושטעלן זייערע האַרמאַטן אויף דעם זעלבן אָרט, ווו עס זענען נעכטן געווען די דייטשע. מיר האָבן זיך אַרויסבאַקומען פון די בינטלעך שטרוי און אויפגעהויבן די הענט אין דער הייך. די רוסן האָבן אונדז פאַרנומען און צוגעפירט צו דער שול, צו זייער שטאַב, און גלייך באַפרייט. מיר זענען אָבער געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן די שטאָט, ווייל די דייטשע עראָפּלאַנען האָבן כסדר באַשאָסן פּראַמפּאָל. מיר האָבן זיך אָבער דערפילט גליקלעך, דערזעענדיק ווי די רוסן פירן אין געפאַנגענשאַפט דייטשע סאָלדאַטן. מיר זענען צו זיי צוגעגאַנגען און מיט פאַראַכטונג אָנגעשפּיגן אין זייערע פּרצופים.

און די פּאָליאַקן? זיי האָבן אויף אונדז אויסגעשטעלט פאַרוווּנדערטע אויגן און אָנגעוויזן: „קום, וועסטו זיי זען!" זיי איז געווען אומפאַרשטענדלעך, ווי אַזוי מיר האָבן געקאָנט איבערלעבן...

מיר האָבן נישט פאַרגעסן אונדזערע לעצטע איבערלעבונגען מיט דער א.ק., וועלכע האָבן אַוועקגעהרגעט פינף אייגענע יידן. געווען אַ מורא איבערצוגעכטיקן אין שטאָב.

מיר האָבן אָפּגעשטעלט אַ רוסישן אָפיציר און אים דערציילט וועגן אונדזערע איבערלעבונגען אין משך פון די לעצטע צוויי יאָר. מיר האָבן אים אויך דערציילט וועגן דער א.ק. וועלכע האָבן די פאַרגאַנגענע נאַכט אַוועקגעהרגעט אונדזערע פינף מענטשן. אַזוי ווי דאָס מיליטער גייט ווייטער פאָרויס, איז פאַראַן אַ רעאַלע געפאַר, אַז די פּאָליאַקן זאָלן אויך אונדז אויסמאָרדן. ער האָט אונדז געגעבן אַ בריוול צום שטאַב פון דער רויטער אַרמיי.

אין אונדזער פאַרצווייפלונג האָבן מיר אַפילו נישט אַריינגעקוקט אינעם פּאַפּירל, וואָס ער האָט אונדז איבערגעגעבן. זייענדיק הינטער דער שטאָט, האָט אונדז אויף אַ פערד אָנגעיאָגט אַ מיליטער־מאַן און צוריק גערופן אין שטאָט אַריין. די פּאָליאַקן זענען זיך צונויפגעלאָפן הערן, וועגן וואָס פרעגט מען אונדז אויס. אויף דער פראַגע, ווער ס'האָט דערהרגעט די פינף מענטשן, האָב איך נישט געקאָנט ענטפערן, ווייל די פּאָליאַקן זענען געשטאַנען אַרום. דער אָפיציר האָט געזאָגט, אַז דאָס זענען אַוודאי געווען באַנדיטן, ווייל די פּאָליאַקן אַרבעטן מיט מיט דער רויטער אַרמיי. ער האָט פאַרשריבן דעם נאָמען פונעם סאָלטיס פון פּראַמפּאָל. דאָס איז געווען יאַשילסקי. ער האָט אים גערופן צו זיך און געוואָרנט, אַז אויב אונדז וועט עפּעס געשען, וועט די שטאָט זיין פאַראַנטוואָרטלעך...

דאָס האָט אונדז אָבער נישט באַרואיקט, ווייל וואָס וועט העלפן זיין פאַרשרייבן, אויב די דאָזיקע מיליטער־אָפּטיילונג גייט ווייטער, אויפן פראָנט, און מיר וועלן דאָ בלייבן. מ'וועט אונדז זיכער אומברענגען.

מיר האָבן פאַרהאַלטן אַ מיליטערישן אויטאָ און געבעטן די סאָלדאַטן, זיי זאָלן אונדז מיטנעמען מיט זיך. זיי האָבן געענטפערט אַז זיי פאָרן אויפן פראָנט. מיר זענען מסכים געווען מיט זיי מיטצופאָרן, ווייל ס'האָט זיך נישט געוואָלט אומקומען פון די הענט פון די פּאָליאַקן. הינטער דער שטאָט זענען מיר אַראָפּ פון אויטאָ און זיך אויס־

באַהאַלטן אין פעלד, ווי ביי די דייטשן. נאָך אַ טאָג צייט זיך אויסבאַהאַלטן, זענען מיר ביינאַכט צוריק צו סאָבטשאַקן און אַריין אין בונקער. אין דער פרי האָבן מיר גערופן סאָבטשאַקן, וועלכער האָט אונדז געזאָגט, אַז בילגאָרייער יידן געפינען זיך אין פראַמ־פּאָל. ער האָט צוגערופן צום בונקער יידישע סאָוויעטישע אָפיצירן, מיט אַ קראַנקן־שוועסטער, וועלכע האָבן אונדז געגעבן ריינע וועש און צו 50 רובל יעדן. ערשט דאַן זענען מיר אַרויס פון בונקער, געווען צוזאַמען מיט די סאָוויעטישע מיליטער־אָפּטיילונ־גען, געגעסן פון זייער מיליטערישער קיך.

6

פינף חדשים נאָכן פאַרענדיקן די קריג איז צו סאָבטשאַקן אַריין אַ באַנדע פון דער א.ק. אים שטאַרק צעשלאָגן פאַרן אויסבאַהאַלטן יידן און ביי אים צוגענומען אַ פערד־און־וואָגן מיט אַ חזיר.

ליידער, די ווייניק פאַרבליבענע יידן, וועלכע סאָבטשאַק האָט מיט אַזאַ מסירות־נפש געראַטעוועט פון די מערדערישע הענט, איינשטעלנדיק זיין אייגן לעבן, האָבן פאַרגעסן ווי געהעריק אָפּצודאַנקען זייער רעטער.

וועגן דעם כאַראַקטער פון סאָבטשאַקן, וויל איך צוגעבן נאָך אייניקע פּרטים פון אונדזער לעבן אין יענע שרעקלעכע טעג:

נאָך דעם ווי מ׳האָט אַנטפלעקט דעם בונקער ביי נחמן קעסטנבוים, ווו מיין שוועסטער האָט זיך אויפגעהאַלטן אַ געוויסע צייט, איז איר ממש אין דער לעצטער מינוט געלונגען צו אַנטלויפן און זיך אַראָפּלאָזן אין קעלער פון סאָבטשאַקן, דורכן לאָך, ווו מ׳פלעגט אַראָפּשיטן די קאַרטאָפל. זי איז אנטלאָפן צוזאַמען מיט די קינדער פון שטיינבערגן, נישט פאַרמאָגט קיין געלט און איז, דערצו, אַרויס כמעט אָן קליידונג (דאָס איז געשען דער־פאַר, ווייל מ׳האָט גערעכנט, אַז אויב אַ סך קליידער, וועלן די פּאָליאַקן האָבן אַ פאַר־דאַכט, אַז ס׳געפינט זיך אין זיי איינגענייט געלט). ביי סאָבטשאַקן האָט געוווינט אַ לאָ־קאַטאָר, אַ פאָלקס־דייטש, קלעמענס, וועלכער פלעגט אויך זיין מיטבאַטייליקט אין דער הילפס־אַקציע לטובת יידן. צוזאַמען מיט סאָבטשאַקן האָט ער זיך געטיילט מיטן לעצטן ביסן, אַבי צו דערהאַלטן ביים לעבן די יידן וואָס אין בונקער, אָדער נישט ווייט פון שטעטל, אין וואַלד. אָט דער קלעמענס האָט געהאַט אַ פריינד מראָזשעק, אַ געוועזענער פּאָליציאַנט פון דער פוילישער פּאָליציי אין שטעטעלע גאָריי. ביי די היטלעריסטן איז ער געווען אין דער קרימינאַל־פּאָליציי פון דער ס.ס. אָט דער מראָזשעק האָט געוואָלט זיך דערוויסן פון מיין שוועסטער ווו עס געפינען זיך דער טאַטע און איך. אויף אַלע פראַגן האָט זי געענטפערט, אַז זי ווייסט נישט. אין דער אמתן האָט זי יאָ געוווּסט וועגן דער באַהעלטעניש ביי סאָבטשאַקן (מיר האָבן נישט געהאַט קיין שייכות צו די מענטשן, וועלכע זענען געווען אייפערזיכטיק, אויב אָן אַנדערן ייד איז יאָ געלונגען זיך צו ראַטע־ווען פון אַ זיכערן טויט. מיר, אַלנפאַלס, האָבן קיינעמען נישט געדראָט אויסצוגעבן, אויב,

מ׳האָט אונדז נישט געוואָלט אַריינגעמען אין אַ באַהעלטעניש). צוליב אַזאַ מוטיקער האַלטונג, האָט מראַזשעק אַרויסגעטריבן מײַן שוועסטער פון איר באַהעלטעניש און זי איז געווען געצוווּנגען איינע אַליין זיך אַרומצובלאָנקען עטלעכע טעג אין וואַלד. דערנאָך האָט זי אַ ייִד געבראַכט צו מיר אין בונקער. סאָבטשאַק האָט אויך זי צוגענומען.

אין אַ שעה אַרום, נאָכדעם ווי מײַן שוועסטער האָט פאַרלאָזט דעם וואַלד און געקומען צו אונדז, האָבן די פּאָליאַקן אַרומגערינגלט דעם וואַלד און געכאַפּט ביי אַ דרייסיק ייִדן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען. צווישן זיי — אויך דעם רב פון שטעטל.

ס׳וואָלט זיך פיל געלאָזט שרייבן וועגן צוזאַמענלעבן פון די בונקער־איינוווינער. ערשט דאָרט האָט זיך מיט דער גאַנצער בולטקייט אַרויסגעוויזן יעדנס כאַראַקטער. מיר זענען געווען אויסגעשטעלט אויף דער רשעות פון איינציקע מענטשן, וועלכע האָבן פּרובירט קודם זיך ראַטעווען אויף עמעצנס חשבון. דאָס זעלבע איז אויך געווען מיטן עסן, וואָס מיר האָבן באַקומען פון אונדזער רעטער סאָבטשאַק. און דווקא די, מיט וועלכע סאָבטשאַק איז זיך באַגאַנגען מיט דער גרעסטער זאָרגפעלטיקייט, און וואָס געפינען זיך ביים היינטיקן טאָג אין ישראל, אָדער אין אַמעריקע, האָבן אין אים פאַרגעסן און ווילן אַפילו נישט ענטפערן אויף זיינע בריוו.

## ווי אזוי כ׳האב אויסבאהאלטן צוועלף יידן

סטאַניסלאַוו סאָבטשאַק / פּראַמפּאָל

דער מחבר פון די וויי־טערדיקע זכרונות, סטאַניסלאַוו סאָבטשאַק, אַ פּאָליאַק פון פּראַמפּאָל, האָט אין די שווידערלעכע אָקופּאַציע־יאָרן נישט פאַרלוירן זיין מענטשלעכע צורה און ריזיקירנדיק מיטן לעבן פון זיך און זיין פאַמיליע, האָט ער אויסבאַהאַלטן ביי זיך צוועלף ייִדן פון גאָריי און פּראַמפּאָל. ביזן היינטיקן טאָג שטייט ער אין בריוולעכן קאָנטאַקט מיט אַ ריי פּראַמפּאָלער אין ישראל. דערוויסנ־דיק זיך וועגן יזכור־בוך פון שטעטל, האָט ער צוגעשיקט זיינע קורצע זכרונות פון יענער תקופה אויפן אַדרעס פון אונדזער לאַנדסמאַן שמואל מאַהלער, אין חיפה.

ערשטער נאָוועמבער 1942. אין דעם טאָג זענען די דייטשן אָנגעפאַלן אויף שוצלאָזע מענטשן פון ייִדישער אָפּשטאַמונג. ביי מיר האָבן זיך באַהאַלטן צוועלף ייִדן פון פּראַמ־פּאָל און גאָריי. עטלעכע טעג פאַר דער שיסעריי, האָט מען אַלע פון גאָריי פאַרטריבן קיין פּראַמפּאָל און די האָבן זיך ביי מיר באַהאַלטן אין דער צייט פון דער שיסעריי. זייענדיק באַדראָט מיטן אייגענעם לעבן ווי אויך מיטן לעבן פון דער גאַנצער פאַמיליע, האָב איך אָט די מענטשן צוגענומען צו זיך נישט צוליבן פאַרדינסט, נאָר ווייל מײַן



מר סטאניסלאב סובצ׳ק — המציל

ה׳ סטאַניסלאַוו סאָבטשאַק, דער רע־טער און אויסבאַהאַלטער פון 12 יידן

P. Stanisław Sobczak z Frampola — autor tych wspomnień, który w okresie hitlerowskiej okupacji u-krywał i uratował 12-tu Żydów.

געוויסן האָט מיר נישט דערלויבט איבערצולאָזן די אומגליקלעכע אויפן בּאַראַט פון די מערדער. דאָס זענען די נעמען פון די מענטשן, וואָס זענען געווען אונטער מיין דאַך:

פון גאָריי: משה זאַלץ מיט זיין שוועסטער;

פון פראַמפּאָל: אברהם שטיינבערג מיט זיין פאַמיליע פון 4 פּערזאָן; משה צימער־מאַן, נחמן קעסטנבוים, לינאַ האַף, שמואל האַניגמאַן מיט דער פרוי, שמואל מאַהלער. ביי מיר איז מיט אַ נאַטירלעכן טויט געשטאָרבן די פרוי פון האַניגמאַן.

די אַלע מענטשן האָב איך פאַרשטעקט אין אַ ספּעציעל באַהעלטעניש אין דער סטאָדאָלע, וווּ ס׳זענען געווען צוויי פּאָדלאָגעס. מיר איז זייער שווער געווען זיי צו דערנערן און מיט זיי זיך פאַרנעמען. בייטאָג האָב איך צו זיי נישט געקאָנט צוגיין, ווייל כ׳האָב זיך געמוזט היטן פאַרן שכן, מיט וועלכן כ׳האָב נישט געלעבט בשלום און ער האָט מיר כסדר נאָכגעשפּיאָנירט. איין מאָל, ווען דער שכן איז צופעליק אַריין צו מיר אין הויף, האָט ער באַמערקט, אַז אַ ייד האָט זיך געוואָלט ביי מיר באַהאַלטן, האָט מיך דער שכן געמסרט פאַר די דייטשן, וואָס זענען דאַן פונקט געווען אין שטאָט. צוליב דעם האָט מען מיך אַרעסטירט און עטלעכע טעג געמאַטערט. דערביי האָט מיר געהאָלפן אַ

געוויסע פרוי, אַן אַנטלאָפֿענע פֿון שלעזיע, וואָס האָט געקענט דייטש און זי האָט פֿאַר מיר עדות געזאָגט, אַז די באַשולדיקונג איז אַ פֿאַלשע.

נאָר ביינאַכט האָב איך געקאָנט צוקומען צו די באַהאַלטענע מענטשן, כדי ס׳זאָל נישט זיין פֿאַרדעכטיקט. דאַן האָב איך פֿון זיי אַרויסגעטראָגן די נאַכט־כּלים און געגעבן עסן. אין משך פֿון דער צייט, וואָס זיי זענען געווען ביי מיר, האָב איך נישט געהאַט קיין רו, נעכט נישט געשלאָפֿן, געלעבט אין שטענדיקער זאָרג און מורא, אַז קוים וועט די זאַך אַנטדעקט ווערן, וואָלט דער ענין זיך געענדיקט פֿאַר מיר מיט אַ קאַטאַסטראָפֿע. כ׳האָב זיך נישט געקאָנט דעצידירן צו זאָגן די אומגליקלעכע, זיי זאָלן מיך פֿאַרלאָזן און זוכן אַן אַנדער אָרט. דערויף האָט מיר מיין געוויסן נישט דערלויבט. איין מאָל איז דער סאָלטיס געקומען מיר זאָגן, אַז אין מיין סטאָדאָלע וועלן זיך איינקוואַרטירן דייטשן. אויף ווי לאַנג ווייסט ער נישט. כ׳האָב די דאָזיקע ידיעה אויפגענומען גאַנץ גלייכגילטיק. מילא, זאָל זיי זיך איינקוואַרטירן! און איידער וואָס־ווען — זיי זענען שוין דאָ ביי מיר. אַ שרעקלעכע מורא האָט מיך באַהערשט. כ׳האָב נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. אַפֿילו איצט, ווען איך באַשרייב דאָס, ווער איך בלאַס פֿון שרעק. ס׳איז מיר דאַן געוואָרן הייס און קאַלט. די דייטשן זענען אין סטאָדאָלע — און צו די מענטשן הינטער דער פּאָדלאָגע איז נישט פֿאַראַן קיין צוטריט. כ׳האָב אָבער אויסגעקלערט אַן אַנדערן צוגאַנג, דורך וועלכן כ׳האָב געקאָנט צוקומען צו דער באַהעלטעניש. ווי אַזוי כ׳האָב דאָס געטאָן — איז שווער צו באַשרייבן.

געווען אַמאָל אַ פֿאַל, אַז דער סאָלטיס איז געהאַט געקומען צו מיר אין דער באַגלייטונג פֿון דייטשן און אין דער זעלבער צייט האָב איך פֿון באַהעלטעניש געהאַט אַרויס־געלאָזט צוויי מענטשן אין דעם קעמערל. מיין טאָכטער האָט נאָך באַוויזן צו באַמערקן דעם סאָלטיס מיט די דייטשן און זיי אַ ביסל פֿאַרהאַלטן, און דערביי אָנגעהויבן מיך רופֿן אויפֿן קול:

— טאַטאָ, דער סאָלטיס רופֿט דיך!

דעם מאָמענט האָבן אויסגענוצט די באַהאַלטענע און אַריינגעשפּרונגען אין קעלער אַריין. דער סאָלטיס האָט דערביי אַריינגעשטעקט אין הויף דעם קאָפּ. איז טאַקע געווען אַ נס, אַז אַלץ איז אַדורך בשלום...

איין מאָל איז צווישן די באַהאַלטענע פֿאָרגעקומען אַ נישט אָנגענעמע געשיכטע: משה זאַלץ האָט געזאָגט, אַז אויסבאַהאַלטן אַ מענטש איז ווערט פֿיל מיליאָנען. ער האָט באַמערקט, אַז שמואל מאַהלער פֿאַרמאָגט געלט. און אַזוי ווי דער דאָזיקער משה זאַלץ איז נישט געווען קיין פּראַמפּאָלער נאָר אַ גאָרייער, האָט ער דאָס געוואָלט אויסנוצן און זיך אויף אים געוואָרפֿן, ממש אים געוואָלט דערשטיקן און צונעמען דאָס געלט (דרך אגב: כ׳האָב צו משה זאַלץ אָנגעשריבן אַ בריוול, האָט ער מיר אַפֿילו נישט געענטפֿערט).

ווען דער פֿראָנט האָט זיך צו אונדז דערנענטערט און די דייטשן האָבן גענומען אַלץ אונטערצינדן, האָב איך מורא געהאַט, אַז דאָס וועט ברענגען אומגליק די באַהאַלטענע אין

קעלער. כ׳האָב זיי דעריבער געהייסן אַרויסגיין פון באַהעלטעניש. זיי האָבן מיר געוואָלט אַוועקגעבן אַלץ, וואָס זיי האָבן געהאַט ביי זיך, אָבער כ׳האָב ביי זיי גאָרנישט געוואָלט נעמען, ווייל ס׳וועט זיי אַלץ צונוץ קומען. כ׳האָב זיי געהייסן גיין דורך מיין פעלד, אין דער ריכטונג פון „דזיעשאָנטקי". זיי האָבן מיך אָבער נישט געפאָלגט און זענען געגאַנגען דורך די „דאָלעס" און דאָרט האָבן זיי אָנגעטראָפן אויף פוילישע פּאַרטיזאַנער וועלכע האָבן אַ טייל פון זיין אויסגעהרגעט און אַלץ צוגערויבט. די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך שפּעטער דערוווסט, אַז דאָס האָב איך זיי אויסבאַהאַלטן. אַרום 20 א.ק.-פּאַרטיזאַנער זענען מיך דערנאָך באַפאַלן, מיר אויסגעלייענט אַן אורטייל, אַז דערפאַר וואָס כ׳בין באַגאַנגען אַזאַ פאַרברעכן און באַהאַלטן יידן, קומט מיר אַ שטראָף. זיי האָבן מיך געהייסן אַוועקלייגן און אַזוי צעשלאָגן, אַז גאַנצע צוויי וואָכן בין איך געווען צוגעשמידט צום בעט, נישט זייענדיק אימשטאַנד צו רירן מיט אַ האַנט אָדער אַ פוס. דאָס אַלץ האָט צוגעזען די טאָכטער פון אָרטיקן דענטיסט. די פּאַרטיזאַנער האָבן ביי מיר צוגענומען די פערד-און-וואָגן, די חזירים און אַלץ וואָס ס׳האָט זיך געלאָזט אַוועקנעמען...

## „די הייליקע טערעסע"

### ווײַנשטאָק טעמע (ראָטמאַן) / חיפה

1

איך בין געבוירן אין פּראַמפּאָל און געלערנט אין דער אָרטיקער שול נאָר 4 יאָר. צוליבן אַנטיסעמיטיזם און נויט אין וועלכער מיר איז אויסגעקומען צו לעבן, האָב איך איבערגעריסן די לימודים אין יאָר 1937. אין דער היים זענען מיר געווען 9 קינדער, דערפאַר האָב איך געמוזט העלפן אין דער שטוב-ווירטשאַפט. די מאַמע איז געווען אַ נייטאָרין און מיין פאָטער האָט געהאַנדלט מיט אויבסט, וואָס ר׳האָט איינגעקויפט ביי די סאַדאָווניקעס און דערנאָך פאַרקויפט אין שטאָט.

דאָס הויז ווו מיר האָבן געוווינט, איז געווען אונטערגעשפּאַרט מיט בעלקעס, ווייל ס׳האָט געהאַלטן ביים איינפאַלן. די גמינע האָט אונדז געצוווּנגען צו פאַרלאָזן דאָס דאָזיקע הויז, געבנדיק אונדז דערפאַר אַן אַנדערע דירה: 1 .צימער מיט אַ קיך. דאָס איז געווען אין יאָר 1938.

מיין קינדהייט איז געווען אַ טרויעריקע. איך האָב נישט געהאַט קיין שום פאַר-געניגנס, שטענדיק פאַריאָגט ביי דער שטוב-אַרבעט און ביי די קינדער. יעדע נאַכט וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט אין דעם חרובן הויז, איז פול געווען מיט סכנות און

שטענדיקן פחד. אויך אין דער נייער דירה איז נישט גוט געווען, ווייל עס האָבן דאָרט געוווינט נאָך מענטשן.

2

אין סעפּטעמבער 1939, ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די מלחמה, זענען די דייטשן אַריין קיין פּראָמפּאָל. באַלד אין אָנהייב זענען מיר אַנטלאָפן אין דאָרף וואליא, צו באַקאַנטע פּויערים, ווייל אין שטעטל איז מען נישט געווען זיכער מיטן לעבן. דאָרט האָבן מיר געלעבט עטלעכע וואָכן און דערנאָך זיך איבערגעקליבן אין דאָרף כזשע־שין. ביי אַ פּויער האָבן מיר זיך אויפגעהאַלטן אַ גאַנץ יאָר. די גאַנצע משפחה איז געווען באַשעפטיקט אין דערווירטשאַפט, טוענדיק אַלע אַרבעטן.

צוזאַמען מיטן ברודער האָב איך אָנגעהויבן האַנדלען. געפירט אין שטאָט אַריין אייער און פּוטער צום פאַרקויפן און פאַר דעם געלט איינגעקויפט פּאָדעם, קנעפּלעך, קליינע גאַלאַנטעריע, אין וועלכער ס׳האָבן זיך גענייטיקט די פּויערטעס. מיר זענען צוזאַמען מיט די פּויערטעס געגאַנגען באָרוועס אין שטאָט אַריין, אָנגעטאָן אין אַ דאָר־פיש, פאַרביק קליידל, דערפאַר האָט מען מיך נישט קאָנטראָלירט און נישט פאַר־פאָלגט. די דייטשן פלעגן רעווידירן אויף די וועגן, אָפּט אַריינגעקוקט אין די קיישלעך. נאָר איך האָב געהאַט מזל, מיך האָבן זיי נישט געטשעפּעט.

פון דעם דאָזיקן האַנדל האָב איך אויסגעהאַלטן די גאַנצע משפחה.

3

אין יאָר 1941 האָט מען אויסגעזידלט די יידן אין דאָרף גרייצע. דאָרט האָבן 4 יידישע משפחות געוווינט אין איין דירה. דאָס געטאָ האָט מען איינגעאָרדנט אין דאָרף בוקאָוויעץ, וווּ מען האָט פאַרטריבן די יידן פון די אַרומיקע דערפער. איך בין נישט אַריין אין געטאָ, נאָר אַליין געבליבן ביי די פּויערים. ס׳איז געווען געפער־לעך צו וואַנדערן אין שטאָט אַריין מיט פּראָוויאַנט. איך האָב דאַן אָנגעהויבן זיך פאַרנעמען מיט שניידעריי און אויף לייוונט אויסנייען פּאָלקס־מאָטיוון, פאַרדינענדיק אַזוי אויף צו לעבן. איך בין געגאַנגען פון כאַטע צו כאַטע, ווּ כ׳האָב פאַר דער אַרבעט באַקומען אָפּצועסן און טיילמאָל אויך — אַ נאַכטלעגער. אַרבעט איז געווען גענוג. יעדן שבת בין איך אַוועק צו מיינע עלטערן אין געטאָ, ברענגענדיק זיי ברויט, מעל און אַנדערע פּראָדוקטן, וואָס כ׳האָב זיך פאַרדינט מיט מיין אַרבעט. די יידן אין געטאָ האָבן דאַן געליטן הונגער, ווייל די שפּייז־ראַציעס וואָס מ׳האָט באַקומען אויף די קאַרטן פון יודענראַט, זענען געווען זייער נישטיקע. אַזוי האָט מען געלעבט עטלעכע חדשים, ביז מען האָט די יידן ווידער אַרויסגעטריבן אויף אַן אַנדער אָרט. דאָס מאָל — אין געטאָ פון שעברעשין, אַ קליין שטעטל.

יעדער פאַרטריבענער האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין מיט אַ קליין קלומעקל, ווייל מער האָט מען נישט געטאָרט מיט זיך מיטנעמען. אויך מיין פאַמיליע איז אַוועק

אַהין, אָבער איך בין געבליבן אין דאָרף טשאַרני סטאָק, ווייל דאָ האָב איך געהאַט סטאַבילע אַרבעט. איך האָב זיך באַפריינדעט מיט די פויערטעס, הגם זיי האָבן געוווּסט, אַז כ׳בין אַ יידישקע, נאָר גראָד מיך אונטערגעהאַלטן און קיינעמען נישט דערציילט, אַז זיי באַשעפטיקן מיך אין זייערע היימען.

דערווייל האָבן אין דאָרף זיך דערטראָגן ידיעות וועגן די מאַסן־פאַרפאָלגונגען קעגן יידן מצד די דייטשן און זייערע העלפער. יעדן טאָג — אַנדערע פאַראָרדענונגען. איין מאָל האָט מען יוגנטלעכע כלומרשט אַוועקגעפירט אויף אַרבעט — און זיי זענען שוין מער נישט צוריק געקומען. אויך עלטערע יידן האָט מען אַוועקגעפירט אויף אַרבעט, פון דאָרט זיי איבערגעשיקט אין אומבאַקאַנטע ערטער, שפּעטער — אין די לאַגערן, פונוואַנען זיי האָבן זיך נישט אומגעקערט. קיינער האָט נישט געוווּסט ווּ זייער געביין איז אהינגעקומען. אַפילו די פויערים, וועלכע האָבן זיך פריי באַוועגט אומעטום, האָבן נישט געוווּסט, ווּ מען פירט אַוועק די יידן. זיי פלעגן טענהן: „די יידן זענען געפאָרן צו זייער טויט".

4

אין יענער צייט האָט מען אין דער גאַנצער געגנט אויפגעשטעלט אין פאַרשידענע ערטער געטאָס, ווּ מען פלעגט איבערזידלען די יידן פון די אַרומיקע דערפער און שטעטלעך. אַזאַ איבערזידלונג פון אָרט צו אָרט, וואָס פלעגט זיך אָפט איבערחזרן, האָט געקאָסט פיל געזונט, פאַרמעגן און — מענטשלעכע קרבנות. אַזוי ווי בהמות פלעגט מען אונדז טרייבן פון אָרט צו אָרט, אונטער אַן עסקאָרטע פון אַ דייטש מיט עטלעכע אוקראַינער. אָפטמאָל האָט מען דערלויבט אַליין אַריבערצופאָרן אין דעם באַשטימטן אָרט. אָבער דאָ איז מוראדיק שווער אָנגעקומען צו באַזאָרגן זיך מיט אַ ווינקל ווּ דעם קאָפּ אַוועקצולייגן, ווייל דאָס אָרט האָט נאָר געקאָנט זיין ביי אַ יידישער משפּחה, ווו די ענגשאַפט איז אַזוי אויך געווען גרויס. אגב, האָט דער אייגנטימער פון אַזאַ דירה אַליין נישט אָפּגעגעבן זיך אַ חשבון, אַז אויך אים וועט נישט אויסקומען לאַנג צו זיין אין דער וווינונג, אַז אַלעמענס גורל, סיי די וואָס ווּינען דאָ פון פריער און סיי די וואָס זענען אָקערשט אַהערגעטריבן געוואָרן — איז אַ געחתמעטער. אויך די צאָל געטאָ־איינוווינער איז כסדר געוואָרן קלענער, ווייל עס האָבן זיך אָנגעהויבן די אויסזידלונגען אין די טויט־לאַגערן. נאָר דער אָרטיקער ייד האָט דערווייל גע־וואָלט געניסן פון די ניי־אָנגעקומענע און געפאָדערט הויכע פרייזן פאַר אַ צימערל. הגם די אויסוואַנדערונג איז פאָרגעקומען, ווי געזאָגט, מיט בלויזע קלומעקלעך אין די הענט, האָבן אַ טייל יידן נאָך געהאַט באַהאַלטן ביי זיך געלט צי ווערטפולע זאַכן, מיט וועלכע זיי האָבן זיך געהאָלפן אין אַ נויט.

סוף 1942, ווען מ׳האָט ליקווידירט די יידן אין געטאָ, האָב איך פאַרלוירן דעם קאָנטאַקט מיט די עלטערן, ווייל כ׳בין נישט אַרויסגעגאַנגען אויפן גאַס און נישט געקאָנט אין ערגעץ פאָרן, מורא האָבנדיק פאַר די דייטשן. איך האָב נישט געוווּסט

קיין סך וועגן גורל פון די יידן, מיין איינציקער קוואל פון ידיעות זענען געווען די פויערים, וועלכע האָבן דערציילט: „די יידן האָט מען שוין אויסגעמאָרדעט, מ׳האָט זיי אַוועקגעפירט אין וואַלד און האַלב־לעבעדיקע באַגראָבן אין גריבער, נאָכן שיסן אין זיי מיט מאַשינגעווער". מיך האָט אָנגעכאַפּט אַ שטאַרקע בענקשאַפט נאָך מיינע עלטערן און שוועסטער־ברידער. איך האָב געוויינט אין די נעכט און אַפילו נישט געהאַט פאַר וועמען דאָס האַרץ זיך אויסצורעדן. איך האָב געאַרבעט ביי די פויערים פון באַגינען ביז שפּעט אין דער נאַכט, פונדעסטוועגן האָבן פיל פון זיי מורא געהאַט מיך צו באַשעפטיקן, ווייל די דייטשן האָבן געדראָט מיטן פאַרברענען די ווירטשאַפט און דערהרגענען דעם פויער, ביי וועלכן מ׳וועט אַנטדעקן אַן אויסבאַהאַלטענעם ייד. געווען פאַלן, ווען פויערים האָבן פאַר אַ גוטן אָפּצאָל יאָ אויסבאַהאַלטן ביי זיך יידן — אָבער נאָכן צונעמען ביי זיי דאָס גאָלד אָדער געלט, אויסגעליפערט די דייטשן, אָדער זיי אַליין דערמאָרדעט.

5

עס זענען אָפּגעלאָפן עטלעכע חדשים. איינמאָל, אין אַ ווינטערדיקן טאָג, איז צו מיר געקומען מיין ברודער ישראל. אים איז געלונגען צו שפּרינגען פון וואַגאָן, ווען מ׳האָט געפירט די יידן אין לאַגער. איך האָב זיך שטאַרק דערפרייט, נאָר ליידער, אויסבאַהאַלטן אים ביי מיין בעל־הבית איז געווען אוממעגלעך. מיר זענען אַוועק אויף דער לאַנקע ביים וואַלד און דאָרט גערעדט עטלעכע שעה. פון אים האָב איך זיך דערוווּסט וואָס ס׳האָט פּאַסירט מיט אונדזער משפחה: מיין זיידע איז געשטאָרבן פון דערשעפּטקייט, ער האָט נישט געהאַט וואָס צו עסן. מיינע עלטערן האָבן עטלעכע טעג זיך אויסבאַהאַלטן אויף אַ בוידעם, נאָר דאָרט האָט מען זיי אַנטדעקט און אויסגעזידלט צוזאַמען מיט דער גאַנצער פאַמיליע. מיין ברודער ישראל, האָט, ווי געזאָגט, באַוויזן צו שפּרינגען פון וואַגאָן און אַזוי אַרום זיך געראַטעוועט,

אין יענער צייט האָט אונדז אָפּגעזוכט מיין צווייטער ברודער משה. ער איז געווען באַקאַנט מיט אַלע פויערים אין דער געגנט, וועלכע האָבן אונדז געהאָלפן. אָבער אויסבאַהאַלטן אַלע דריי האָט קיינער נישט געוואָלט. מיר זענען געווען פאַרצווייפלט. די זעלבע וואָס האָבן מיך ביז איצט געהאַלטן ביי זיך, געגעבן באַשעפטיקונג, עסן און אַ דאַך איבערן קאָפּ — האָבן אונדז אַרויסגעיאָגט. ווער מיט העפלכע רייד, ווער מיט זידלערייען. אָבער אַלע האָבן מורא געהאַט פאַרן דייטש און פאַר זייערע שכנים מ׳זאָל זיי נישט מסרן. איין פויערטע, וואָס האָט מורא געהאַט אונדז איבערצולאָזן ביי זיך איבער נאַכט, האָט אונדז אַוועקגעשאָנקען אַ גרויס ברויט און אַ טאָפּ אָפּגעקאָכטע קאַשע, עצהנדיק אונדז זיך אויסצובאַהאַלטן אין וואַלד. נישט האָבנדיק קיין ברירה, האָבן מיר פאַרלאָזט איר הויז און אַוועק אין וואַלד. דאָרט, אויף אַ זומפּיקער פּאָליאַנע, האָבן מיר זאַלבעדריט אַדורכגעלעבט גאַנצע דריי חדשים. איינער פון די ברידער איז געווען

באָרוועס, נישט געהאַט קיין שיך אויף די פיס. אין די נעכט האָט מען זיך געלאָזט צו די פויערים בעטלען עפּעס עסן. נישט יעדער האָט געגעבן, געווען אָבער אַזעלכע וואָס האָבן גערן אַקעגנגעטראָגן הילף. די קעלט איז דאַן געווען אַ ביטערע, דערוואַרעמט האָט מען זיך מיטן רייבן איינער דעם אַנדערן דעם קערפּער. די שיך פלעגן געטוישט ווערן, כדי דער באָרוועסער ברודער זאָל נישט פאַרשטאַרט ווערן פון קעלט.

איינמאָל האָט די פויערטע קאָטשאַרט אויף אונדז רחמנות באַקומען, ווען כ׳בין אין אַ פינצטערער און קאַלטער נאַכט געקומען איר בעטן אַ ביסל וואַסער. זי האָט אונדז פאַרבעטן צו זיך אין שטוב איבערצונעכטיקן, געגעבן וואַרעמע מילך צו טרינקען. מיין ברודער משה האָט געחלשט נאָכן אויסטרינקען די הייסע געטראַנק. מיר האָבן שטאַרק מורא באַקומען, דער עיקר — אונדזער בעל־הבית, ווייל ער האָט געמיינט, אַז דער פאַל וועט אים פאַראַטן פאַר זיינע שכנים. דער פאַרחלשטער איז שנעל געקומען צו זיך. אַ סברה, אַז ער האָט זיך פאַרלוירן פון דערשעפּונג און הונגער, ווי אויך דערפון וואָס דער מאַגן איז אַזאַ לאַנגע צייט געווען אָפּגעוווינט פון וואַרעם עסן. איצט זענען מיר געשלאָפן אין אַ בעט און זיך געפילט ווי די גליקלעכסטע מענטשן אין דער וועלט. צומאָרגנס האָבן מיר געמוזט פאַרלאָזן די כאַטע. יעדער פון אונדז איז אַוועק אַ באַזונדערן וועג. ישראל — אין וואַלד אַריין, משה — צוריק אין שטעטל, ווו עס זענען נאָך געווען יידן. ער האָט זיך געוואָלט דערוויסן נייעס. מער האָב איך אים שוין נישט געזען, איך ווייס נישט ווי אַזוי און ווען ער איז אומגעקומען.

6

פאַר מיר האָט זיך איצט אָנגעהויבן אַ שווער, ביטער לעבן. מען האָט מיך אין ערגעץ נישט געוואָלט לאָזן איבערנעכטיקן. כ׳בין געווען הונגעריק, געפרוירן, דערשעפּט און אָנגעשראָקן. כ׳האָב נישט געוווסט וואָס די נאָענטסטע שעה וועט ברענגען. ווי אַ גע־פלאָגטער הונט געזוכט אומעטום אַ באַהעלטעניש, כאָטש עטלעכע שעה צו לעבן רואיק. מיט קנאה האָב איך געקוקט אויף די דאָרפישע מיידלעך פון מיין עלטער, וועלכע זענען געגאַנגען אין קלויסטער אַריין, געשפּילט זיך, געווען וואַרעם אָנגעטאָן און פריילעך געלאַכט. בעת פאַר מיינע אויגן האָט שטענדיק געשוועבט דער טויט.

אָפטמאָל פלעג איך זיך פאַרגנבענען אין אַ סטאָדאָלע און אָנעם וויסן פון פויער — דאָרט איבערשלאָפן די נאַכט און פאַרבלייבן אויף אַ טאָג צי מערער. עס האָט אויך געטראָפן אַ סך מאָל, אַז אַזאַ פויער האָט מיך אַנטדעקט און גוט אָנגעבראָכן די ביינער. נישט איינמאָל האָבן זיי געדראָט מיך צו דערמאָרדן, אָדער איבערצוגעבן אין די הענט פון די דייטשן. מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ און מיט ווייטיק פון די קלעפּ האָב איך זיך ווידער געלאָזט אין וועג אַריין. דער נע־ונד איבער סטאָדאָלעס, הייף, כאַטעס, געיאָגט און גע־פּלאָגט פון אַלעמען — איז ווייטער אָנגעגאַנגען. ווי לאַנג וועט דאָס דויערן?

איך בין אַוועק צום פויער וולאַדעק אָלעך און ביי אים געבעטן עסן און הילף. אויך ער האָט מיך גענומען שלאָגן און געדראָט מיט דערהרגענען, אויב כ׳פאַרלאָז נישט

זאָפאָרט זיין הויז. ביי אים האָט זיך אויסבאַהאַלטן אַ פאַרמעגלעכע יידישע פרוי, וועלכע האָט אים געבראַכט אַ סך מאַנופאַקטור. ער האָט נישט געוואָלט האָבן קיין שום עדות, אַז ביי אים באַהאַלט זיך אויס אַ יידישקע. האָב איך זיך געלאָזט צו דער כאַטע פון אַניעלאַ צמיעל — אַן אלמנה, וואָס האָט געלעבט מיט איר טאָכטער און אַלטן פאָטער. איך האָב אַמאָל אַן געלט אויסגעהאָפּטן אַ קליידל פאַר איר טעכטערל. דער אלמנה האָט זיך מאַטעריעל געלעבט זייער שלעכט — דאָך האָט זי מיך אַריינגענומען און אויסבאַהאַלטן. באַטאָג בין איך געלעגן אין אַ ווינקל אויפן אויוון, קיינער האָט מיך נישט געקאָנט זען. כ׳האָב גענייט און פאַריכט וועש. ביינאַכט, ווען שכנים זענען געקומען אויף באַזוך, אָדער כאַפּן אַ שמועס מיט מיין באַלעבאָסטע, האָב איך זיך באַהאַלטן אונטערן בעט, ליגנדיק דאָרט אָן באַוועגונג. דער מינדסטער ריר, אָדער פּרווו צו טוישן מיין אומבאַקוועמע פּאָזיציע, וואָלט זיך געענדיקט מיט אַ קאַטאַסטראָפע: דאָס וואָלט פאַראַטן מיין רעטערין, זי וואָלט גלייך מיט מיר באַצאָלט מיטן לעבן פאַר איר גוטסקייט. איך בין געלעגן ווי אַ געליימטע, נישט געוווסט, נישט געקרעכצט... אַזוי האָב איך דאָרט אָפּגעלעבט אַ האַלב יאָר — ביזן סוף פון 1943 יאָר.

7

הגם עס האָבן צו יענער צייט שוין עקזיסטירט פאַרשידענע פּאַרטיזאַנער־גרופּן אין דער געגנט, וואָס צו איינער פון זיי האָט געהערט מיין ברודער ישראל, בין איך דאָך נישט געגאַנגען צו די פּאַרטיזאַנער. אַ גאַנץ יאָר האָב איך געוואַנדערט פון פויער צו פויער, ביי יעדן איינעם אין כאַטע איז אויסגעקומען איבערצולעבן פאַרשידענע פּיין און יסורים, אַפילו ווען זיי האָבן שוין באַוויליקט אַריינצונעמען און געבן אַ נאַכטלעגער מיט עפּעס אָפּצועסן. איינמאָל האָב איך ביי דער פויערטע פּוטימאַ איבערגעלעבט אַ שוידערלעכע נאַכט. דאָס איז געווען ווינטער, נאָך די ווייַנאַכט־יום־טובים. פּוטימאַ האָט מיך באַהאַלטן אויפן בוידעם, צווישן היי. איך האָב געהאָלפן אין דער שטוב־ווירטשאַפט. זי איז געווען אַן אלמנה, געהאַט אַ נאַרישע, אומבאַהאָלפענע טאָכטער. זי איז מיר געווען דאַנקבאַר פאַר דער עצה וואָס כ׳האָב איר געגעבן, אַז דעם ווייץ און קאָרן זאָל זי באַהאַלטן אונטער דער פּאָדלאָגע, כדי די דייטשן זאָלן נישט ביי איר אַוועקנעמען די תבואה פאַרן קאָנטיגענט. איך האָב ביי איר געטאָן אַלע אַרבעטן, אַבי זי זאָל מיך האַלטן אַ שטיקל צייט, כ׳זאָל קאָנען שלאָפן אויף אַ וואַרעם געלעגער און עסן צו דער זעט. מיט אַמאָל האָבן ביי איר אָנגעקלאַפּט דייטשן, זיי זענען געקומען זוכן אויסבאַהאַלטענע יידן. אויפן אויוון האָבן זיי געפונען ברויט און מיין טיכל פונעם קאָפּ. נאָך פאַרן אַריינגיין, האָבן זיי דערשאָסן דעם הונט, וואָס האָט שטאַרק געבילט אויף די אומגעבעטענע געסט. איך בין געלעגן אויפן בוידעם און געהערט ווי די דייטשן שלאָגן די מאַמען מיט דער טאָכטער און פאָדערן פון זיי אַרויסצוגעבן די באַהאַלטענע יידן.ביידע פרויען האָבן יאָמערלעך געוויינט און געשריגן: „דערהרגעט אונדז, מאַטערט אונדז נישט מערער, מיר ווייסן גאָר־

נישט, מיר גוססן שוין, הייליקע מוטער". איך בין געווען ווי פּאַראַליזשירט, נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. אַפילו ווען כ׳גיי איצט אַראָפּ צו די דייטשן — וועל איך גורם זיין נישט נאָר צו מיין טויט, נאָר אויך פון דער גוטהאַרציקער פויערטע מיט איר טאָכטער. איך בין געזעסן צונויפגעקנוילט, אָן באַוועגונג, אָן אָטעם. נאָר דאָס געשפּענסט האָט זיך געענדיקט. די דייטשן זענען אַוועק. איך בין אַראָפּ צו בײדע פרויען, זיי זענען געווען צעשלאָגן, צעבלוטיקט, מיט בלויע צייכנס אומעטום. און נאָך דער דאָזיקער נאַכט, האָבן די צוויי גוטע, ערלעכע פויערטעס מיך נישט אַרויסגעטריבן, אָדער געשלאָגן, ווי אַנדערע פלעגן עס טאָן, נאָר מיר דערלויבט נאָך צו זיין צוויי מעת־לעת. דערנאָך האָב איך געמוזט פון זיי אַוועקגיין.

8

ווּ גיין? וואָס טאָן? אין דעם דאָרף האָבן מיך אַלע געקענט. כ׳האָב געוווּסט וועגן עטלעכע גוטע פויערים, אָבער ס׳זענען אויך געווען פיל שונאים. די לעצטע האָבן געטענהט, אַז די זשידוווקע דאַרף מען פאַרטרייבן, אָדער דערשיסן ווי אַ הונט, ווייל צו וואָס איינשטעלן זיך פאַר איר? איך האָב אָבער געוואָלט לעבן — און בין אַוועק צו דער פויערטע דוכערקאַ, בעטנדיק ביי איר אַ נאַכטלעגער. זי האָט אויף מיר רחמנות באַקומען, אָבער נישט דערלויבט איבערנעכטיקן, נאָר צוגערעדט צו גיין צו דער צמיעלאָווע, וועלכע האָט בעסערע באַדינגונגען מיך צו באַהאַלטן. ביי דער צמיעלאָווע איז אָבער געווען אוממעגלעך צו בלייבן, ווייל דאָס איז געווען אַן אָרעמע פויערטע, זי האָט קוים מיט צרות זיך אַליין אויסגעהאַלטן. בלית־ברירה בין איך אַוועק אין דעם דאָרף ציט און אַרויף אויף אַ בוידעם היי, ווּ כ׳בין אָפּגעלעגן 3 טעג און נעכט. איך האָב נאָך געהאַט אַ ביסל ברויט וואָס דוכערקאַ האָט מיר געגעבן. מיט שניי האָב איך זיך באַנעצט דעם האַלדז מיטן מויל. פון דער קעלט איז מיר איין פוס פאַרשטאַרט געוואָרן, כ׳האָב נישט געקאָנט גיין. אַראָפּקוקנדיק בייטאָג אויפן הויף, האָב איך געזען ווי ביי דעם פויער זענען פאַראַן אַ סך זין. אומעטום זענען זיי געווען: אויפן בוידעם, אין שטאַל, אין די קאַמערן. עס איז געווען געפערלעך דאָ צו בלייבן. איך האָב באַשלאָסן פונדאַנען אַוועקצוגיין.

הינקענדיק אויף אַ פוס, האָב איך זיך געלאָזט גיין צו דער צמיעלאָווא. אויך דאָס־מאָל האָט זי אַרויסגעוויזן איר גוטסקייט — זי האָט מיך פאַרהאַלטן ביי זיך. מיין פוס איז געווען אָפּגעפרוירן. די פויערטע האָט נישט געוווּסט ווי אַזוי מען היילט דעם פוס און אויך נישט באַזיצט די נייטיקע מעדיקאַמענטן. דריי פינגער זענען אָפּגעפרוירן געוואָרן אינגאַנצן און אַוועקגעפאַלן, עס האָבן זיך באַוויזן ווונדן מיט ראָפּע. אין שטוב איז צוליב דעם געווען פאַרשפּרייט אַ גאַר שלעכטער ריח, אויך פון די שמאַטעס, מיט וועלכע ס׳איז געווען אַרומגעוויקלט דער פוס. די שכנטעס וואָס פלעגן אַריינקומען צו דער צמיעלאָווע, האָבן זיך תמיד אָנגעכאַפּט פאַר די נעז און געפרעגט פונוואַנען אַזאַ געשטאַנק. דער ענטפער פון דער בעל־הביתטע איז געווען, אַז דאָס קרויט איז ביי איר עטוואָס פאַרפוילט און ס׳איז איר אַ שאָד אַוועקצוואַרפן...

איך האָב דאַן שרעקלעך געליטן אויך מאָראַליש, ווייל כ׳האָב נישט געקאָנט אַרבעטן און העלפֿן מיין רעטערין. זי האָט מיך נישט געטריבן אין פעלד אַריין, צין אין וואַלד אויף אַרבעט, הגם איר אַליין איז געווען זייער שווער. אין דאָרף זענען אויך אָפֿט פֿאָר־געקומען רעוויזיעס און מ׳האָט איבערגעלעבט פיל שרעק און צרות. פונדעסטוועגן בין איך ביי איר אָפּגעווען גאַנצע דריי חדשים.

מען האָט איצט געהערט וועגן אָפטע פֿאַרטיזאַנישע איבערפֿאַלן ביי רייכערע פּויע־רים. אויך די איינוווינער פון דאָרף זענען אין די נעכט נישט אַרויסגעגאַנגען פון זייערע היימען. מיין פּויערטע האָבן די פֿאַרטיזאַנער אויסגעמיטן, ווייסנדיק פון איר אָרעמקייט. און דאָס איז טאַקע געווען איינע פון די סיבות, וואָס כ׳האָב אַליין באַשלאָסן פון איר אַוועקצוגיין. אויפן וועג האָט זי מיר אַרומגעוויקלט דעם פוס מיט שמאַטעס און געגעבן שטרוי־שיך, כ׳זאָל נישט גיין באָרוועס. מיט אַן אומאויסגעהיילטן פוס האָב איך פֿאַרלאָזט די גוטע פּויערטע.

9

ווידער די פראַגע וואָס האָט טאָג און נאַכט געשוועבט פֿאַר מיר זינט די מלחמה איז אויסגעבראָכן: ווו גיין? צו וועמען זיך ווענדן? עס האָט נישט געהאַט קיין זין צו זוכן נייע אַדרעסן, אויך די אַלטע האָבן פֿאַרפירט... מיינע קראַנקע פיס דערטראָגן מיך צו דער פּויערטע דוכערקא. איך בעט ביי איר הילף. זי נעמט מיך אַריין צו זיך אויף 3 טעג. זי שמירט אויס דעם געפרוירענעם פוס מיט אַן איי און פעטס. דאָס האָט מיר אַ סך פֿאַרלייכטערט די ווייטיקן. די דוכערקא האָט מיך צוגערעדט כ׳זאָל גיין צו די פֿאַרטיזאַ־נער אין וואַלד אַריין, דאָרט זענען דאָך פֿאַראַן מעגלעכקייטן צו באַוועגן זיך און דערנערן. איך האָב אָבער נישט געוואָלט גיין אַהין. איך האָב מורא געהאַט פֿאַר די פֿאַרטיזאַנישע אַקציעס אין די נעכט, ווען מ׳האָט ביי די פּויערים גענומען שפייז, אָדער זיי באַשטראָפט פֿאַר מיטאַרבעטן מיטן דייטש.

נאָר איצט האָב איך נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. כ׳בין געווען אויסגעדאַרט און איינגעאַנצן הילפֿלאָז. מער מאַטערן זיך איז געווען איבער מיינע כוחות. איך האָב זיך געקלאָמערט אין לעבן, נישט געוואָלט אומקומען. דאָס האָט מיך געמאַכט דרייסט און כ׳בין געקראָכן אין אַלע לעכער, ווו נאָר כ׳האָב זיך געקאָנט אויסבאַהאַלטן. נאָך אַ נאַכט לעבן, נאָך אַ נאַכט באַהעלטעניש. אַ דרייטאָגיק אויפהאַלטן זיך ביי עמעצן, האָב איך באַטראַכט ווי אַ גרויס גליק. אַז כ׳האָב בעת מיינע וואַנדערונגען געזען אַ פּויערישן הויף ווו דאָס טירל איז געווען אָפן, האָב איך דערין אויסגעפונען גאָטס האַנט, זיינס אַ חסד וואָס ער האָט מיט מיר געטאָן, אַז כ׳זאָל זיך ראַטעווען. אַזוי האָב איך געוואַנדערט פון אָרט צו אָרט, אָבער נישט געטראָפן קיינעמען וואָס זאָל מיך וועלן אַרייננעמען. כ׳בין ווידער אַוועק צו דער צמיעלאָווע, הגם כ׳האָב געוווּסט, אַז זי איז אָרעם און האָט נישט דאָס ביסל תבואה פֿאַר איר אייגענעם געברויך. אין די נעכט פלעג איך איר העלפֿן באַגנבענען די פֿאַרמעגלעכע פּויערים, וואָס האָבן אין יענע צייטן נישט געלייגט קיין

אַכט אויף פֿאַרדעכטיקטע גערוישן, אויס מורא פֿאַר די פּאַרטיזאַנער. פֿון אַזעלכע „נאַכט־אַקציעס" האָבן מיר זיך פֿאַזיכערט מיט ברויט אויף עטלעכע חדשים און מיין פֿויערטע איז דערפֿון געווען שטאַרק צופֿרידן. מיר האָבן אויסגעגראָבן אַ גרוב און דאָרט באַהאַלטן אונדזער אוצר.

10

איינמאָל איז מיר אויסגעקומען איבערצולעבן א שוידערלעכע נאַכט. איך בין געשלאָפֿן אויפֿן בוידעם און מיטאַמאָל דערהער איך ווי דריי פּאַרטיזאַנער זענען אַריין אין שטוב פֿון מיין רעטערין און געפֿאָדערט ביי איר אַרויסצוגעבן די יידישקע, וואָס זי האַלט אויס. יאַנקאַ, די צמיעלאָוועס טאָכטער, האָט קאַטעגאָריש אָפּגעלייקנט, אַז ביי זיי אין הויז זאָל זיך געפֿונען אַ יידישקע. די פּאַרטיזאַנער האָבן נישט געגלייבט דעם מיידל, זי אומגעוואָרפֿן אויפֿן בעט און פֿאַרגוואַלדיקט. דאָס מיידל האָט געוויינט און זיך געבעטן ביי די פּאַרטיזאַנער — נאָר אָן דערפֿאָלג. די אויסוווּרפֿן זענען אַוועק, איבערלאָזנדיק יאַנקאַן אַ קראַנקע און צעבראָכענע. אויך אויף מיר האָט דער פֿאַל געווירקט זייער שלעכט, ווייל די קראַנקע טאָכטער מיט דער אָרעמער מאַמען האָבן נישט איינמאָל מיר פֿאָרגעוואָרפֿן, אַז צוליב אַ זשידוווע דאַרפֿן זיי אַזוי פֿיל ליידן. ביי דער געלעגנהייט האָבן זיי אַרויסגערוקט אַ נייע טענה, אַז איך צאָל נישט פֿאַרן אויסבאַהאַלטן, ווי אַנדערע יידן, איך ברענג נישט קיין צירונג, ווי יענע — נאָר צרות און דאגות...

איך בין צוריק אַוועק צו דער דוכערקע, וועלכע האָט מורא געהאַט מיך צו לאָזן איבערנעכטיקן. דאַן זענען אין משך פֿון דריי נעכט פֿאָרגעקומען רעוויזיעס אין די שכנותדיקע כאַטעס פֿון אירע ברידער — אָבער מיך האָבן זיי נישט געפֿונען, ווייל כ'בין געווען גוט פֿאַרשטעקט אין שטרוי. אָבער דוכערקעס הויז האָב איך געמוזט פֿאַרלאָזן. אירס אַ שכן, פּראַנצישעק, האָט אויף מיר געהאַט רחמנות און מיך באַהאַלטן ביי זיך 3 נעכט, געבנדיק אויך עפּעס אָפּצועסן. דאָ בין איך געזעסן אויפֿן בוידעם. בלייבנדיק ווידער אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, בין איך אַוועק צו דער צמיעלאָווע. זי האָט געהאַט אַ גוט האַרץ און אויך מיך ליב געהאַט. איך האָב שטענדיק גערעכנט אוף איר גוטער, איידעלער נשמה און קיינמאָל זיך נישט אַנטוישט. אויך איר טאָכטער יאַנקאַ האָט מיך ליב געהאַט און שטענדיק געהאָלפֿן.

דריי חדשים האָב איך געלעבט ביי דער צמיעלאָווע אויפֿן בוידעם, אין זייער שווערע באַדינגונגען, אין קעלט און אין הונגער. אין יענער צייט האָט מען פֿאַרנומען אַ סך פֿויערים אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד. נישט איין פֿויערטע איז געבליבן אָן אַ מאַן און אָן די זין. איך האָב זיך אויסגעטויגט צו אַלע דאָרפֿישע אַרבעטן און זיך געקאָנט אַן עצה געבן, בפֿרט נאָך, אַז כ'בין געווען אַן אַרבעטזאַמע. נאָר אין דאָרף האָט מען מיך גוט געקענט און דערפֿאַר איז פֿאַר מיר געווען אוממעגלעך זיך צו באַווייזן אויפֿן הויף, צי אויפֿן קאַרטאָפֿל פֿעלד. מיין רעטערין האָט דעריבער נישט געהאַט פֿון מיר קיין שום נוצן. איך האָב זיי דערציילט וועגן כלומרשט אויסבאַהאַלטענע זאַכן מיינע, אַ ניימאַשין און זיי

צוגעזאָגט צו באַצאָלן — דאָך האָבן זיי געוואָלט פון מיר פּטור ווערן. איך בין פאַר אַלע געווען אַן אָנשיקעניש, וואָס האָט געשטערט די רו. איך האָב כסדר געוויינט און נישט געזען קיין אויסוועג אין מיין לאַגע.

נאָר אויך דאָסמאָל איז געשען אַ נס: מ׳האָט אָנגעהויבן אויסזידלען די פּאָליאַקן פון דער געגנט. אויס מורא פאַר פאַרשיקן זיי קיין דייטשלאַנד, זענען די פּויערים זיך צעלאָפן אין פאַרשידענע ערטער. אין אַזאַ לאַגע האָט מען שוין נישט געלייגט קיין אַכט אויף מיר, ווייל יעדער האָט געהאַט זיינע צרות. אָבער נישט אַלע איז געלונגען צו אַנט־לויפן און פיל איינוווינער פון „מיין" דאָרף זענען אָפּגעשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד. צווישן דעם עולם אויסגעזידלטע — בין איך אויך געווען...

11

מיר גייען איצט דורך אַ געדיכטן וואַלד. איך געפין זיך לעבן דער דוכערקע. מען רופט זי „זשידאָווסקאַ טשאָטקאַ" („יידישע מומע"), ווייל די איינוווינער פון דאָרף האָבן געוווּסט, אַז זי פאַרנעמט זיך מיט מיר. דוכערקאַ האָט פיל געליטן צוליב דער דאָזיקער הילף. זי האָט מיט ווייטיק געמוזט צוקוקן, ווי עטלעכע יינגלעך האָבן מיך צעשלאָגן, שרייענדיק דערביי, אַז זיי ווילן נישט כ׳זאָל מיט זיי מיטגיין. כ׳מוז בלייבן דאָ, אין וואַלד. מיין פאַרצווייפלונג און פּחד האָבן דאָך געריררט איינעם פון זיי, טאָמעק דוללער, וועלכער האָט מיר געעצהט צו באַהאַלטן זיך אין דער קאַפּליצע, הינטערן דאַך, וואָס איז געווען נישט ווייט פון דאַנען. האָבנדיק ביי זיך אַ ביסל עסן, וואָס כ׳האָב אויף אַ זייער שפּאָר־זאַמען אופן באַנוצט, בין איך אַוועק אין דער קאַפּליצע — און דאָ געפונען רו. כ׳האָב נישט געוואָלט טראַכטן וואָס ס׳וועט זיין מאָרגן. איצט איז מיר געווען גוט, קיינער האָט מיך נישט פאַרפאָלגט און נישט געשלאָגן, כ׳דאַרף נישט קיינעמען בעטן קיין נאַכט־לעגער.

איך ליג איצט אין דער הייך, אויפן בוידעם פון דער קאַפּליצע. מיך זעט קיינער נישט, אָבער איך זע אַלץ וואָס עס טוט זיך אַרום. איך הער אַפילו די געשפּרעכן פון די דורכגייער און אַוודאי פון די וואָס קומען אין דעם קלויסטערל מתפלל זיין. פּלוצים דערהער איך אַ שיסעריי. דאָס האָבן דייטשן נישט ווייט פונדאַנען אויספּרובירט זייער געווער און געשאָסן סתם אין דער לופט. נאָר בשעת־מעשה האָב איך געטראַכט, אַז איצט נעמט אַ סוף צו מיין לעבן, זיי וועלן מיך אַנטדעקן און דערהרגענען. צום גליק, זענען זיי דערנאָך אַוועק, נישט זוכנדיק אין דער קאַפּליצע צי אויף אַנדערע ערטער.

דאָס עסן האָט זיך געענדיקט, לענגער זיצן אין דעם קלויסטערל איז געווען אומ־מעגלעך. כ׳בין אַוועק אין געדיכטן וואַלד, גייענדיק אָן מורא. אָט באַגעגן איך צוויי יידישע יוגנטלעכע, אונדזער פרייד איז גרויס. זיי רייַדן מיך צו אָנצושליסן זיך אין די פּאַרטיזאַנער, צו וועלכע אויך זיי געהערן. איך האָב אָבער נישט געפאָלגט זייער עצה. מיר געזעגענען זיך — און יעדער גייט זיך זיין וועג. איך קום צו צו אַ כאַטע. אַ קינד

דערלאַנגט מיר אַ שטיקל ברויט, נאָר דער אָנגעקומענער אַלטער פּאָטער זיינער שלאָגט מיך און פאַרטרייבט פון זיין הויף. בלאָנדזשענדיק אַזוי ווייטער, בין איך צוגעקומען צו אַ גוטן פּויער, וועלכער האָט מיר דערלויבט איבערנעכטיקן אין סטאָדאָלע, נאָר אין דער פרי האָט ער מיך פון דאָרט אַרויסגעיאָגט. ביי אַ צווייטן פּויער האָט מען גראָד געאַרבעט אין פעלד, האָבן זיי מיך צוגענומען צו הילף און געגעבן דערפאַר אָפּצועסן. דאָס מיידל מיט וועמען איך האָב געאַרבעט, האָט מיר בגניבה, אַז אירע עלטערן זאָלן נישט זען, געגעבן ברויט. איך האָב אָבער נישט געקאָנט עס אַראָפּשלינגען, זייענדיק אָפּגעוווינט פון עסן. נאָכן פאַרענדיקן די אַרבעט, בין איך צוריק אַריין אין דאָרף.

דאָ האָב איך געטראָפן די צמיעלאָווע, ווייל זי האָט מען נישט אויסגעזידלט. ליידער, האָט זי מיך דאָסמאָל נישט געוואָלט אַריינגעמען. כ׳בין אַוועק צום פּויער מיכאַל טורליפּא, ער איז געווען פאַרבינדלער מיט די פּאַרטיזאַנער אין וואַלד. דאָרט האָב איך זיך אויך געטראָפן מיט מיין ברודער, וועלכער איז צו אים געקומען נאָך שפּייז. מיר האָבן זיך זייער דערפרייט. מיין ברודער האָט זייער געוואָלט מיך מיטנעמען צו די פּאַרטיזאַנער — נאָר איך האָב נישט געוואָלט גיין. צווישן אונדז איז אויסגעבראָכן אַ שאַרפע מחלוקת. ער האָט מיר אַפילו געדראָט מיט נקמה...

ביי טורליפּאן האָב איך געטראָפן דעם לערער בוכאָווסקי, וועלכער האָט מיר געדראָט צו דערהרגענען. ער איז געווען פאַרבינדלער מיט דער א.ק.־גרופּע אין וואַלד. צו דעם פּויער פלעגט אויך קומען נעמען שפּייז מיין קוזין, וועלכער האָט זיך אויסבאַ־האַלטן נישט ווייט, אין אַ בונקער, צוזאַמען מיט זיין פרוי. איך האָב זיך מיט אים שטאַרק דערפרייט, זייענדיק זיכער, אַז ער וועט מיך נעמען צו זיך אין בונקער און כ׳וועל אויפהערן זיך וואַלגערן און וואַנדערן איבער פעלדער און וועלדער. איך האָב אים געבעטן און געוויינט ער זאָל מיך מיטנעמען, נישט איבערלאָזן אליין צווישן פיינדלעכע מענטשן — ער האָט אָבער אָפּגעזאָגט.

שכנים פון טורליפּאן, די סטאכס, האָבן מיך דאַן אַריינגענומען אויף צוויי טעג, לענגער האַלטן האָבן זיי מורא געהאַט צוליב די אָפטע קאָנטראָלעס און צוליב דעם פאַרדאַכט, אַז זיי גיבן הילף די יידן אין וואַלד. בין איך אַוועק צום פּויער פּאָפּקאַ, וועלכער האָט מיך אויסגעהאַלטן אַ גאַנצן חודש. כ׳בין איצט געווען אין אַ שטוב, מיר איז געווען גוט, אָבער דאָס געזונט האָב איך פאַרלוירן צוליבן נישט קאָנען עסן, האָב אָפּט געבראָכן, געליטן פון שטאַרקן קאָפּווייטיק און נישט געקאָנט קיין סך אַרבעטן.

פּאָפּקאַ האָט מיך געשיקט צו איין פּויערטע אין דאָרף קייטאַנוווקאַ, וועלכע האָט געלעבט אָן דעם מאַן, נאָר געהאַט אַ תמעוואַטע טאָכטער. איר איז געווען זייער שווער, אָבער אַלס געצאָלטע אַרבעטערין האָט זי נישט געקאָנט זיך דערלויבן מיך צוצונעמען. דאָס הויז פון דער ניעדזשוויעדזקאַ איז געשטאַנען אין דער זייט און דערפאַר האָט מען עס נישט באַזוכט און קאָנטראָלירט ווי אַנדערע הייזער. די דאָזיקע פרוי האָט נישט

מורא געהאַט מיך צו פֿאַרהאַלטן, נאָר מיך געשפּייזט מיט קאַרטאָפֿל און מילך. דאָס ברויט האָט זי געגעסן מיט דער טאָכטער און מיר נישט געוואָלט עס געבן.

12

1944. מען שמועסט, אַז אינגיכן קומען די סאָוויעטן, דער פֿראָנט איז גאָר נאָענט. די דײַטשן גייען צוריק. ביי דער ניעדזשוויעדזקאָ איז מיר נישט שלעכט, נאָר מיטן געזונט איז נישט אין אָרדענונג. מיט גרויס אָנשטרענג פֿלעג איך אויפֿשטיין אין דער פֿרי און זיך נעמען צו דער אַרבעט. כ׳האָב זיך אויסגעלערנט מעלקן קי, אָנקאָרמען זיי און קאָכן עסן פֿאַר די הויז־חיות. די שטוב איז שטענדיק געווען אויפֿגערוימט און די בעל־הביתטע איז פֿון מיר געווען צופֿרידן. זי האָט אַפֿילו דערציילט דעם סאָלטיס און דעם גלח, אַז זי האַלט אויס אַ יידישקע, אָבער די צוויי האָבן נאָך געלויבט איר טאַט און איר פֿאַרגעלייגט זי זאָל מיך צוגרייטן צום שמד...

מיין פֿויערטע פֿלעגט אָפֿט אַרויספֿאָרן מיט וויזיטן צו אירע קרובים און פֿריינט, איבערלאָזנדיק די גאַנצע ווירטשאַפֿט אויף מיר. ווען נישט איך, וואָלט זי אַזעלכע רייזעס נישט געקאָנט אונטערנעמען, די נאַרישע טאָכטער איז נישט געווען מסוגל צו טראָגן דעם עול און די אחריות פֿאַר אַלעמען. זי האָט צו מיר געהאַט גרויס צוטרוי און געוווּסט, אַז כ׳וועל זי נישט באַגנבענען, צי אַרויסטראָגן עפּעס פֿון שטוב. איך פֿון מיין זייט האָב אַלץ געטאָן לויט איר ווילן, זייענדיק גליקלעך וואָס כ׳האָב אַ זיכערע, וואַרעמע וווינונג און אָפּצועסן צו דער זעט. אָבער קיין שטיקל ברויט האָט זי אַלץ נישט געגעבן. מיט דעם אַרטיקל האָט מיך באַשאַנקען, אויס רחמנות, איר שכנטע קאַרלאָוואַ.

אין די נעכט פֿלעגן אָפֿט קומען פֿאַרשידענע מענטשן פֿון וואַלד און דאַן בין איך אַוועק אין קעלער הינטער דער פּאָדלאָגע. עס האָט מיר פֿאַרפֿעלט אָטעם און ס׳איז שווער געווען דאָרט צו זיין — מ׳האָט אָבער נישט געטאָרט זיך פֿאַראַטן... אָפּטמאָל פֿלעגט אויך קומען צו מיין בעל־הביתטע דער גאַיאָווע, וועלכער האָט געוווּסט וועגן מיר. ער איז אַ סך מאָל געווען צודרינגלעך — און אויך פֿאַר אים בין איך אַנטלאָפֿן אין דער באַהעלטעניש. נאָר שפּעטער, אַז ער האָט אויפֿגעהערט זיך טשעפּען צו מיר, האָב איך שוין נישט קיין מורא געהאַט.

די אַרבעט אין שטוב איז געווען אַ מאָנאָטאָנע און לאַנגווייליקע, נאָר איך האָב זי גערן געטאָן. איצט אָבער האָב איך מורא באַקומען פֿאַרן זיך דערנענטערנדיקן פֿראָנט. וואָס וועט זיין נאָך דער באַפֿרייאונג? וועט מען שוין נישט דאַרפֿן זיך אויסבאַהאַלטן? זענען נאָך געבליבן ערגעץ יידן? יאָ, כ׳האָב אַמאָל געהאַט אַ היים, עלטערן... נאָר איצט איז אַלץ אַזוי ווייט, פֿאַרנעפּלט.

דערווייל האָט מען געלעבט מיטן היינטיקן טאָג, געאַרבעט שווער און אַלץ געטרוימט וועגן אָפּעסן צו דער זעט... דאָס האָט שטענדיק געפֿעלט.

יענעם זומער 1944 בין איך איינמאָל אַוועק צום גלח ברענגען פאַר מיין בעל־הביתטע „געהייליקט וואַסער". ביי דער געלעגנהייט האָט דער גלח אויך מיך באַשפּריצט מיטן וואַסער, געזאָגט עטלעכע תפילות און אָנגערופן מיך מיטן נאָמען טערעסאַ. נישט אַנדערש — דער גלח האָט מיך אָפּגעשמדט. טייל פּויערים האָבן דערפון געלאַכט: „וואָס קומט אַרויס, זי איז פאַרט אַ זשידוווקע". נאָר דער גלח האָט נישט דערלויבט צו חוזקן און אונטערגעשטראָכן, אַז דאָס איז אַ גוטע טאַט פאַרן קאַטוילישן קלויסטער. צי יענער צייט האָב איך זיך שוין געפילט בעסער, די וווּנדן אויף די פיס האָבן זיך פאַרהיילט.

איינמאָל האָב איך אין חלום דייטלעך געזען מיין מאַמען, אָנגעטאָן געווי אין דעם זעלבן וואָס זי האָט געהאַט אויף זיך אין טאָג פון אונדזער צעשיידונג מיט דריי יאָר צוריק. זי איז אַזאַ דרייסטע אַריינגעקומען אין שטוב און פייערלעך דערקלערט, אַז שוין נישט לאַנג וועט מען זיך מאַטערן ביי די דייטשן, ווייל דעם 23־טן יולי וועט אין אונדזער דאָרף קומען די סאָוויעטישע אַרמיי, מיר וועלן באַפרייט ווערן. איך האָב וועגן דעם דערציילט מיין בעל־הביתטע און די שכנים, נאָר זיי האָבן זיך דערפון אויסגעלאַכט. איך האָב אָבער געווי געדענקט פון דעם חלום, די מאַמע איז געווען אַ לעבעדיקע — אָבער נאָך דעם ווי מ'האָט דערפון געחוזקט, האָב איך אַליין שוין אָנגעהויבן זיך באַציען צו דער זאַך ווי צו אַ חלום.

איך בין דאַן אַלט געווען 20 יאָר, נאָר מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז כ'בין פיל עלטער. כ'האָב דאָך אַזויפיל אַדורכגעמאַכט, די זאָרג פאַרן שטיקל ברויט נאָך אין די קינדער־יאָרן, די אַרבעט אויפן דאָרף, די צעשיידונג מיט טאַטע־מאַמע, די היימלאָזיקייט אין משך פון קאַרגע דריי יאָר — דאָס אַלץ האָט געלאָזן אַ חותם אויף מיין כאַראַקטער און מענטאַליטעט. איצט האָב איך שוין נישט געגלייבט, אַז כ'וועל האָבן אַן אייגענע היים, עסן צו דער זעט... דערפאַר האָב איך געוואַרט אויפן טאָג פון 23־טן יולי, הגם כ'האָב שוין אַליין געצווייפלט אין דער דאַטע. דאָך איז דער נס געשען. געווי דעם 23־טן יולי זענען די ערשטע סאָוויעטישע פּאַטרולן אַריינגעפאָרן אין אונדזער דאָרף און אין די שכנותדיקע דערפער. נאָך דער דאָזיקער געשעעניש זענען אַ סך פּויערטעס פון דאָרף זיך צונויפגעקומען צו מיין בעל־הביתטע און מיך אָנגערופן „הייליקע טערעסע"... זיי האָבן מיך פאַרבעטן צו זיך אַהיים, ממש געריסן מיך פון די הענט, געגעבן צו עסן פון שענסטן און בעסטן און זיך געקריגט צווישן זיך איבערן כבוד צו זיין ביי זיי אין שטוב.

דעם אמת געזאָגט, האָב איך דאַן אויך געגלייבט אין נסים. אַז מען איז אַזויפיל יאָרן אויפן דאָרף, צווישן פּויערים, אַז מען נעמט איבער אַלע זייערע זיטן און געוווינ־הייטן — איז אויך אין מיר געווען דער גלויבן, אַז אפשר טאַקע בין איך אַ הייליקע... אַן אַנדערע ווי ביז איצט...

דער פּויער פראַנטשישעק, ביי וועמען כ'האָב אַמאָל געגנעכטיקט דריי נעכט, האָט מיך איצט גענומען צו זיך אַהיים. זיין פרוי איז געווען אויף צוואַנגס־אַרבעט אין דייטש־

לאנד און ער האָט זיך געגייטיקט אין אַ בעל־הביתטע. דאָס איז געווען אַ שכן פון דער דוכערקע, וועלכער האָט געוווּסט, אַז כ׳בין ביי איר געווען אויסבאַהאַלטן. איצט האָט ער, פונקט ווי אַנדערע, זיך באַרימט און שטאָלצירט דערמיט, וואָס זיי האָבן מיך אויס־באַהאַלטן. איך בין געווען גליקלעך, וואָס כ׳האָב אויפגעהערט צו זיין אַ פאַרשטויסענע און געיאָגטע. פראַנטשישעק האָט מיך באַלד באַקליידט, געגעבן צו עסן, ער איז געווען צו מיר גוט און צופרידן פון מיין אַרבעט. איך האָב איבערגעלאָזט מיין ביז־איצטיקע ברויטגעבערין, וועלכע האָט געהאַט זייער אַ סך אַרבעט צוליב דער שניט־צייט, נאָר פון צייט צו צייט בין איך אַוועק איר העלפן, מיט דער דערלויבעניש פון פראַנטשישעקן.

14

אין אַ צייט אַרום איז געקומען מיין ברודער פון וואַלד, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס פּאַרטיזאַנער־לעבן און זיך איינגעאָרדנט ביי אַ ייד מיטן נאָמען העשעלע אַלטמאַן אויפן דאָרף, וועלכער האָט נישט געוואָלט פאָרן אין שטאָט אַריין, מורא האָבנדיק פאַר די א.ק.־באַנדעס, וועלכע האָבן ערשט ביי די סאָוויעטן אָנגעהויבן מאָרדן די ניצול־געוואָרענע יידן. אָבער אויך דעם ייד האָט נישט אויסגעמיטן דער טראַגישער גורל, שוין נאָך דער באַפרייאונג. ער איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך אַנטיסעמיטישע פּאָליאַקן — און מיין ברודער איז אַריבערגעפאָרן אין שטאָט אַריין.

ביי פראַנטשישעקן האָב איך זיך געפילט גוט, נאָר זיין טאָכטער, וואָס פלעגט אָפט צו אים קומען, האָט נאָר געהאַט טענות, הלמאי די זשידוווע זיצט נאָך דאָ. איך האָב נישט געקאָנט קאָכן און באַקן די יומטובדיקע קוכנס, ווייל עס האָבן זיך דערנענטערט די ווייַ־נאַכט־יומטובים. מען האָט נאָך באַדאַרפט אויסקאַלכן די וווינונג, אַלץ אויסוואַשן. קיין אַרבעט האָט נישט געפעלט. האָט פראַנטשישעק פאַרבעטן זיין טאָכטער זי זאָל העלפן צוגרייטן דעם יומטוב, נאָר זי האָט זיך אָפּגעזאָגט מיט דער טענה, אַז „פאַר דער יידישקע דאַרפסטו דאָס ?!“ ער האָט זיך אָבער פאַרעקשנט און אַלץ צוגעגרייט ווי אין די פריער־דיקע יאָרן.

פראַנטשישעק איז געווען אַ שיכור און פלעגט אָפט אַהיימקומען אַן אָנגעטרונקענער, אָבער מיך קיינמאָל נישט געטשעפּעט. די שכנים האָבן מיך געוואָרנט, אַז ער וועט מיך נאָך אַמאָל הרגענען, נאָר כ׳האָב נישט קיין מורא געהאַט. דאָרט איז מיר גוט געווען, ער האָט דערלויבט מיין פריערדיקע בעל־הביתטע זאָל מיך כמעט יעדן טאָג באַזוכן און אַז איך זאָל איר העלפן אין דער ווירטשאַפט.

עס איז שוין פאָריבער אַ האַלב יאָר נאָך דער באַפרייאונג און כ׳האָב נאָך אַלץ נישט געהאַט קיין פּלאַן ווו צו גיין. נאָכן אָפּלעבן אַזויפיל יאָרן אויפן דאָרף, האָב איך זיך גאָרנישט פאָרגעשטעלט, אַז ערגעץ אַנדערש וועט מיר געלונגען צו דערהאַלטן זיך אויף דער אויבערפלאַך.

איינמאָל איז צו אונדז געקומען פראַנטשישעקס אַלטע מאַמע און שוין געבליבן

וווינען. איצט האָט זיך אינגאַנצן געענדערט מיין לאַגע. די אַלטע האָט מיך כסדר קרי־טיקירט און אַפילו געזידלט אַלס גנבטע, זי האָט אַפילו מיך באַשולדיקט, אַז כ׳האָב צוגעגנבעט אַ פּאָר הויזן און זיי אַוועקגעטראָגן פון שטוב. מיינע שבועות און טרערן האָבן נישט געהאָלפן. זי האָט אַפילו דערציילט דעם סאָלטיס וועגן דער גניבה. אין גרויס אויפרעגונג האָב איך געוואָרפן אַ קללה: „זאָלן אָפּפאַלן די פינגער דעם וואָס האָט די הויזן צוגענומען". אין צוויי וואָכן אַרום האָט די אַלטע מאַמע פאַרלוירן דריי פינגער, ווען זי האָט געמלוטשעט תבואה. זי האָט דערין געזען גאָטס שטראָף פאַר דער עוולה וואָס זי האָט מיר געטאָן — און ווידער האָט דאָס דאָרף גערעדט וועגן טערעסען, מיט וועלכער עס גייט אָדער דער טייוול, אָדער עפּעס אַ העכערע קראַפט...

נאָך דעם דאָזיקן פאַל איז מיין ברודער דאָך געלונגען מיך איבערצוצייגן. כ׳האָב אָנ־געהויבן אָפּט פאַרלאָזן דאָס דאָרף, באַזוכן די שטאָט, געפינען זיך צוריק צווישן יידן, ביז כ׳האָב זיך דעצידירט ענדגילטיק צוריק צו גיין צו מיין פאָלק. אויף צו דערנערן זיך, האָט מען זיך גענומען צום האַנדל, הגם די בענקשאַפט נאָכן פעלד און נאָכן דאָרף בכלל איז געווען זייער גרויס.

אין יאָר 1946 האָב איך חתונה געהאַט און אָנגעהויבן פירן אַ נאָרמאַל לעבן. מיט אַ צייט שפּעטער האָב איך עולה געווען קיין ישראל.

# אין יענע פינצטערע יארן

זאב פינקעלשטיין / מעלבורן

א

איך בין אַ געבוירענער אין פּראַמפּאָל און אַלע מיינע יאָרן, ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, געלעבט אין פּראַמפּאָל. כ׳בין געווען געזעלשאַפטלעך טעטיק אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און אין „החלוץ", צוזאַמען מיט אַ ריי אַנדערע חברים.

דעם 1טן סעפּטעמבער 1939, ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָבן מיר נישט געשפּיר־ט אַזוי שטאַרק די פּאַניק. פּראַמפּאָל איז געלעגן ווייט פון גרויסע שטאָטישע צענטערס און פון הויפּט־שאָסייען, צי באַן־קנופּן. אָפּטימיסטן האָבן געגלייבט, אַז אפשר וועט די מלחמה־זאַווערוכע פאַרבייגיין דעם שטעטל, נישט אָנרירן עס. פּעסימיסטן אָבער האָבן געטענהט, אַז עס דערנענטערט זיך אַ ברוטאַלע, שוידערלעכע קריג, אַנטקעגן וועלכער די ערשטע וועלט־מלחמה איז געווען אַ קינדער־שפּיל.

ווי נאָר ס׳איז אָרויס דער באַפעל איינצופירן פאַרטונקלונג, האָבן זיך שוין געזאַמלט גרופּקעס יידן און פּאָליאַקן אויף די גאַסן און געשמועסט וועגן דער זיך אָנרוקנדיקער

געפאַר. מיר יידן האָבן געוווּסט, אַז אונדזערע פּוילישע שכנים וועבן שוין פינצטערע פּלענער כלפּי אונדז, אַז זיי גרייטן זיך, אין ברען פון דער מלחמה, צו דערלידיקן מיט אונדז „אַלטע חשבונות", זייענדיק אָנגעשטעקט מיט אַנטי־יידישער העצע און שנאה.

די מלחמה־בהלה האָט זיך אָבער אַריינגעריסן אין שטעטל מיט די ערשטע כוואַ־ליעס פּליטים פון מערב־פּוילן, יידן און פּאָליאַקן. די פּאַרוואַלטונג־מיטגלידער פון דער קהילה — שמואל־יוסף קעסטענבוים (פּרעזעס), חיים־יהודה האַרמאַן (דעם פּראַמפּאָלער רבס איניקל), אברהם־לייזער ליכטפעלד און אַנדערע, וועמענס נעמען כ׳געדענק נישט איצט, האָבן געזאָרגט פאַר איינאָרדענען די מאַסע אָנגעקומענע יידן און זיי געשיקט צו פאַרשידענע יידישע משפחות אין שטעטל. די לאַגע איז אָבער געוואָרן ערגער, ווען דער פּליטים־שטראָם האָט זיך פאַרגרעסערט, באַזונדערס ווען דאָס אָפּטרעטנדיקע פּוי־לישע מיליטער האָט אין אַ גרויסער צאָל זיך אָפּגעשטעלט אין און אַרום פּראַמפּאָל. ווייזט אויס, אַז די דייטשע אַוויאַציע האָט דאָס געוווּסט — און מיטוואָך, ערב ראש־השנה, האָט פּראַמפּאָל איבערגעלעבט אַ שרעקלעכע לופט־באָמבאַרדירונג פון די נאַצישע פּיראַטן. גאַנצע גאַסן זענען געוואָרן אָפּגעברענט. בלויז צוויי גאַסן, ווו ס׳האָבן געוווינט פּאָליאַקן, זענען ניצול געוואָרן. אין רעזולטאַט פון דער מערדערלעכער באָמבאַרדירונג, איז דאָס גאַנצע שטעטל איינוווינער זיך צעלאָפן אין די אַרומיקע דערפער.

דאָס איז געווען פאַר אונדז אַ גאָר טרויעריקער ראש־השנה. אמת, יידן האָבן אפשר מיט מער התלהבות געבעטן גאָט, אָבער די מנינים זענען געווען אויף פרעמדער ערד, ווייט פון דער חרוב־געוואָרענער היים, ווו מיט אַ טאָג פריער האָבן מיר זיך געפילט אַזוי זיכער. אָבער אַפילו קיין סך דאַוונען האָט מען נישט געקענט. די קהילה־עלטסטע און דער רב האָבן דערלויבט (און אַפילו געהייסן!) צומערשט ברענגען צו קבר ישראל די צענדליקער קרבנות פון דער באָמבאַרדירונג. אַ גרויסער טייל פּראַמפּאָלער יידן האָט זיך אומגעקערט אין שטעטל, כדי קובר זיין די חללים — פּליטים און היימישע יידן, ווי איטשעלע יודקאָוויטש, באַקאַנט אַלס איטשעלע מאַנעסעס, ישראל יצחק לייטער, געווען אַלע יאָרן גבאי אין דער שטאָטישער שול, און אַנדערע.

די קבורה האָט מען אַדורכגעפירט פאַרן שופר בלאָזן, ווייל פרומע יידן האָבן געהאַלטן, אַז די מצווה פון חסד של אמת און פון ברענגען צו קבר ישראל איז וויכטיקער ווי פון הערן די תקיעות.

אויך אין די דערפער האָט די יידישע באַפעלקערונג נישט געפילט זיך אין גאַנצן זיכער. דער פאַקט וואָס מ׳איז געבליבן היימלאָז, אָן אַ סטאַבילער מאַכט און שוץ, האָט צעפירט די הענט ביי די רויבער און כוליגאַנעס, וועלכע האָבן אָנגעהויבן באַפאַלן יידן, שלאָגן און צונעמען וואָס ס׳האָט זיך געלאָזט. די דאָזיקע לאַגע האָט געצווונגען צו זוכן אַ נייעם מקלט — און דער רוב פּראַמפּאָלער יידן האָט ווידער זיך געלאָזט אויף נע־ונד אין אַזעלכע ערטער, ווי גאָריי, גריייעץ, טוראָבין און שעברעשין. אין די מקומות מיט אַ גרעסערע יידישער באַפעלקערונג, האָט מען געהאָפט, וועט זיין רואיקער און זיכערער.

די דאָזיקע אילוזיע איז אָבער שנעל צעשטערט געוואָרן. נאָכן פאַרנעמען גאַנץ פוילן, ווען די דייטשישע מאַכט האָט זיך שוין דאָרט געגוג באַפעסטיקט, האָט מען אָנגעהויבן כאַפּן יידן צו דער אַרבעט. אַזעלכע לאַפּאַנקעס זענען דעמאָלט אַדורכגעפירט געוואָרן אין דער גאַנצער לובלינער וואָיעוואָדשאַפט און דערגרייכט צו אונדזערע פאַרוואָרפענע מקומות. אויך איך בין אַוועקגעריסן געוואָרן צו צוואַנגס־אַרבעט, צוזאַמען מיט בעריש דינבורט, שמחה אַשענבערג און אַנדערע — צו גראָבן אָקאָפעס אין בעלזשעץ, לענגאויס דער דעמאָלטיקער דעמאַרקאַציע־ליניע צווישן דייטשלאַנד און רוסלאַנד.

קיין בעלזשעץ האָט מען מיך אַוועקגעפירט שוין פון פראַמפאָל, ווו דער רוב שטעטלדיקע יידן האָט אין פרילינג 1940 זיך געהאַט אומגעקערט פון די אַרומיקע ערטער. פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן געטראָפן בלויז חורבות, אָבער דער ווילן צו לעבן איז געווען שטאַרקער פון אַלץ. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ בוי־באַוועגונג. מיט צונויפגעשטעלטע בלעכן, ציגל, האָלץ און אָפפאַל, האָט מען זיך אויפגעשטעלט קעמערלעך, באַראַקן און פאַרשידענע מינים בנינים, ווו גרויסע פאַמיליעס האָבן זיך אַריינגעקליבן. איך געדענק, אַז צווישן די דאָזיקע בוי־אונטערנעמער האָבן זיך געפונען אַ פופצן פראַמפאָלער־יידישע משפחות, ווי: שמואל יעגערמאַן, מעכל פרילינג, חיים ברעזל, עקיבא קעסטענבוים, זעליק ראָזענבערג, דוד וואַלדמאַן, יוסף האָניגמאַן, שלום ווייסטוך, גרשון ראָזענבערג, אברהם פעלער, אברהם אַשענבערג, משה וועלטשער און דער שרייבער פון די שורות, מיט זיינע עלטערן, פרוי, קינד און צוויי שוואָגערס.

געלעבט האָבן זיי דערפון וואָס זיי האָבן אויפגעגראָבן סחורות און זאַכן, וואָס זענען פאַר דער באָמבאַרדירונג באַהאַלטן געוואָרן. אויב די זאַכן זענען נאָך געווען אין אַ גוטן צושטאַנד, האָט מען זיי אויסגעטוישט אויף פראָדוקטן ביי די פויערים — און דערפון דערהאַלטן דאָס חיות. אָבער נישט אַלע זענען געווען אין דער גליקלעכער לאַגע פון סחורות־באַזיצער. עס האָבן זיך שוין געהאַט אומגעקערט אין שטעטל פיל אַנדערע יידן, פאַראָרעמטע, און זיי האָט געדראָאט אַ הונגער־טויט. האָבן די פאַרמעגלעכע באַדאַרפט אַריינטראָגן אַ מין באַשטייערונג אין דער קאַסע פון יודענראַט, וועלכער האָט אויף טאַלאָנען אַרויסגעגעבן ברויט. אָבער דער עיקר צושטעלער פון עסנוואַרג איז געווען דער פויער פון די אַרומיקע דערפער, ביי וועמען מ׳האָט געטוישט אַ העמד, אַן אנצוגל, אַ פאָר שיך — אויף אַ ביסל קאַרטאָפל, מעל, צי תבואה.

ב

מיטן אומקערן זיך פון אַ סך יידן קיין פראַמפאָל, איז פון בילגאָריי, אונדזער פאָוויאַטאָווע שטעטל, געקומען אַ פאַראָרדענונג פון דער געסטאַפּאָ, אויפצושטעלן אַ יודענראַט. אַדורכפירן די גזירה האָט באַדאַרפט דער פרעזעס פון בילגאָרייער יודענראַט, וועלכער איז אָפיציעל געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן אָרגאַניזירטן יידישן לעבן אין פאָוויאַט. אין פראַמפאָל אַנטשטייט דער ערשטער יודענראַט פון פינף פערזאָן: זעליק ראָזענבערג

(פּרעזעס), חיים־יהודה האַרמאַן, מרדכי וואַלדמאַן, עקיבא קעסטענבוים און יחזקאל האַף.

די עיקר אויפֿגאַבע פֿונעם יודענראַט איז געווען קודם־כּל נאָכצוקומען די כּסדרדיקע דייטשישע פֿאָדערונגען, קאָנטריבוציעס און שטראָפֿן, איידער זיך פֿאַרנעמען מיטן גורל פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג. פֿוטערוואַרג, שטיוול, געלט און גאָלד — האָט מען געמוזט צושטעלן אויף דער פֿאַראָרדענונג פֿון דער געסטאַפּאָ. און אויסער די אָפֿיציעלע קאָנטריבוציעס, פֿלעגן פֿון בילגאַ־יי אָפּט פֿאַרפֿאָרן פֿאַרן הויז פֿון זעליק ראָזענבערג עטלעכע געסטאַפּאָ־אָפֿיצירן און אַלע מאָל געפֿאָדערט עפּעס אַנדערש: 10 קילאָ פּוטער, פֿלייש, שאַרפֿע געטראַנקען. פֿאַרשטייט זיך, אַז ס׳האָט נישט געקענט זײַן רייד וועגן אָפּזאָגן, אָדער זיך פֿאַרקלאָגן פֿאַר דער העכערער מאַכט.

די אָרדענונג און רו אין שטעטל האָט אָפּגעהיטן דער פֿריערדיקער פּאָליציי־פּאָס־טערוּנעק פֿון פּוילנס צײַטן, מיטן זעלבן קאָמיסאַר און די זעלבע פּאָליציאַנטן. בנוגע ייִדן־רדיפֿות, האָבן זיי געטריי געדינט דעם אָקופּאַנט.

פֿאַרשטייט זיך, אַז די פּוילישע „גראַנאַטאָווע״ פּאָליציאַנטן האָבן געהאָלפֿן די דייטשן אין זייער מאָרד־מלאכה קעגן ייִדן. אין די יאָרן 1940/41 האָט עס נאָך נישט געהאַט אָנגענומען דעם מאַסן־כאַראַקטער און פֿאַרנעם ווי שפּעטער, בעת דער אַלגעמייַנער אויסראָטונג, אָבער ספּאָראַדע אַקציעס און רציחות זענען יאָ פֿאָרגעקומען. דייטשע זשאַנדאַרן, אָדער געסטאַפּאָ־לייט, אַפֿילו זעלנער, פֿאַרבײַפֿאָרנדיק דערפֿער אין דער פּראָמפּאָלער געגנט, האָבן זיך פּלוצים אָפּגעשטעלט, געפֿרעגט זיך אויף ייִדן, אויף וועלכע די פּויערים פֿלעגן מיט פֿאַרגעניגן אָנווײַזן. דערנאָך האָבן די רוצחים צוגענומען עטלעכע פֿון זיי און אויפֿן אָרט דערשאָסן. צי לשם ספּאָרט, צי לשם פֿאַרווײַלונג, צי פּשוט צו שטילן זייער חיהשע און סאַדיסטישע אינסטינקטן — איז שווער צו זאָגן. אָבער געמאָרדעט האָט מען ייִדן בײַ יעדער געלעגנהייט און בײַ אַלע אומשטענדן. אויף אַזאַ אופֿן זענען אומגעקומען אונדזערע בני־עיר: יאָסעלע, ישעיה און עלקע ציטרינבוים (די לעצטע איז געווען אַ חברה פֿון „החלוץ״), משה וועלטשער, יאָסעלע פּראַמפּאָלער, משה־יאָסל גייסט, פּסח ווייס און האָכראַד, וועלכער איז דערשאָסן געוואָרן אין דאָרף קאָצודזע.

פֿון אַזעלכע איינצל־מאָרדן, איז מען אין פּראַמפּאָל געוואָרן אומרואיק. ווי נאָר ס׳האָט זיך באַוויזן אַן אויטאָ, איז מען זיך גלייך צעלאָפֿן אין פֿאַרשידענע באַהעלטענישן, צווישן די חורבות, צי אין די פֿעלדער און גריבער. נאָר דאָס געפֿיל איז געווען, אַז לאַנג אַנטרינען ווערן פֿון שונא — וועט מען נישט קענען.

ג

אין חודש אויגוסט 1942, האָט דער יודענראַט באַקומען אַ באַפֿעל צוצושטעלן „אויף אַרבעט״ 1.200 ייִדן פֿון פּראַמפּאָל און אַרומיקער געגנט. אַלע האָבן שוין געפֿילט און געוווּסט וואָס דאָס באַדייט, ווײַל מיר האָבן געהאַט ידיעות פֿון אַנדערע שטעטלעך וועגן

דער ליקווידאַציע פון די געטאָס. אין פראַמפּאָל איז קיין געטאָ נאָך נישט געווען, פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער יידישער באַפעלקערונג איז געווען דער יודענראַט אין פריער דערמאָנטן צוזאַמענשטעל, און 3 יידישע פּאָליציאַנטן (סקאָמסקי, לאשקע און לוקאַשיק). אַז ס׳איז דערהאַלטן געוואָרן דער באַפעל וועגן צוגרייטן דעם טראַנספּאָרט, האָט דער יודענראַט וועגן דעם צו וויסן געגעבן די תושבים און דערביי זיי בפירוש אָנגעזאָגט צו אַנטלויפן פון פראַמפּאָל.

אַ שבת נאָכמיטאָג האָבן אין מאַרק זיך באַוויזן אויטאָס מיט געסטאַפּאָ־מערדער און זייערע אוקראַאינישע העלפערס. אָבער אויסער דעם פאָרזיצער פון יודענראַט ז. ראָזענבערג און חיים־יהודה האַרמאַן — האָבן זיי נישט געטראָפן אין שטעטל. די צוויי האָבן גאַנץ רואיק דערקלערט די דייטשן, אַז דאָס שטעטל יידן איז זיך צעלאָפן... די רוצחים האָבן זיך נישט באַגנוגנט מיט דעם ענטפער און אָנגעהויבן זוכן אין שטעטל גופא. זיי האָבן דעמאָלט אויסגעפונען עטלעכע משפחות אין די חורבות און אויפן אָרט דערשאָסן. פון די קדושים פון יענער אַקציע געדענק איך מעכל ערטער, שיע לעווינגער און אַנדערע. אומגעקומען זענען דאַן זעקס יידן.

ביזן היינטיקן טאָג איז מיר שווער צו באַגרייפן, ווי אַזוי די דייטשן האָבן נאָך דער אומגעלונגענער „באַשטעלונג" זייערער אויף 1.200 יידן, פאַרלאָזט דאָס שטעטל און נישט אָנגעווענדט קיין ספּעציעל האַרבע סאַנקציעס קעגן יודענראַט און קעגן די יידן. אָבער דאָס געיעג אויף יחידים אָדער גרופּעס יידן אין דער סביבה, איז ווייטער אָנגעגאַנגען, נאָך מיט מער שאַרפקייט און ברוטאַלקייט.

אין די יום־טובים פון יאָר 1942 האָבן פראַמפּאָלער יידן שוין געהאַט אַזוי פיל זיך אָנגעהערט וועגן די אַקציעס, אויסזידלונגען, רציחות אין די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער מיט אַ יידישער באַפעלקערונג, אַז ס׳איז שוין ביי זיי נישט געווען קיין שום אילוזיע בנוגע זייער אייגענעם גורל.

מיר דערוויסן זיך, אַז יוזעפוו־בילגאָרייסקי, שעברעשין, טאַרנאָגרוד, שטעטלעך דערווייטערטע פון פראַמפּאָל מיט אַ 20—30 קילאָמעטער — זענען געוואָרן יידן־ריין. די דייטשן פאַרשפּרייטן קלאַנגען, וואָס ווערן עקשנותדיק אונטערגעהאַלטן דורך די פּאָליאַקן, אַז דאָס אויסזידלען די יידן פון די אַלע ערטער, איז אַלס שטראָף פאַרן אָנשליסן זיך פון יידישע יוגנטלעכע אין די פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען, צוזאַמען מיט פּאָליאַקן. מע האָט געכאַפּט צוויי יידישע מיידלעך פון שעברעשין, וועלכע האָבן געטראָגן עסן אין וואַלד פאַר די פּאַרטיזאַנער. דאָס האָט כלומרשט באַדאַרפט דינען פאַר די דייטשן אַלס אויסרייד צו באַשטראָפן דריי שטעטלעך מיט יידן.

אין די סוכות־טעג האָבן די דייטשן אַרויסגערופן אַ שריפה אין גאָריי. די צוויי הויפּט־גאַסן, ווו ס׳האָבן געוווינט יידן, זענען אַוועק מיטן רויך. די רוצחים האָבן געהאַט אַ באַרעכטיקונג, הלמאי זיי באַפעלן אַלע יידן פון גאָריי זיך איבערצוקלויבן קיין פראַמפּאָל. עמעץ לאָזט דעמאָלט פאַלן אַ ווערטל, אַז „דער שוחט וויל אַלע האָבן אין

איין שעכטהויז״. די דייטשן שיקן אַ ספּעציעלע עקספּעדיציע קיין גאָריי, כדי מיט ברוטאַלקייט און מאָרדן אַדורכפירן די איבערזידלונג.

אויך פאַר די פּראַמפּאָלער האָט די געשעעניש אין גאָריי נישט אָנגעזאָגט קיין גוטס. די פאַרצווייפלונג וואַקסט. מע ווייסט נישט וואָס צו טאָן. אין יענער שווערער תקופה קומען זיך צונויף עטלעכע חברים פון פּועלי־ציון (צ.ס.), כדי צו באַטראַכטן די לאַגע. דאָס איז געווען די לעצטע זיצונג פון פּאַרטיי־אַקטיוו אין פּראַמפּאָל, פאָרגעקומען אין דער וווינונג פון אונדזער חבר משה גוטמאַכער. מיר האָבן אַרומגערעדט די פראַגן פון איינ־שטעלן אין די נעכט וואַכן, וואָס זאָלן צוויסן געבן וועגן אָנקום פון דייטשן, כדי דער עולם זאָל זיך קענען באַהאַלטן אין די צוגעגרייטע בונקערס; בנוגע דער יוגנט איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די וואָס ווילן און קענען — זאָלן זיך טרעפן אין נאָענטסטן וואַלד, און דאָס וויכטיקסטע — איינשאַפן זיך געווער.

אין טאָג פון כ״ב חשון — איז געשען דאָס שרעקלעכע. נאָך מיט אַ טאָג פריער, זונטיק, דעם 1טן נאָוועמבער, האָבן מיר באַמערקט ווי גרופּקעס פּאָליאַקן סודען זיך געהיימניספול און וואַרטן אויף עפּעס מיט שפּאַנונג און... הנאה. און זיי האָבן זיך דער־וואַרט. צו מאָרגנס, מאָנטיק, 6 פרי, האָט זיך אָנגעהויבן די לעצטע ליקווידאַציע פון פּראַמפּאָלער יידן. דייטשע מערדער, אוקראַינישע באַנדיטן, פּוילישע אויסוואורפן — אַלע האָבן זיך פאַראייניקט, כדי אומצוברענגען אַן עדה יידן, מיט וועלכע מ׳האָט הונדער־טער יאָרן געלעבט בשכנות.

אין די מיטאָג־שעהן, ווען די מענטשן־חיות האָבן שוין געהאַט צונויפגעזאַמלט דעם רוב אונדזערע ברידער און שוועסטער, זענען געקומען פּויערים פון די אַרומיקע דערפער מיט זייערע פערד־און־וואָגן, אויף וועלכע מ׳האָט די אומגליקלעכע יידן אַוועק־געפירט צו דער נאָענטסטער באַן־סטאַציע זוויעזשיניעץ, און פון דאָרט — קיין בעל־זשעץ. שפּעטער האָט מען די זעלבע פּויערים דערלויבט אומגעשטערט צו פּלינדערן און ראַבעווען דאָס הפקר־געוואָרענע האָב־און־גוטס, וועמענס אייגנטימער מ׳האָט אַוועקגע־שיקט צום פאַרברענען.

ד

אַכט חדשים נאָך דער ליקווידאַציע, האָבן עטלעכע ניצול־געוואָרענע יידישע פאַמי־ליעס זיך אַרומגעוואַלגערט און אַרומגעבלאָנקעט אין דער נאָענטסטער סביבה. ווער ס׳האָט געפונען שוץ ביי פּויערים, ווער אין וואַלד צי אין פעלד, ווער מיט פּאַרטיזאַנער, ווער גאָר — אַלס פּאָליאַקן. צווישן די דאָזיקע שרידים, איז אויך געווען מיין פאַמיליע פון זיבן פּערזאָן.

מיר ליגן באַהאַלטן אין די קאָמאַדזשאָנקער טאָלן, נאָר אַרויסרירן זיך פון באַהעל־טעניש טאָר מען נישט. די גאַנצע געגנט איז אַרומגערינגלט פון דייטשן, וועלכע זוכן

באַהאַלטענע תבואה און פּי פּאַרן קאָנטיגענט. דער הונגער דערגייט אונדז די יאָרן, באַזונדערס פּילט אים דאָס 4יאָריקע קינד, וואָס הערט נישט אויף וויינען און פאָדערן דאָס זייניקע. אין אָנבליק פון דער לאַגע, באַשליס איך און מיינע צוויי שוואָגערס — דער 18יאָריקער יוסף און דער 16יאָריקער הערשל, אַרויסקריכן פון דער באַהעלטעניש, כדי איינשאַפן עסן ביי די אַרומיקע פּויערים. גערעדט און געטאָן: 9 ביי נאַכט לאָזט מען זיך אַוועק אין דאָרף דעשדראָווקע, 4 קילאָמעטער ווייט פון אונדז. מיר קומען אָן צום אָרעמען פּויער פּיאָטר יאַרגעלאָ. ער באַגליקט אונדז מיט 2 פלעשער מילך, אַ פּריש ברויט, עטלעכע ציבעלעס. מיט פרייד קערן מיר זיך אום אין טאָל. יעדער דערכאַפּט זיך דאָס האַרץ.

געשטילט דעם ערשטן הונגער, לייגט פאָר מיין שוויגער ע״ה, אַז מיר דריי זאָלן זיך דערווייטערן אַ ביסל פון איצטיקן אָרט, ווייל מע הערט ווי די דייטשן דרייען זיך נאָענט. מיר קריכן אַריין אין אַ געדיכטן קאָרן־פעלד — און שלאָפן איין. עס איז 2 אַ זייגער ביינאַכט.

ווי לאַנג מיר זענען אַזוי געשלאָפן — ווייס איך נישט. מיר דערהערן מיט אַ מאָל אַ באַפעל: „אויפשטייך!״ עס איז נאָך פינצטער, נאָר מיר אונטערשיידן עטלעכע „גראַנאַ־טענע״ פּאָליציאַנטן מיט פאָלקס־דייטשן, וועלכע שטעלן אָן זייערע ביקסן און דראָען מיט שיסן, אויב מע פאָלגט נישט אויס דעם באַפעל. מיינע צוויי שוואָגערס פאַרלייגט מען קייטעלעך אויף די הענט, פאַר מיר איז געבליבן בלויז אַ פּאַסעק, מיט וועלכן איינער פון די באַנדיטן בינדט מיר די הענט און פירט מיך ווי אַ הונט. אַרום 7 פרי קומען מיר אָן אין אונדזער היימשטעטל פּראַמפּאָל. די פּאָליאַקן זענען צופרידן וואָס מ׳האָט געכאַפּט נאָך עטלעכע אויסבאַהאַלטענע זשידעס. זיי פרייען זיך מיט דער געשעעניש אויפן הויכן קול.

מע פירט אונדז אַריין אין שטאָטישן אַרעסט („קאָזע״). מיין יינגערער שוואָגער (נאָך דעם ווי מ׳האָט יעדן אויפגעבונדן די הענט), צערייסט דאָס געלט וואָס ר׳האָט געהאַט מיט זיך. ער ווערט דערפאַר מוראדיק צעשלאָגן דורך אַ פּאָליציאַנט. אַ צעבלוטיקטן און קרעכצנדיקן, וואַרפט מען אים אַריין אין דער צעלע, ווו איך בין געווען פאַרשפּאַרט מיטן צווייטן שוואָגער. אַלע דריי ליגן מיר אויף דער צעמענט־פּאָדלאָגע, אָן אַ טראָפּן וואַסער און עסן. מיר ווייסן וואָס אונדז דערוואַרט. נאָר מיינע געדאַנקען זענען ביי דער פרוי און קינד, וועלכע זענען געבליבן אין פעלד. זיי ווייסן שוין אַוודאי, אַז מ׳האָט אונדז געכאַפּט און אויס פאַרצווייפלונג, וועט זי מיטן קינד אייגנוויליק זיך צושטעלן קיין פּראַמפּאָל. „פאַר וואָס זאָלן אויך זיי אומקומען?״ — פרעג איך זיך די גאַנצע צייט. אין שפּאַנונג און דערוואַרטונג הער איך זיך צו צו יעדן גערויש אויפן קאָרידאָר, איך ווייס, אַז לאַנג האַלטן דאָ וועט מען נישט.

ווען ס׳איז שוין גוט טונקל געוואָרן, דערהערט זיך דאָס אויפשליסן די טיר פון אונדזער קאַמער. אַ באַפעל, אַז איינער זאָל אַרויסגיין. מיין שוואָגער פאַרלאָזט דער

ערשטער די קאַמער. די טיר פאַרשליסט זיך נאָך אים. עס לויפן פאַרביי עטלעכע מינוטן — און כ׳דערהער אַ שאָס. נישטאָ ביי מיר קיין ספק, אַז יוסף איז געפאַלן פון די רוצחישע הענט. ווידער אַן עפן די טיר: „יעשטשע יעדען!“ („נאָך איינער“) — הערט זיך אַ באַפעל. איך גיי אַרויס און בין צופרידן, וואָס ענדלעך נעמט אַ סוף צו דער לאַגע. מע פירט מיך אַריין אין אַן אַנדערער קאַמער, ווו ס׳ליגט אין אַ קאַלוזשע בלוט מיין שוואָגער. עס איז פינצטער. מע הייסט מיר זיך אויסטאָן. כ׳בלייב שטיין אין דער אונטערוועש. אַ קנאַל פון דער ביקס. איך פאַל אום, נאָר דער קאָפּ אַרבעט, דער געדאַנק איז אַ קלאָרער. דער וואָס האָט געשאָסן, מיטן אַנדערן, פאַרלאָזן די טויטן־קאַמער, כדי אין אַ מינוט אַרום זיך אומקערן מיטן צווייטן שוואָגער, זייער דריטן קרבן. איך הער דייטלעך דעם זעלבן באַפעל וואָס פריער: „אויסטאָן זיך!“. ווידער אַ שאָס — און עס פאַלט אויף מיר אַרויף אַ קערפּער, פון וועלכן עס שטראָמט וואַרעם בלוט. איך וויק אין בלוט — נאָר בין ביים קלאָרן באַוווסטזיין. כ׳ליג צווישן צוויי מתים און הער ווי איינער פון די רוצחים זאָגט:

— דער וואָגן איז שוין דאָ, מע דאַרף זיי אַוועקפירן אויפן צמענטאַזש...

זיי רופן דעם פורמאַן, אַנטוג איז זיין נאָמען. אין שטעטל האָט מען אים געקענט מיט זיין האַלב־געפּגרטער שקאַפּע, ווייל ער האָט געפירט ליים, זאַמד און קאַלך דאָרט

אַנטוג מיט די צוויי פּאָליציאַנטן לייגן אַרויף אויפן וואָגן די דריי בר־מינגס, און ווו מ׳האָט רעמאָנטירט און עפּעס צוגעבויט.

אַזוי ווי מיר זענען געלעגן אין דער טויטן־קאַמער, ד. ה. — איך צווישן ביידע שוואָגערס. איך הער ווי איינער פון זיי כאָרכלט אין דער לעצטער גסיסה. ער לעבט נאָך אויך, נאָר דאָס קול ווערט אַלץ שוואַכער און שוואַכער... אַנטוג גייט פאָרויס, ער שלעפּט דאָס פערד ביים ציימל, אַליין קאָן עס נישט גיין אויפן גלייכן וועג, און באַרג אַרויף — אַוודאי נישט. פון אונטן גייען ביידע פּאָליציאַנטן, אַלע מאָל צינדט ווער פון זיי אָן דאָס עלעקטרישע לעמפּל און באַלייכט דעם וואָגן מיט די דערשאָסענע. מיין מוח אַרבעט אין איין ריכטונג: אַנטלויפן, אַנטלויפן פונעם טויט. אָבער ווי אַזוי? צי איצט זיך אַפּערגליטשן און אַראָפּשפּרינגען פון וואָגן, ווען ס׳איז פינצטער — אָדער זיך לאָזן פאַרשיטן אין קבר, כדי דערנאָך פון דאָרט זיך אַרויסבאַקומען. אפשר וועט דער גרוב נישט זיין קיין טיפער?

ביי אַן אַנדערטהאַלבן שעה האָט געדויערט דער וועג פון אַרעסט ביז צום בית־הקברות. פאַר דער צייט האָב איך געטראַכט וועגן אַנטלויפן, אָבער נישט געזען קיין מעגלעכקייט דאָס צו טאָן. איך האָב גוט געקענט דעם גאַנצן וועג, געוווסט, ווען מיר וועלן אַריינגעפאָרן אויפן בית־עולם. די צוויי פּאָליציאַנטן זענען איצט אַריבער צו אַנטוגן, פאַרפירט מיט אים אַ שמועס. איך באַפריי זיך פון דער לאַסט וואָס ליגט אויף מיר, גליטש זיך פאָרזיכטיק אַראָפּ פון וואָגן — און באַהאַלט זיך אין נאָענטן קאָרן־פעלד. אין עטלעכע מינוט אַרום, נאָך דעם ווי דער סקריפּענדיקער וואָגן האָט זיך אָפּגעשטעלט,

דערהער איך אַ טומל, אַ לויפעניש, לויט די עלעקטרישע לעמפּלעך זע איך, ווי זיי לויפן צוריק אַ שטיק וועג, זוכן, נישטערן, שעלטן און — קומען צוריק צום קבר, ווו זיי האָבן אַריינגעלייגט צוויי מתים. דער דריטער איז פֿאַרשווונדן — און אויך זיי טראָגן זיך אָפּ, באַשליסנדיק אַוודאי קיינעם נישט אויסזאָגן דעם סוד, אַז איין מת איז זיי פֿאַרלאָרן געגאַנגען אויפֿן וועג...

דער דאָזיקער „מת" איז דערווייל אָפּגעזעסן אויפֿן פֿעלד אַ גאַנצע נאַכט. אַז ס'האָט אָנגעהויבן טאָגן, האָט ער מיט וועגן־אומוועגן זיך דערשלאָגן צו דער באַהעלטעניש פֿון זיין פֿאַמיליע. ווער איז אימשטאַנד צו באַשרייבן די באַגעגעניש מיט נאָענטע מענטשן, נאָך אַזאַ נאַכט פֿון שווידער און פּיין? מיין דערציילונג האָט פֿאַר זיי געקלונגען ווי אַן אומגלויבלעכע געשיכטע, עפּעס אַ מיסטעריע, וואָס אויב זי איז געווען אמתדיק, האָט זי געקענט פֿאָרקומען נאָר אין יענער ווירקלעכקייט.

אָבער נישט לאַנג האָט געדויערט די פֿרייד מיט מיין פֿרוי, ביידע קינדער און שוויגער. איין אָוונט לאָז איך זיך אַוועק מיט דער שוויגער אין אַ דאָרף, כדי ברענגען עפּעס עסן פֿאַר די פֿינף הונגעריקע מיילער. אומקערנדיק זיך מיט אַ ביסל פּראָדוקטן, אַנטפּלעקט זיך פֿאַר אונדזערע אויגן אַ שרעקלעך בילד: מיין פֿרוי מיט ביידע קינדער ליגן דערשאָסענע, זייערע קערפּערס זענען נאָך וואַרעם, נאָר אָן אַ סימן פֿון לעבן. דאָס האָבן פּאַליאַקן זיי אַנטדעקט און קאַלטבלוטיק דערמאָרדעט. א סברה, אַז זיי האָבן פֿון לאַנג נאָכשפּיאָנירט און אויסגעפֿונען די באַהעלטעניש.

דער פֿאַרלוסט פֿון דער טאָכטער און אייניקלעך איז פֿאַר מיין שוויגער געווען אַ צו שווערער קלאַפּ. זי האָט אויכן אָרט באַקומען אַ היסטערישן אַטאַק, אַראָפּ פֿון זינען און אַוועק קיין פּראַמפּאַל נקמה נעמען — אין אַליין געפֿאַלן אַ קרבן פֿון די רוצחישע הענט.

נאָך אַ גאַנץ יאָר צייט איז מיר אויסגעקומען אַדורכצומאַכן שבעה מדורי גהינום, ביז כ'האָב דערלעבט די באַפֿרייונג אין יאָר 1944, ווען די רויטע אַרמיי האָט פֿאַרנומען די גאַנצע געגנט.

## פּאַליאַקן האָבן מיך אויסבאַהאַלטן

דאָראַ בריק (קיסלאָוויטש) / רמת־גן

1

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, דעם 1טן סעפּטעמבער 1939, בין איך אַלט געווען $9\frac{1}{2}$ יאָר. פֿאַר מיר, פּונקט ווי פֿאַר אַנדערע קינדער אין מיין עלטער, איז די מלחמה געווען עפּעס אַן „אַנ־ראַקציע" אַ שפּיל, פֿון וועלכן מיר האָבן זיך אַפֿילו גע־

פרייט.. „בענדזשע ווינאַ!‟ — האָבן מיר געשריען. דאָס האָט געמיינט, אַז מיר דערוואַרטן אויסערגעוויינלעכע איבערלעבונגען און ענדערונגען.

איך בין אַ געבוירענע אין פּראַמפּאָל, מיינע עלטערן — יעקב און חוה, האָבן געהאַט אַ סאָדעוואַסער־געוועלבל אין מאַרק. אין יאָר 1937, האָט מיין פּאָטער באַשלאָסן זיך איבערצוקלייבן קיין וואַרשע און דערווייל איבערגעגעבן אויף אַרענדע דאָס געוועלב. ער איז אָבער קראַנק געוואָרן און אָפּגעלעגן עטלעכע חדשים. פונעם פּלאַן צו פאַרלאָזן אויף שטענדיק פּראַמפּאָל — איז גאָר נישט געוואָרן. מיין פאָטער האָט זיך אומגעקערט צוריק אין שטעטל און ביזן אויסברוך פון דער מלחמה, האָט ער שוין געאַרבעט אַלס בלעכער.

מיר איז איצט שווער צו רעקאָנסטרואירן אין געדאַנק אַלע איבערלעבונגען פון די ערשטע סעפּטעמבער־טעג. איך ווייס נאָר, אַז שבת, דעם 2טן סעפּטעמבער, צו מאָרגנס נאָך היטלערס אָנפאַל אויף פּוילן, האָט מיין גאַנצע משפּחה פאַרלאָזט פּראַמפּאָל און צו פוס אַוועק אין אַ דאָרף, נישט ווייט פון שטעטל. מיינע עלטערן, די פיר ברידער (זעליג, שמעון, סאַנע און לייבל) און איך, האָבן גענומען אַ ביסל זאַכן און זיך געלאָזט אין דאָרף אַריין. מיין עלטסטער ברודער, אברהם, האָט זיך געפונען אין וואַרשע און דאָרט האָט אים פאַרכאַפּט די מלחמה.

נאָך עטלעכע שעה וואַנדערן, זענען מיר אָנגעקומען צו אַ באַקאַנטן פויער. ביי טאָג זענען מיר געווען אין סאָד, אין די נעכט זענען מיר געשלאָפן אין אַ סטאָדאָלע. אַזוי האָט עס געדויערט צוויי וואָכן צייט. ביז מ׳האָט געשמועסט אין דאָרף, אַז די דייטשן זענען שוין דאָ אין פּראַמפּאָל. טאָ ווי לאַנג וועט דויערן, אַז זיי וועלן אויך קומען אין אונדזער דאָרף?

מיינע עלטערן באַשליסן צו לויפן ווייטער. אומקערן זיך קיין פּראַמפּאָל — האָט נישט קיין זינען. ערשטנס, זענען שוין דאָרט געווען די היטלעריסטישע רוצחים. צווייטנס, איז דאָס שטעטל אָפּגעברענט צוליב די אָפטע באָמבאַרדירונגען. איז מען אַוועק קיין טאַרנאָגרוד, וווּ עס האָבן זיך געפונען אונדזערע קרובים. זיי האָבן אונדז גוט אויפגענומען. ווי אַ צייטווייליקע אכסניה פאַר מלחמה־פּליטים, האָט דאָס שטעטל טאַרנאָגרוד זיך אויסגעוויזן אידעאַל. אָבער — נישט אויף לאַנג. מיט צוויי וואָכן שפּעטער זענען אַהער געקומען די רוסן און מיר באַשליסן אַריבערצופאָרן קיין זאַמאָשטש. אויף אַ מיליטערישן אויטאָ פון דער רויטער אַרמיי האָבן מיר זיך איבערגעקליבן קיין זאַמאָשטש, אין אַ דירה אויף סטאַשיצאַ 19, וואָס די סאָוויעטישע מאַכט האָט אונדז געגעבן.

דאָ האָט אונדז געטראָפן אַן אָנגענעמע איבעראַשונג. צופעליק האָט אין גאָס באַגעגנט מיין פאָטער אַ סאָוויעטישער נאַטשאַלניק, וועלכער האָט אים דערקענט נאָך אַלס זעלנער פונעם ערשטן וועלט־קריג, ווען זיי האָבן געקעמפט אויפן עסטרייכישן פראָנט. דער דאָזיקער נאַטשאַלניק האָט שטאַרק צוגערעדט מיינע עלטערן צו פאָרן קיין רוסלאַנד, דאָרט וועט אונדז גאָר נישט פעלן און דאָס וויכטיקסטע — ער איז גרייט אונדז צו העלפן אין דעם אַריבערפאָר.

מיין טאַטע־מאַמע האָבן זיך געלאָזט צוריידן, בפרט נאָך, אַז די לאַגע דעמאָלט אין פּוילן איז געווען אַזאַ, אַז ס׳האָט זיך געוואָלט וואָס ווייטער געפינען פון דעם מלחמה־כאַאָס און פיבער. מיר האָבן שוין געפּאַקט דאָס ביסל אָרעמקייט און גרייט געווען צו פאַרלאָזן זאַמאָשטש — ביז מיין פאָטער האָט זיך געטראָפן מיט זיינעם אַ ידיד פון פראַמפּאָל, אַשענבערג, וועלכער האָט גענומען שטאַרק אָפּרעדן פון דער נסיעה קיין רוסלאַנד. אַשענבערג האָט געטענהט, אַז ס׳האָט נישט קיין זין צו פאָרן אַזאַ וייטן וועג מיט פינף קינדער — און איין זון איבערלאָזן אין פּוילן. בעסער פאַרבלייבן אין זאַמאָשטש, די מלחמה וועט זיך ענדיקן און אויך צו אונדזער נע־ונד וועט נעמען אַ סוף.

מיין פאָטער האָט זיך געלאָזט איבערצייגן — און פונעם גאַנצן פּלאַן צו פאָרן קיין רוסלאַנד — איז גאָר נישט געוואָרן.

אין אַ וואָך אַרום איז פעסטגעשטעלט געוואָרן די דעמאַרקאַציע־ליניע צווישן דייטשלאַנד און רוסלאַנד. די רויטע אַרמיי האָט זיך צוריק געצויגן אויף דער צווייטער זייט פון טייך בוג — און די דייטשן זענען אַריין קיין זאַמאָשטש.

וועגן פאַרלאָזן איצט די שטאָט האָבן מיר אַפילו נישט געקענט טראַכטן.

2

באַלד אויפן צווייטן טאָג, ווי נאָר די פאָן מיטן האַקנקרייץ האָט גענומען פלאַטערן אין שטאָט, האָבן זיך אָנגעהויבן די אַנטי־יידישע רדיפות. יעדער ייד אין גאַס איז באַפאַלן און געשלאָגן געוואָרן פון די דייטשן. געשלאָגן האָט מען פאַר כלומרשט שלעכטן אָרונ־טערנעמען דאָס היטל, פאַר נישט ריכטיק גיין, פאַר נישט צו פיל בוקן זיך צום דייטש. נאָך די שיקאַנעס, האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן די צרות. עס האָט נישט גענומען קיין סך צייט, מען האָט אָנגעהויבן כאַפּן יידישע יוגנטלעכע צו צוואַנגס־אַרבעט. דערביי האָט מען נישט געקאַרגט קיין קלעפּ און זידלערייען.

מיין פאָטער, וועלכער האָט געקענט גוט דייטש און פּויליש, האָט געאַרבעט אַלס איבערזעצער אינעם דייטשן אַרבעטס־אַמט. דער לוין וואָס ער האָט באַקומען, האָט לגמרי נישט געסטייעט אויף צו דערנערן אונדזער משפחה, בפרט נאָך אין יענע צייטן, ווען דער דייטש האָט איינגעפירט אַ שטרענגע רעגלאַמענטאַציע אויף עסנוואַרג. די פּראָדוקטן וואָס מען האָט דערלויבט יידן צו געבן לויטן צוטייל, זענען לכתחילה געווען אַ הונגער־נאָרמע פאַר יעדן איינעם.

אין יענע טעג האָבן מיר איבערגעלעבט אַ ביסל פרייד. אומגעריכט איז אונדזער עלטסטער ברודער, אברהם, געקומען צו פאָרן פון וואַרשע. יידן האָבן נישט געקענט פריי פאָרן אויף די באַנען, האָט ער זיך איינגעשאַפט אַ פּוילישן דאָקומענט און אַזוי אַרום זיך אומגעקערט צו טאַטע־מאַמע און משפחה. מיר האָבן באַוויזן מיט אים זיך אָנצופרייען אַ צווי טעג — און מע האָט אים צוגענומען אויף צוואַנגס־אַרבעט.

מיט עסן איז געוואָרן אַלץ ערגער און ערגער. אויב די פּאָליאַקן האָבן נאָך געקענט

זיך עפּעס איינקויפן, הגם זיי האָבן געמוזט פון באַגינען שטיין אין לאַנגע רייען — איז אויך דער דאָזיקער וועג געווען אָפּגעשלאָסן פאַר יידן. אַזוי ווי איך האָב אַלס קינד נאָך נישט געטראָגן די געלע לאַטע, וואָס אַלע דערוואַקסענע יידן האָבן געמוזט האָבן אָנגעניייט פון פאָרנט, האָב איך פון 5 פאַרטאָג, אין אַ קעלט און פראָסט, זיך אַוועקגעשטעלט אין דער ריי נאָך אַ שטיקל ברויט, צי נאָך אַ ביסל זאַלץ.

נאָך נישט באַוויזן זיך אָפּצוטרייסלען פון דער טאָג־טעגלעכער זאָרג פאַרן שטיקל ברויט, אָדער אַז די קינדער זאָלן נישט אַוועקגענומען ווערן אויף צוואַנגס־אַרבעט, צי גאָר אויסמיידן די אַלע נגישות און רדיפות — האָט זיך אָנגערוקט אַ נייע צרה: דייטשן און פאָלקס־דייטשן האָבן אָנגעהויבן גיין איבער די יידישע שטובן, פון דאָרט אַרויסגענומען עלטערע מענטשן און קינדער — און זיי אַוועקגעשיקט. דעמאָלט האָבן מיר נישט געוווּסט ווו אַהין... נאָר אויך אין יענער צייט זענען זיי פאַרשווונדן פון אונדזערע אויגן אויף שטענדיק.

די דאָזיקע מלאכה פון אַרויסנעמען יידן פון די שטובן, איז די דייטשן אָנגעקומען נישט שווער. צו יענער צייט האָבן זיי געהאַט פאַרטריבן די יידן פון די צענטראַלע גאַסן אין זאַמאָשטש און זיי פאַרשטויסן אין אַ באַגרענעצן ווויִן־קוואַרטאַל, אין ענגע, שמוציקע געסלעך. אַ דאַנק דער באַשעפטיקונג פון מיין פאָטער, האָבן מיר נאָך אַ שטיקל צייט געוווּינט אויף דער סטאַשיצאַ און נישט געטיילט דעם גורל פון די אַנדערע יידן, וועלכע מ׳האָט צונויפגעדרענגט אין עטלעכע געסלעך. ס׳איז אָבער געקומען דער מאָמענט, אַז אויך מיר האָבן געמוזט פאַרלאָזן דאָס אָרט — און מיינע עלטערן האָבן דערפילט, אַז אונדזער גורל וועט נישט זיין קיין בעסערער פון די אַנדערע יידן. זיי באַשליסן דעמאָלט מיך, דאָס יינגסטע קינד, אַוועקצוגעבן צו אַ קריסטלעכער פאַמיליע אין איינער פון די פאָרשטעט אין זאַמאָשטש.

3

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איבערגעבן מיך צו אַ קריסטלעכער פאַמיליע איז געווען פאַרבונדן מיטן אַן אָפּצאָל. גלייכצייטיק האָבן אַ ריי פּאָליאַקן זיך געווענדט צו דער דייטשער מאַכט, מ׳זאָל זיי דערלויבן האַלטן קינדער צו געהילפס־אַרבעטן אין שטוב, צי אין דער ווירטשאַפט. איך האָב געניאַנטשעט אַ קינד, געשיילט קאַרטאָפל, געוואַשן פּאָדלאָגעס, געהאַקט האָלץ — אָבער געווען צופרידן, וואָס כ׳בין אויסערן געטאָ און אַז יעדן זונטיק קען איך באַזוכן די עלטערן און מיט זיי זיך פרייען.

אין האַרבסט 1941 איז אין זאַמאָשטש געשאַפן געוואָרן דאָס געטאָ. מיינע עלטערן האָט מען דערלויבט אַריבער צו פאָרן קיין קאָמאַראָוו, ווו קיין געטאָ איז נאָך נישט געווען. פון מיר איז אָבער אַוועקגענומען געוואָרן די מעגלעכקייט צו זען זיך מיט זיי. כ׳האָב דערפון שטאַרק געליטן, ספּעציעל יעדן זונטיק. כ׳האָב דעמאָלט אַ סך געוויינט. האָט מיין פאָטער מיך איינגעאָרדנט ביי אַ פּויער נישט ווייט פון קאָמאַראָוו, אַז כ׳האָב אַפילו געקענט גיין אַ היין צופוס און זיך טרעפן מיט טאַטע־מאַמע.

שפּעטער האָט מען אויך אין קאָמאַראָוו געשאָפן אַ געטאָ. מיין פאָטער האָט נאָך געאַרבעט אין אַרבעטס־אַמט, אָבער געוווינט אין געטאָ און געליטן גלייך מיט אַלע. איך פלעג יעדן זונטיק פאַרגנבענען זיך אין געטאָ און ברענגען עטלעכע קאַרטאָפל מיט אַ ביסל פעטס, צי קאַשע און מעל פאַר מיין משפחה. די פויערים, ביי וועלכע כ'בין געווען, האָבן זיך גוט באַצויגן צו מיר. אָבער נאָך יעדן צוזאַמענטרעף מיט די עלטערן, האָב איך נישט געוואָלט פון זיי אַוועקגיין. כ'האָב מיט זיי איינגעטענהט:

— איר ווילט מיך לאָזן לעבן. אָבער וואָס וועט זיין מיט אייך אַלע?

ענדע 1942 האָבן זיך פאַרשפּרייט עקשנותדיקע קלאַנגען וועגן „ווישעדלעניעס" און פאַרניכטונגען אויף די ערטער אין פאַרשידענע שטעטלעך פון דער געגנט, ווי: שעב־רעשין, בילגאָריי און אַנדערע. איצט וועט אַוודאי קומען די ריי אויף קאָמאַראָוו.

יענעם ווינטערדיקן טאָג, אין אַ זונטיק, בין איך אַוועק אין שטעטל. דער טאָג איז געווען אַ שיינער, די זון האָט געלויכטן. בלויז אין קאָמאַראָווער געטאָ האָט געהערשט פינצטערניש, טרויער, יאוש. מיינע עלטערן האָב איך געטראָפן וויינענדיקע, פאַרצווייפלטע. דאָס קלענסטע ברודערל, זעקס יאָר אַלט, האָט זיך ביי מיר געבעטן:

— דאַרקאַ, וועזש מניע זע סאָבאָן, יאַ כצען זיטש!... (דאַרקע, נעם מיך מיט זיך, כ'וויל לעבן!...).

מיין פאָטער האָט געכליפּעט:

— נאָך וואָס ביסטו געקומען? דו ריזיקירסט מיטן לעבן...

און מיין מאַמע האָט זיך אָנגערופן:

— איך מיין, אַז דו זעסט אונדז דאָס לעצטע מאָל. איך וועל מער נישט לעבן, טו זיך אָן און פאָר צוריק צום גוי.

איך האָב זיך נישט געקענט באַהערשן, אויסגעבראָכן אין אַ געוויין:

— איך בלייב, כ'וויל שטאַרבן מיט אַלע.

מיין פאָטער האָט כלומרשט מסכים געווען, נאָר געבעטן כ'זאָל צוריק פאָרן, כ'האָב דאָרט מיינע זאַכן. ער האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז מאָרגן, מאָנטיק, איז אַ גרויסער „אָדפּוסט", די פויערים קומען אין שטעטל, כ'וועל קענען צוריק קומען קיין קאָמאַראָוו.

כ'בין נאָך דעמאָלט געווען צו יונג אויף צו האָבן געגוג ווילן זיך אָקעגנצושטעלן דעם פאַרלאַנג פון טאַטן. כ'בין צוריק אַוועק אין דערפל, צו מיין פויער. נאָר יענע נאַכט בין איך נישט געשלאָפן. בייזע חלומות און האַלוצינאַציעס האָבן מיך פאַרפאָלגט אַ גאַנצע נאַכט.

ענדלעך דערלעבט דעם באַגינען. אין דרויסן האָט שוין אָנגעהויבן טאָגן. צו מיינע אויערן דערטראָגן זיך שיסערייען און געשרייען, אויסגעמישט מיט אַ הויך, יאָמערלעך געוויין. דערנאָך איז געקומען דער סאָלטיס און דערציילט, אַז קאָמאַראָוו איז אַרומגערינגלט, ער מוז מיך פון דאַנען אַוועקשיקן...

דער פויער זאָגט מיר:

— דאָרקאַ, מאָזשעש אַדעישטש!... (דאָרקע, קענסט אַוועקגיין...).

ווי אַ משוגענע האָב איך זיך געלאָזט לויפן פון דאָרף. מיך ציט גראָד צום ברענענ־דיקן שטעטל, דאָרט ווו עס געפינט זיך מיין טאַטע־מאַמע און ברידער. מיט אַ מאָל דער־הער איך אַ געשריי און אַ וואָרענונג אין פויליש:

— שטוי, ווי לויפסטו, קינד? גיי צוריק. דאָרט ברענט דאָס גאַנצע שטעטל. מע פאַרטרייבט די יידן...

ווי אַן אויטאָמאַט בלייב איך שטיין. קוק זיך אַפילו נישט אום ווער ס׳האָט צו מיר גערעדט און געוואָרנט. איך געפין זיך אין מיטן אַ פעלד. כ׳דערזע אַ סטויג היי און קריך אַריין אינעווייניק. כ׳בין דאָרט געלעגן ביז נאַכט.

4

אַז ס׳איז געוואָרן פינצטער, באַשליס איך אַרויסצוקריכן פונעם היי און זיך לאָזן ווידער אין וועג אַריין. איך באַגעגן אַ מיידעלע אין מיין עלטער, רבקה פון קאָמאַראָוו. זי דערפרייט זיך מיט מיר:

— דו לעבסט? איך אויך... נישט ווייט פון דאַנען, אין אַ דאָרף, געפינט זיך מיין ברודער.

מיר גייען ביידע אַ גאַנצע נאַכט. פאַרטאָג איז מען אָנגעקומען אין אַ דאָרף אוז געטראָפן דעם מיידעלעס מוטער מיט אירע דריי ברידער, וועלכע זענען געהאַט אַנט־לאָפן פון קאָמאַראָווער געטאָ. איך פרעג זיי:

— אפשר ווייסט איר עפּעס פון מיין משפּחה?

— ניין, גאָר נישט!

— כ׳בעט אייך, נעמט מיך מיט ווו איר גייט. כ׳בין נאָך אַ קינד. מיט אייך וועל איך זיך פילן זיכערער.

זיי האָבן אָפּגעזאָגט. עס פעלט זיי גאָר נישט אײן צו נעמען אויף זיך אַזאַ לאַסט, ווי נאָך אַ קינד. בלית־ברירה לאָז איך זיך ווידער אַוועק אין וואַנדער. עס איז שוין שפּעטע נאַכט, כ׳קום צו צו אַ פאָלוואַרק און דערזע עטלעכע פּאַראָבקעס. איך בעט ביי זיי אַ נאַכטלעגער און דערנאָך זאָלן זיי מיר ווייזן דעם וועג קיין קאָמאַראָוו. איינער פון די אַר־בעטער רופט זיך אָפּ:

— הער, קינד, אַ משוגענעם הונט מעג מען אַריינלאָזן? אַזוי מיט דיר! ביסט דאָך אַ זשידוווע. טראָג זיך אָפּ פון דאַנען כל־זמן דו ביסט גאַנץ.

איך טראָג זיך אָפּ. אָבער נישט ווייט. כ׳קריך אַריין אין אַ סטערטע שטרוי. זאָל נאָר ווערן ליכטיק, גיי איך צוריק אין שטאָט, צום טויט... איך הער רעדן דייטש:

— היער זינד יודען?

איך קוק אַרויס דורך דעם שטרוי. דער אייגנטימער פון פּאַלוואַרק ענטפערט די דייטשן, אַז ער האַלט נישט ביי זיך קיין יידן, אויב זיי גלייבן נישט — זאָלן זיי זוכן.

און זיי נעמען זוכן. קודם אינעם שטרוי. די סטערטע ווערט אויף עטלעכע ערטער דורכגעשטאָכן מיט באַגנעטן. זיי גייען אַוועק — און איך בין דערווייל געבליבן לעבן.

מיט אַ מאָל דערהער איך ווי עמעץ נישטערט אינעם שטרוי. דער זעלבער אַרבע־טער וואָס האָט מיך פאַרטריבן, געפינט מיך אין דער סטערטע און שרייט אויס:

— יעזוס מאַריאַ, לעבסט נאָך? ליג נאָך דאָ אַ ביסל, דערנאָך וועסטו גיין, אַז די דייטשן וועלן זיך אָפּטראָגן.

ער איז אַוועק, נאָר כ׳האָב אים נישט געגלייבט, אַז ער מיינט מיין טובה. ער האָט אַ ברירה מיך אויסצוגעבן. ווי נאָר ר׳איז פאַרשוווּנדן, בין איך אַרויסגעקראָכן פון דער סטערטע — און אַוועק אין נאָענטן וואַלד, זיך אַוועקגעזעצט אונטער אַ בוים און שעהן לאַנג געזעסן דאָרט אַ רעזיגנירטע, פאַרצווייפלטע און גלייכגילטיקע צו אַלעמען.

נאָכן אָפּזיצן אַזוי עטלעכע שעה, ס׳איז געוואָרן פאַר נאַכט, דערהער איך רעדן יידיש. כ׳בין אַוועק אין יענער ריכטונג און געטראָפן עטלעכע יידן פון קאָמאַראָוו, צווישן זיי — די משפחה פונעם מיידעלע, מיט וועלכער כ׳האָב זיך נעכטן באַגעגנט. איך בעט זיי ווידער מיך מיטנעמען, אָדער אַרויספירן אויף אַ וועג. איצט ענטפערן זיי שוין גאָר נישט, נאָר איינער פון די ברידער הייבט אָן מיך מערדערלעך שלאָגן, איך שפּיי אויס צוויי ציין... אַ פאַרחלשטע, צעבלוטיקטע און צעטומלטע, בלייב איך ליגן אין וואַלד. ווי לאַנג כ׳בין געווען אין אַזאַ צושטאַנד — ווייס איך נישט. אַז כ׳בין אַ ביסל געקומען צו זיך, דערפיל איך ווי מיין פּנים ווערט באַלויכטן מיט אַן עלעקטריש לעמפּל. דריי פּאָליאַקן בייגן זיך אָן צו מיר — און איינער זאָגט מיט פרייד:

— געפּאַקט אַ יידישקע. צען קילאָ צוקער.

מיט אַ שוואַך קול רוף איך זיך אָן:

— דערהרגעט מיך אויפן אָרט. צו וואָס איבערגעבן אין געסטאַפּאָ?

דער עלטערער פּאָליאַק פון דער חברותא הייסט מיך אויפהייבן. ער זאָגט:

— אַזאַ קינד?! לאָזט איר גיין. וואָס איז זי שולדיק? איך נעם זי צו זיך. אייער חלק צוקער וועל איך געבן...

די צוויי יונגע פּאָליאַקן בלייבן אין וואַלד. מן הסתם ווייטער אָנצוגיין מיט זייער געיעג אויף יידן. מיין רעטער לאָזט זיך מיט מיר אין וועג אַריין. מיר גייען אַ גאַנצע נאַכט. ער האָט מיר געגעבן אָנצוטאָן זיינע ווילאָקעס, עטלעכע מאָל גענומען אויף די פּלייצעס. ענדלעך צוגעקומען צו אַ כאַטע.

— איצט איז געפערלעך דיך אַריינצונעמען אין שטוב אַריין. גיי דערווייל אויפן בוידעם און לייג זיך אַוועק. כ׳וועל עפּעס צוטראַכטן אַ מעשה, דערנאָך וועט מען זען.

און ער האָט צוגעטראַכט, אַז כ׳בין אַ פּוילישע, אַ יתומה, די מלחמה־זאַוויערוכע האָט מיך פאַרטראָגן אַהער. אַזוי ווי זיי האָבן נישט קיין קינדער, וועט ער פּועלן ביים

ווייב מיך צו האַלטן אין שטוב. דערוויַיל האָט ער מיר מיטגעגעבן אויפֿן בוידעם אַ קישן, צוויי עפּל מיט אַ מעסער, ברויט. ער האָט צוגעזאָגט אין דער פֿרי מיך אַרייַנצונעמען אין שטוב.

איך געדענק שוין נישט ביי וועלכער געלעגנהייט, נאָר כ׳האָב פֿאַר דער פּויערטע דערציילט, אַז כ׳בין אַ יידיש מיידל. זי האָט נישט געוואָלט הערן מער וועגן האַלטן מיך. בפֿרט נאָך, אַז דער סאָלטיס האָט כסדר געוואָרנט פֿאַרן אויסבאַהאַלטן יידן.

5

דער ווינטער האָט זיך דערנענטערט. די פֿראָסט און קעלט האָבן געטריבן די יידן פֿון וואַלד, זיי האָבן געזוכט שוץ אין דאָרף. די אומגליקלעכע האָבן געלאָזן אינעם שניי זייערע פֿוס־אָפּדריקן. מיין בעל־הבית, פּונקט ווי אַלע פּויערים אין דאָרף, האָבן מורא באַקומען פֿאַר דייטשע נקמה־אַקטן. ער זאָגט צו מיר:

— קינד מיינס, וועסט מוזן פֿון דאַנען אַוועק. ווי נאָר ס׳וועט זיך איינשטילן, נעם איך דיך צוריק. איצט אָבער איז די לאַגע געפֿערלעך. נאַדיר מיט עסן און וועג אַריין, נישט וויַיט איז אַ וואַלד, באַהאַלט זיך דאָרט. דערנאָך, אָדער קומסט אַליין, אָדער כ׳וועל דיך שוין אויפֿזוכן. נאָר זיי פֿאַרזיכטיק. פֿאַראַן אין וואַלד הונגעריקע יידן, זיי קענען דיר צונעמען דאָס עסן.

כ׳האָב קוים זיך דערשלעפּט אין וואַלד — ווידער זיך אַוועקגעזעצט אונטער אַ בוים. כ׳הער טריט און ריידן יידיש. דאָס האָט אַ מאַמע מיט אירס אַ יינגל (ביידע פֿון פּראַמפּאָל, נאָר כ׳געדענק נישט איצט זייערע נעמען) אַרומגעבלאָנקעט איבערן וואַלד. די מוטער האָט אויסגעזען ווי אַ גוססדיקע, מ׳האָט קוים געהערט וואָס זי רעדט. דאָס יינגל האָט מיך דערקענט, נאָר אָנשטאָט זיך דערפֿרייען, האָט ער זיך יאָמערלעך צעוויינט.

— דאָרקע, נאָך וואָס ביסטו געקומען אַהער?!

איך האָב זיך אויך צעכליפּעט...

— דו ווייסט, דיין ברודער לעבט! ער איז דאָ אין וואַלד. איך רוף אים שוין, — זאָגט צו מיר דאָס יינגל.

אין 15 מינוט אַרום איז פֿאָרגעקומען די רירנדיקע באַגעגעניש צווישן מיר און מיין ברודער.

— נעם מיך מיט... — זאָג איך אַ פֿאַרצווייפֿלטע.

— כ׳קען נישט.

ער נעמט אַרויס פֿון טאַש זיינס אַ בילד מיט הונדערט זלאָטעס.

— גיי קיין זאַמאָשטש, אפֿשר וועט דער געלונגען דאָרט זיך צו ראַטעווען.

עס דערהערט זיך אַ פֿייף. מיין ברודער טראָגט זיך שנעל אָפּ, פֿאַרשווינדט. אַוועק פֿון וואַנען ר׳איז געקומען...

איך בלייב אַליין אין וואַלד. עס ווערט פֿינצטער. איצט גיין האָט נישט קיין זין.

כ׳וועל וואַרטן ביז אין דער פרי. ווידער זיץ איך אונטער אַ בוים. איבערן וואַלד קייקלען זיך אַדורך עטלעכע דונערן, פון צייט צו צייט בליצט. מיט אַ מאָל לאָזט זיך אַראָפּ אַ שלאַקס־רעגן. פון הימל פלייצט אַזוי עטלעכע שעה. איך בין דורכגעווייקט, אַ צאַן קלאַפּט אין אַ צאַן. פאַר טאָג האָט די זון אויפגעשיינט און גענומען וואַרעמען מיט אירע שטראַלן. איך הייב זיך אויף מיטן פעסטן באַשלוס: גיין קיין זאַמאָשטש.

איך דערזען לעבן זיך אַ מיידעלע. זי פרעגט מיך אַ ציטערדיקע:

— ווו גייסטו?

— קיין זאַמאָשטש.

— איך גיי אויך!

און ביידע לאָזן מיר זיך אין וועג אַריין. נאָר מיר דערהערן נאָענט אַ טיפן קרעכץ און דערנאָך — אַ כאָרכלען. איך פרעג דעם מיידעלע וואָס באַדייט דאָס? זי ענטפערט, אַז איר טאַטע גוססט דאָ אין וואַלד, נישט ווייט. זי וויל בלייבן ביי אים ביז דער לעצטער מינוט, אפשר בין איך גרייט צו וואַרטן מיטן אַרויסמאַרש, ביז... דער טאַטע וועט שטאַרבן, זי קען אים נישט אַזוי לאָזן. איך גיב איר צו פאַרשטיין, אַז יעדע מינוט אין וואַלד דראָט מיט טויזנטער געפאַרן, אויב זי האָט באַשלאָסן אַוועקצוגיין קיין זאַמאָשטש — דאַרף זי עס טאָן שוין איצט, צוזאַמען מיט מיר. דאָס מיידעלע גייט צו צום גוססדיקן פאָטער, גיט אים אַ קוש אין שטערן און לויפט אַוועק מיט אַ געוויין.

מיט וועגן און שטעגן גייען מיר, צוויי כלומרשט דאָרפישע שיקסלעך. דער וועג קיין זאַמאָשטש פירט אָבער דורך קאַמאַראָוו — און מיר האָבן מורא אַריינצוגיין אין שטעטל. נאָך אין וואַלד האָבן מיר געהערט, אַז דאָרט ליגן נאָך טויטע אויף די גאַסן. קיין אַנדערער וועג איז אָבער נישטאָ.

אויפן וועג האָט אַלע מאָל אַן אַנדערער פויער רחמנות באַקומען און אונדז צוגעוואָרפן אַ מייערל, אַ בורעקל, אַ שטיקל ברויט. צוקומענדיק צו קאַמאַראָוו, זאָג איך צו מיין חברטע:

— לאָמיר זיך צעשיידן. אַז מע וועט בשלום אַרויס פון שטעטל, וועט מען זיך ווידער טרעפן אויפן פעלד און ווייטער מאַרשירן צוזאַמען. נאָר דאָ איז געפערלעך מען זאָל אונדז ביידע טרעפן צוזאַמען.

דאָס מיידל איז מיט מיר איינשטימיק. מיר צעשיידן זיך.

די גאַסן פון שטעטל — אויסגעשטאָרבענע, אַ ריח פון טויטע טראָגט זיך פון יעדער שטוב. מע זעט, אַז ערשט מיט אַ טאָג־צוויי צוריק איז דאָ פאָרגעקומען די גרויסע שחיטה און אויסזידלונג. מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ גיי איך איבערן שטעטלשן בית־עלמין. מיט אַ מאָל קומט מיר אַנטקעגן אַ דייטש מיט אַ גרויסן הונט.

— יודע, זשידוווקאַ?

איך ענטפער אים אויף פויליש, אַז כ׳קום פון דאָרף, מע האָט מיך געשיקט עפּעס ברענגען פון שטעטל. דער הונט באַשמעקט מיך — און רעאַגירט נישט. דער דייטש

לאָזט מיך אַוועקגיין. נאָכן אָפּגיין עטלעכע טריט, דערהער איך דריי שאָסן. נישט אַנדערש, דער מערדער האָט דערשאָסן דאָס מיידל, מיט וועלכער כ׳האָב זיך אָפּגערעדט צו טרעפן אויסער דער שטאָט.

6

צוויי וואָכן האָט געדויערט מיין מאַרש צו פוס קיין זאַמאָשטש. וואָס איך האָב אַדורכגעמאַכט אויף דעם לאַנגן וועג — איז אוממעגלעך צו באַשרייבן. אין שטאָט בין איך אָנגעקומען אַלס האַניאַ דוביעלוווּנאַ. מיין ברודער האָט נאָך ביי דער ערשטער באַגעגעניש מיר געזאָגט, אַז אויף סטאַשיצאַ 19 וווינט אַלס אַריערין די פּראָמפּאַלער פרוי רייזל אַשענבערג. איר גויישער נאָמען איז מיר נישט געווען באַוווּסט, נאָר כ׳האָב זיך דערמאָנט, אַז אין דעם זעלבן הויז געפינט זיך די קריסטלעכע דינסט פון אַ יידישער פאַמיליע, וועלכע האָט באַוויזן אין יאָר 1940 אַוועקצופאָרן קיין רוסלאַנד. וולאַדיסלאַוואַ קאַראַבינעווונאַ איז איר נאָמען. זי האָט זיך מיט מיר דערפרייט, האַרציק אויפגענומען, צוגעגרייט אַ וואַנע, געגעבן אָפּצועסן און דערקלערט:

— וועסט ביי מיר זיין ווי לאַנג דו וועסט נאָר ווען.

זי הייסט מיך לייגן זיך אין בעט, נאָר זאָגט אָן, אַז זי גייט אַוועק אויף ביי נאַכט. זי וועט מיך פון דרויסן פאַרשליסן; אויב עמעץ וועט קלאַפּן — זאָל איך נישט רעאַגירן, גלייך קיינער איז נישטאָ אין שטוב.

אַז כ׳האָב זיך אין דער פרי איבערגעוועקט, דערזע איך, אַז קיינער איז נישטאָ אין שטוב. ביסלעכווייז הייב איך זיך אָן דערמאָנען ביי וועמען כ׳געפין זיך. קוים באַוויזן זיך אָנצוטאָן — און מיין רעטערין קומט אָן. זי דערקלערט אָן צערעמאָניעס:

— כ׳באַדויער זייער, נאָר וועסט נישט קענען ביי מיר בלייבן. פרעג נישט פאַר וואָס. דו רעדסט אַ גוטן פויליש, ביסט ענלעך צו אַ פּוילישער — וועסט זיך אַרויסדרייען פון די אַלע צרות. גיי, מיין, קינד — מיט הצלחה...

איך בין אַוועק פון זאַמאָשטש. אָנגעקומען אין אַ קליין דערפל, אָנגעקלאַפּט אין דער ערשטער טיר און געבעטן — אַרבעט.

— אַזאַ קינד און וויל שוין אַרבעטן? נאָר מיר האָבן אַליין נישט צו עסן, מיט וואָס וועל איך דיך אָנהאָדעווען? מיר גיבן אַלץ אַוועק פאַרן קאָנטיגענט. די פאַרשאָלטענע דייטשן נעמען אַלץ צו.

איך באַשליס אַוועקצולאָזן זיך קיין בילגאָריי. דאָרט וווינט מיין קוזינקע חנה באַק־סענבוים. נאָר ווי אַזוי קומט מען אַהין? כ׳קום צו צום הויפּט־שאָסיי. עס קומט אָן אַ לאַסט־אויטאָ מיט פאָלקס־דייטשן. איך בעט, זיי זאָלן מיך מיטנעמען קיין שעברעשין. אָן פראַגן ציען זיי מיך אַרויף אויפן אויטאָ. מיר קומען אַריין אין שטאָט. עס איז שוין פינצטער, קאַלט. ווייטער זיך לאָזן אין וועג אַריין, קומט נישט אין באַטראַכט. איך קלאַפּ אָן אין אַ הויז, כ׳בעט מיר דערלויבן איבערצונעכטיקן. דער פּאַליאַק איז מסכים, ער מוז אָבער מעלדן דער פּאָליציי. רופט זיך אָן זיין פרוי:

— לאָז געמאַך, זעסט דאָך ס׳איז אַ קינד.

זי האָט מיך געהייסן בלייבן איבער נאַכט. אין דער פרי האָב איך באַקומען פון איר אַ פּאָר זאָקן, אַ סוועטער, אַ זאַטן פּרישטיק — און דער בעל־הבית האָט מיך צוגעפירט אַ שטיקל וועג. איך לאָז זיך צו דער באַן־סטאַציע. מיט אַ מאָל קומען מיר אַנטקעגן עטלעכע פּאָליאַקן און איינער גיט אַ געשריי:

— זשידוווא שיען קרענטשי... (אַ ייִדישקע דרייט זיך אַרום).

איינער שפּרינגט צו מיר צו און פרעגט:

— ביסט אַ ייִדישקע?

איך פאַרליר זיך נישט און ענטפער מיט חוצפּה:

— כ׳זע דען אויס ווי אַזעלכע?

— פון וואַנען קומסטו, וווּ אַהין פאָרסטו?

— כ׳פאָר צוריק קיין בילגאָריי, דאָרט וווין איך. געווען אין זאַמאָשטש.

— מיר האָבן שוין זעקס זשידוועס, זי וועט זיין די זיבעטע... קום מיט אונדז. מיר טעלעפאָנירן קיין בילגאָריי, איבערצייגן זיך צי דו זאָגסט דעם אמת.

עטלעכע טריט פאַרן דייטשן אַרבעטס־אַמט, באַווייזט זיך פון אַ זייטיק געסל אַ יונגער פּאָליאַק, און אַן צערעמאָניעס גיט ער מיך אַ נעם אַרום, דערפרייט זיך שטאַרק און רופט אויס מיט שמחה:

— אָ, מיין קאָלעזשאַנקע, אַזוי לאַנג דיך נישט געזען. קום צו מיר, אין דער היים וועט מען זיך פרייען.

ער נעמט מיך פאַרן האַנט און מיר גייען אַוועק. די פּאָליאַקן וועלכע האָבן מיך פאַרהאַלטן, בלייבן שטיין דערשטוינטע, נאָר זיי רעאַגירן נישט. דער אומבאַקאַנטער יונגער פּאָליאַק איז צופרידן וואָס מיר בלייבן אַליין, ער זאָגט צו מיר:

— קום, כ׳וועל דיך צופירן צום אויטאָ קיין זאַמאָשטש.

ער האַלט וואָרט. אויפן וועג פרעגט ער נישט צי כ׳בין אַ ייִדישקע, פון וואַנען כ׳האָב זיך גענומען אַהער און צוליב וואָס ער האָט מיך געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט. מיר פעלן ווערטער אים צו דאַנקען. איך פאָר קיין זאַמאָשטש.

7

אָנקומענדיק אין שטאָט, ווייס איך, אַז ס׳איז נישטאָ צו וועמען זיך צו ווענדן. נאָר דאָס מזל האָט מיר צוגעשפּילט. אָנקלאַפּנדיק אין אַ טיר, האָט מען זי געעפנט, אַריינגע־לאָזט און צוגענומען אויף אַרבעט. כ׳האָב זיך פאַרנומען מיט אַ קליין קינד. צוויי וואָכן בין איך געווען ביי דער דאָזיקער משפּחה.

אין יענער צייט האָבן די דייטשן אָנגעהויבן אַדורכפירן די איבערזידלונג פון די פּויערים פון זאַמאָשטשער געגנט, כדי אַראָפּברענגען אַהין דייטשע פאַמיליעס און גער־מאַניזירן דעם ראַיאָן. מיינע בעלי־בתים האָבן באַדאַרפט פאַרלאָזן די שטאָט. כ׳בין

גרייט געווען מיט זיי מיטצופאָרן, ווייל דאָס זענען געווען זייער גוטע מענטשן. לײדער, זיי האָבן מיר אָפּגעזאָגט. בין איך אַוועק אין אַ פּאָלוואַרק נישט ווייט פון שטאָט, וואָס האָט געהערט צום פּאָליאַק טשאַפּעק. דאָרט האָט מען דער עיקר זיך פאַרנומען מיט האָדעווען טאַבאַק. אַרבעטס־הענט זענען געווען שטאַרק נייטיק. די אייגנטימערין פון פּאָלוואַרק, אַ פּאָלקס־דייטשקע, האָט מיך צוגענומען, נאָר קיין איבעריקן צוטרוי צו מיין פּוילישקייט — האָט זי נישט געהאַט. רופט זי זיך אָן צום מאַן:

— דאָס וואָס זי זאָגט, אַז זי האָט נישט קיינעמען — איז פאַרדעכטיקט. לאָמיר זי דערווייל צונעמען, נאָר מאָרגן אין דער פרי וועל איך זי פאַרהערן צי זי קען דעם „פּאַטשעזש"...

דעם „פּאַטשעזש" האָב איך נישט געקענט און לערנען זיך אים אין דעם צימערל ווו כ׳בין געשלאָפן, איז אויך געווען אוממעגלעך, ווייל מיט מיר האָט זיך געפונען נאָך אַ מיידל פון דאָרף. בין איך ביי נאַכט אַוועק אין קיך, געפונען דאָרט אַן אַלט געבעט־בוך מיט קאַטוילישע תפילות — און אָנגעהויבן זיך לערנען. שעהן האָט עס געדויערט און כ׳האָב געפילט, אַז גאָר נישט קריכט מיר אין קאָפּ אַריין. איך שלאָף איין — און באַגי־נען בין איך צוריק אויף די פיס. די פריצטע הייסט מיך קומען אין סאַלאָן, אַוועק קניען אויף אַ דיוואַנדל, אַנטקעגן אַ בילד פון דער הייליקער מאַריאַ. דאָס האַרץ קלאַפּט, ווער ווייסט צי כ׳וועל אויסהאַלטן דעם עקזאַמען. ס׳איז דאָך געלונגען. די פּאָלקס־דייטשקע צווייפלט שוין מער נישט אין מיין פּוילישקייט און קאַטוילישקייט. איך בלייב אַרבעטן.

אָבער דאָס איז געווען פאַר מיינע יונגע כוחות — אַ קאַטאָרגע־אַרבעט. כ׳האָב באַדאַרפט פאַשען אַרום 30 בהמות און אַ העלפט פון זיי — מעלקן. מיין פליכט איז אויך געווען אויפצופּאַסן אויף די חזירים, קאָכן פאַר זיי עסן און אָנקאָרמען. דערצו נאָך — אָן אַ מלבוש, אָן שיך, האָט מען געמוזט זיין אויף די פיס און יאָגן אָן 18—20 שעה אין מעת־לעת.

דאָס דיקע פלייש פון די פיס איז מיר געוואָרן אָפּגעפרוירן. וועגן אַ דאָקטאָר, צי אַפילו אַ פעלדשער — האָב איך נישט געקענט האָפן. מען האָט נאָך באַדאַרפט אויסשטיין באַליידיקונגען, זידלערייען און צומאַל — קלעפּ. און אַזוי האָט זיך געצויגן דער גהינום גאַנצע פיר חדשים.

די פויערטעס, וועלכע האָבן צוזאַמען מיט מיר געאַרבעט אויפן פאָלוואַרק, האָבן נישט איין מאָל רחמנות באַקומען אויף דעם אומגליקלעכן, עלנטן קינד און אַרויסגעהאָלפן מיט אַ גוט וואָרט, מיט אַ שמאַטע אָנצוטאָן, ווייל זיי אַליין זענען געווען אָרעם און נישט געהאַט צו עסן צו דער זעט. איינע פון זיי האָט מיר אַ געוויסן טאָג געזאָגט:

— דאָ איז נישט פאַר דיר קיין אָרט. מיר האָבן אויפגעזוכט אין זאַמאָשטש אַ קינ־דערלאָז פּאָרפאָלק, אָרנטלעכע מענטשן, וועלכע זענען גרייט דיך אַריינצונעמען. גיי אַוועק אין שטאָט, אויף דער פּאָלוואַרטשנע גאַס נומער 33, צו גאַלאַשקעוויטש טאָמאַש. זאָג, אַז דו קומסט פון פּאָלוואַרק.

כ׳בין ווידער נע־ונד, נאָר אויסקלויבן קען איך נישט. איך לאָז זיך אַוועק צו די גאַלאַשקעוויטשעס. זיי נעמען מיך גוט אויף, דערקלערן גלייך, אַז זיי זענען גרייט מיך צו אַדאָפּטירן אַלס זייער קינד, כ׳וועל נישט דאַרפן אַרבעטן. נאָך מער — זיי ווילן מיר דערמעגלעכן אַפילו זיך לערנען.

8

שוין זייענדיק ביי זיי אין שטוב ווי אַן אייגן קינד, האָב איך זיך איבערצייגט, אַז דאָס איז אַ העכסט קולטורעלע פּוילישע משפּחה, וועלכע זענען אין יאָר 1938 צוריקגע־קומען פון אַמעריקע צוליב זייער בענקשאַפט צו דער אַלטער היים. הינטער זאַמאָשטש האָבן זיי אויך געהאַט אַ פאָלוואַרק, מיט וועלכן ס׳האָט פאַרוואַלטעט אַן אַדמיניסטראַטאָר. קודם האָבן זיי צו מיר גערופן אַ דאָקטאָר, וועלכער האָט מיך אויסגעהיילט פון די אָפּ־געפרוירענע פיס און אַנדערע מיחושים. די באַציִונג צו מיר מצד די נייע עלטערן איז טאַקע געווען ווי פון טאַטע־מאַמע צו אַן אייגן קינד...

די פרוי טשאַפּעק איז אין יענער צייט געווען אין אַנדערע אומשטענדן. זי האָט שטאַרק פאַרדראָסן וואָס כ׳האָב איר איבערגעלאָזן אין אַזאַ צושטאַנד — און זי האָט אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אַז כ׳בין אַ יידישקע... אין אָונט, זיצנדיק ביים טיש, רופט זיך צו מיר אָן די נייע בעל־הביתטע:

— די טשאַפּקאָווע האָט געזאָגט, אַז דו ביסט אַ יידיש קינד.

— טשאָטשו (מומע), כ׳קען אַוועקגייך...

— ניין, בלייבסט ביי מיר. כ׳האָב נאָר צוגעטראַכט, אַז בעצם קען מען דיך לעגאַ־ליזירן, פאַרשטייט זיך, אַז נישט אַלס יידישקע. ווּעסט מאָרגן גיין אין אַרבעטס־אַמט, כ׳קען זיך אויף דיר פאַרלאָזן, אַז דו וועסט וויסן ווי אַזוי איבערצוצייגן די באַאַמטע און אַרויסבאַקומען דאָס נייטיקע פּאַפּירל.

כ׳בין נישט געווען יענעם טאָג די איינציקע פּעטענטין אינעם אַרבעטס־אַמט. נאָר מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אַלעמענס בליקן זענען געווענדט אויף מיר, אַז מיך פאַרשט מען אַמלענגסטן, און די גרעסטע צאָל באַאַמטע.

— ווו געבוירן?

— אין וואַרשע.

כ׳האָב געוווּסט, אַז אין דער באָמבאַרדירטער און צעשטערטער שטאָט, וועלן זיי נישט קענען זוכן.

— פון וואַנען קומסטו אַהער?

— ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן, זענען מיר אַנטלאָפן קיין בילגאָריי.

אפשר 20 באַאַמטע האָבן מיך געפאָרשט אין משך פון צוויי שעה. זיי האָבן מיך געהייסן אויסרעכענען די נעמען פון עטלעכע וואַרשעווער גאַסן, אַפילו באַמערקט, אַז איך פּלאָנטער אַ ביסל מיטן צונג. מיין טענה איז געווען, אַז כ׳בין נאָך אַ קינד, איך זאָג

דעם אמת. געווען דאָרט אויך אַ גלח, האָט ער מיר אָנגעטאָן אַ צלם אויפן האַלדז. איך באַקום אַ דאָקומענט — און כ׳זע ווי אַלע זענען צופרידן. איך אויך...

נאָכן לעגאַליזירן מיך דורכן אַרבעטס־אַמט, זאָגט צו מיר די בעל־הביתטע:

— האַניו, דו ווערסט אין גיכן אַלט 12 יאָר. דו מוזט אָננעמען די „קאָמוניע שוויענטע״ און דערנאָך זיך מתוודה זיין פאַרן גלח.

אַ געוויסן זונטיק איז אין איינעם פון די זאַמאָשטשער קלויסטערס אַדורכגעפירט געוואָרן דער צערעמאָניאַל מיטן „אָפּלאַטעק״ פון דער הייליקער קאָמוניע. כ׳האָב גע־מוזט אַראָפּשלינגען דעם אָפּלאַטעק וואָס מ׳האָט פריער איינגעטונקען אין געהייליקט וואַסער. ערשט אין אַ וואָך אַרום האָב איך באַדאַרפט גיין זיך „מתוודה זיין״ — אויף דער „ספּאָוויעדזש״. דער גלח פרעגט מיך:

— דאָס ערשטע מאָל? קניסט, צי שטייסט? גייסט מיט יינגלעך? האָסט אַ מאָל געשלאָגן דיינעם אַ ברודער? און נאָך עטלעכע פראַגן. צום סוף האָב איך אַ קוש געגעבן דעם צלם — און אויך דעם אַקט איבערגעקומען.

ביי דער פאַמיליע גאַלאשקעוויטש האָב איך שטיל און רואיק איבערגעלעבט די לעצטע אַנדערהאַלבן יאָר פון קריג. הגם די פרוי איז געווען אַן אָפענע אַנטיסעמיטקע, האָט זי געוואָלט גלייבן, אַז איך בין טאַקע אַ פּויליש מיידל. ער דאַקעגן איז געווען אַ גוטער מענטש — און וועגן זיין איידלקייט האָב איך זיך איבערצייגט אין אַ צייט אַרום.

ווען זיין פרוי איז נישט געווען אין שטוב, האָט ער ביי מיר געבעטן ברויט, ווורשט צי אַנדערע פּראָדוקטן — און כ׳האָב געהאַט אַ פאַרדאַכט, אַז ער טראָגט דאָס עסן אויפן בוידעם...

אַ געוויסן זונטיק האָט ער מיך מיטגענומען אויפן פּאָלוואַרק זיינעם, וווּ מ׳האָט געדרעשעט תבואה. ר׳האָט געוואָלט כ׳זאָל העלפן אין דער אַרבעט. כ׳בין געשטאַנען אויפן בוידעם פון סטאָדאָלע, אויפגעבינדן די תבואה, וואָס איז דערלאַנגט געוואָרן צו דער דרעשמאַשין. מיט אַ מאָל איז אָנגעפאָרן אַן אויטאָ מיט דייטשן. די מאַשינען האָבן זיך אָפּגעשטעלט, די זעלנער זענען זיך צעלאָפן זוכן טאַבאַק, וואָס מיין בעל־הבית זאָל כלומרשט האָבן אויסבאַהאַלטן.

ווען די דייטשן האָבן גענישטערט אין דער סטאָדאָלע, איז ווער אַראָפּגעפאַלן פון בוידעם. דער עלטסטער פרעגט, צי ער איז פון די אַרבעטער און צי ס׳קען אים ווער. אַלע שווייגן. דער דייטש שרייט: — יודע? דער פרעמדער ענטפערט: „יאָ!״. ער דער־ציילט, אַז ערשט נעכטן ביי נאַכט איז ער געקומען אַהער און זיך באַהאַלטן. ר׳איז אַנטלאָפן פון אַ לאַגער. דער דייטש וויל וויסן, צי ס׳איז נאָך ווער באַהאַלטן. דער ייד זאָגט אַז דאָרט, אין דער צווייטער סטאָדאָלע. מע פירט אים אַהין, נאָר דער יונגערמאַן הייבט אָן לויפן, די זעלנער שיסן אים נאָך, קיין קויל טרעפט נישט, נאָר איינעם פון די פויערים געלונגט צו כאַפּן דעם ייד. די דייטשן האָבן אים אַוועקגעפירט קיין זאַמאָשטש — און דאָרט דערהרגעט.

נאָך דעם פאַל האָט מיין בעל־הבית, אָדער ווי איך האָב אים גערופן — „וויעק" (פעטער), אָנגעהויבן שיכורן. זייענדיק אונטער דער השפעה פון ביטערן טראָפּן, האָט ער מיר איין מאָל דערציילט, אַז שוין 8 חדשים ווי ר'האָט אויסבאַהאַלטן דעם יונגגמאַן, אַ זון פון זיינעם אַ יידישן חבר, מיט וועמען ער האָט קאָרעספּאָנדירט, ווען ר'האָט געוווינט אין אַמעריקע. ער האָט געוווּסט די ריזיקע וואָס ער נעמט אויף זיך מיטן אויסבאַהאַלטן אַ יידיש קינד — דאָך איז ער גרייט געווען אויף אַלצדינג. דער פאַקט וואָס דער יונגערמאַן איז אַנטדעקט געוואָרן און שפּעטער דערשאָסן — האָט אים דערשיטערט. ער קען זיך נישט באַרואיקן און דערפאַר האָט ער אָנגעהויבן טרינקען, און אַפילו פאַרשוווּנדן אָפט פון דער היים.

9

מיטן אַריינמאַרש פון דער סאָוויעטישער אַרמיי, בין איך נאָך גאַנצע פיר חדשים געווען ביי די גאַלאַשקעוויטשס. אויב זיין אויפריכטיק, האָב איך פשוט געהאַט „פאַרגעסן", אַז כ'בין אַ יידיש קינד... ס'איז מיר נישט איינגעפאַלן צו טראַכטן, אַז כ'דאַרף אַוועק פון די דאָזיקע גוטע מענטשן. איין מאָל, ביים עסן אָוונטברויט, האָט אַ פאַרבעטענער גאַסט, אַ פּאָליאַק, זיך אָנגערופן צו מיין בעל־הביתטע:

— איר ווייסט, פּאַני גאַלאַשקעוויטשאָווא, אַז אין דער זאַמאָשטשער אַלטשטאָט וווינען איצט אַ סך יידן...

די דאָזיקע רייד האָבן ביי מיר אַרויסגערופן אַ כוואַליע פון נייע געפילן און טיפע איבערלעבונגען. אויסערלעך האָט מען גאָר נישט דערקענט אין מיר, נאָר אינעווייניק האָט געברענט אַ פייער און אַ גוואַלדיקער באַגער וואָס שנעלער אָנקוקן מיינע ברידער און שוועסטער. אַ גאַנצע נאַכט בין איך נישט געשלאָפן, נאָר געקלערט ווי אַזוי צו גיין אין דער אַלטשטאָט, אַז מיינע בעלי־בתים זאָלן זיך נישט אָנשטויסן. און כ'האָב צוגעטראַכט: זונטיק אין דער פרי, ווען אַלע האָבן זיך געגרייט צו גיין אין קלויסטער, האָב איך זיך גענומען באַקלאָגן אויף אַ שטאַרקן קאָפּווייטיק, אַז כ'קען איצט נישט גיין, נאָר כ'פאַרבלייב אין שטוב. און בלייבנדיק אַליין, בין איך גלייך אַוועק אין דער אַלטשטאָט. אויפן וועג האָב איך אָנגעטראָפן אַ פּויליש מיידל און זי אַ פרעג געטאָן:

— גדזשע מיעשקאַיאָן זשידזשי? (ווו וווינען דאָ יידן?).

— צו וואָס דאַרפסטו יידן? — פרעגט זי מיך, און גיט צו: ווו יידן וווינען ווייס איך נישט. נאָר אויף פערעצאַ גאַס נומער 6 וווינט אַ פּוילישע פאַמיליע, וועגן וועלכער כ'האָב געהערט דערציילן, אַז אין איר שכנות געפינען זיך אָפּגעראַטעוועטע יידן און אויך אַזעלכע וואָס זענען געקומען צוריק פון רוסלאַנד.

ערשט דעם צווייטן זונטיק, אונטערן זעלבן אויסרייד פון עפּעס אַ קראַנקהייט, בין איך נישט געגאַנגען אין קאָשטשאָל, נאָר זיך אַוועקגעלאָזט אויף דער פּרץ־גאַס 6, אַריין אין שטוב, ווו כ'האָב דערזען אַ פרוי אין אַ שייטל אויפן קאָפּ און דערהערט רעדן יידיש. אָנשטאָט שפּרינגען פאַר פרייד, אַרומכאַפּן זיך מיט די יידן, זיי אויסקושן און דערציילן

מיינע איבערלעבונגען — האָב איך גאָר באַקומען אַ היסטעריע־אַטאַק, גענומען שרייען און וויינען:

— כ׳בין נישט קיין יידישקע! וואָס ווילט איר פון מיר? לאָזט מיך אָפּ! כ׳בין נישט קיין זשידאָווקע!...

מיט אַ מאָל פרעגט מיך אַ יונגערמאַן:

— ביסט נישט אַמאָל דאָרקע בריק פון פּראַמפּאָל?

— ניין, כ׳וויל נישט — לאָזט מיך אָפּ...

— חנה בריק איז נישט דיינס אַ משפּחה? זי אַרבעט אין זאַמאָשטש אין אַ סאָוויע־טישער קיך.

איך וויל אָבער פון גאָר נישט הערן. די מענטשן באַרואיקן מיך, נעמען איינרעדן פאַרשידענע זאַכן. עטלעכע שעה האָט געדויערט, ביז כ׳האָב זיך באַרואיקט. ערשט דעמאָלט האָב איך זיך געלאָזט צו דער סאָוויעטישער קיך. מיין קוזינקע חנה האָט מיך דערזען דורכן פענצטער פון דריטן שטאָק. זי איז שיער נישט אַרויסגעשפּרונגען פון פרייד און איבערראַשונג. איך בין יענעם זונטיק אָוונט געבליבן מיט איר שלאָפן, אַ גאַנצע נאַכט האָט מען נישט צוגעטאָן קיין אויג, נאָר גערעדט, גערעדט און געוויינט. קיין טעמעס האָבן נישט אויסגעפעלט.

אין דער פרי האָב איך באַשלאָסן גיין צו זיך אַ היים און דערציילן מיין „מומע” מיטן „פעטער”, אַז כ׳האָבן געפונען אַ קוזינקע, אַ קריסטין, כדי זיי נישט מיט אַ מאָל איבעררעשן.

נאָך דער וויזיט,ביים געזעגענען זיך, זאָגט חנה:

— ס׳איז געקומען די צייט אויפצודעקן אַלע קאָרטן, זאָג זיי, אַז דו ביסט אַ יידישקע, וועסטו נישט בלייבן מער ביי די גויים...

אין צוויי טעג אַרום איז חנה בריק געקומען מיט אהרון קיסלאָוויטש (מיין איצטי־קער מאַן) — און ביידע האָבן דערציילט דעם פּאַרפאָלק גאַלאַשקעוויטש, אַז איך בין אַ יידישקע... די קריסטין האָט געחלשט. קומענדיק צו זיך, האָט זי געשריען, אַז זי גלייבט נישט קיינעם, מען נאַרט זי אָפּ, מ׳וויל פון איר אַוועקרויבן דאָס קינד. דאַקעגן דער פּאָליאַק האָט נישט אויסבאַהאַלטן זיין צופרידנקייט וואָס ער האָט געגעבן שוץ אַ יידישער טאָכטער. ביידע זענען אָבער גרייט געווען אויך מיין קוזינקע נעמען צו זיך, אַבי זיין צוזאַמען. דער עיקר — זיי זאָלן מיך נישט פאַרלירן.

אונדז האָט אָבער געצויגן צום שטאַם, צום אייגענעם פאָלק. אַז חנה און איך האָבן חתונה געהאַט אין זאַמאָשטש, איז דאָס פּאַרפאָלק געווען אויף דער חתונה, געקומען כמעט יעדן טאָג אונדז באַזוכן אין די וווינונגען און זיך אינטערעסירט מיט יעדן פּרט פון אונדזער נייעם לעבנס־וועג. ביים אַוועקפאָרן פון זאַמאָשטש, און ממילא פון פוילן, אויפן וועג קיין ארץ־ישראל, האָט די קריסטין אונדז געזאָגט, געזעגנדיק זיך:

— איך ווינטש אייך אַ סך, אַ סך גוטס, נאָר אויב, גאָט באַהיט, עס וועט אייך זיין שלעכט — קומט צוריק צו אונדז, איר וועט דאָ האָבן אַ היים...

# פראמפאלער יידן אין קאמף מיטן היטלעריסטישן שונא

אבא בן-משה / רמת-גן

### די סעפטעמבער-טעג 1939

זומער 1939 האָט דאָס לעבן אין שטעטל זיך געפירט נאָרמאַל: די יוגנט האָט זיך גרופּירט אין די פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס און פאַרטייען; די עלטערע און פרומע יידן — אין שול, בית-המדרש און שטיבלעך; און אַ קרייז פון דער א. ג. „בעסערער



ד״ר פליסקין (אין צענטער) מיט א גרופּע חברים פון „החלוץ״
ד״ר פליסקין (במרכז) עם קבוצת חברים מ„החלוץ״

יוגנט״ — אַרום דעם באַליבטן און שטאָלצן יידישן דאָקטאָר פליסקין. ער איז געוועזן דער איינציקער דאָקטאָר אין שטעטל און אויך באַדינט די אַרומיקע דערפער. אַ דאַנק זיין באַהאנדלען די קראַנקע, אָן אונטערשיד פון נאַציאָנאַליטעט און שטאַנד, איז ער גאָר שנעל באַליבט געוואָרן ביי דער גאַנצער באַפעלקערונג. דער עיקר האָט ער

אַלעמען אימפּאָנירט מיט זיין ווירדיקער, ייִדישער האַלטונג צווישן דער פּוילישער, שטעטלדיקער אינטעליגענץ, פאַר וועמען ער האָט נישט געפּרוּווט פאַרהוילן זיין אָפּשטאַם און געפילן אַלס נאַציאָנאַלער ייִד. אין יענער אַנטיסעמיטישער תקופה און אַטמאָספער, האָט זיך געפאָדערט אַ סך פּערזענלעכער מוט, ווייל ר'איז שטענדיק געווען אויסגעשטעלט אויף שיקאַנעס און באָיקאָט מצד דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. אָבער זיינע איינציקע נאָענטע פריינט, מיט וועלכע ער האָט טאָג־טעגלעך פאַרבראַכט, זענען געווען די מער אויפגעקלערטע און בעסערע ייִדישע יוגנטלעכע פון שטעטל.

נאָך פסח איז ער אָפּגעפאָרן פון פראַמפּאָל און אויף זיין פּלאַץ איז געקומען ד"ר שירענעץ, אויך אַ שטאָלצער נאַציאָנאַלער ייִד. ער האָט זיך אריינגעקליבן אין דער דירה פון ד"ר פליסקין און ווי יענער, אויך זיך דערנענטערט צום קרייז פון דער ערנסטער ייִדישער יוגנט.

יעדן אָוונט האָבן מיר אין זיין וווינונג געהערט פון ראַדיאָ בערלין די געוואַלטיקע אַטאַקעס און דראָונגען לגבי פוילן. אגב, דאָס איז געווען דער איינציקער ראַדיאָ־אַפּאַראַט אין אַ ייִדישער שטוב אין שטעטל, ווייל אַפילו די רייכסטע פראַמפּאָליער ייִדן זענען נישט געווען אימשטאַנד צו קויפן זיך אַן אַפּאַראַט פאַר 600 זלאָטעס.

אין שטעטל האָט זיך געשאַפן אַ מלחמה־שטימונג. ביי דער גמינע זענען געווען ספּעציעל מאָביליזירטע שליחים (גאָנצעס) מיט ראָווערן און פערד, געשטאַנען גרייט צו רופן אין דער אַרמיי. די באַפעלקערונג האָט זיך גענומען איינזאַמלען פּראָוויאַנט. פאַר ברויט, פלייש, קאַרטאָפל אָדער מילך, האָבן מיר אין קליינעם שטעטל נישט באַדאַרפט זאָרגן. איינגעקויפט האָט מען נאַפט, זאַלץ, צוקער און שוועבעלעך. מענטשן האָבן פון זיך פאַרקויפט דאָס לעצטע, אַבי אָנצוגרייטן לעבנסמיטל.

די מאָביליזאַציע־רופן האָבן פאַרלאַנגט פון די אויסגעדינטע זעלנער זיך צוצושטעלן אין זייערע איינהייטן. די געוויינען פון די ייִדישע משפחות, וואָס האָבן באַגלייט זייערע מאָביליזירטע זין און טאַטעס, האָבן זיך שטאַרק געלאָזט הערן.

אַזוי האָט זיך דאָס געצויגן ביז פרייטיק, דעם 1טן סעפּטעמבער, ווען דער מלוכה־פּרעזידענט פון פוילן האָט דערקלערט וועגן אויסגעבראָכענעם קריג. עס איז פאַרבאָטן געוואָרן אָנצוצינדן ליכט אין די נעכט. אַ טיפע און שווערע זאָרג האָט באַהערשט דאָס שטעטל: וואָס וועט זיין מיט אונדז, ייִדן?

צומאָרגנס, שבת, האָבן זיך באַוויזן די ערשטע פליטים פון מערב־פוילן, געקומענע מיט אייגענע אויטאָס. זיי האָבן זיך גלייך געוואָרפן איינצוקויפן עסן, צאָלנדיק הויכע פרייזן, ווייל אומעטום, ווו זיי זענען אַדורכגעפאָרן, איז שווער געווען עפּעס צו באַקומען. זיי האָבן זיך אָבער אָפּגעזאָגט צו דערציילן וועגן דער לאַגע אויפן פראָנט.

מען האָט פאַרבאָטן דעם מאַרק־טאָג, וואָס פלעגט פאָרקומען יעדן מאָנטיק, ווי אויך גרעסערע גרופּירונגען, אויס מורא פאַר לופט־באָמבאַרדירונגען. דינסטיק, מיטוואָך און דאָנערשטיק איז דורכן שטעטל אַדורכגעגאַנגען אַ גרויסע צאָל פליטים: ווער אויף

ראָוועדן, ווער אויף פורן אָדער רייטנדיק אויף פערד און ווער — צופוס. מיר האָבן זיי גאַסטפריינטלעך אויפגענומען. די פאַרמעגלעכע האָבן געצאָלט מיט אַ ברייטער האַנט, ווונדערנדיק זיך, וואָס אין פראַמפּאָל קען מען נאָך קויפן עסן.

פרייטיק, דעם 8־טן סעפּטעמבער, האָט אַ גרעסערע צאָל עראָפּלאַנען זיך באַוויזן איבערן שטעטל. קינד־און־קייט איז אַרויס פון די היימען קוקן, ווייל מ׳האָט געמיינט, אַז דאָס זענען אונדזערע, פּוילישע. באַלד אָבער האָבן זיך דערהערט מוראדיקע קנאַלן פון די אויפגעריסענע באָמבעס, וואָס האָבן, צום גליק, קיינעמען נישט געשאַדט, ווייל זיי זענען געפאַלן הינטער דער שטאָט.

ערשט איצט האָבן מיר אָנגעהויבן פאַרשטיין, אַז די לאַגע אויפן פראָנט איז נישט קיין פויגלדיקע, אַז די רייד פון די פּאָליאַקן, וועגן קאַמפן אויף דער דייטשישער טעריטאָריע און אַז אינגיכן וועלן מיר פאַרנעמען בערלין — זענען פּוסטע באַרימערייען. דער אמת איז געווען דער, אַז האַלב פּוילן איז שוין געווען אָקופּירט דורך די דייטשן.

פאַרנאַכט איז אַ גרויסע אָפּטיילונג פּויליש מיליטער אַריין אין שטעטל און באַזעצט אַלע הייזער, אויך די בעקעריי פון מיין פאָטער. די ייִדישע באַפעלקערונג איז אַוועק אין די וועלדער און פעלדער אַרום פראַמפּאָל, מיט דער האָפענונג, אַז דאָ וועט מען נישט באָמבאַרדירן. אַזוי איז אָבער נישט געשען. די נאַצי־מערדערס האָבן אומעטום באָמ־באַרדירט און געשאָסן, זייענדיק טויט און פאַרוויסטונג. ווי נאָר זיי האָבן באַמערקט אַ גרופּע מענטשן, און דווקא פון דער ציווילער באַפעלקערונג, האָט מען געשאָסן. אונדזער מורא האָט זיך באַשטעטיקט. די דייטשן האָבן טאָג־טעגלעך באָמבאַרדירט פראַמפּאָל. ביז מיטוואָך (ערב ראש־השנה) פאַרנאַכט, האָבן זיי מיט צינד־באָמבעס ענדגילטיק פאַרניכטעט דאָס שטעטל. דער רוב הייזער, פון אויסגעטרוקנט האָלץ, זענען געשווינד פאַרברענט געוואָרן. די איינציקע גאַס וואָס איז געבליבן אומבאַרירט, איז געווען פון גאָרייער וועג ביזן סאָקאָלאָווקער טראַקט — אַ צענדליק הייזער, צווישן זיי — צוויי ייִדישע. אַזוי אַרום איז גראָד ערב דעם הייליקן ראש־השנה, אַ גאַנצע עדה ייִדן געבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, אָן אַ וואַרעם מלבוש אויף זיך און אָן עסן, וואַנדערנדיק אויך געיאָגט פון אָרט צו אָרט דורכן אָפּטרעטנדיקן פּוילישן מיליטער, וואָס האָט איצט געזוכט שוץ אין די אַרומיקע וועלדער און פעלדער.

מיינע עלטערן האָבן באַשלאָסן זיך אַריבערצוקלייבן אין דער ווינטמיל, וואָס איז געשטאַנען אויפן גאָרייער באַרג. דאָרט האָבן געוווינט אָרעמע פּאָליאַקן, וואָס פלעגן ביי אונדז באַקומען ברויט אויף אויסצאָלן, אָפּטמאָל — אַפילו אומזיסט. איבערהויפּט האָט אויף זיי רחמנות געהאַט מיין מוטער און פון צייט־צו־צייט זיי געהאָלפן אַפילו מיט געלט, אָדער מיט געבן זיי אַרבעט.

ביז מיר זענען אַרויפגעקומען אויפן באַרג, איז שוין צוגעפאַלן די נאַכט, ראש־השנה. די קריסטן האָבן אונדז אויפגענומעז פריינדלעך און געלאָזט ביי זיך איבער יום־טוב. באַלד נאָך ראש־השנה איז מיין פאָטער אַוועק אין דאָרף קליין־קאַריטקאָוו און

געדונגגען ביי אַ פויער אַ שטוב. אַזוי האָבן אויך געטאָן פיל פּראָמפּאָליער יידן און זיך צייטווייליק איינגעאָרדנט, ביז... צום אָנקום פון די דייטשן.

## דאָס שטעטל גייט איבער פון האַנט צו האַנט

ווי נאָר די נאַציס זענען אַריין קיין פּראָמפּאָל, האָבן זיי באַוויזן וואָס זיי קענען. קודם־כל האָבן זיי געכאַפּט יידן, געשניטן בערד, געשלאָגן און געראַבעוועט — ביזן פאַרלאָזן דאָס שטעטל, צוליבן אַריינמאַרש פון די רוסן. אַ טרויעריק בילד האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דאָס פאַרברענטע שטעטל, ווען די רויטע אַרמיי איז דאָרט אַריין. ס׳רוב יידן זענען זיך געהאַט צעלאָפן אין די אַרומיקע דערפער און שטעטלעך, איבערהויפּט קיין גאָריי, וואָס איז צוליב דעם געוואָרן גרעסער פון פּראָמפּאָל. ס׳האָבן זיך צוריק איינגע־שטעלט די מאָנטיקדיקע יאַרידים, דער האַנדל האָט אָנגעהויבן בליען, ווייל דעם טאָג פלעגן זיך צונויפקומען נישט נאָר די פויערים פון די דערפער, נאָר אויך די פריערדיקע פּראָמפּאָלער תושבים, וואָס האָבן זיך שוין געהאַט באַזעצט אין די אַרומיקע שטעטלעך.

די מאַרק־טעג זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין צוזאַמענטרעפן פון אומגליקלעכע צעריסענע משפחות. מ׳האָט זיך אויסגעפרעגט איינער אויפן אַנדערן, אַראָפּגערעדט פון האַרץ און זיך געזעגנט וועגן ווייטער. אַ טייל יידן האָט געהאַט באַהאַלטן אַ ביסל סחורה ביי באַקאַנטע קריסטן. ווער ס׳האָט געהאַט גליק און דער פויער האָט אים צוריקגעגעבן זיין פאַרמעגן — האָט זיך גענומען צום מסחר, זיך אויפגעשטעלט אַ קליינע הייזקע, וואָס איז באַשטאַנען פון אָ צימער מיט אַ קיך, אָדער פון צוויי צימערן און אָנגעהויבן צו פירן אַ נאָרמאַל לעבן. אַ גרויסער טייל קריסטן האָט אָבער נישט געוואָלט אָפּגעבן דאָס ביסל אָרעמקייט און פאַר די יידן איז שוין נישט געווען קיין שום מעגלעכקייט צו שטעלן זיך אויף די פיס. בסך־הכל האָבן אין שטעטל זיך צוריק אויפגעבויט ביי אַ 20 הייזקעס.

ווען די רוסן האָבן פאַרלאָזט פּראָמפּאָל, זענען פיל יידן מיט זיי מיטגעפאָרן. זיי האָבן שוין געזען ווער דער דייטש איז און זיך איבערצייגט, אַז ס׳איז נישטאָ וואָס אָנצוווערן. דער גרעסטער טייל איז אָבער פאַרבליבן, נישט וועלנדיק זיין נע־ונד און יאָגן זיך נאָך אַ שטיקל ברויט. דאָ, האָבן זיי געזאָגט, קאָן איך גיין אַרבעטן אַפילו צו אַ פויער, פאַרן ביסל עסן. יעדער קען מיך און די מלחמה וועט דאָך אייביק נישט דויערן.

לײדער, קיינער האָט נישט פאָרויסגעזען, וואָס אים דערוואַרט ביי די רוצחים.

## אַנטי־יידישע גזירות

דאָס ערשטע, וואָס די דייטשישע מאַכט האָט געשאַפן, נאָכן אומקערן זיך קיין פּראָמפּאָל, איז געווען — דער יודענראַט (זעליק ראָזנבערג — פּרעזעס). זייער אויפגאַבע איז געווען אַדורכצופירן אַלע פאַראָרדענונגען און באַפעלן וואָס די דייטשן האָבן אַרויס־געגעבן פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. דער סעקרעטאַר, מיט נאָך איין יודענ־

ראטלער, פלעגט יעדע וואָך פאָרן קיין בילגאָריי, אין פּאָוויאַט, און פון דאָרטן ברענגען אינסטרוקציעס. אויך אין די אַרומיקע אָרטשאַפטן, דאָרט ווו ס׳האָבן זיך נאָר באַזעצט ייִדן, אַפילו אין אַ קליינער צאָל, האָט געמוזט זיין אַ יודענראַטלער. אין קאַצודזער גמינע, ווו ס׳האָבן איצט געוווינט פראַמפּאָליער ייִדן, איז געווען אַ יודענראַט, וועלכער איז באַשטאַנען, לויט ווי איך געדענק, פון: אפרים האָכראַד, חיים גראָ א. אַ.

אין ערשטן יאָר פון קריגס־אויסברוך, האָבן די ייִדן זיך מפרנס געווען פון מלאכה און פון האַנדל. ס׳לעבן איז נאָך דאַן געווען רואיקער, ספּעציעל אין די קליינע ערטער, הגם אויך דאָרט האָבן נישט געפעלט קיין גזירות און רדיפות. איך פלעג יעדע וואָך פאָרן אליין איבער דער אַרומיקער געגנט מיט אַ פערד און וואָגן, אַ מרחק פון א 50 קילאָמעטער, פירנדיק מיט זיך לייוונט און זעק. אַזאַ רייזע, וואָס האָט געדויערט 6־7 שעה, האָט מיר געגעבן אַ פּאַרדינסט, פון וועלכן כ׳האָב געקאָנט דערנאָך לעבן ביי אַ צוויי חדשים. אויף דעם זייטיקן פעלד־וועג פון פראַמפּאָל ביז ביכאַווע, האָט מיר קיינער נישט געשטערט, דאָרט האָבן נישט געקאָנט פאָרן קיין אויטאָס און כ׳האָב זיך נישט אָנגע־טראָפן אויף קיין שום שיקאַנעס מצד די דייטשן. אין אַלגעמיין, האָט מען דעמאָלט נאָך געקענט זיך אַדורכשטופּן מיט פּרנסה, אָבער דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט פאַרשידענע געפאַרן, אַפילו מיטן פאַרלירן דאָס לעבן, אויב די דייטשן האָבן געכאַפּט אַזאַ הענדלער.

די לאַגע אין פראַמפּאָל וועט כאַראַקטעריזירן דער פאַקט, אַז אַפילו נאָכן דערשיינען פון דער גזירה וועגן דער לאַטע, האָבן פיל ייִדן זי נישט געטראָגן. געשען איז עס דערפאַר, ווייל אין פראַמפּאָל גופא זענען קיין דייטשן נישט געווען בנמצא. נאָר פון צייט צו צייט, פלעגט פון פּאָוויאַט זיך אַראָפּכאַפּן אַ פּאַטרול פון עטלעכע דייטשן, אָדער איינצלנע „פאָלקס־דייטשן”. די ייִדן האָבן זיך דאַן פאַרשטעקט אין זייערע היימען, ווייל, נישט האָבנדיק איבער זיך קיין העכערע מאַכט, פלעגן די געקומענע ראַבירן, שלאָגן, שענדן און אפילו שיסן, ווויסנדיק, אַז פאַר ייִדן אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע, איז נישטאָ קיין שום שוץ.

צוליב די גרויסע פרעסט, וואָס האָבן דאַן געהערשט אין ווינטער, האָבן זיך נישט באַוויזן קיין דייטשן אין פראַמפּאָל. די „מאַכט” איז באַשטאַנען פון דער פּוילישער פּאָליציי, נישט דער פון פאַר דער מלחמה, נאָר וואָס מ׳האָט ספּעציעל אַראָפּגעבראַכט פון אויבערשלעזיע. די אָבער זענען נישט געווען קיין קלענערע אַנטיסעמיטן פון די דייטשן, נישט מער, וואָס מיט די „שלאַנזאַקעס” האָט מען זיך געקאָנט „פאַרשטענדיקן” מיט דער הילף פון כאַבאַר. דאַן האָבן זיי „פאַרקוקט” פיל זאַכן און נישט אַזוי שטרענג אויסגעפירט די באַפעלן פון דער העכערער דייטשישער מאַכט. און ווען אַפילו זיי האָבן שוין יאָ אויסגעפירט די באַפעלן פון פּאָוויאַט, האָבן זיי דאָס געטאָן אָן אַ באַזונדערן איזדעקעווען זיך איבער די ייִדן, ווי דאָס זענען געוווינט געווען די דייטשן. אַזוי ווי ס׳זענען נישט געווען קיין אָפטע שיסערייען און מיט פּרנסה האָט מען זיך ווי

ס'איז אַדורכגעשטופּט — האָבן יידן אין פּראָמפּאָל געהאַלטן, אַז יענער ווינטער איז נישט געווען אַמערגסטן.

דאָס גאַנצע יידישע לעבן אין פּראָמפּאָל האָט זיך גרופּירט אין די צוויי ייד־שע הייזער, וואָס זענען געבליבן גאַנץ נאָך דער גרויסער באָמבאַרדירונג און שריפה אין אָנהייב מלחמה. דאָס איז געווען דאָס הויז פון פייגע רפאלס און פון טויבן מלך. אין אָט די צוויי הייזער האָבן אין גרויס ענגשאַפט געוווינט ביי אַ צען פאַמיליעס — און יעדע איינע האָט נאָך אין אירע ד' אמות געהאַלטן אַ שטיקל געוועלבל. ווי אַ וואָקזאַל אין אַ גרויסער שטאָט, אַזוי האָבן די צוויי הייזער געדינט פאַר געקומענע און אָפּפאָ־רנדיקע יידן. דאָ האָט מען זיך נאָכגעפרעגט אויף דער משפחה, וועגן קויפן אָדער פאַרקויפן; דאָ האָט מען איבערגעלאָזט אַ פּעקל אויף איבערצושיקן אין אַ צווייטן פּלאַץ און דאָ האָט מען אָפּגענומען די איבערגעלאָזטע פּעקלעך. אַ גאַנצן טאָג האָבן זיך די טירן נישט פאַרמאַכט. דעם טומל האָבן נאָך פאַרגרעסערט די פּויערים, וואָס פלעגן קומען אין גרשון שעיהס רעסטאָראַן מאַכן אַ כוסה. פון דעם אַלעמען קאָן מען זיך פאָרשטעלן וואָס פאַר אַ יאַריד ס'איז געווען אין יענע צוויי יידישע הייזער.

אַ באַזונדער קאַפּיטל שטעלט מיט זיך פאַר דאָס לעבן פון די פּראָמפּאָליער יידן אין גאָריי. מעכל פרילינג, משה וועלטשער, קלמן ערטער, מנחם אולמער און ד״ר שירענעץ מיט זייערע פאַמיליעס, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין שכנותדיקן שטעטעלע גאָריי און זייענדיק פאַרמעגלעך, זענען זיי געוואָרן די הויפּט־דעה־זאָגער אין שטעטל.

יענעם ווינטער איז אין גאָריי אויסגעבראָכן אַ טיפוס־עפּידעמיע, וואָס האָט גורם געווען צו מוראדיקע קרבנות צווישן די אָרטיקע יידן. צווישן אַנדערע איז אויך קראַנק געוואָרן ד״ר שירענעץ. מ'האָט אים אַוועקגעפירט קיין בילגאָריי אין פּאָוויאַטאָווע שפּיטאָל, ווו ר'איז געשטאָרבן (מ'האָט געשמועסט, אַז מ'האָט אים אָפּגעסמט). מיט זיין טויט, זענען די פּראָמפּאָליער אין גאָריי געבליבן אָן אַ גייסטיקן מנהיג. דאָס האָט באַוווֹיגן פיל פּראָמפּאָליער יידן צו פאַרלאָזן גאָריי.

אַזוי איז מעכל פרילינג צוריק געקומען קיין פּראָמפּאָל, ווי ר'האָט נאָך פריער זיך געהאַט צוריק אויפגעבויט זיין הויז פון צוויי צימערן. משה וועלטשער איז אַוועק וווינען אויף דער וואָליע. אויך אַנדערע פּראָמפּאָליער האָבן געטאָן דאָס זעלבע.

## דער דייטשיש־סאָוויעטישער קריג

באַלד נאָך פּסח פון יאָר 1941, האָבן פון יאַנאָוו־לובעלסקי, אויפן וועג קיין בילגאָריי, וואָס האָט געפירט צום טייך בוג, אָנגעהויבן אָנקומען גרויסע טראַנספּאָרטן דייטשיש מיליטער. טאָג און נאַכט, אין משך פון 4 וואָכן, האָבן זיי מאַרשירט דורך פּראָמפּאָל. דאָס האָט זיך אַזוי געצויגן ביזן אָנפאַל אויף רוסלאַנד. כ'דערמאָן זיך, אַז גאַנצע 5 וואָכן האָב איך געמוזט זיצן אין דאָרף קאַרטקאָוו, ווו כ'בין געקומען אויף אַ

באַזוך צו מיינע עלטערן און נישט געקאָנט צוריק קומען קיין פּראַמפּאָל. די וועגן זענען געווען פאַרנומען מיטן מיליטער, וואָס האָט געאײַלט צום רוסישן פראָנט. און שפּעטער — די טרויעריקע ידיעות וועגן די גרויסע נצחונות וואָס די דייטשן האָבן אָפּגעהאַלטן אין רוסלאַנד.

אַלץ האַרבערע גזירות האָבן זיי אַרויסגעגעבן קעגן יידן. אַמשווערסטן האָט אונדז געטראָפן דער באַפעל, אַז יידן טאָרן נישט פאַרלאָזן זייער וווינאָרט, אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש פון דער געסטאַפּאָ. די פּראַמפּאָלער יידן, וואָס האָבן געהאַנדלט אָדער געאַרבעט אין דאָרף און געהאַט דאָרטן זייערע משפּחות, זענען פּלוצלינג אָפּגעריסן געוואָרן פון זייערע פּרנסות און זייערע נאָענטסטע. דער דאָזיקער באַפעל איז אַדורכגעפירט געוואָרן מיט דער גרעסטער שטרענגקייט און אכזריותדיקייט. ווען מ׳האָט געטראָפן אויף די וועגן אויסער דער שטאָט, איז אָן שום צערעמאָניעס דערשאָסן געוואָרן. די איינציקע פאַרבינדונג צווישן די צעריסענע משפּחות, איז דעריבער פאָרגעקומען נאָר ביינאַכט. דורך פאַרשידענע וועגן און אומוועגן, איינשטעלנדיק דאָס לעבן, האָבן יידן פאָרגעזעצט זייער שווערע עקזיסטענץ. צום גליק זענען קיין גרויסע דורכפאַלן, אָדער מסירות, נישט געווען. אַזוי האָט עס געדויערט ביז דעם טרויעריקן טאָג אין יאַנואַר 1942.

אין פּראַמפּאָל און אין די ארומיקע דערפער, האָבן די דייטשן דערשפּירט אַן אונטערעדישע באַוועגונג צווישן די פּאָליאַקן. דאָס איז געקומען צום אויסדרוק אין נישט אויספירן די באַפעלן פון דער פוילישער פּאָליציי און אין נישט צושטעלן דעם געהעריקן קאָנטינגענט תבואה און פלייש פאַרן אָקופּאַנט. מ׳האָט צוליב דעם אַראָפּגעשיקט אין שטעטל אַ שטראָף־עקספּעדיציע פון אַ הונדערט געסטאַפּאָווצעס.

### בעסטיאַלישע רציחות

איך האָב זיך געפונען צווישן די יידן, וועלכע דער יודענראַט האָט געשיקט צוגרייטן פאַר די דייטשן די „פּאָוושעכנע״ שול אויפן גאָרייער וועג, ווי אויך טאָן אַנדערע אַרבעטן, און — באַקומען קלעפּ. יעדן טאָג ה׳אָב איך געזען די שוידערלעכע רציחות, וואָס די דייטשן האָבן אַדורכגעפירט איבער יידן און קריסטן: ביי די ערשטע — מחמת פאַרגעניגן, ביי די צווייטע — צוליבן פאַרדאַכט אין אונטערערדישער טעטיקייט. זיי האָבן דערביי נישט געשוינט קיין זקנים, פרויען און קינדער.

זייער ערשטער קרבן איז געווען די יינגערע טאָכטער פון ניחה פעדער (געוווינט אויף דער יאָנעוער גאַס). איניקע דייטשן, האָבן צוריקקערנדיק פון דאָרף, זי באַמערקט און מיטגענומען אין דער שול. מ׳האָט זי אריינגעפירט אין הויף און אַ דייטש האָט זי געוואָלט דערשיסן. זי האָט אָבער געשטעלט אַ ווידערשטאַנד. האָט אַ צווייטער דייטש זי אומגעוואָרפן אויף דער ערד, אַרויפגעשטעלט זיך מיט זיין שטיוול אויף איר

האַלדז און זי דערשאָסן פאַר אַלעמענס אויגן. מ׳האָט שפּעטער געוואָרפן אַ פאַרשטייער פון יודענראַט צונעמען דעם טויטן קערפּער.

פון יענעם טאָג אָן, האָבן אין משך פון פיר וואָכן צייט זיך טאָג־טעגלעך איבער־געחזרט די מאָרדן און בלוטיקע עקזעקוציעס, אויך איבער פּויערים, ספּעציעל — די יונגע. מען פלעגט זיי צעשלאָגענע אַדורכפירן איבערן שטעטל, כדי אַזוי אַרום אָנוואַרפן אַ מורא אויף דער באַפעלקערונג. געטאָן האָט מען עס מיט פּאַראַד: פאָרויס זענען געגאַנגען צוויי ס. ס.־לייט (אָנגעטאָן אין ווייסע פוטערס), נאָך זיי — די קרבנות געשמידטע אין קייטן און צום סוף — אין העכסט מיליטערישער אָרדענונג — די עקזעקוציע־אָפּטיילונג.

מ׳האָט פאַר די מערדער זיך נישט געקאָנט אויסבאַהאַלטן. ווען די דייטשן זענען געקומען עמעצן אַרעסטירן און אים נישט געטראָפן אין דער היים, האָט מען אַרעסטירט די פאַמיליע פון דעם געזוכטן און אַלעמען גלייך דערשאָסן. אַזוי אַרום זענען אומגעקומען ישעיהו ווייס מיט זיין פרוי, יאָסקעלע שמשון מיט זיין איידעם, פּסח ווייס, יוסף ציטרינבוים מיט זיין יינגערער טאָכטער, משה וועלטשער מיט זיין זון מעכל און אַנדערע.

אַ באַזונדער קאַפּיטל שטעלט מיט זיך פאַר דער טויט פון וואָלף קופּערשטיין. אַ געוויסן זונטיק האָט דער הויפּט פון געסטאַפּאָ אים באַפוילן זיך צו מעלדן. אַזוי ווי מ׳האָט געוווּסט, אַז אַזאַ צושטעלן זיך באַדייט טויט, האָט ער זיך אויסבאַהאַלטן. דער רוצח האָט דאַן געמאָלדן דעם יודענראַט, אַז אויב וואָלף וועט זיך נישט צושטעלן ביז מאָנטיק צוועלף ביי טאָג, וועט מען אויסשיסן דעם גאַנצן יודענראַט, דעם רב און נאָך צוואַנציק בעלי־בתים. ס׳איז נישט צו באַשרייבן די פּאַניק, וואָס האָט באַהערשט די יידן. אַ דעלעגאַציע פון יודענראַט איז אַוועק צו דער געסטאַפּאָ זיך משתדל זיין פאַר קופּערשטיינען און גלייכצייטיק מיטגענומען אַ גרויסן כאַבאַר. דער הויפּט האָט דעם כאַבאַר גענומען און צוגעזאָגט, אַז אויב קופּערשטיין וועט זיך צושטעלן — וועט אים גאָרנישט געשען.

מאָנטיק אין דער פרי איז וואָלף אַריין צו מעכל פרילינג אין הויז און דערקלערט, אַז ער וועט זיך צושטעלן. באַלד איז דאָס הויז פול געוואָרן מיט מענטשן. דער ר׳ב, וועלכער איז אויך אָנגעקומען, האָט אים געזאָגט, ער זאָל האַנדלען לויט זיין איינזען. קופּערשטיינס משפחה: די אַלטע מוטער, זיין פרוי, קינד און די שוועסטער, האָבן זיך ביי אים געבעטן, ער זאָל דאָס נישט טאָן. קופּערשטיין אַליין האָט געטענהט, אַז ס׳וועט אים גאָרנישט געשען. רירנדיקע סצענעס האָבן זיך אָפּגעשפּילט בעתן געזעגענען זיך מיט דער משפחה, באַזונדערס מיט זיין אַלטער מוטער. אַלע, וואָס זענען דערביי געווען, האָבן געוויינט.

יידן האָבן זיך געשטעלט זאָגן תהילים און מיט ווייטיק און שפּאַנונג נאָכגעקוקט וואָלפן, ווען ער איז אַריין אין דער „שקאָלע״. ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און ער איז פון דאָרט אַרויס אין דער באַגלייטונג פון באַוואָפנטע געסטאַפּאָוצעס, וועלכע האָבן

אים אַוועקגעפירט אויפן גאָרייער וועג און דאָרט, פאַר די אויגן פון דער גאַנצער משפחה, אים דערשאָסן.

געווען אַ פאַל, ווען די דייטשן האָבן אַרויסגעלאָזט אַ קרבן פון זייערע בלוטיקע לאַפּעס. דאָס איז געשען מיט מעכל פּרילינג. ביינאַכט האָט מען אים אַרויסגענומען פון שטוב. ס'האָבן נישט געהאָלפן די ספּאַזמעס, געוויינען און געבעטן פון זיין פרוי און קינדער. אַלע אָנוועזנדע האָבן אים שוין געהאַלטן פאַר אַ טויטן. אָבער אַרום איינס ביינאַכט האָבן אים צוויי דייטשן אַהיימגעבראַכט אַ לעבעדיקן. ביזן היינטיקן טאָג איז פאַר מיר אַ רעטעניש, ווי אַזוי האָט געקענט פּאַסירן, אַז די מערדער האָבן אים אַרויסגעלאָזט פון זייערע נעגל.

## דער טויט דערנענטערט זיך קיין פּראַמפּאָל...

אַ גאַנצן חודש האָבן אין אונדזער קליינעם ישוב געדויערט די מאָרדן און רויבע־רייען איבער יידן און קריסטן. די גרעסטע אָפּטימיסטן האָבן אָנגעווירן דעם גלויבן. מ'האָט אָנגעהויבן בויען בונקערס און באַהעלטענישן. יעדער האָט פאַרגעפילט וואָס עס רוקט זיך אָן. אויסנוצנדיק דעם פאַקט, וואָס די דייטשן האָבן רעקוויזירט ביי שמואל האָניגמאַן זיין גרויסן צימער אויף אַ ביוראָ פאַר די קאָנטיגענטן — האָט ער געבעטן אים דערלויבן צו וווינען אין זיין צווייטן, נישט אויסגעענדיקטן צימער. ער האָט אַזאַ דערלויבעניש באַקומען. ביים רעמאָנטירן דעם נישט פאַרענדיקטן טייל הויז, האָב איך, מעכל פּרילינג און דער אייגנטימער, זיך אויסגעבויט אַ געהיימע באַהעלטעניש אויפן בוידעם, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ דאָפּלטן חדר מיט אַ מאַסקירטן אַריינגאַנג, וועלכער האָט אונדז שפּעטער גוט געדינט.

נאָך פּסח האָב איך זיך באַקענט מיט אַ יונגן פּאָליאַק, וועלכער האָט געאַרבעט אין ביוראָ. ער האָט געהערט צו דער אונטערגרונט־באַוועגונג און דערפאַר זיך אינטע־רעסירט מיט אונדזער גורל. ער פלעגט אונדז איבערגעבן פאַרשידענע נייעס, ווי אויך די אומלעגאַלע פּוילישע אויסגאַבעס. די ידיעות, וואָס כ'פלעג פון אים דערהאַלטן, זענען געווען זייער טרויעריקע. פון מיר זענען די ידיעות איבערגעגאַנגען צו אונדזערע שכנים. אַזוי אַרום האָט אונדזער ישוב געוווּסט וועגן אַלע געשעענישן, וואָס זענען אין יענער צייט פאָרגעקומען.

ביים דאָזיקן פּאָליאַק האָב איך אויך געקויפט אַ רעוואָלווער מיט קוילן, וואָס כ'האָב ביי זיך תמיד געהאַלטן.

שבועות 1942, האָבן די פּאָליאַקן וואָס זענען געווען באַשעפטיקט ביי דער באַן־סטאַ־ציע דערציילט, אַז טאָג און נאַכט פאָרן דורך דער סטאַציע זוויעזשיניעץ לאַנגע עשאַלאָנען פון איבער 50 וואַגאָנעס — אַלע אָנגעפּראָפּט מיט מענטשן. פון די וואַגאָנעס טראָגן זיך געשרייען און קרעכצן. די עשאַלאָנען זענען שטאַרק באַוואַכט פון באַוואָפנטע ס. ס.־לייט. זיי פאָרן אין דער ריכטונג פון בעלזשעץ. אַלס באַשטעטיקונג פון אָט די שרעקלעכע

ידיעות, האָבן זיי אונדז געבראַכט צעטעלעך, געשריבן אין יידיש, וואָס די אומגליקלעכע יידן האָבן אַרויסגעוואָרפן פון די וואַגאָנעס.

„זייט געזונט, מיר פאָרן אין הימל אַריין". אָדער: „שמע ישראל".

מיר האָבן געוווּסט, אַז אין בעלזשעץ געפינען זיך אייניקע אַרבעטס־לאַגערן. מיר האָבן בשום אופן נישט געקאָנט פאַרשטיין, ווי אַזוי קאָנען די אַרבעטס־לאַגערן אַריינעמען אַזוי פיל מענטשן.

נאָך אַ לענגערער באַראַטונג, האָט דער יודענראַט באַשלאָסן צו שיקן אין געהיים אַ באַגלויבטן קריסט (פאַרשטענדלעך, אַז פאַר אַ גרויסן אָפּצאָל), קיין בעלזשעץ, כדי אויספאָרשן דאָרט די לאַגע און ברענגען גענויע פרטים. נאָך אַ וואָך צייט, האָט דער קריסט זיך אומגעקערט מיט דער שרעקלעכער נייעס, אין וועלכער קיינער האָט גאָר נישט געוואָלט גלויבן — אַז אַלע יידן, וואָס ווערן געבראַכט קיין בעלזשעץ, ווערן דאָרט אומגעבראַכט און פאַרברענט. אויף קילאָמעטערס טראָגט זיך דער ריח פון געסמאַליעטע מענטשלעכע קערפערס. אַ סך האָבן געהאַלטן, אַז דער באַריכט־אָפּגעבער איז אַן אַנטיסעמיט און דערפאַר האָט ער אויסגעקלערט אַזאַ שרעקלעכן ליגן. ער מיינט דערמיט אָנצוּוואַרפן אַ שרעק אויף אַלע יידן.

האָט מען געשיקט אַ צווייטן שליח, דאָס מאָל — אַ באַקאַנטן קריסט, אַ יידן־פריינד, סטאַך סאַבטשאַק, וועלכן אַלע האָבן געקענט אַ סך יאָרן. ער איז צוריק געקומען מיט אַ נאָך שרעקלעכער ידיעה. ער האָט מיט זיינע אייגענע אויגן געזען, ווי די גאַנצע באַן־ליניע — פון דער בעלזשעצער סטאַציע ביזן לאַגער — איז געווען פאַרלייגט מיט טויטע יידן. די דאָזיקע און נאָך ענלעכע ידיעות האָבן שוין אַלעמען איבערצייגט. מ׳האָט זיך אַרומגעזען, אַז דער טויט דערנענטערט זיך אויך קיין פראַמפּאָל, ווייל אין די אַרומיקע שטעטלעך געפינען זיך שוין מער נישט קיין יידן. אויך אין לובלין איז געבליבן נישט מער ווי אַ קליין הייפל יידן, אַלע אין געטאָ.

### דער טויט פון מיין פאָטער ז״ל

דער אומרו אין שטעטל איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. מ׳האָט מורא געהאַט צו שלאָפן אין שטוב. די מענער פלעגן זיך ביינאַכט אויסבאַהאַלטן אויף די פעלדער, אין די נאָענטע וועלדער, ביי באַקאַנטע קריסטן, אָדער אין די צוגעגרייטע באַהעלטענישן.

אַ געוויסן טאָג זענען אין שטעטל געקומען צוויי פאָלקס־דייטשן און געפאָדערט פון יודענראַט אַ קאָנטיגענט יידן צו דער אַרבעט. אַזוי ווי דער רוב יידן זענען זיך צעלאָפן, האָבן זיי געכאַפּט מיין פאָטער און נאָך אַ גאַרייער ייד, וואָס איז גראָד געקומען קיין פראַמפּאָל — און זיי ביידע אָוועקגעפירט קיין דילעס, אין אַ לאַגער. דאָרט האָט מען זייער שווער געאַרבעט ביים אויסגראָבן שטיינער. ערשט נאָך צוויי וואָכן, איז אַ דאַנק דער פאַרמיטלונג פון יודענראַט, מיר געלונגען צו באַקומען אַ דערלויבעניש אויף צו

שיקן מיין פאָטער הילף אין לאַגער אַריין. דער יודענראַטלער חיים יהודה האַרמאַן האָט פערזענלעך באַזאָרגט (דורך בילגאָריי) אַ פעקל עסן, קליידונג און געלט פאַר מיין פאָטער. דאָס האָט אים אַ שטיק צייט דערהאַלטן ביים לעבן.

אָפזייענדיק אין לאַגער דריי חדשים, נאָך אַזאַ קאַטאָרזשנער אַרבעט, איז מיין פאָטער שווער קראַנק געוואָרן. מיר האָבן זיך אָנגעהויבן באַמיען מ׳זאָל אים באַפרייען. די דייטשן האָבן פאַר אים געפאָדערט אַ גרויסע סומע: צען טויזנט זלאָטעס. מיר האָבן פון זיך אויספאַרקויפט אלץ און די סומע צוגעשטעלט. מען האָט אים אַריבערגעשיקט קיין בילגאָריי, אין דעם טרויעריק־באַרימטן שפּיטאָל, ווו ר׳איז צו מאָרגנס, ערב יום־כיפור, פאַרסמט געוואָרן. דאָרט האָט ער אויסגעהויכט זיין פארפייניקטע, הייליקע נשמה.

נויט, אָרעמקייט און הונגער, האָבן אלץ מער געוועלטיקט אין שטעטל. די לאַגע איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן ערגער. גליקלעך זענען געווען די מענטשן, וועלכע האָבן געפונען אַרבעט. די קינדער — אַלס פּאַסטעכער. די פרויען — קעכינס, אָדער נייטאָרינס, און די מענער — פּאַראָבקעס ביי די קריסטן און פּויערים פון די דערפער. טייל פּויערים האָבן רחמנות געהאַט אויף זייערע אַמאָליקע, באַקאַנטע יידן, פלעגן זיי אויסער דעם עסן, אויך געבן געלט אָדער פּראָדוקטן. מיין עלטערע שוועסטער האָט געאַרבעט אַלס קעכין ביי אַ פּויער אין קישעבע. ער איז גראַד געווען גוט צו איר. איין טאָג אין דער וואָך פלעגט זי האָבן פריי. זי איז געקומען מיט אַ ביסל קאַרטאָפל און מעל פאַר די עלטערן. דאָס זענען געווען די איינציקע פּראָדוקטן, פון וועלכע מיינע עלטערן האָבן זיך אויפגעהאַלטן און אויך געשפּייזט די קינדער. מיין ברודער האָט געאַרבעט ביים פּויער קובין אויף דער וואָליע, וועלכער פלעגט אים, אויסער דעם עסן, געבן אויך פּראָדוקטן.

## די טראַגעדיע פון גאָריי

עס דערנענטערן זיך די ימים־נוראים, צוזאַמען מיט זיי — די זאָרג אין שטעטל: ווי אַזוי פּראַווען די לעצטע יום־טובים אין אונדזער לעבן? מיר האָבן צונויפגעשטעלט אַ מנין. דער חזן איז געווען חיים יהודה הארמאן. מיט הארצרייסנדיקע תפילות האָט יעדער באַזונדער, און אַלע צוזאַמען, געבעטן ביי גאָט, ער זאָל געבן כוח איבערצוהאַלטן די צרות און טויט־שרעק.

יום־כיפור, ביי מוסף, האָט עמעץ אַ געשריי געטאָן: „דייטשן גייען!" — אַלע זענען זיך צעלאָפן.

באַלד נאָך די יום־טובים, איז אין שכנותדיקן שטעטל גאָריי אויסגעבראָכן אַ שריפה. מען האָט געשמועסט, אַז דאָס אונטערצונדן דעם יידישן קוואַרטאַל, איז אַדורכגעפירט געוואָרן דורך צוויי פאָלקס־דייטשן, כדי צו קאָנען אומגעשטערט ראַבירן יידיש פאַרמעגן און די יידן פאַרטרייבן פון אָרט.

דער ווייט גרעסטער טייל פון יידישן קוואַרטאַל איז אַוועק מיטן רויך. די דייטשן האָבן באַפוילן אויסזידלען די גאַרייער יידן קיין פּראַמפּאַל.

אין די צוואַנציק יידישע הייזער פון פּראַמפּאַל, ווו ס׳האָט אַזוי אויך געהערשט אַ שרעקלעכע ענגשאַפט, האָבן זיך געשטיקט ביי אַ צוויי טויזנט נפשות. דאָך האָט מען די צוגעקומענע אויפגענומען אָן שום טענות און מיט זיי זיך געטיילט מיטן לעצטן שטיקל ברויט. פון די גאַרייער יידן האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז די צוויי פאָלקס־דייטשן, וואָס האָבן געדינט אין דער געסטאַפּאָ אין בילגאָריי (באַקאַנט אין פּראַמפּאַל אַלס געהיים־פּאָליציאַנטן), פלעגן קומען אין שטעטל צוויי־דריי מאָל אין דער וואָך און פאָדערן פאַרשידענע קאָנטריבוציעס.

צוליב אַ פּראָוואָקאַציע, האָבן די צוויי פאָלקס־דייטשן אומגעבראַכט די בעסטע פון דער אָרטיקער יוגנט, צווישן זיי — מיינע גוטע חברים: זוסמאַן, איטשע פליישער און הירש. ס׳האָבן נישט געהאָלפן די אויסערגעוויינלעכע באַמיאונגען זיי צו ראַטעווען. די מערדער האָבן די דריי בחורים אַרויסגעפירט הינטער דער שטאָט און זיי דערשאָסן.

## דער געדאַנק וועגן ווידערשטאַנד

וויסנדיק שוין אויף זיכער, וואָס אונדז דערוואַרט ביים דייטש, איז רייף געוואָרן דער געדאַנק וועגן ווידערשטאַנד. מ׳איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז די איינציקע מעגלעכקייט צו ראַטעווען זיך פון אונטערגאַנג, איז — ווידערשטאַנד. אַ גרופּע יוגנטלעכע (די ברידער אהרן און אלי האָף, אשר גוטמאַכער, משה זאַנטאַג, שלמה אשנבערג, יונה בענדלער, בעריש בלומער, חיים האָף, דער שרייבער פון די שורות און אַנדערע), האָבן באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע. דער פּלאַן איז געווען: זאַמלען געווער, אַרויסכאַפּן זיך אין וואַלד. אין משך פון אַ קורצער צייט איז געלונגען איינצוקויפן עטלעכע ביקסן, פּיסטאָלעטן און אַפילו אַ מאַשין־געווער. דאָס אַלץ איז באַהאַלטן געוואָרן אין וואלד דורך די ברידער אלי און אהרן האָף.

מ׳האָט באַשלאָסן אָפּצוּוואַרטן אַ געהעריקן מאָמענט, אַוועק פון שטעטל און זיך קאָנצענטרירן אין נאָענטסטן וואַלד. מחמת אייניקע פון אונדז זענען געווען חתונה־געהאַטע, איז שווער געווען אדורכצופירן דעם באַשלוס, נישט־ווילנדיק איבערלאָזן פרוי און קינדער און אַליין פרווון זיך ראַטעווען. דעריבער האָט מען אָפּגעלייגט און אָפּגע־שטופּט דעם מאָמענט פון אַקטיוון ווידערשטאַנד. דערווייל זענען אַ סך פון די חברים, ביי דער ערשטער אַקציע אין שטעטל, אומגעקומען. די געבליבענע זענען שוין נישט פעאיק און גרייט געווען אויסצופירן דעם באַשטימטן פּלאַן.

אויסער דעם האָט מען זיך צעשיידט, געוואָרן אָפּגעריסן איינער פון אַנדערן.

פון די, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון די אַרומיקע שוין ליקווידירטע יידישע שטעטלעך (טוראָבין, זשולקעווקע, ביכאַווע און וויסאָקי), האָבן מיר זיך דערוווּסט דערשיטערנדיקע פּרטים פון דער דייטשער אַקציע צו מאַכן „יודענריין" די געגנט.

יאוש, שרעק און האָפענונגסלאָזיקייט האָט אונדז באַהערשט. אַ טרויער איז געלעגן אויסגעגאָסן אויף די קינדערישע פּנימלעך. ביי די עלטערע מענטשן, זענען די נערוון געווען געשפּאַנט ביז צום פּלאַצן.

אין זכרון איז מיר פאַרבליבן דער לעצטער שבת, בעת איך האָב אין דער אַנוועזנהייט פון קלמן ערטער, שלמה וועלטשער, בעריש בלומער און יונה בענדלער, געוואָנטשן ביי אַ לחיים „דערלעבן דעם נאָענטסטן שבת". קלמן ערטער האָט אַ פרעג געטאָן: „וועט די וועלט כאָטש וויסן אַמאָל אין וואָס פאַר אַ גהינום מיר לעבן?" דאַקעגן בלומער האָט געהאַט אַ פאַרלאַנג, אַז די חברים אין ארץ־ישראל זאָלן וויסן, וואָס ס'קומט דאָ פאָר מיט זייערע איבערגעבליבענע ברידער. דערביי האָט מען נישט אויפגעהערט פרעגן:

— פאַר וואָס שווייגן די אַמעריקאַנער יידן? פאַר וואָס איז די וועלט אַזוי גלייכגילטיק צו אונדזער טראַגעדיע? האָט טאָקע די וועלט שלום געמאַכט מיטן געדאַנק, אַז אַלע יידן דאַרפן אַזוי גרויזאַם אומקומען?

ביי אונדז האָט זיך אויסגעבילדעט אַ מיינונג, אַז די וועלט ווייסט נישט פון דער דייטשישער באַרבאַרישקייט. און אויב מען ווייסט יאָ, איז נישט דער ייד אַזוי וויכטיק, מ'זאָל צוליב אים איינרייסן מיט די דייטשן. אָבער וווּ איז דער יידישער ישוב אין ארץ־ישראל? די ציוניסטישע באַוועגונג? און אפשר איז אויך פאַר זיי פאַרהוילן אונדזער טראַגישער גורל?

דאקעגן איז פאַר אונדז געווען קלאָר, אַז צווישן די לעבעדיקע וועלן מיר נישט זיין. פריער אָדער שפּעטער וועט אונדז דער אכזריותדיקער טויט אָניאָגן. נישטאָ קיין אויסבאַהאַלט פאַר די מערדער און זייערע פוילישע צוהעלפער. בעצם איז נישט וויכטיק צי די וועלט ווייסט יאָ, אָדער נישט. מיר אָבער מעגן זיך טרייסטן, אַז דער דייטש וועט די מלחמה פאַרשפּילן, הגם ער איז אַזוי טיף פאַרקראָכן אין דער רוסישער טעריטאָריע. און אפשר טאָקע דערפאַר... עס וועט אַמאָל גענומען ווערן נקמה פאַר אונדזער אומשולדיק פאַרגאָסן בלוט. נאָר באַשטימט האָט מען, אַז ווער פון אונדז ס'וועט איבערלעבן די קריג, זאָלן אומבאַדינגט דערציילן וועגן אַלץ וואָס פראַמפּאַלער יידן האָבן אַדורכגעמאַכט אין יענע פינצטערע יאָרן.

מיר האָבן שטאַרק געוואָלט דערלעבן דעם מאָמענט פון באַפרייאונג, זען מיט די אייגענע אויגן היטלערס מפּלה און זוכה זיין צו נקמה. אַמווינציקסטן האָפענונג איבערצולעבן האָב איך געהאַט. כ'בין געווען אָרעם, בעת די רייכע האָבן געגלויבט, אַז פאַר געלט וועלן זיי די פּאָליאַקן אויסבאַהאַלטן. ווי עס האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזן אין רוב פאַלן, האָט מען ביי די דאָזיקע יידן צוגענומען דאָס געלט און די פּאָליאַקן אַליין האָבן זיי דערמאָרדעט, אָדער אויסגעליפערט די דייטשן.

געווען אויך פּאָליאַקן, וואָס האָבן איינגעשטעלט זייער לעבן און געראַטעוועט יידן. נאָר ליידער — איינער אויף טויזנטער.

## די אַקציע

מאָנטיק 6 פרי, 22 טעג אין חשוון 1942, זענען מיר אויפגעשטאַנען אין דער פרי און פאַרלאָזט די באַהעלטעניש, ווו מען האָט זיך אַ לענגערע צייט אויפגעהאַלטן. מיר האָבן דערהערט אין גאַס שטאַרקע שאָסן. מ׳איז גלייך צוריק אַוועק אין באַהעלטעניש צו שמואל האַניגמאַן (ער האָט זיך דאָרט געפונען מיט זיין פרוי). אויך מאָטל שאַפּירא מיט זיין שוועסטער רייזל פון גאַריי, זענען צוזאַמען מיט אונדז געלאָפן אין דער באַהעלטעניש. מיר זענען דאָרט געווען זעקס פּערזאָן: מעכל פרילינג, דער באַלעבאָס פון הויז, שמואל האַניגמאַן מיט זיין פרוי, די צוויי גאַרייער יידן און איך. מיר האָבן זיך דאָרט פאַרמאַכט און דורכן פּאַפּע־דאַך, ווו מען האָט געמאַכט עטלעכע נישט־דערקענבאַרע לעכלעך — האָט מען אַרויסגעקוקט אין דרויסן. אין אָנהייב האָבן מיר געמיינט, אַז דאָס זענען דייטשן געקומען כאַפּן אויף אַרבעט. זעענדיק אָבער ווי זיי טרייבן אַרויס פון די הייזער אויך פרויען און קליינע קינדער, האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז דער סוף.

די שיסעריי ווערט אַלץ שטאַרקער. מען זעט פאַלן מענטשן, געשרייען, קרעכצן און געוויינען הערט מען. צווישן די הרוגים זעט מען יאַנקעלע פינקלשטיין ליגן אין טלית־און־תפילין. אויך מעכל פרילינגס זון, יוסף, איז צווישן די דערשאָסענע. ביזן האַלבן טאָג האָבן זיי באַוויזן אויסצושיסן ביי אַ 600 יידן. די רעשט, אויך אַ וועלכע 600, האָבן זיי געטריבן צו דער זוויעזשיניעצער באַן־סטאַציע, נישט אויפהערנדיק שיסן אויפן וועג. (אין פראַמפּאָל האָבן זיך דעמאָלט געפונען אַ סך יידן, אויסגעזידלטע פון די אַרומיקע שטעטלעך).

בלויז אַ קליינע צאָל איז אָנגעקומען צו די וואַגאָנעס. אין זוויעזשיניעץ האָט מען געמאכט די סעגרעגאַציע. די יונגע און־געזונטע, וואָס זענען געבליבן נאָך דעם שרעקלעכן טויט־מאַרש, האָט מען געשיקט נאָך מיידאַנעק. און די פראַמפּאָלער, טאַרנאָגראָדער און בילגאָרייער יידן, האָט מען פאַרלאָדן אין די וואַגאָנעס, אין וועלכע מ׳האָט פריער אויסגעשיט געמאָלענעם קאַלך. דאָרט איז אומגעקומען, ווי מ׳האָט זיך שפּעטער דערוווּסט — חיים האַרמאַן.

דאָס טרייבן די יידן צופוס, דאָס שפּעטערע סעגרעגירן און אַריינשטויסן אין די וואַגאָנעס, איז דורכגעפירט געוואָרן דורך אַ קליינער גרופּע ס.ס.־לייט.

די אַלע פּרטים זענען מיר איבערגעגעבן געוואָרן פון שלמה פיין פון קאַנטיס, וועמען איך האָב באַגעגנט אין דאָרף קישעבע.

די דייטשן, פאַרלאָזנדיק פראַמפּאָל, האָבן באַפוילן צו באַגראָבן די 600 הרוגים אין איין ברידער־קבר. זיי האָבן אויך געפאָדערט פון די פייערלעשער און פוילישע פּאָליציי צו העלפן כאַפּן די אויסבאַהאַלטענע יידן און פאַרענדיקן די מאָרד־מלאכה. פון די אַרום 800 יידן, וואָס זענען געהאַט זיך צעלאָפן אין די וועלדער, האָבן די פוילישע מערדער אַנטדעקט העכער 600 יידן — און זיי אויסגעמאָרדעט. ליגנדיק אין באַהעלטעניש האָבן מיר אין די נעכט געהערט די יאָמערלעכע געוויינען פון די געפאנגענע יידן, וואָס

האָבן זיך ביי די היימישע, באַקאַנטע פּאָליאַקן געבעטן זיי שענקען דאָס לעבן — אָבער אָן רעזולטאַט.

די עקזעקוציע איבער די געכאַפּטע יידן איז אויסגעפירט געוואָרן עטלעכע טעג שפּעטער, דאָנערשטיק, אין דער אָנוועזנהייט פון צוויי געסטאַפּאָווצעס. מ׳האָט אַלע אַוועקגעפירט אויפן בית־עולם, ווו ס׳איז שוין געווען פאַר זיי גרייט איין גרויסער קבר. זיי האָבן באַפוילן די קרבנות זיך אויסטאָן האַלב נאַקעט, אַריינלייגן אין גרוב. פון דער נאָענט האָט מען אין זיי אַלע געשאָסן. אַ סך זענען נאָר פאַרווונדעט געווען, בעת די פּאָליאַקן האָבן דעם גרוב פאַרשאָטן.

די אַלע פּרטים האָט מיר איבערגעגעבן בלומע קופּערשטיין, וועלכע איז אַ פאַר־ווונדעטע אין פוס אַנטלאָפן פון ברידער־קבר. זי האָט אָבער געטיילט דעם גורל פון אלע אַנדערע, ווייל מיט עטלעכע טעג שפּעטער, בעת זי איז געקומען בעטן אירע פוילישע שכנים הילף, האָט מען זי פאַרהאַלטן און איבערגעגעבן די מערדער. נאָך דעם איז די דייטשן געלונגען צו כאַפּן נאָך אַ 150 יידן. אַ פּאָר טעג שפּעטער נאָך דער גרויסער שחיטה, האָט מען זיי געפירט אויפן בית־עולם און אין איין ברידער־קבר אַלעמען דערשאָסן.

נאָך פיר טעג ליגן אין באַהעלטעניש, האָבן מיר אָנגעהויבן טראַכטן ווי אַזוי זיך אַרויסבאַקומען פון דער פאַרבלוטיקטער און חרובער שטאָט. מעכל פרילינג און שמואל האָניגמאַן, זענען געווען דעציִדירט אָנצוקומען צו סטאַך סאָבטשאַק. נאָך פריער האָט ער זיי צוגעזאָגט אוסצובאַהאַלטן. איך און די צוויי גאַרייער (מאָטל שאַפּירא און זיין שוועס־טער) האָבן קיין געלט נישט געהאַט. דאָך האָבן מיר געגלייבט, אַז ס׳וועט אונדז געלונגען זיך איינצואָרדענען ביי אַ באַקאַנטן פּויער אין דאָרף בראַנונע, צען קילאָמעטער פון פּראָמפּאָל. מאָטל מיט דער שוועסטער האָבן מיך צוגערעדט מיטגיין מיט זיי. פאַר אונדז איז אָבער געשטאַנען די שווערע פראַגע: ווי אַזוי באַקומט מען זיך אַרויס פון דער באַהעלטעניש ?

מ׳האָט באַשלאָסן, אַז די פּאַסיקסטע צייט איז דאָנערשטיק אָוונט, ווען מיין באַקאַנטער קריסט, וואָס אַרבעט אין ביורא אין זעלבן הויז, איז אליין. בעת ער וועט אין אָוונט פאַרמאַכן די ביורא, וועל איך אים בעטן צורופן יאַנטעק שימטשאַק, דעם אָנפירער פון די פייערלעשער, וואָס פאַרנעמט זיך מיט כאַפּן יידן. ער איז געווען באַפריינדעט מיט מעכל פרילינג און מיט מיר.

זעקס פאַרנאַכט, ווען מיין באַקאַנטער איז אַרויס, כדי פאַרמאַכן די ביורא, האָב איך אים אַ רוף געטאָן. ער איז פון מיך פּלוצימדיקן געשריי געבליבן ווי געליימט. אויף זיין פראַגע, וואָס איך וויל פון אים, האָב איך אים געבעטן, ער זאָל מיר ברענגען אַ טרונק וואַסער און רופן יאַנטעקן. ער האָט זיך ווידער דערשראָקן און געוואָרנט, אַז דער „פּאָזשאַרניק" וועט מיך זיכער אַרעסטירן. איך האָב אים געגעבן צו פאַרשטיין אין

וואָס עס גייט — און ער איז אַוועק, אומקערנדיק זיך מיט שימטשאַקן. ער האָט גלייך געפרעגט:

— ווער נאָך באַהאַלט זיך אויבן?

— איך — האָט מעכל פּרילינג זיך אָנגערופן.

— וועל איך פריער נעמען אַבען — האָט דער גוי געפּסקנט און דערנאָך צוגעגעבן:

— אַז די זאַך וועט אַדורך גוט, וועל איך קומען אויך דיך נעמען.

גיי פאַרשטיי אַ גויאישע נשמה... דאָס איז דאָך דער זעלבער פייערלעשער, וואָס האָט כמעט אַלע באַהאַלטענע יידן אַנטדעקט און זיי איבערגעגעבן די דייטשן. ער האָט אונדז אַרויסגעפירט פון שטאָט, געגעבן סיגאַרעטן און ברויט, אַפילו זיך צעקושט בעתן געזעגענען. איך געדענק נאָך זיינע ווערטער:

— דו ביסט אַ ייד און איך בין אַ קריסט. אָבער ביי מיר ביסטו ווי אַן אייגענער ברודער. גאָט איז מיין עדות — גיי און זיי מצליח.

ער האָט מיר אויך געזאָגט, אַז נעכטן האָט ער געפונען מיין פרוי מיטן קינד און איר מוטער. ער האָט זיי גענומען צו זיך, געגעבן אָפּצועסן און מיטגעגעבן ברויט אויפן וועג. אָבער ווו זיי זענען אַוועק — ווייסט ער נישט.

אַזוי האָב איך זיך צעשיידט מיטן פייערלעשער־קאָמענדאַנט, וואָס איז דורך די דייטשן באַשטימט געוואָרן צו כאַפּן די רעשטלעך יידן און זיי אויסליפערן דעם מערדער.

### פון איין באַהעלטעניש אין דער צווייטער

מיר זענען געגאַנגען אַ גאַנצע נאַכט. פרייטיק פאַרטאָג זענען מיר אָנגעקומען אין וואַלד, נאָענט פון בראָוונע. מאַטלס שוועסטער איז גלייך אַוועק צום פויער פרעגן, צי ער וועט אונדז אַריינעמען. פאַרשטעקטע אין וואַלד, האָבן מיר אומגעדולדיק און מיט שרעק געוואַרט אויף איר צוריקקומען. די שעהן האָבן זיך געצויגן ווי אַן אייביקייט. דאָס געוויסן האָט גענומען פּלאָגן, הלמאי מיר האָבן זי אַליין געלאָזט גיין? אפשר האָט מען זי, חלילה, געכאַפּט? דערווייל איז צוגעפאַלן די נאַכט און מיר האָבן שטילערהייט אָנגעהויבן מקבל־שבת זיין. ענדלעך האָבן מיר דערהערט טריט — רייזל מיטן פויער זענען אָנגעקומען. זיי האָבן געברענגט מיט זיך אויך עסן.

אויף אונדזערע פראַגן, פאַרוואָס זי האָט אַזוי לאַנג זיך געזאָמט, האָט זי געענטפערט, אַז בייטאָג האָט זי מורא געהאַט צו גיין. דער עיקר — דער פויער איז מסכים אונדז אַריינצונעמען.

ווי שאָטנס האָבן מיר זיך פאַרגנבעט צום פויער אין דער סטאָדאָלע. דעם גאַנצן שבתדיקן טאָג זענען מיר איבערגעזעסן אויפן בוידעם. ביינאַכט איז דער פויער געקומען און געזאָגט, אַז ער האָט חרטה. מיר מוזן שוין פאַרלאָזן זיין הויז. אין דאָרף, זאָגט ער, דאַרף פאַרקומען אַ גרויסע „לאַפּאַנקע" אויף יידן. בלית־ברירה האָב איך זיך געזעגנט

מיט מאַטלען און זיין שוועסטער. דער פויער האָט מיך ארויסגעפירט פון דאָרף. דורך אומוועגן, איבער פעלדער און וועלדער, האָב איך זיך געלאָזט גיין קיין פּראַמפּאָל. נאָענט פון שטעטל, האָב איך געהאַט אַ סך באַקאַנטע פּאָליאַקן און געהאָפט אויף אַ שטיקל צייט צו באַקומען אַ באַהעלטעניש, ווי אויך געפונען מיין פרוי מיטן קינד. פאַרטאָג בין איך אָנגעקומען צו די גאָרייער בערג און ביים שיין פון אַ פייער, געזען זיצן מאיר קנאָבליך מיט זיינע צוויי טעכטער. זיי האָבן זיך שטאַרק דערפרייט מיט מיר. מיר האָבן זיך דערציילט טרויעריקע געשעענישן פון דער לעצטער וואָך. זיי האָבן מיר איבערגעגעבן, אַז אַ סך יידן קומען איצט קיין פּראַמפּאָל (אפילו אין מיטן טאָג) און די פּאָליאַקן טשעפּען זיי נישט. זעט אויס, אז ס׳האָט זיך עטוואָס איינגעשטילט. מיין מיינונג איז אָבער געווען, אַז פּונקט ווי צו די דייטשע מערדער, קאָן מען אויך נישט האָבן קיין צוטרוי צו זייערע פּוילישע מיטהעלפער.

זיי האָבן מיך אָבער נישט געפאָלגט. זיי זענען צוריק אַוועק אין שטעטל און זיך געמאכט אַ באַהעלטעניש אין דער וווינונג, וווּ ער האָט פריער געוווינט. ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווסט, האָט אַ פּאָליאַק, וואָס האָט אַלע יאָרן געאַרבעט ביי מאיר קנאָבלעך, אים אַנטדעקט. די ערשטע עטלעכע וואָכן האָט אים דער גוי אַפילו צוגעשטעלט עסן, אָבער נאָך דעם האָט ער צוגענומען ס׳געלט און זיי אַלע דערמאָרדעט.

דעם זעלבן טאָג, פאַרנאַכט, בין איך אַוועק אויפן באַרג, צו דער ווינטמיל און אָנגעקלאַפּט אין פענצטער פון דער פרוי שוויזשאַווסקאַ, די זעלבע, וועמען מיינע עלטערן האָבן פיל יאָרן אויסגעהאַלטן מיט ברויט און געלט. זי איז צו מיר אַרויס מיט אַן אייזערנער שטאַבע און געשריגן:

— אויב דו גייסט נישט אַוועק, שפּאַלט איך דיר דעם קאָפּ! נאָך אַלץ נישט געקומען קיין סוף צו די פאַרשאָלטענע זשידעס?

כ׳האָב זיך גיך אָפּגעטראָגן. אַראָפּגייענדיק פון באַרג, איז פאַר מיינע אויגן געלעגן אויסגעשפּרייט מיין געבורט־שטעטל. אַזוי נאָענט פון דעם אָרט ווו כ׳בין אויסגעוואַקסן — און אַצינד אַזוי עלנד, איינזאַם און מיט טויט־שרעק אין די אויגן. ווו גייט מען? עס איז מיך באַפאַלן אַ מרה־שחורה, אַפילו אויפגעקומען אַ געדאַנק וועגן זעלבסטמאָרד. איך האָב גוט געזען די האָפענונגסלאָזיקייט פון מיין לאַגע. נאָר די בענקשאַפט צו מיין פרוי און קינד און די פאַרבאָרגענע האָפענונג, וואָס האָט נאָך געטליעט איי מיר — האָט מיך אָפּגעהאלטן פון דעם שריט.

איך האָב באַשלאָסן גיין קיין קישעבע. אין דאָזיקן דאָרף האָבן געוווינט עטלעכע באַקאַנטע פויערים. ביינאַכט האָב איך אָנגעקלאַפּט אין לאָדן פון א פויער, וואָס פלעגט ביי אונדז אַרבעטן אַלס בעל־עגלה און ברענגען מעל פון זאַמאָשטש און אַנדערע ערטער. ער האָט מיך פריינדלעך אויפגענומען, געגעבן צו עסן און באַהאַלטן אין שייער. פון מיין פרוי, האָט ער געזאָגט, ווייסט ער גאָרנישט. פאַרטאָג הער איך ווי אין דרויסן וויל דער זון פון דעם פויער, מיין רעטער, שלאָגן אַ פרוי, וואָס האָט זיך באַוויזן לעם זייער

הויז. איך האָב גלייך דערקענט דאָס קול פון מיין פרוי. איך האָב, נישט טראכטנדיק, גלייך אַ שפּרונג געטאָן פון דער סטאַדאָלע אין דרויסן.

נאָך דער ערשטער פרייד, האָט זי מיר דערציילט, אַז זי קומט פון שטאָט, ווו זי האָט געקויפט ברויט. פיל יידן קומען איצט, נאָך וואַגלענישן, צוריק קיין פּראַמפּאָל — און מען פאַרהאַלט זיי נישט.

נאָך דעם פירט זי מיך אין די פארלאָזטע שטיינגרובנס נישט ווייט פון דאָרף, ווו איך טרעף מיין שוויגער מיטן קינד און אויך יעקב וואַלדמאַן (מרדכי־יוספס זון) מיט זיין פרוי און דריי קינדער.

אין דער שטיינהאקעריי האָבן מיר אַזוי אַלע געלעבט אַ שטיקל צייט. יעדן אין דער פרי פלעגט איינער פון אונדז אַוועק אין שטעטל, קויפן ברויט און בשלום זיך צוריקקערן. ביז אַ געוויסן טאָג, האָט אַ באַקאַנטער פויער אונדז געוואָרנט, אַז דער סאָלטיס האָט באַקומען אַ באַפעל צו כאַפּן אַלע יידן, וואָס באַהאַלטן זיך אין דאָרף און אין דער געגנט. דערפאַר אָרגאַניזירט ער אַ גרופּע יוגנטלעכע. די זעלבע נאַכט האָבן מיר פאַרלאָזט די באהעלטעניש און אַוועק אין אַן אַנדערן שטיינגרובן, נאָענט פון דאָרף רעטשיצע. דאָרט האָבן מיר זיך אויפגעהאַלטן צוויי טעג.

דערווייל זענען די דייטשן ווידער געקומען קיין פּראַמפּאָל און דאָרט געטראָפן אייניקע יידן. צווישן זיי — מלכה ראָזנבערג, וואָס האָט זיך געוואָרפן אויף איינעם פון די מערדער, אים אָנגעהויבן בייסן און אַרויסגעריסן דעם רעוואָלווער. אַ צווייטער דייטש האָט זי אויפן אָרט דערהרגעט. דער פאַקט פון איר העלדישער טאַט, האָט איבערגעלאָזט אַ שטאַרקן רושם אויף די פּאָליאַקן פון דער גאַנצער געגנט.

די דייטשן האָבן ווידער באַפוילן די פייערלעשער אויסצוזוכן אַלע יידן, וואָס זענען נאָך געבליבן לעבן. דערמיט האָט זיך געענדיקט די פּרשה פון איינקויפן פּראָדוקטן אין שטעטל. אַ ייד האָט מער נישט געוואַגט זיך צו ווייזן בייטאָג אין פּראַמפּאָל, הגם אויך ביינאַכט איז מען געווען איינגעשטעלט מיטן לעבן.

אין דער דריטער נאַכט פון אונדזער זיין אין דער נייער באַהעלטעניש, זענען געקומען צוויי פויערים פון רעטשיצע און אונדז געוואָלט איבערגעבן דער פּאָליציי. צום גליק האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז זיי זענען מיינע גוטע באַקאַנטע. זיי האָבן רעזיגנירט פון פינצטערן פּלאַן, אָבער געוואָרנט גלייך פון דאַנען זיך אָפּטראָגן.

די זעלבע נאַכט האָבן מיר פאַרלאָזט די באַהעלטעניש און אַוועק אין שטעטל. אַלע 9 פּערזאָן זענען מיר אַריין אין קעלער פון אָפּגעברענטן הויז פון מרדכי־יוסף. דער פרישער שניי, וואָס איז דערנאָך אָנגעפאַלן, האָט פאַרדעקט אונדזערע שפּורן. אין קעלער איז געווען וואַרעם און מיר האָבן זיך דאָרט איינגעאָרדנט. עסן פלעגן מיר קויפן ביינאַכט ביי באַקאַנטע קריסטן. צוויי וואָכן זענען מיר אָפּגעווען אין דעם באַהעלטעניש.

חנוכה ביינאַכט, צום דריטן ליכטל, זענען געקומען אין קעלער צוויי פייערלעשער — מאַטעליוש און סטיק. זעט אויס, אז איינער פון די באַקאַנטע פּאָליאַקן האָט אונדז

אויסגעגעבן. דער ערשטער בין איך אַרויס. געטאָן האָב איך עס נישט מחמת העלדישקייט. פֿאַרקערט: איך בין שוין עטלעכע וואָכן געווען קראַנק, געלעגן אין שטאַרקע היץ — און אַלץ איז מיר שוין נמאס געוואָרן. ווי נאָר סטיק האָט מיך דערזען, האָט ער געזאָגט:

— אַנטלויף, מיר מיינען נישט דיך.

איך האָב זיך אָבער אָפּגעזאָגט אַליין צו לויפן און געבעטן, אַז מיין פרוי, קינד און שוויגער, זאָלן גיין מיט מיר צוזאַמען. סטיק האָט מסכים געווען, נאָר געבעטן איך זאָל דערוויל אַוועק צום קאָמענדאַנט פון די פייערלעשער און דאָרט וואַרטן. ער וועט מיין משפחה ברענגען אַהין. איך בין אַוועק צו שימטשאַקן, אים אויפגעוועקט פון שלאָף. ער האָט זיך שנעל אָנגעטאָן און געלאָפן ברענגען מיין פאַמיליע.

נאָך אַ האַלבער שעה קומט ער צוריק מיט דער טרויעריקער ידיעה, אַז אַלע געפונען זיך שוין אין אַרעסט. ווען סטיק האָט געגומען מיינע נאָענטע צו מיר, האָבן אַלע אָנגעהויבן וויינען און בעטן מ׳זאָל זיי אויך באַפרייען. דעם טומל האָבן דערהערט פּוילישע פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן זיך געפונען נישט ווייט. אויף זייער פראַגע וואָס דאָ קומט פאָר, האָט מען זיי דערציילט, אַז סטיק איז אַוועק מיט אַ גרופּע יידן. זיי האָבן אים אָנגעיאָגט און אַלעמען אַרעסטירט.

יאַנטעק האָט מיך באַרואיקט און צוגעזאָגט, אַז באַלד אין דער פרי וועט ער רעדן מיטן פּאָליציי־קאָמענדאַנט. מען וועט זיי זיכער באַפרייען. וועט ער שוין אונדז אַלעמען אויסבאַהאַלטן. איך האָב אים דערמאָנט דאָס גוטס וואָס ער האָט מיר בשעתו געטאָן ביים ארויספירן פון שטאָט, באַגלייטנדיק ווי אַן אייגענעם ברודער. ער האָט מיר צוגע־זאָגט הילף.

## דער אוממענטש ווייזט זיך אַרויס אַלס מענטש

איך ווייס נישט וואָס מיר האָט דעמאָלט געשטויסן נישט אָנצונעמען יאַנטעקס פאָרשלאָג צו בלייבן ביי אים, נאָר זיך אַוועקלאָזן קיין קישעבע אין אַ שרעקלעכער שניי־זאַווערוכע, ביינאַכט, דערצו מיט פערציק גראַד היץ. ביי נאָרמאַלע באַדינגונגען, וואָלט איך עס קיין מאָל נישט געוואָגט צו טאָן. מיט גרויסע שוועריקייטן, נישט געפונענ־דיק גלייך דעם וועג, בין איך אָנגעקומען אין דאָרף און אָנגעקלאַפּט אין פענצטער ביי כאַראַמין פרעלאס, אַן אָרעמער פויער, וואָס פלעגט פאַר דער מלחמה כסדר באַקומען ביי מיר הלוואות, און אַ טייל פון זיי — נישט אָפּגעגעבן. מ׳האָט געשמועסט, אַז ער איז אַ גנב, שטעלט אָפּ דורכגייער אויף די וועגן און באַרויבט זיי. פאַרן קריג וואָלט איך נישט געוואָגט ביי אים איבערנעכטיקן אַ נאַכט. גראָד איצט, אין מיין גרויסער פאַר־צווייפלונג, האָב איך זיך דערמאָנט אין אָט דעם נייעם טיפּ. און מערקווירדיק: ער האָט מיך אַריינגענומען אין שטוב אַריין. דערזעענדיק מיך, אַ באַוואַקסענעם און פאַרליי־זיקטן, האָט ער און זיין ווייב אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. זיי האָבן אָנגעוואַרעמט וואַסער, מיר געגעבן ריינע וועש, דערלאַנגט גוט אָפּצועסן, מיך אַרויפגעפירט אויפן בוידעם היי

און צוגעזאָגט, אַז באַלד אין דער פרי גייט ער אין שטאָט אַריין זיך אינטערעסירן וועגן גורל פון מיין פרוי. ער האָט מיר אויך געגעבן אַן אַספּירין — און כ׳בין גלייך איינגע־שלאָפן.

גאַנצע דריי טעג בין איך אָפּגעלעגן אין אַ קאָשמאַר־פּיבער. ווען כ׳האָב צוריק באַקומען דעם באַוווּסטזיין, האָט מיר דער פּויער געוויזן אַ בריוו פון מיין פרוי, אין וועלכן זי שרייבט, אַז כ׳זאָל זיין פאַרזיכטיק, אַז כ׳וועל איבערלעבן, זאָל איך נקמה נעמען און דערציילן דער וועלט וואָס ס׳איז געשען. פון באַפרייען זיך, שרייבט זי, קאָן קיין רייד נישט זיין. זי איז אַרעסטירט צוזאַמען מיט נאָך 17 יידן — מענער, פרויען און קינדער (צווישן זיי: אויך יעקב ראָזנבערג מיט זיין פרוי און קינדער, וועמען די פּויערים האָבן געכאַפּט און איבערגעגעבן דער פּאָליציי).

כ׳האָב געוואַרט ביז נאָך מיטאָג. איך בין אַראָפּ פון בוידעם און אַוועק אין שטאָט זיך צושטעלן אין דער פּאָליציי. אַ סברה, אַז דער פּויער האָט דערשפּירט אַז כ׳בין נישטאָ און מיך אָנגעיאָגט אויפן וועג, שוין נאָענט צו פּראָמפּאָל — און מיט כוח צוריקגעפירט צו זיך אַהיים. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ר׳האָט פאַרשפּראָכן מיין פרוי מיך אויסצובאַהאַלטן ביז נאָך דער מלחמה, ווייל ער דעם צוזאָג האַלטן.

— זאָלסט מער אַזוי נישט טאָן און אָן מיין וויסן נישט פאַרלאָזן די וווינונג — האָט ער מיך געוואָרנט. — וועסט פון איצט אָן זיצן אונטן, אין קעלער, פאַרמאַכט אויפן ריגל. אַזוי וועסטו זיצן אין דער פינצטער, טאָג און נאַכט, ביז וועסט מיר צוזאָגן, אַז מער אַזעלכע נאַרישקייטן וועסטו נישט טאָן.

דאָס זאָגנדיק, האָט דער שטאַרקער פּויער מיך אָנגענומען און צוריק געפירט צו זיך. איך בין געזעסן אין גרוב, ווו ער האָט געהאַלטן קאַרטאָפל. אַ פּויערישער קופּערט איז דאָרט געשטאַנען — אַ מעטער די לענג — און די טיף אַ 70 צענטימעטער. דאָרט איז מיר אויסגעקומען צו ליגן, די הענט און פיס אונטער זיך. דריי מאָל אין טאָג האָבן זיי מיר דערלאַנגט עסן — עטלעכע קאַרטאָפל און אַ ביסל קרויט. ער איז געווען זייער אַן אָרעמער און אַליין נישט געהאַט וואָס צו עסן. זיי האָבן זיך מיט מיר געטיילט מיטן ביסן.

...דאָ האָב איך געהאַט צייט צו באַווײנען מיינע טייערסטע — און גלייכצייטיק טראַכטן: וואָס האָט באַוויזגן דעם דאָזיקן רויען מענטש, וועלכער האָט געהאַט אַזאַ שלעכטן שם ביי יידן און קריסטן, אַרויסצווייזן אַזוי פיל מענטשלעכקייט? איינשטעלן זיין אייגן לעבן, דאָס לעבן פון זיין פרוי און טיילן זיך מיט מיר מיטן לעצטן, אָרעמען ביסן? ער האָט דאָך געוווסט, אַז כ׳האָב נישט קיין געלט אים צו באַצאָלן.

מעגלעך, אַז גראָד דאָס וואָס כ׳האָב נישט קיין געלט — איז געווען מיין גליק. מיין טויט וואָלט דאָך אים סיי ווי סיי נישט געבראַכט קיין נוצן... און אפשר? אפשר טאַקע דאָס געפיל פון דאַנקבאַרקייט פאַר אַלע טובות, וואָס איך האָב אים געטאָן, האָט אים דיקטירט אַזוי צו האַנדלען?

ניק, איך האָב זיך נישט געקענט דערטראַכטן צום באַשייד פון דעם רעטעניש, וואָס הייסט... מענטש.

וואָס לענגער איך בין געלעגן אין דעם קופערט, אַלץ מער האָט זיך פאַרווישט דער אונטערשיד צווישן דעם גרוב און קבר. כ׳האָב געמיינט, אַז אָט וועל איך אַראָפּ פון זינען. ביי יעדעס מאָל עפענען דעם ריגל און דערלאַנגען מיר עסן, האָב איך געבעטן ביים פויער מיך אַרויסלאָזן. זאָל ער מיך לאָזן גיין וווּ איך וויל. ס׳איז מיר שוין סיי ווי אַלץ איינס. מיט פשוטע אָבער לאָגישע ווערטער האָט ער מיך איבערצייגט, אַז איך בין נישט גערעכט. אַז איך שאַץ נישט אָפּ וואָס ער טוט פאַר מיר. אַז פיל יידן וואָלטן אים רייך געמאַכט, ווען ער וואָלט זיי געגומען צו זיך און אויסבאַהאַלטן. ווער נאָך ווי איך ווייס, האָט ער געטענהט, ווי אַזוי ער נייטיקט זיך אין געלט? ער געדענקט אָבער די טובות, וואָס איך האָב אים געטאָן פאַרן קריג און דער עיקר — דאָס וואָס מיין ווייב האָט פון אים געבעטן און ער האָט צוגעזאָגט. ר׳וויל האַלטן וואָרט. ער האָט מיר אויפגעקלערט, אַז מיין פּלאַן איז אַ קינדערישער. ס׳איז זייער נאַריש פון מיין זייט צו גיין זיך איבער־געבן די דייטשן. קוים זאָג איך אים צו זיין געהאָרכזאַם, וועט ער פאַרגרינגערן מיין לאַגע. פילנדיק, אַז מיט עקשנות וועל איך ביי אים גאָרנישט פועלן, האָב איך אים אַלץ צוגעזאָגט, אַבי זיך אַרויסבאַקומען פון לעבעדיקן קבר.

## אַרויס פון קבר

שפּעט ביינאַכט האָבן זיי מיר אָנגעהויבן דערלויבן אַרויס פון קעלער און שלאָפן אויפן פּיעקעליק. איין מאָל אין וואָך פלעגן זיי מיר אָנגרייטן הייס וואַסער און קלאָרע וועש. כ׳האָב אויך געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו שערן און ראַזירן. לסוף האָבן זיי מיר אויך דערלויבט, ווי פריער, צו זיצן אויפן בוידעם מיט היי און שטרוי.

ער האָט מיר אַלע מאָל געבראַכט ידיעות פון דרויסן. צווישן אַנדערע, אַז ביי שעב־רעשין איז טעטיק אַ געמישטע פּאַרטיזאַנער־גרופּע, אַ גרעסערע אָפּטיילונג פון יידן, פּאָליאַקן און רוסן. זיי וואַרפן אָן אָן אימה נישט נאָר אויף די דייטשן, נאָר אויך אויף פאַרעטערישע פּאָליאַקן. זיי כאַפּן אַזעלכע פויערים און באַשטראָפן זיי גלייך אויפן אָרט מיט אונטערצונדן זייערע הייזער און צונעמען פון זיי אַלץ. די דאָזיקע ידיעה איז מיר גוט אַריין אין קאָפּ.

אָפט פלעגן געדרודפטע יידן אָנקלאַפּן ביי מיין פויער און בעטן עסן. די פויערטע האָט אויף יעדער נאַכט אָפּגעקאָכט אַ גרויסן טאָפּ קאַרטאָפל. נישט איין געדרודפטער ייד האָט זיך דערכאַפּט דאָס האַרץ...

אַ געוויסן פרימאָרגן האָט אין טיר אָנגעקלאַפּט אריה אַלטבוים (דער זון פון יחזקאל), און מיט טרערן אין די אויגן געבעטן מ׳זאָל אים אַריינלאָזן. ער האָט דערביי דער־ציילט אַ שוידערלעכע געשיכטע: זיין שוואָגער משה און זיין שוועסטער גאָלדע,

האָבן זיך וואָכן־לאַנג אויסבאַהאַלטן אין די שטיינגרובן. אַ געוויסע נאַכט זענען געקומען פּויערים מיט העק און אַלעמען דערהרגעט. ער האָט זיך געמאַכט טויט, געלעגן אומבאַוועגלעך צווישן די הרוגים. די מערדער האָבן געמיינט, אַז אַלע זענען אויסגעענדיקט — און זיך אָפּגעטראָגן. אים איז נישט מער פאַרבליבן, ווי איבערגעבן זיך דער פּאָליציי, הגם גוטע פּאָל־אַקן האָבן אים דערפון אָפּגערעדט, געגעבן אים אָפּצועסן. ער האָט זיי געדאַנקט פאַרן גוטס וואָס זיי טוען אים און צו מאָרגנס, נאָכן זיין אַ נאַכט ביי מיין פויער, אַוועק אין שטעטל זיך צושטעלן. ער איז אומגעקומען פון די רוצחישע דייטשע הענט.

ער איז געווען נאָך כמעט אַ קינד, אפשר פופצן יאָר אַלט.

אין דאָרף זענען אויך אַרומגעגאַנגען צוויי ברידער פון קאַנטיס (לייב בריק און נתן), וואָס פלעגן ביינאַכט קומען צו מיין פויער און בעטן עסן. אויך אברהם וואַלדמאַנס אַ זון איז געגאַנגען פון דאָרף צו דאָרף, אָפּגעריסן, מיט שמאַטעס אויף די פיס — און געבעטלט ביי די פּויערים עסן. מאָדנע: צי אויס רחמנות, צי אַ מזל־זאַך — קיינער האָט אים נישט פאַרהאַלטן און אַזוי האָט ער איבערגעלעבט די מלחמה.

מיין רעטער האָט בשום אופן נישט דערלויבט מיר צו טרעפן זיך מיט זיי. ער האָט נישט געוואָלט זיי זאָלן וויסן, אַז ער באַהאַלט מיך אויס. זיין טענה איז געווען, אַז קוים פאַלט עמעץ פון זיי אַריין צו דער געסטאַפּאָ און ווערט געפּייניקט — איז ער עלול אַריינצופאַלן.

איך האָב זיך דערמאָנט, אַז מיין שוועסטער רעכל האָט פאַר דער לעצטער אַקציע געאַרבעט ביי אַ קריסטין אין דעם זעלביקן דאָרף, ווו איך געפין זיך. כ׳האָב געבעטן ביים פויער אַ דערלויבעניש צו גיין זיך נאָכפרעגן אויף איר. ער האָט מיר דערלויבט נאָר מיט אַ באַדינג, אַז ער גייט מיט. אַרום איינס אַ זייגער ביי נאַכט זענען מיר אַוועק צו הלאטען (אַזוי האָט געהייסן די קריסטין). דער פויער איז אַריין אין שטוב און איך — אין שייער. שטילערהייט האָב איך גענומען רופן איר נאָמען. זי האָט דערקענט מיין קול, איז אַרויס, אַרויפגעפאַלן אויף מיר מיט אַ געוויין. מיר האָבן ביידע ביטער געוויינט. זי האָט דערציילט, אַז זי האַלט זיך דאָ אויף אין שייער, אָנעם וויסן פון דער באַלעבאָסטע. זי דערנערט זיך מיט ברעקלעך, וואָס זי גנבהט אַוועק פון די חזירים. זי הונגערט גאַנצע טעג. מיט שרעק פרעג איך מיין פויער „וואָס טאָן?“ און ער נישט לאַנג קלערנדיק, הייסט זי מיטנעמען מיט זיך. אויפן וועג דערציילט זי, אַז אונדזער ברודער נחום, 14 יאָר אַלט, וואָס האָט געדינט ביים וויט קוכין (געווען אַן אָרנטלעכער קריסט), איז פון דאָרט אַרויסגעטריבן געוואָרן אין אָנהייב פון דער אַקציע. עטלעכע וואָכן האָט ער זיך אויסבאַהאַלטן אויף די פעלדער, ביז ס׳איז אים נמאס געוואָרן. איז ער אַוועק אין שטעטל, זיך צוגעשטעלט אין דער פּאָליציי און דערשאָסן געוואָרן.

ערשט ביים פויער אין שטוב האָט זיך אַרויסגעוויזן אין וואָס פאַר אַ שרעקלעכן

מצב מיין שוועסטער האָט זיך געפונען. שמוציק, פאַרלייזיקט און דערצו נאָך — אָן אויסשיט אויפן לייב. די פויערטע האָט זי אַרומגעוואַשן, געגעבן קלאָרע וועש. צו־מאָרגנס האָט דער פויער געבראַכט פון שטאָט אַ שמירעכץ, וואָס האָט מיין שוועסטער אויסגעהיילט פון דעם אויסשיט.

מיין בעל־הבית האָט מיר שפּעטער געזאָגט, אַז פאַר צוויי מענטשן האָט ער נישט קיין פּלאַץ. מיין שוועסטער מוז פאַרלאָזן. זיין עצה: זאָל זי זיך ווערבירן אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד. ער וועט זי פאַרשטעלן אַלס זיין שוועסטער. בלית־ברירה האָבן מיר די עצה אָנגענומען.

פאַרטאָג האָט די פויערטע צוגעגרייט אַ פּעקל עסן מיט אַ ביסל וועש. איר מאַן מיט מיין שוועסטער האָבן זיך אַוועקגעלאָזט צופוס קיין בילגאָריי. אין דייטשן אַרבעטס־אַמט האָט מען זי פאַרשריבן אַלס פּוילישע (זיי האָבן אַפילו נישט געפאָדערט קיין דאָקומענטן) און זי גלייך געשיקט קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט.

אַ גאַנצן טאָג האָב איך און די פויערטע אויסגעקוקט אויף זיין צוריקקומען. ערשט ביינאַכט האָט ער זיך אומגעקערט אַ צופרידענער און גוט געשטימטער. אַלץ, זאָגט ער, איז אַדורך בשלום. זי פאָרט קיין דייטשלאַנד.

אין צוויי וואָכן אַרום האָבן מיר באַקומען פון איר דעם ערשטן בריוו, אַז אין דעם אַרבעטס־לאַגער איז זייער שלעכט. מען דאַרף שווער אַרבעטן און עסן באַקומט מען ווייניק. מיין פויערטע טראַכט נישט לאַנג און שיקט איר אַוועק אַ שפּייז־פּעקל. אַזוי האָט זיך עס געצויגן עטלעכע חדשים. מיר האָבן פון איר דערהאַלטן בריוו און געשיקט פּעקלעך, ביז — איך בין אַוועק פון פויער און מער נישט געהערט פון איר.

נאָך דער באַפרייאונג האָב איך זיך דערוווּסט, אַז די פאַבריק וווּ מיין שוועסטער האָט געאַרבעט, האָט זיך געפונען אויף דער גרענעץ פון האָלאַנד, ביי די דאַמבעס, וואָס די אַליאירטע האָבן באָמבאַרדירט און אויפגעריסן. די גאַנצע געגנט איז פאַרטרונקן געוואָרן, אויך מיין שוועסטער. בלויז געציילטע האָבן זיך געראַטעוועט פון דער מורא־דיקער פאַרפלייצונג.

נאָך זיבן חדשים אָפּזיין ביים פויער, האָבן די דייטשן גענומען זוכן אין די דערפער, כאַפּן פויערים אויף אַרבעט. כ׳האָב פאַרגעלייגט מיין בעל־הבית ער זאָל זיך פאַרשטעקן אין מיין באַהעלטעניש — און איך וועל דערווייל אַרויס אין פעלד זיך באַהאַלטן. די תבואה איז שוין דאָן געווען גענוג הויך. אַ מענטש האָט זיך געקענט אין איר באַהאַלטן. אַכט טעג בין איך אָפּגעלעגן אין אָפענעם פעלד. איין מאָל אַ טאָג פלעגט די פויערטע מיר ברענגען עסן. אויפן ניינטן טאָג האָט אָנגעהויבן שטאַרק רעגענען, דאָס פעלד איז פאַרפלייצט געוואָרן מיט וואַסער. צוויי מעת־לעת בין איך געלעגן אין בלאָטע. מיין קרבן איז אָבער געווען אומזיסט. די דייטשן האָבן גוט געזוכט, כמעט אַלע אויסבאַהאַלטענע פויערים געפונען. צווישן זיי — אויך מיין רעטער און אים געשיקט קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט.

איך האָב באַשלאָסן צו פאַרלאָזן די גאַסטפריינטלעכע כאַטע און אַוועק אין די גריוויצער וועלדער. מהאָט געשמועסט, אַז דאָרט האַלטן זיך אויף פאַרטיזאַנער. ס׳איז אָבער געווען אַ גרויסע געפאַר זיך אָנצוטרעפן אויף אַ גרופּע פון דער „אַרמיאַ קראַיאָוואַ״. אויך זיי פלעגן יעדן ייד הרגענען, גענוי ווי די דייטשן.

## צו די פאַרטיזאַנער

מען האָט באַדאַרפט אָנטשיידן: אָנהייבן זוכן אַ פאַרטיזאַנער־גרופּע, איינשטעלנדיק דערביי דאָס לעבן — אָדער זיך באַהאַלטן. איך האָב באַשלאָסן אַוועק אין וואַלד צו די פאַרטיזאַנער.

איך קום צו דער פויערטע זיך געזעגענען. זי ברעכט אויס אין אַ געוויין, הלמאי איך פאַרלאָז זי אין אַזאַ שווערער צייט. כ׳האָב דאָך איר מאָן צוגעזאָגט צו זיין ביזן סוף קריג. זעענדיק, אַז איך בלייב ביי מיין באַשלוס, האָט זי מיר געגעבן וועש איבערצוטאָן, פאַרפּאַקט עסן מיט טאַבאַק און געווינטשן הצלחה אין דעם געפערלעכן וועג.

נאָר אַ גאַנצער נאַכט גיין, קום איך אין די בערג צווישן פּראַמפּאַל און שעבּרעשין, ביים דאָרף גראַיעץ. יענע געגנט איז פול מיט געדיכטע וועלדער. זיי דינען פאַר אַ גוט באַהעלטעניש פאַר די, וואָס קענען זיך נישט באַוועגן אויף דער פריי. כ׳האָב מיר אויס־געזוכט אַ ברייט־צעצווייגטן בוים און זיך געלייגט שלאָפן. ווי דערשטוינט בין איך געוואָרן, וואָס ביים אויפכאַפּן זיך, איז שוין געווען טאָג. כ׳הייב אָן גיין און דערזע אַ סטאַדע בהמות און אַ פּאַסטעך פון אַ יאָר פופצן־זעכצן. כ׳האָב אים גלייך דערקענט. אַמאָל איבערגענעכטיקט ביי זיי אַ נאַכט, אין גראַיעץ. זיין פאָטער איז איינער פון די רייכסטע פויערים אין דאָרף. ער האָט מיך נישט דערקענט. איך פרעג אים וואָס פאַר אַ טאָג ס׳איז היינט. ער ענטפערט מיר — שבת.

ערשט איצט האָב איך זיך געכאַפּט, אַז כ׳בין געשלאָפן 24 שעה אָן איבעררייס. איך פרעג אים וואָס פאַר אַן אָרט דאָס איז? ער קוקט אויף מיר מיט חשד און ענט־פערט מיט אַ פראַגע: פון וואַנען איך בין און וואָס איך טו אין דער געגנט? כ׳זאָג אים, אַז כ׳קום פון יאַנאָוו־לובעלסקי, כ׳בין אַנטלאָפן פון דער היים, ווייל די דייטשן כאַפּן אויף אַרבעט. ער ענטפערט, אַז אויך דאָ כאַפּן זיי אויף אַרבעט — און וואָס קלער איך צו טאָן? מיין ענטפער: כ׳ווייס נישט. ער פרעגט פאַרזיכטיק, צי איך וויל נישט גיין צו די פאַרטיזאַנער? זיי זענען ז׳אַ אַ סך — יידן, רוסן און פּאָליאַקן. איך מאַך דעם אָנשטעל, אַז גראָד פאַר זיי האָב איך מורא, ווייל כ׳האָב געהערט, אַז זיי הרגענען פּאָליאַקן. ער פאַרזיכערט, אַז כ׳דאַרף פאַר דעם נישט מורא האָבן. זיי טוען דאָס נישט.

כדי אים אויסצופּרובירן, בעט איך אים ברענגען אַ פּעקל שוועבעלעך נאָכן צוריק־קומען נאָך מיטאָג מיט די בהמות אויף דער פּאַשע. מיר האָבן אָפּגערעדט צו טרעפן

זיך נאָך מיטאָג אין וואַלד. כ׳האָב מיך באַהאַלטן און געוואַרט וואָס וועט געשען. צו דער באַשטימטער שעה דערזע איך אים אָנקומען. כ׳גיי אַרויס פון געהיימען אָרט. ער איז אַליין. אַ דרייסיק מעטער הינטער אים שטייען צוויי באַוואָפנטע מענער. איך פאַר־שטיי, אַז ער האָט מיך פאַרראַטן — און קלער צו אַנטלויפן. אָבער ווו לויפן? זיי דער־נעענטערן זיך שנעל, און... מיין פרייד האָט נישט קיין גרענעץ: דאָס זענען מיינע גוטע באַקאַנטע — יאַנקל מעט און מענדל פון גראַיעץ. אויך זיי האָבן מיך דערקענט. מ׳האָט זיך אַרומגעכאַפּט און אויסגעפרעגט איינער אויפן אַנדערן. זיי זענען געווען באַוואָפנט מיט ביקסן, פּיסטאָלעטן און גראַנאַטן. זיי דערציילן מיר, אַז ס׳איז דאָ אַ גרעסערע גרופּע פּאַרטיזאַנער, דאָס יאַטל איז זייער „לאַנטשניק" (פּאַרבינדלער). ער איז געקו־מען און דערציילט, אַז עפּעס אַ פאַרדעכטיקער מאַן, זעט אויס אַ דייטשער שפּיאָן, דרייט זיך אַרום אין וואַלד און זוכט פּאַרטיזאַנער. צום גליק, זאָגן זיי, האָסטו אָנגע־טראָפן אויף אונדז. אַ נישט ווער ווייסט וואָס ס׳וואָלט געווען. כ׳זאָג זיי, אַז כ׳וויל אַריינטרעטן אין זייער אָפּטיילונג. זיי פרעגן מיך צי כ׳האָב געווער, ווייל אָן דעם נעמט מען קיינעם נישט צו. זיי זאָגן צו פאַר מיר צו געפינען געווער. איך מוז אָבער דערווייל בלייבן אין וואַלד, צוזאַמען מיט נאָך אַ גרופּע יידן, וואָס האַלטן זיך דאָ אויף די גאַנצע צייט. די פּויערים ווייסן דערפון, זיי האָבן אָבער מורא צו טשעפּען. מיר האָבן זיי געוואָרנט, אַז אויב איין ייד וועט פון זייער האַנט אומקומען, גייט דאָס גאַנצע דאָרף אַוועק מיטן רויך.

זיי פירן מיך אַוועק אין אַ געהיימער באַהעלטעניש, אין וואַלד. דאָרטן טרעף איך העשעלע אַלטמאַן (גראַיעצער) מיט פיר יונגע קינדער, נאָך אַ פרוי מיט דריי קינדער און ישראל ראָטמאַן פון פראַמפּאָל — אַ יינגל פון אַ יאָר פופצן. די פּאַרטיזאַנער האָבן זיי געשיצט, באַזאָרגט מיט עסן. אַ דאַנק דעם טאַקע האָבן זיי איבערגעלעבט די מלחמה (העשעלע גראַיעצער איז נאָך דער באַפרייאונג אַוועק צוריק קיין גראַיעץ, זיך באַ־זעצט אין זיין הויז. נאָך עטלעכע וואָכן האָבן אים די פּאָליאַקן דערמאָרדעט).

## דער יידישער ישוב אין גראַיעץ

צווישן פראַמפּאָל און שעברעשין (אַ צען קילאָמעטער פון אונדזער שטעטל), אין מיטן וועג, ליגט דאָס פאַרמעגלעכע דאָרף גראַיעץ. לויט די פּוילישע באַגריפן איז דאָס געווען אַ גרויס דאָרף, איינגעטיילט אין דריי טיילן: די ערשטע טייל, פון פראַמפּאָלער זייט — זאַסטאַוויע; די צווייטע טייל, מיט דער גלייכער ליניע — זאַגראַבליע, און דער דריטער טייל — סטאַראַוויעש. אין מיטן דאָרף, צווישן ערשטן און אַנדערן טייל, איז געווען אַ קליין טייכל. דאָס דאָרף ליגט אויף אַ גלייכן ערד־פּאַס, וואָס איז פון מזרח־זייט, אין דער ריכטונג פון שעברעשין, אָפּגעצוימט מיט אַ באַרג־קייט און געדיכט באַוואַקסן מיטביימער. אויף די בערג געפינען זיך אויך לײדיקע ערד־שטחים, וואָס

זענען באַאַרבעט געוואָרן דורך די פּויערים פון דער געגנט. צוליב דעם וואָס די ערד איז אַ פעטע, זענען די פּויערים טאַקע רייך און גוט סיטואירט. דערפאַר אָבער זענען די וועגן אין דאָרף נישט געווען ברוקירט — בלאָטיקע און זאַמדיקע. נאָך אַ רעגן איז געווען אוממעגלעך אַדורכצופאָרן. די רעדער זענען געזונקען אין דער פעטער, ליימיקער ערד.

אין דאָזיקן דאָרף האָבן אויך געוווינט עטלעכע צענדליק יידישע משפחות, תושבים פון לאַנגע יאָרן. אייניקע פון זיי האָבן זיך אויך באַשעפטיקט מיט ערד־אַרבעט.

די דריי ברידער: אליהו, יאַנקל און אברהם מעט און זייער שוואָגער, „דער קלײנער אליהו" — האָבן אַלע געוווינט אין אַ הויף, וואָס איז זיי פאַרבליבן בירושה פון זייערע עלטערן און אורעלטערן (וועלכע האָבן זיך אויך פאַרנומען מיט ערד־אַרבעט). יעדער האָט געהאַט זיינע מאָרגעס ערד, אַן אייגן הויז, אַ שטיק וואַלד, אַ גרינס־גאָרטן און אַ סאָד.

דאָס בערגל, ווו ס'האָבן געוווינט די יידישע פאַמיליעס, איז געווען ווי „אַריינגעקוועטשט" צווישן צוויי אַלטע מויערן. דאָס אָרט האָט דערפאַר געמאַכט דעם איינדרוק פון עפּעס אַ מיטלאַלטערלעכער פעסטונג. פאַר דער מלחמה האָט דאָרט געשפּרודלט מיט יידיש לעבן. יידישע פּויערים און זייערע קינדער זענען געווען גוט און גאַסטפריינטלעך צו דורכגייער, צי דורכפאָרער. יידן האָבן געוווסט, אַז דאָ באַקומט מען אַ כשר שטיקל קעז און פּוטער, דאָ וועט מען אים האַרציק אויפנעמען, און אַז עס וועט זיין נייטיק — אויך לאָזן איבערנעכטיקן.

גראַיעץ איז דעריבער אָנגעגאַנגען פאַר אַ יידישן ישוב (הגם אַ קליינער), מיט אַן אייגן בית־המדרש און מקווה. אויף דער צווייטער זייט דאָרף, זאַגרעבליע, האָבן געוווינט עטלעכע צענדליק יידישע משפחות — שוסטערס, שניידערס, הענדלער און אויך פּויערים. די אָרטיקע יידישע יוגנט איז אָרגאַניזאַציאָנעל און פּאָליטיש געווען פאַרבונדן מיט פּראַמפּאָל און שעברעשין.

נישט איין מאָל איז מיר אויסגעקומען צו זיין דאָרט, פאַרבייפאָרנדיק אויפן וועג קיין זאַמאָשטש. די גרעסטע טייל פון יענער יוגנט האָט מיט דער צייט פאַרלאָזט דאָס דאָרף, אַוועק אין שטעטל, אָדער ווייטערע שטעט — און דאָרט פאַרבליבן.

אַזוי האָט זיך געלעבט אַ קליינער יידישער ישוב — ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. נאָך דעם ווי די פּוילישע אַרמיי איז צעקלאַפּט געוואָרן, האָבן אייניקע יוגנטלעכע, ווי זייערע פּוילישע שכנים, באַהאַלטן געווער. נאָכן אויסברוך פון דייטשיש־סאָוויעטישן קריג, זענען אַ סך רוסישע געפאַנגענע אַנטלאָפן פון די דייטשישע לאַגערן. אייניקע פון זיי זענען אָנגעקומען אין די גראַיעצער וועלדער. דאָ איז פאַר זיי געווען אַן אידעאַלער פּלאַץ זיך אויסצובאַהאַלטן פאַר די דייטשן. די אָרטיקע פּוילישע באַפעלקערונג איז געווען פיינטלעך געשטימט צום אָקופּאַנט. די רוסישע אַנטלאָפענע האָבן געפונען פריינד צווישן די יידן און קריסטן.

יאַנקל און יחזקאל מעט און מענדל, האָבן זיך מיט אַ סך פון די דאָזיקע אַנט־לאָפענע רוסישע זעלנער פאַרבונדן, געהאָלפן זיי מיט שפּייז און זיי אויך געגעבן פון באַהאַלטענעם געווער.

דערמיט איז געלייגט געוואָרן דער ערשטער פונדאַמענט פאַר אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע אין דער געגנט.

אין אָנהייב האָט די קליינע גרופּע פאַרמאָגט נאָר איין ביקס און שטעקנס. מיט דער צייט האָט זיך די גרופּע אויסגעברייטערט, האָט שוין געציילט 12 מאַן און 4 ביקסן.

## אין וואַלד

סוף 1942, ווען מ׳האָט אָנגעהויבן ליקווידירן די יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך, זענען אַ סך יידישע פאַמיליעס אַנטלאָפן פון די „אַקציעס״ און געזוכט באַהעלטענישן אין דער געגנט. די פּויערים פון אַרום האָבן זיי אין גרעסטן טייל אַנטדעקט און דערמאָרדעט. עטלעכע יוגנטלעכע, וואָס זענען געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט דער פּאַרטיזאַנער־גרופּע, האָט זיך איינגעגעבן אַרויסצורייסן און קומען אין וואַלד, ווו זיי האָבן זיך אָנגע־שלאָסן אין דער פּאַרטיזאַנקע. עס זענען אין דער גרופּע אָנגענומען געוואָרן גרשון „וואַרשאַוויאַק״, רייזל בערגער, איטע הערינג און איינציקע פון גראַיעץ: יצחק מעט, דבורה צימערמאַן, אירע צוויי טעכטער: קריינדל און רבקה, גאָלדגרעבער, יוסף קאָפּ, יאַנקל דים (פאָטער פון מיכאל דים) און אַ פרוי מיט אַ טאָכטער מיטן נאָמען מעט, אויך פון גראַיעץ.

די ערשטע אויפגאַבע פון דער גרופּע איז געווען צו פאַרשאַפן זיך עסן און וואַסער. דאָס האָט באַדאַרפט געטאָן ווערן זייער פאַרזיכטיק. ספּעציעל איז שווער געווען מיט וואַסער. אין די בערג איז עס נישט געווען בנמצא. מ׳האָט געמוזט צוגיין נאָענט צום דאָרף. דאָס האָט מען געקענט אַדורכפירן נאָר ביינאַכט. יעדע נאַכט האָט אַ גרופּע פון 6—8 מאַן זיך צוגעשאַרט צום דאָרף, אַלעמאָל אויף אַן אַנדער אָרט און געבראַכט צו 2 עמער וואַסער. עסן האָט מען זיך געמוזט איינשאַפן ביי די רייכע פּויערים, אָדער פון די, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן. טיילמאָל — אויך פון די גוטבאַזיצער.

דאָס איז געטאָן געוואָרן אויף אַזאַ אופן: מ׳איז אַריין צו די פּויערים ביי נאַכט, מיט געווער אין האַנט און גענומען אַלץ, וואָס ס׳האָט זיך געפונען אונטער דער האַנט: ברויט, פּוטער, פּרוכטן, קליידונג, אפילו בהמות אָדער חזירים, וואָס מען פלעגט באַלד אויפן אָרט שעכטן און דאָס פלייש מיטנעמען מיט זיך אויף די פּלייצעס. קוים האָט זיך געלאָזט קאָנפיסקירן אַ וואָגן, האָט מען אַלץ אויף אים אויפגעלאָדנט.

אין אַלגעמיין האָט אונדזער פּאַרטיזאַנער־גרופּע נישט געקענט באַרימען זיך מיט צופיל קאַמפס־אַקציעס. דערצו נאָך האָט די אָרטיקע באַפעלקערונג זיך באַצויגן מיט שנאה צו די רוסישע, און דערנאָך — צו די יידישע פּאַרטיזאַנער. גענוג געווען איין

פויער זאָל אונדז באַמערקן, האָבן תיכף, אין עטלעכע שעה אַרום, זיך באַוויזן הונדערטער פויערים מיט דייטשיש מיליטער.

אַ פעסטער רעגולאַמין און האַרבע פאָרשריפטן האָבן רעגולירט דאָס לעבן פונעם אָטריאַד:

יעדער ניי־צוגעקומענער צו דער גרופּע איז גרינטלעך געפּאָרשט געוואָרן דורכן קאָמענדאַנט;

אויב דער ניי־געקומענער איז געהאַט אַנטלאָפן פון געפאַנגענשאַפט, איז ער נאָך שטרענגער געפאָרשט געוואָרן, מחמת די דייטשן פלעגן באַפרייען קריגס־געפאַנגענע, זיי זאָלן זיך אָנשליסן אין די פאַרטיזאַנער־גרופּן, כדי זיי אויסצוגעבן. אַפילו נאָכן אויספאָרשן, איז דער ניי־געקומענער געהאַלטן געוואָרן אונטער אַ שטרענגער אָבסערוואַציע

דאַקעגן צו אַ ניי־געקומענעם ייד, וועלכער קען גוט די געגנט, האָט מען זיך באַצויגן מיט מער צוטרוי;

גלייכצייטיק איז פאַרבאָטן געוואָרן צו פאַרלאָזן די גרופּע, אָנעם וויסן פון קאָמענדאַנט.

אויף איין אָרט האָט מען נישט געטאָרט זיך מער פאַרהאַלטן ווי צוויי־דריי טעג. ביים פאַרלאָזן דאָס אָרט, מוזן תיכף פאַרווישט ווערן אַלע שפּורן, וואָס קענען פאַרראַטן אויך מוזן נישט אַלע פאַרטיזאַנער וויסן וואָס עס טוט זיך אין שטאַב און קענען די פּלענער, ווייל אויב ס'פאַלט ווער אַריין אין שונאס הענט, זאָל ער נישט האָבן קיין סך וואָס אויסצוגעבן אין פאַל פון פייניקונגען.

טרעפט מען אַמאָל אַ צופעליק פאַרבייגייענדיקן אין וואַלד און מען ווייסט נישט גענוי ווער ער איז און פון וואַנען ער קומט, מוז מען נאָך אַזאַ פאַל פאַרלאָזן דאָס אָרט

אַז מע לאָזט זיך אַוועק איינשאַפן עסנוואַרג, ווערט די אָפעראַטיווע גרופּע איינגעטיילט אין דריי טיילן. איינע איז באַשטימט אויף צו היטן, די צווייטע — אַריינצוגיין אינעווייניק און נעמען וואָס עס לאָזט זיך, די דריטע — דאַרף אויפן אָרט זאָרגן פאַר טראַנספּאָרט, איינשליסלעך פערד און בהמות אויף פלייש.

די וואָס זענען אַרויס אויף „אַרבעט", האָבן זיך באַדאַרפט אָפּראַזירן און שיין אָנטאָן, ווייל די דייטשן פלעגן נאָך דעם אויספאָרשן די באַפאַלענע וועגן דער קליידונג און אויסזען פון די פאַרטיזאַנער. לויטן אָנטאָן האָבן די דייטשן געוווּסט, צי קומען די פאַרטיזאַנער פון וואַלד, צי פון דאָרף.

אַ ספּעציעל פּראָבלעם איז געווען דאָס אָפּקלויבן אַ געהעריקן פּלאַץ אויף אַ צייטווייליקן אויפהאַלט־אָרט. דאָס אָרט האָט באַדאַרפט האָבן אַ שווערן צוגאַנג און לייכטן — צום אָפּציען אין פאַל פון אַ סכנה. ביינאַכט האָט מען נישט געטאָרט אָנצינדן קיין פייער. און קאָכן עסן האָט מען געמוזט מיט טרוקן האָלץ, ס'זאָל נישט לאָזן נאָך זיך קיין רויך.

געווען אויך אַן אויפגאַבע אָנצוהאַלטן פאַרבינדונג מיט דער אויסערלעכער וועלט

אין די ערשטע צייטן זענען נישט געווען קיין שום אַזעלכע פאַרבינדונגען, וואָס האָט ווייער באַשווערט דאָס אויפהאַלטן זיך אין וואַלד.

אַז מע האָט שוין יאָ איינגעשטעלט אַזאַ קאָנטאַקט — פלעגט מען יעדע נאַכט, אָדער אייך מאָל אין צוויי נעכט, אַרויסשיקן אַ מענטש אויף איבערגעבן און ברענגען אינפאָר־מאַציעס פון אַנדערע פאַרטיזאַנער־גרופן. דערביי האָבן די פאַרבינדלער נישט געטאָרט וויסן צופיל איינצלהייטן וועגן באַשטאַנדטייל פון דער גרופע און דעם אָרט, וווּ זי געפינט זיך.

## די פאַרטיזאַנער־באַוועגונג צעוואַקסט זיך

אָנהייב 1942 איז אונדזער גרופע באַשטאַנען פון רוסישע קריגס־געפאַנגענע, פּאָליאַקן און די יידן מענדל מעט און זיין ברודער. ווען ס'איז אין זעלבן יאָר אַדורכגעפירט געוואָרן די ליקווידאַציע פון די געטאָס אין די אַרומיקע שטעטלעך, האָט זיך די גרופּע פאַרגרעסערט מיט אַ סך צוגעקומענע יידן, ביז עטלעכע דרייסיק. מ'האָט שוין פאַרמאָגט האַנט־גראַנאַטן, דריי מאַשין־געווערס, און יעדער איינער — אַ פּיסטאָלעט.

דער רוב פּאָליאַקן פון אונדזער גרופע האָט געהערט צום טיפּ קרימינעלע פאַר־ברעכער. בראש פון דער גרופע פּאָליאַקן זענען געשטאַנען די באַוווּסטע ברידער ספּור־זשאַק, פון אַ דאָרף נישט ווייט פון שעברעשין. זיי זענען גראָד געווען פאַרמעגלעכע פּויערים, נאָר געוואָלט לעבן דווקא פון גניבה און רויבערייַ. זיי האָבן די דאָזיקע מלאכה פאַרגעזעצט אין דער פאַרטיזאַנקע. די צרות וואָס זיי האָבן אָנגעטאָן דער אַרומיקער באַפעלקערונג, האָט באַשווערט די אַרבעט פון אונדזער גרופע, מחמת די הויפּט־אַרבעט אונדזערע איז דאָך געווען דיווערסיע קעגן אָקופּאַנט.

ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן די אַלגעמיינע פאַרטיזאַנער־באַוועגונג אין דער געגנט, זענען די דאָזיקע פאַרשוינען אונטערגעוואָרפן געוואָרן אַ שטרענגער דיס־ציפּלין, וואָס האָט אויך געצילט זיי צו ליקווידירן אַלס גרופּע. געשען איז עס גאַנץ צופעליק. אַ געוויסע נאַכט זענען זיי אַוועק אין אַ דאָרף, זיך דאָרט אָנגעשיכורט און אַוועק שלאָפן אין אַ סטאָדאָלע. דערווייל האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט אַ דייטשער פּאַטרול — און אַ גאַנצע מיליטער־אָפּטיילונג האָט אַרומגערינגלט דאָס דאָרף. די סטאָדאָלע האָט מען אונטערגעצונדן און אַלע זענען לעבעדיקערהייט פאַרברענט געוואָרן. נאָר צוויי האָבן זיך געראַטעוועט, אַגב שווער פאַרוווּנדעטע.

אָנהייב 1943 האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אין דער געגנט פון פּינסק אָפּערירט אַ שטאַרקע סאָוויעטישע פאַרטיזאַנער־אַרמיי, וועלכע העלט שוין איבער גרויסע שטחים און פיל דערפער. צוליב דעם זענען אַנטשטאַנען מיינונגס־פאַרשידנהייטן: דאַרף מען אונטערנעמען אַ ווייטע רייזע, כדי זיך דערשלאָגן צו דער גרויסער פאַרטיזאַנער־אַרמיי און זיך אין איר אַריינגיסן; אָדער פאַרזעצן די אַרבעט אויפן אָרט. 18 געוועזענע רוסישע קריגסגעפאַנגענע האָבן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן אונדזער פאַרטיזאַנקע און אַוועק אויפן וועג קיין פּינסק. בראש פון דער גרופע איז געשטאַנען אַ סאָוויעטישער מאַיאָר מיקאָליי.

ער איז געווען אַ גוטער מענטש פון דער נאַטור און זייער אַ געבילדעטער. זיי האָבן מיט זיך גענומען די מאַשין־געווערס. זיי האָבן צוגעזאָגט מענדלען מיט יאַנקלען, אַז קוים וועט זיי געלונגען צו דערגרייכן דעם פינסקער פאַרטיזאַנער־ראַיאָן, וועלן זיי שיקן ספּעציעלע מענטשן און אַלעמען העלפן אַריבערקומען אין יענער געגנט.

גראָד אין דער זעלבער צייט, האָט אויך אין אונדזער געגנט אָנגעהויבן זיך פאַר־גרעסערן און פאַרמערן די פאַרטיזאַנער־גרופּע אויפן אָרט. ס׳האָבן דעמאָלט געווירקט פאָלגנדיקע אָטריאַדן:

1. נ.ס.ז. — אַ פאַשיסטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט מאָרדן רוסן און יידן. זיי זענען געשטאַנען אין ענגער פאַרבינדונג מיט דער דייטשישער אָקופּאַציע־מאַכט און איר געהאָלפן אויסראָטן די ניצול־געוואָרענע יידן. זיי האָבן אַפילו באַקומען געווער פון די דייטשן און אויב ווער פון די נ.ס.ז.־לייט איז פאַרוווּנדעט געוואָרן — האָט מען אים געהיילט אין דייטשישן שפּיטאָל.

2. א.ק. („אַרמיאַ קראַיאָוואַ“) — איז געווען אונטערגעוואָרפן דער פּוילישער עמיגראַנטישער רעגירונג, וואָס איז געזעסן אין לאָנדאָן. אויך זיי האָבן פאַרפאָלגט יידן און רוסן. מע האָט זיך פאַר זיי גוט באַדאַרפט היטן.

3. די דריטע פאַרטיזאַנער־גרופּע איז באַשטאַנען פון די פּויערים־באַטאַליאָנען (ב. כ. — „באַטאַליאָני כלאָפּסקיע“). דאָס איז שוין געווען אָפּהענגיק ווער ס׳איז געשטאַנען בראש פון דער גרופּע. אויך ביי זיי האָט געטראָפן, אַז מ׳האָט מיט יידן געטאָן, וואָס אַלע שונאי ישראל.

4. די פערטע פאַרטיזאַנער־גרופּע איז באַשטאַנען פון דער „גוואַרדיאַ לודאָוואַ“ (פאָלקס־גוואַרדיע), וואָס איז געווען אונטערן איינפלוס פון פּ.פּ.ר. (פּוילישע אַרבעטער־פּאַרטיי). אין די רייען פון אָט דער גרופּע, איז די יידן געווען אַמבעסטן. דאָ האָבן זיך געפונען פּאָליאַקן, רוסן און יידן.

די לאַגע פון די לינקע, אַזוי גערופענע פּראָגרעסיווע גרופּן, אינערהאַלב דער פאַרטיזאַנער־באַוועגונג, האָט זיך אין די יאָרן 1942—1943 פאַרערגערט. די מער רעכ־טערע אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך פאַרמאָסטן צו באַקעמפן די לינק־געשטימטע פּאַרטי־זאַנער־גרופּן. די רעכטע עלעמענטן האָבן געהאַט אַ שטאַרקן איינפלוס אויף דער באַפעלקערונג. אין יעדן דאָרף און שטעטל האָבן זיך געפונען זייערע אָנהענגער. דאָס האָט אַ סך פאַרגרינגערט זייערע אַקציעס אויפן מיליטערישן געביט און ביים איינשאַפן זיך פּראָדוקטן. אָפט פלעגט די שנאה פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג צו די לינקע גרופּן זיין אַזוי גרויס, אַז עס איז אוממעגלעך געווען אין אַ וועלכן ס׳איז דאָרף אַרויסצובאַקומען אַ ביסל שפּייז.

די דאָזיקע לאַגע האָט געצוווּנגען אַ סך רוסישע פאַרטיזאַנער אין די לינקע גרופּן צו פאַרלאָזן זיי און זיך אַריבערשמוגלען אויף יענער זייט בוג, ווו די באַציאונג פון דער באַפעלקערונג איז געווען אַ מער פריינדלעכע.

אין דער געגנט פון גראַיעץ איז געווען באַקוועם זיך אויסצובאַהאַלטן. די בערג און די וועלדער האָבן געגעבן די פּאַרטיזאַנער די געהעריקע שוץ. ס׳איז אָבער געווען שווער מיט וואַסער. אַחוץ דעם, זענען די דערפער אַרום געווען באַהערשט פון נ.ס.ז.

דער צווייטער פּלאַץ ווו פּאַרטיזאַנער האָבן זיך קאָנצענטרירט, איז געווען דער לאַדער וואַלד צווישן פּראַמפּאַל־גאַריי און טוראָבין, נישט ווייט פון דאָרף כאַשניע. דאָרט איז דאָס וואַסער־פּראָבלעם נישט געווען אַזוי שאַרף. דאַקעגן איז שווער געווען מיט עסן. כדי עס איינשאַפן, האָט מען געמוזט אַדורכמאַכן גרויסע מרחקים. די דערפער זענען דאָרט געווען ווייט איינס פון אַנדערן און די געגנט — שטאַרק באַוואַכט. דאַקעגן איז דער דריטער פּלאַץ ווו מיר פלעגן סטאַציאָנירן, געווען מער באַקוועמער (דער וואַלד לישעץ, צווישן שעברעשין און טוראָבין).

אין דאָרף כאַשניע האָבן מיר געהאַט אויסצושטיין צרות פונעם וואַלד־וועכטער, וועלכער האָט אונדז כסדר פאַרפאָלגט. דער סוף איז געווען, אַז מיר האָבן אים ליקווי־דירט, באַזונדערס צוליב זיין לעצטער מסירה אויף אונדז. אויף זיין רוף זענען געקומען דייטשן און אונדז אַרומגערינגלט. אַ גאַנצן טאָג האָבן מיר מיט זיי געקעמפט. ווען עס איז פינצטער געוואָרן, האָבן מיר זיך צוריקגעצויגן. בעת די קאַמפן זענען געפאַלן אונדזערע צוויי חברים. אויך די דייטשן האָבן געהאַט פאַרלוסטן.

נאָכן אויספירן דעם טויט־אורטייל אויף דעם פויער (ער איז דערשאָסן געוואָרן מיט זיין אייגענעם פּיסטאָלעט, וואָס מ׳האָט ביי אים צוגענומען) — האָבן מיר פרייער אָפּגעאָטעמט.

אונדזער גרופּע איז באַשטאַנען פון דריי רוסן (איוואַן, מיקאַליי און יעמעליאַן), אייניקע פּאָליאַקן (יוזעף שפּאגא, מארטשינעק, מאַריאַש, באָגוש) און נאָך צוויי, וואָס זייערע נעמען געדענק איך נישט. די רעשט — יידן: יאַנקל מעט, מיכאל, זיין פאָטער יאַנקל מיט דער טאָכטער רבקה דים, יצחק מעט, גאָלדגרובער, איטע הערינג, רייזל בערגער, גרשון וואַרשאַוויאַק, יוסף קאַפּ, דבורה, קריינדל און רבקה צימערמאַן.

מיר האָבן זיך געפונען אין סאַמע מיטן פון וואַלד. געווען אַ חשד, אַז די אַרומיקע פויערים ווילן זיך נוקם זיין צוליבן טויט־אורטייל. אַזוי איז טאַקע געווען. עטלעכע טעג נאָכן אַוועקגיין פון דער גרופּע אויף יענער זייט בוג, זענען אונדז באַפאַלן עטלעכע הונדערט פויערים, צוזאַמען מיט אַן אָפּטיילונג א. ק. אין קאַמף זענען געפאַלן יאַנקל דים און קריינדל צימערמאַן, די חברטע פון יאַנקל מעט.

מיר זענען געצוווּנגען געווען זיך צוריקציען. אין דער זעלבער צייט איז געקומען אַ שליח פון די יוזעפאָווער וועלדער און געבראַכט אַ ידיעה, אַז פון יענער זייט בוג איז פאַראַן אַ גרופּע פון צוועלף מאַן, כדי אונדז איבערנעמען צו זיך. אונדזער פרייד איז געווען אין לשער. אָט אין דעם מאָמענט בין איך אַנגעקומען אין דער פּאַרטי־זאַנער־גרופּע, בעת זי האָט זיך גראָד אָנגעהויבן גרייטן אַריבערגיין די יוזעפאָווער וועלדער, אויפן רוף פון אַרטיקן שטאַב.

## אויפן וועג צו די יוזעפאָווער וועלדער

צווישן בילגאָריי, יוזעפאָוו, זוויעזשיניעץ, קראַסנאָבראָד און פראַמפּאָל, געפינט זיך אַ גרויסער שטח וואַלד, פון אַן ערך פופציק קוואַדראַט־קילאָמעטער. דאָרט האָט נאָך אין אָנהייב קריג זיך געהאַט אָרגאַניזירט אַ גרויסע פּאַרטיזאַנער־גרופּע פון רוסן, יידן און פּאָליאַקן. די דאָזיקע גרופּע האָט געהאַט ברייטע אָפּעראַציע־מעגלעכקייטן, מחמת דער וואַלד איז געווען — אַ פאַרנעם. די גרופּע האָט פאַרשאַפן גרויסע פאַרלוסטן די דייטשן, וועלכע האָבן אַפילו געהאַט אַמאָל אונטערגעצונדן דעם וואַלד, אָבער דאָס האָט ווייניק וואָס געשטערט די פּאַרטיזאַנער אין זייערע אָפּעראַציעס.

די גרופּע האָט געהאַט אַ סך געווער, גוטע אָנפירער און געשטאַנען אין כסדרדיקער פאַרבינדונג מיט מאָסקווע, באַקומען פון דאָרט אינסטרוקציעס.

אָנהייב 1943 איז דער אָטריאַד אויסגעוואַקסן אין אַ שטאַרקער אָפּטיילונג, מיט פולער באַוואָפענונג און דערפאַרענע קאָמאַנדירן.

זומער 1943, האָט די דאָזיקע גרופּע פונאַנדערגעשיקט שליחים אין אַלע וועלדער אויפצוזוכן די קליינע פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען און זיי איינשליסן אין איין אַרמיי. דאָס איז געווען אַ זייער ריכטיקע איניציאַטיוו, מחמת אין יענער צייט איז די עקזיסטענץ פון די קלענערע פּאַרטיזאַנער־גרופּן געוואָרן אַלץ שווערער און באַדראָטער. צוליב די שוואַכע מעגלעכקייטן פון אַפּראָוויזאַציע, מאַנגל אין אַמוניציע, ווי אויך צוליב די פאַר־פאָלגונגען מצד די פּוילישע, רעכטע עלעמענטן.

דעם זעלבן טאָג ווען כ׳האָב זיך אָנגעשלאָסן אין דער גרופּע, זענען פון יוזעפאָוו געקומען 28 חברים, צווישן וועלכע ס׳האָבן זיך אויך געפונען 12 שליחים פון דער צווייטער זייט בוג. די חברים זענען ביי אונדז געבליבן איבערן טאָג, כדי די צווייטע נאַכט זאָלן אַלע צוזאַמען זיך לאָזן אין וועג אַריין.

מיר זענען איינגעטיילט געוואָרן אין עטלעכע גרופּן. פאָרויס זענען געגאַנגען זעקס מאַן (איך — צווישן זיי). פון די זעקס, זענען צוויי געגאַנגען די ערשטע, אונטער זיי — עטלעכע צענדליק מעטער — נאָך צוויי און אַ ביסל ווייטער — די לעצטע צוויי מיט עטלעכע בהמות, וואָס מ׳האָט מיט אַ נאַכט פריער „זיך פאַרגרייט" אין וועג אַריין.

אַרום 11 ביינאַכט זענען מיר אָנגעקומען אין דאָרף זשוראַוויניצע, באַדאַרפט עס אַדורכהאַקן און אַריבער דעם שאָסיי. אין דעם מאָמענט האָט אַ ראַקעטע באַלויכטן דעם הימל. עס האָט זיך גלייך דערהערט איבער אונדזערע קעפּ אַ געדיכטע שיסעריי. מיר זענען צוגעפאַלן צו דער ערד. אַ געוויסע צייט ליגן מיר שטיל אָן באַוועגונג. מיין חבר, דער פּאָליאַק באָגוש, מער דערפאַרן פון מיר אין שלאַכטן — גיט שטילערהייט באַפעלן: קריכן אויף די בייכער אין דער ריכטונג פון די פעלדער. מיר רוקן זיך אַזוי אויף די בייכער אַ קילאָמעטער. ווידער ווערט אויף אונדז געעפנט אַ פייער. מיר האָבן באַשלאָסן צוריקגיין אין וואַלד, פון וואַנען מ׳איז פאַרנאַכט אַרויסגעגאַנגען.

בעתן מאַרש, האָט באַגוש אָנגעהויבן צו פירן זיך אויף אַ פאַרדעכטיקטן אופן. געוואָלט ביי מיר צונעמען מיין געווער. אַ סברה, ר׳האָט געוואָלט מיך אָפּרוימען פון וועג און שפּעטער דערציילן, אַז כ׳בין דערהרגעט געוואָרן בעת דער שיסעריי לעבן דאָרף. כ׳האָב אָנגעהויבן פון אים אָפּשטיין אונטערן אויסרייד, אַז דער פוס טוט מיר וויי — און צום סוף אינגאַנצן אַוועק אין אַ פאַרקערטער ריכטונג.

ערשט אויפן צווייטן טאָג, אַרום 11 אַזייגער, בין איך אָנגעקומען אויפן פּלאַץ פון וואַנען מיר זענען נעכטן אַרויס. דאָרט האָב איך געטראָפן די גאַנצע גרופּע און זיך דערוווּסט, אַז נאָך דעם ווי זיי האָבן דערהערט די שיסעריי, האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז דאָס זענען דייטשן. פאַקטיש האָבן דעמאָלט געשאָסן פּאָליאַקן, אָנהענגער פון דער נ.ס.ז. זיי זענען געווען זיכער, אַז מיר זענען דערהרגעט געוואָרן. באַגוש איז שוין נישט צוריקגעקומען. ער האָט אוודאי מורא געהאַט, אַז כ׳וועל דערציילן וואָס ר׳האָט געוואָלט מיט מיר טאָן.

מיר האָבן זיך דערנאָך דערוווּסט, אַז באַגוש איז אַוועק אין אַ דאָרף, כדי זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן.

אויף אַ באַראַטונג פון אונדזערע קאָמאַנדירן, איז באַשלאָסן געוואָרן נקמה צו נעמען אין דאָרף זשוו-אַוויצע. אין דער זעלבער נאַכט זענען מיר, אַ מאַן פערציק, מיט דריי מאַשין־געווערס און אויטאָמאַטן צוגעקומען צום דאָרף, אַרומגערינגלט עס פון אַלע זייטן. מ׳האָט אַוועקגעשיקט אַ פּאַטרול אויפן שאָסיי, אין פאַל ווען די דייטשן דערוויסן זיך וועגן דער אַקציע. אַ גרופּע איז אַריין אין דאָרף און קודם אַרויסגעשלעפּט אַלץ וואָס מ׳האָט נאָר געקענט. נאָך דעם האָט מען זיך דערנענטערט צו עטלעכע הייזער, פון וועלכע מע האָט אויף אונדז געשאָסן, אַרומגערינגלט זיי און אונטערגעצונדן פון אַלע זייטן. נאָך דער אַקציע — אויף רעקווייזירטע פערד־און־וואָגן זיך אַוועקגעלאָזט צו די יוזעפאָווער וועלדער, צום שטאַב.

דאָ האָט מען אונדז צעטיילט — די רוסן באַזונדער, די יידן מיט פּאָליאַקן באַזונדער. אונדזער אָפּטיילונג האָט געטראָגן דעם נאָמען פון קאָשטשושקאָ. קאָמאַנדיר איז געווען קאַפּיטאַן גזשעגאָזש — אַן אַלטער פּויער, מיטגליד פון דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אַ ליבעראַלער מענטש מיט אַ סך קאַמפּס־דערפאַרונג. ער איז אויך געווען מיטגליד אין דער העכסטער אינסטאַנץ פון פּ.פּ.ר. (פּוילישע אַרבעטער־פּאַרטיי), מיט־רעדאַקטאָר פון דער אומלעגאַלער פּאַרטיי־צייטונג. ער האָט זיך געהאַלטן פּשוט און מענטשלעך צו אונדז באַצויגן, נישט געמאַכט קיין אונטערשיד פון איינעם צום צווייטן. מיט אַלע גלייך זיך אינטערעסירט — אַפילו אין פּערזענלעכע אָנגעלעגנהייטן.

דער שטאַב האָט אונדז נישט דערלויבט מיטצוגיין מיט די שליחים פון יענער זייט בוג. אַן אויסנאַם איז געמאַכט געוואָרן פאַר איטע הערינג, וועלכע איז יאָ אַוועק מיט די שליחים.

מיר זענען פאַררעכנט געוואָרן אַלס סאָלדאַטן. ס׳איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ פעסטע, מיליטערישע דיסציפּלין. אויך מיטן עסן איז געוואָרן ערגער ווי פריער, בעת מיר האָבן זיך געפונען אין די גראַיעצער וועלדער.

נאָך עטלעכע טעג איז געקומען אַ באַפעל צוגרייטן זיך אין וועג אַריין, צוזאַמען מיט אַ גרויסער אָפּטיילונג פון אַ 400 מאַן. מ׳האָט געשמועסט — אין דער ריכטונג פון די קאַרפּאַטן. מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען די סיבה דערפון. ערשט אין אַ יאָר אַרום האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז מ׳האָט באַדאַרפט קומען צוהילף דער קאָווּפּאַק־דיוויזיע, וואָס האָט געפירט כסדרדיקע קאַמפן מיט די דייטשן.

פאַרנאַכט האָט מען זיך צופוס געלאָזט אין וועג אַריין. מיר האָבן געהאַט פערד־און־וואָגנס, אָבער נאָר אויף איבערצופירן די נייטיקע זאַכן און פּראָוויאַנט.

פאַרטאָג זענען מיר אָנגעקומען אין אַ וואַלד, נישט ווייט פון שטעטל קרעשאָוו, ביים טייך סאַן. געווען דאָרט איבערן טאָג און פאַרנאַכט — ווידער אין וועג אַריין. דעם סאַן האָבן מיר באַדאַרפט אַדורכגיין אין די קליידער, האַלטנדיק דאָס געווער אין דער הייך. די וועגענער האָבן מיר נישט געקענט אַריבערפירן. זיי זענען געבליבן אויפן ברעג, און מיר — כמעט אָן אַפּראָוויזאַציע.

אַזוי האָבן מיר געוואַנדערט אין די נעכט און בייטאָג גערוט. יעדער מאַרש — נישט ווייניקער פון אַ וועלכע 40 קילאָמעטער. די דייטשן האָבן אונדז אָנגעהויבן נאָכ־שפּיאָנירן. מיר האָבן זיך באַוועגט אין דער ריכטונג פון סטאַלאָוואַ וואָליאַ, ווו ס׳האָבן זיך געפונען אַ סך מיליטערישע פאַבריקן, אויסגעבויטע דורך דער פּוילישער רעגירונג. דאָרט איז אויך געווען אַ מיליטעריש פּלי־פעלד. די דייטשן האָבן געמיינט, אַז אונדזער ציל איז אויפצורייסן די מיליטערישע אָביעקטן, האָבן זיי אין יענער געגנט קאָנצענטרירט אַ גרויסן מיליטערישן כוח. מיר זענען געצוווּנגען געווען אַריינצוטרעטן אין אַ שלאַכט. אונדזער גרופּע איז צעטיילט געוואָרן אויף קליינע אָפּטיילונגען, צעשטעלט אויף פאַר־שידענע פלעצער, פון מיין אָפּטיילונג, וואָס האָט געציילט 12 קעמפער, איז אין אָנהייב געפאַלן אַ ייד — זיין נאָמען געדענק איך נישט. שפּעטער זענען נאָך צוויי געפאַלן און דריי זענען פאַרוווּנדעט געוואָרן. אויך ביי די דייטשן האָבן פון אונדזערע קעגנ־אָנגריפן נישט געפעלט קיין קרבנות.

מיר האָבן זיך קאָנצענטרירט אויף איין פּלאַץ און באַשלאָסן אַדורכצוברעכן די בלאָקאַדע. אונדזער באַוואָפענונג איז באַשטאַנען פון 60 מאַשין־געווערס, איבער 100 לייכטע אויטאָמאַטן און אַ סך ביקסן. מיר זענען אָנגעקומען צום שאָסיי סאָקאָלאָוו—ריישע און זיך אָוועקגעזעצט ביים וואַלד־ראַנד. מיט אַמאָל דערהערן מיר דאָס אָנקומען פון אַן אויטאָבוס מיט דייטשע זעלנער. מיר האָבן געעפנט אַ האַסטיק פייער. צוויי מינוט האָט אינגאַנצן געדויערט די שיסעריי. ווען איך בין כמעט דער ערשטער צו צום אויטאָ, האָט זיך מיר אַנטפּלעקט אַ שרעקלעך בילד: אין דער צעלעכערטער מאַשין זענען העכער פערציק זעלנער און אָפיצירן געלעגן דערשאָסן. אייניקע האָבן נאָך

געאַטעמט. צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן, האָב איך מיט מיין פוס דערקוועטשט אַ פאַר־וווּנדעטן דייטש. עטלעכע טעג נאָך דעם האָב איך נישט געקענט עסן. ערשט שפּעטער האָב איך זיך דערצו צוגעוווינט...

פונעם אויטאָבוס האָבן מיר אַרויסגענומען דאָס געווער, עטלעכע קעסטלעך גראַ־נאַט און אַנדערע נוצלעכע זאַכן. איך האָב זיך פון דאָרט גענומען אַ פלאַש וואַסער (ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז עס געווען בראַנפן), כדי אַוודאי צו הייבן דעם קאַמפּס־לוסט ביי די דייטשן.

די דעראָבערטע אַמוניציע איז געווען פאַר אונדז אַ רעטונג.

מיר האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין. דערוווייטערט זיך אויף אַ ווערלכע 20 קילאָ־מעטער, כדי צו פאַרווישן די שפּורן. צומאָרגנס האָבן אונדז די דייטשן אַרומגעזוכט, אָבער נישט אַנטדעקט. מיר זענען אַ גאַנצן טאָג געבליבן אָן עסן און אַ טרונק וואַסער. עס איז נישט דערלויבט געווען אַרויסצוגיין פון וואַלד, נישט דערנענטערן זיך צו אַ דאָרף. פאַרנאַכט האָט מען אונדז איבערגעגעבן די רעזולטאַטן פון די נעכטיקע קאַמפן. מיר האָבן געהאַט 8 הרוגים און אייניקע פאַרווונדעטע. די דייטשן דאַקעגן האָבן געליטן ביי אַ 270 פאַרלוסטן, אַחוץ פאַרווונדעטע.

אין גאַנץ פוילן איז באַוווּסט געוואָרן וועגן דער דאָזיקער שלאַכט. די אונטערער־דישע צייטונגען האָבן וועגן דעם געשריבן באריכות. אונדז איז דאָן אויסגעקומען צו קעמפן אין בעסערע באַדינגונגען פון די דייטשן. מחמת די דיקע ביימער און קוסטעס, האָבן מיר געקענט זיך גוט מאַסקירן, צולאָזן נענטער די דייטשן און דערנאָך אין זיי צילן.

## צוריק אויף דער אַלטער באַזע

נאָך אַ בעראַטונג האָט דער שטאַב באַשלאָסן, אַז מיר וועלן נישט קענען דורכרייסן די דייטשע אַרומרינגלונג און זיך דערשלאָגן צו די קאַרפּאַטן. מוז מען דעריבער בלייבן אין פוילן, צוריקגיין אין די יוזעפאָווער וועלדער. ווייזט אויס, אַז דאָס איז געשען מיט דער הסכמה פון מאָסקווע.

מיר האָבן אָנגעהויבן אונדזער צוריקמאַרש אין אַ זייער שלעכטן צושטאַנד און שטימונג. מ׳איז געבליבן אָן עסן און אָן וואַסער. אין יעדן דאָרף האָט מען טאַקע געגנו־מען שפּייז. אָבער די געגנט איז געווען אָן אָרעמע. אַזוי זענען מיר דערגאַנגען ביז די יאַנאָווער וועלדער. דאָרט האָט מען גערוט אַ גאַנצן טאָג. פאַרנאַכט, האָבן מיר זיך גע־לאָזט אין וועג אַריין. צוקומענדיק צום וואַלד־ראַנד — איז אונדז אַנטקעגנגעקומען אַן אָפּט״ילונג דייטשן. נישט וואַרטנדיק זיי זאָלן אונדז אָנגרייפן, האָבן מיר געעפנט אַ שטאַרק פייער. זיי זענען שנעל אַנטלאָפן, איבערלאָזנדיק אויפן אָרט עטלעכע געהרגעטע און פיר אויטאָס. אין איינעם פון די מאַשינען האָבן מיר געפונען אַ ראַדיאָ־סטאַציע. די אויטאָס האָבן מיר פאַרברענט, צוגענומען די ראַדיאָ־סטאַציע און אויך אַ ביסל געווער.

אין אָוונט האָבן מיר באַנייט אונדזער מאַרש און צוגעקומען ביז ביקאָוועָ וווּ מיר האָבן געמאַכט אַן אָפּרו אַ גאַנצן טאָג. מיר זענען געווען נישט ווייט פון הויפּט־שאָסיי און אָבסערווירט דאָס פאָרן פון אַ סך אויטאָס מיט מיליטער. אונדזער שטאַב האָט אָבער נישט געוואָלט אַריינטרעטן אין קאַמף, מחמת מיר האָבן געהאַט ווייניק געווער.

די גרופּע פון גראיעץ האָט געהאַט אָפּגערעדט, אַז בעת מיר וועלן זיך דערנענטערן צום פריערדיקן אָרט, דאַרף מען ווידער פון דאָס ניי אויסבילדן אַ קליינע פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג, כדי נישט זיין אויסגעשטעלט אויף דייטשישע אטאקעס. דאָס איז אָבער געווען שווער צו רעאַליזירן. אונדזער מאַרש האָט שטענדיק געשלאָסן אַן אַריערגאַרד, וועלכער האָט גוט אַכטונג געגעבן, אַז קיינער זאָל זיך פון דער אָפּטיילונג נישט אָפּשיידן. האָט מען אַזעלכן אַנטדעקט, איז ער גלייך געשטעלט געוואָרן צו אַ מיליטערישן געריכט פאַר דעזערציע.

האָט מען זיך צעטיילט צו צוויי־דריי מאַן, כדי שפּעטער זיך טרעפן אין די אונדז באַקאַנטע וועלדער. און אַזוי איז טאַקע געשען.

דערנענטערנדיק זיך ביז רודע סאָקאָלאָווסקי, האָב איך מיט נאָך איניקע חברים פאַרלאָזט די גרופּע און איבערן טאָג פאַרבליבן אין רודער וואַלד. ביינאַכט זענען מיר אַריין אין דאָרף סמאַרין און זיך „באַזאָרגט“ אין דער „ספּולדזשעלניע“ מיט צוקער און סיגאַרעטן. די פּויערים האָבן געפרעגט צי מיר קומען פון דער באַוווסטער שלאַכט ביי סטאַלאָוואַ־וואָליאַ? דערהערנדיק אַ פּאָזיטיוון ענטפער, האָבן זיי אונדז פריינדלעך אויפגענומען. מיר האָבן ביי זיי באַקומען אַלץ, וואָס מ'האָט פאַרלאַנגט.

די ידיעה וועגן דער שלאַכט האָט באַקומען אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג ביי די פּאַרטיזאַנער און נישט איין קאַמפּס־גרופּע האָט דערנאָך זיך צוגעשריבן די שלאַכט ביי סטאַלאָוואַ־וואָליאַ. ווו מיר זענען נאָר געקומען, האָט מען אונדז גוט אויפגענומען.

צוזאַמען מיט אונדז, זענען אויך געגאַנגען צוויי יידן פון לעמבערג, וואָס האָבן אַ לאַנגע צייט זיך געפונען אין די שטאַב־אָפּטיילונגען. דאָס לעבן דאָרט איז זיי נישט געפעלן, צוליבן אָפּענעם און באַהאַלטענעם אַנטיסעמיטיזם. איינער פון זיי, אַ לעמבערגער אַדוואָקאַט האָט מיר דערציילט, אַז אין לעמבערגער געטאָ האָט זיך אויך געפונען דאָקטאָר פליסקין, וועמען ס'האָט זיך איינגעגעבן פון דאָרט צו אַנטלויפן. וואָס מיט אים איז געשען — ווייסט ער נישט.

פון סמאַרין זענען מיר אַוועק אין צענטער וואַלד און אויפן אָפּגערעדטן פּונקט געוואַרט אויף די אַנדערע חברים. אין משך פון אַ וואָך צייט, זענען זיך אַלע צונויפגעקומען. אַ סך (אומגעקומענע!) זענען געבליבן אין יוזעפאָווער וואַלד. צווישן זיי: דבורה צימערמאַן, די מוטער פון רבקה און קריינדל, וועלכע איז געפאַלן בעת דער דייטשער באָמבאַרדירונג.

וואָס ווייטער טאָן? מיר ווילן פאַרסירן דעם בוג, וויל זיצן דאָרט לענגער — איז נישט קיין אויסוועג. ס'איז שוין סעפּטעמבער. מיט שפּייז ווערט אויך ערגער. די

רעכט־געשטימטע פּאַרטיזאַנער־גרופּן האַלטן אונדז אין איין נאָכשפּיאָנירן. זיי ווילן אונדז פֿאַרניכטן. מיר האָבן דעריבער באַשלאָסן אַליין אַריבער דעם בוג. איוואַן האָט אויף זיך גענומען די אויפֿגאַבע אַהינצופֿירן. ער האָט גוט געקענט די געגנט. דערווייל איז צו אונדז צוגעקומען נאָך אַ רוסישער קריגס־געפֿאַנגענער — אַן אַנטלאָפֿענער פֿון לאַגער. אויך אַן איוואַן. מיר האָבן אים גערופֿן איוואַן דער קליינער, ווייל דער ערשטער איז געווען אַ הויכער. ס׳איז באַשטימט געוואָרן אַריבערצוגיין אין לישיצער וואַלד, כדי פֿון דאָרט זיך לאָזן איבערן בוג. מ׳האָט זיך פֿריער באַזאָרגט מיט שפּייז. אָנקומענדיק אין לישיצער וואַלד, האָבן מיר גלייך דערפֿילט, אַז דאָרט געפֿינט זיך נאָך אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע. מ׳האָט אָנגענומען אַלע פֿאָרזיכטס־מיטלען. בייטאָג איז ניקאָליי אַוועק אין דאָרף איינשאַפֿן בראָנפֿן. מיר זענען אַלע געווען געקליידעט ווי פּויערים.

אויף צוריקוועגס האָט ער אין וואַלד צווישן די ביימער באַמערקט צוויי מענטשן. ער האָט זיי באַפֿוילן בלייבן שטיין. זיי האָבן אים נישט געפֿאָלגט. ר׳האָט געעפֿנט אַ פֿייער. יענע האָבן געענטפֿערט מיט פֿייער. מיר האָבן פֿון דער ווייטנס געהערט די שאָסן און געמיינט, אַז דאָס איז אַן אָנפֿאַל אויף אונדז. דאָך האָבן מיר זיך פֿאָרזיכטיק דערנעענטערט צום אָרט פֿון דער שיסערײ און פֿון דער ווייטנס באַמערקט ניקאָלאַיען מיט נאָך צוויי. מיט אַמאָל דערהערן מיר ווידער אייניקע שאָסן נישט ווייט פֿון אונדז. איוואַן האָט אין זיי דערקענט די צוויי רוסישע קריגס־געפֿאַנגענע (איוואַן און דער קליינער ניקאָלאַי), וועלכע זענען מיט אַ צייט צוריק געווען אַלע צוזאַמען. (יענע האָבן זיך געהאַט אָפּגעטיילט און אַוועק אין דאָרף אויסבאַהאַלטן). מיר האָבן זיך דערפֿרייט. זיי האָבן דערציילט, אַז זיי געפֿינען זיך אין וואַלד מיט אַ קליינער יידישער גרופּע. ווי זיי האָבן שפּעטער איבערגעגעבן, האָבן אויך זיי דערשפּירט אונדזער זיין אין וואַלד און באַשלאָסן אויסצופֿאָרשן ווער מיר זענען. דאָס אָנטרעפֿן אויף ניקאָלאַיען האָט די זאַך אויפֿגעקלערט.

זיי האָבן אונדז אַוועקגעפֿירט, נישט ווייט צו זייער גרופּע, וווּ כ׳האָב געטראָפֿן מיין חבר מאָטל, בעריש־עליאַשעס זון פֿון פּראַמפּאָל. אונדזער פֿרייד איז געווען זייער גרויס. ס׳איז דאָך אַ זעלטנהייט, אַז צוויי שטעטלדיקע זאָלן זיך טרעפֿן ביי אַזעלכע אויסטערלישע באַדינגונגען.

אין דער דאָזיקער גרופּע האָבן זיך נאָך געפֿונען: מיכאל מאַניס פֿון ביקאָווע (אַ דאָרף נישט ווייט פֿון בילגאָריי) און יוסף פּולק (אַ געבוירענער אין פּאָדליעשי), אַ דאָרף לעבן טוראָבין. געוווינט האָט ער אין יאַנאָוו־לובעלסקי. מיר האָבן אויך דאָרט געטראָפֿן נאָטען, אַביגדורן, חיה־ברכהן, פֿייגען — אַלע פֿון גאָריי.

די רוסן פֿלעגן אָפֿט זיך אויפֿהאַלטן ביי די אָרטיקע פּויערים. פֿון צייט צו צייט פֿלעגן זיי צוזאַמען מיט יידן אַדורכפֿירן געוויסע אַקציעס. פֿון די דעראָבערטע שפּייז און חפֿצים, פֿלעגן זיי נעמען זייער חלק און צוריק אַוועק אין דאָרף. זיי האָבן אַזוי אַ לאַנגע צייט זיך אויפֿגעהאַלטן אין דאָרף און אויך געפֿירט אַקציעס קעגן די דייטשן.

מיר האָבן פֿאַראייניקט בײדע גרופּן. דאָס פֿאָרסירן דעם בוג איז אָפּגעלייגט געוואָרן אויף אייניקע טעג, ביז אַלע צוזאַמען האָבן איינשטימיק באַשלאָסן צו לאָזן זיך איבערן בוג. געבליבן אויפֿן אָרט זענען: נאָטע, אביגדור, שמואל, ניקאָליי, אַלעק, פייגע און חיה־ברכה. זיי האָבן נישט געוואָלט מיטגיין מיט אונדז. דער וועג איז געווען נאָך שעברעשין, איבער כעלם. מ׳האָט געוואַנדערט איבער וועלדער, פעלדער און פֿאַרשידענע אומוועגן. בייטאָג האָט מען, געוויינלעך, איבערגעוואַרט אין די וועלדער און אין די נעכט האָט מען פֿאָרגעזעצט דעם מאַרש. נישט איינמאָל איז אויסגעקומען זיך אָפּצושטעלן אין אַ וועלדל מחמת מידקייט, ווו ס׳איז גראָד געווען פֿול דייטשיש מיליטער אין דער געגנט.

איין מאָל נאָך א נאַכט־מאַרש, איז אונדז אויסגעקומען גראָד אין מיטן טאָג צו בלייבן אויף אַ קעמפּע. מיר האָבן זיך גענומען אַרומקוקן און דערזען, אַז גאָר נאָענט פֿון אונדז געפֿינט זיך אַ דייטשער מיליטערישער לאַגער.

אַזוי האָבן מיר געוואַנדערט אַ צוועלף טעג, ביז מ׳איז צוגעקומען צום בוג. דאָ זענען מיר ווידער געשטעלט געוואָרן פֿאַר אַ ניי פּראָבלעם און סכנה: ווו נעמט מען אַ היימישן מענטש? פֿאָרסירן דעם בוג האָט מען געקענט נאָר דאָרט, ווו ס׳איז נישט טיף. און וועגן אַזאַ אָרט האָבן נאָר געוווּסט די אָרטיקע פּויערים.

נאָך לאַנגע, שווערע און קאָמפּליצירטע זוכענישן, האָבן מיר געפֿונען דעם פּויער, וואָס פֿאַרנעמט זיך מיט אַריבערפֿירן אויפֿן צווייטן ברעג. ער האָט אויפֿגעקלערט, אַז דער טייך איז איצט פֿול און די געוויינלעכע נישט טיפֿע ערטער, זענען אַצינד טיף. ער האָט דעריבער געראַטן דאָס אָפּלייגן אויף עטלעכע טעג, ביז דאָס וואַסער וועט פֿאַלן.

מיר האָבן עטלעכע טעג און בעיקר אין די נעכט, געקוקט, געפֿאָרשט און צום באַדויערן האָט דאָס וואַסער זיך גאָר געהויבן — און נישט געפֿאַלן.

אין צווישנצייט איז אויסגעפֿאַלן יום־כּיפּור. אין דער גרופּע זענען געווען צען יידן. מיר האָבן באַשלאָסן דעם טאָג צו פֿאַסטן און איינאָרדענען אַ יום־הזכרון נאָך אונדזערע געפֿאַלענע און דערמאָרדעטע עלטערן און נאָענטע.

צען טעג זענען מיר אָפּגעזעסן ביים בוג און זיך נישט געקענט רירן פֿון אָרט. די נעכט האָבן אָנגעהויבן ווערן קעלטער. דאָס עצם זיצן אויף אַן אָרט, איז אויך נישט געווען זיכער און פֿול מיט געפֿאַרן.

נאָך לאַנגע דיסקוסיעס, האָבן מיר באַשלאָסן צוריקגיין צו אונדזער פֿריערדיקער באַזע אין וואַלד. דאָרט איז דאָך גרינגער איבערצוּוואַרטן, ביז מען וועט קאָנען אַריבער דעם טייך. די צוריק־רייזע האָט אויך געדויערט קנאַפּע צוויי וואָכן. אָנקומענדיק אין ראַיאָן פֿון טוראָבין און שעברעשין, האָבן מיר באַשלאָסן קודם צו באַזאָרגן זיך מיט שפּייז.

אין יענער געגנט געפֿינט זיך אַ גרויס גיט. דעם אייגנטימער פֿון דעם גיט האָבן די דייטשן אַרעסטירט און אויף זיין אָרט אַריינגעזעצט אַ פֿאָלקס־דייטש. מיר

זענען באַפּאַלן דעם פּאָלוואַרק און צוגענומען שעפּסן, חזירים, בהמות, מעל, בראָנפן, ציבעלעס און אַנדערע פּראָדוקטן. אַלץ אַרויפגעלייגט אויף צוויי וועגענער (אויך גענומען אין פּאָלוואַרק) און פון דאָרט אַוועק. האָבנדיק שפּייז אויף עטלעכע וואָכן, זענען מיר בשלום אָנגעקומען אויף אונדזער פריערדיקער באַזע. צו אונדז האָבן זיך אַצינד אָנגעשלאָסן די אַלע וואָס האָבן פריער נישט געוואָלט מיטגיין.

## אין וואַלד־בונקער

דער ווינטער האָט זיך געשטעלט מיט פרעסט און זאַוויערוכעס. ס׳וועט זיך נישט לאָזן איבערווינטערן אונטערן פרייען הימל. מיר האָבן דעריבער באַשלאָסן אַריבערגיין אין לאַדער וואַלד, דאָרט אויסגראָבן בונקערס און זיך איינאָרדענען אויף ווינטער. מיר האָבן דאָרט אויסגעקליבן פיר סטראַטעגישע ערטער, איינער נישט ווייט פון צווייטן, כדי אין פאַל פון אַ געפאַר, זיך קענען קעגנזייטיק אַרויסהעלפן. די קעמפער זענען איינגעטיילט געוואָרן אין באַזונדערע גרופּן. יעדער איינער האָט געהאַט זיין קאַמפּס־אויפגאַבע. דאָס מאָל זענען די יידן אויסגעמישט געוואָרן מיט די רוסן און פּאָליאַקן. צו יעדן בונקער האָט מען צוגעטיילט צוויי פרויען.

נישט לאַנג האָט געדויערט — און די בונקערס זענען געוואָרן פאַרטיק. מיר האָבן זיך דאָרט גוט פאַרמאַסקירט. יעדער בונקער איז געווען צוויי מעטער די הייך, מיט אַ ספּעציעל ווינקל פאַר דער קיך, ווו עס האָבן זיך געפונען סיי כלים און די נייטיקע שפּייז. אינעווייניק איז געווען וואַרעם. דאַקעגן פון זיכערהייטס־שטאַנדפּונקט איז געווען ערגער. צוליב דער כסדרדיקער געפאַר אַנטדעקט צו ווערן, האָט מען געמוזט אָננעמען אַלע געהעריקע פאָרזיכט־מיטלען, נישט אָנצינדן קיין ליכט, ווי ווייט מעגלעך, אויסהיטן זיך פון אַרויסלאָזן דעם רויך פון די זיך הייצנדיקע קיכן. און אין דרויסן — פאַרווישן יעדן שפּור פון מענטשלעכע טריט. און דערצו איז ווינטער. שניי. דער שניי מסרט...

מען פלעגט, צום ביישפּיל, ברענגען צו פירן אַ בהמה. מען האָט אָבער געמוזט פאַרווישן די שפּורן פון אירע טריט. האָט מען צום עק פון דער בהמה צוגעבונדן אַ ביימל מיט אַ סך צווייגן. גייענדיק, האָט דאָס ביימל פאַרווישט אַלע שפּורן און טריט ביזן בונקער. אויך איז דאָס אַדורכפירן אַקציעס געענדערט און צוגעפּאַסט געוואָרן לויט די נייע ווינטער־באַדינגונגען.

יעדער בונקער איז באַזאָרגט געוואָרן מיט גענוג שפּייז און אַנדערע נייטיקע זאַכן, כדי נישט דאַרפן וואַנדערן פון איין בונקער אין צווייטן.

שפּייז פלעגן מיר נעמען פון דריי הייף: דער גאָרייער, יעווראַמאָווער און ראַדי־צינער. ביי יעדן הויף האָט זיך געפונען אַ מיל. פלעגט מען זיך אויך באַזאָרגן מיט מעל.

איין מאָל, צוריק גייענדיק פון יעוורָאַמאָווער הויף מיט עטלעכע קי, זענען עטלעכע פון אונדז אַריין אין דער דערבייאיקער מיל און געוואָלט נעמען מעל. דער מילנער האָט זיך קעגנגעשטעלט. מיר האָבן געוווּסט, אַז ער שטייט אין פאַרבינדונג מיט דער א. ק.

און וויל דאָס מעל נישט אַרויסגעבן אַן אַ באַפעל פון א. ק.־שטאַב. מיר האָבן אים מיטגענומען מיטן קאָנפיסקירטן מעל (געהאַט מיט אים אַן אַלטן חשבון) — און אָפּפירנדיק אים אַ שטיקל וועג, אויסגעלייענט פאַר אים דעם טויט־אורטייל און גלייך דערשאָסן. מיר האָבן ביי אים געפונען אַ גרויסן פּיסטאָלעט, וועלכן מ׳האָט צוגענומען. דאָס געלט האָט מען ביי אים איבערגעלאָזט.

דעם 1טן יאַנואַר 1944, איז פאָרגעקומען אַ סילוועסטער־אָוונט אין ראַדיניצער הויף. עס זענען זיך צוזאַמענגעפאָרן אַ סך פאָלקס־דייטשן, פאַרוואַלטער פון די אַרומיקע גיטער. מיר זענען צוגעקומען צום הויף, אים אַרומגערינגלט, אַז קיינער זאָל נישט אַנטלויפן. זעקס פון אונדז זענען אַריין אין באַלויכטענעם זאַל, ווו דער אָרקעסטער האָט געשפּילט טאַנץ־מוזיק און אַלעמען געהייסן זיך אויסדרייען צו דער וואַנט, יעדן רעווידירט און באַפוילן זיך אויסטאָן ביז דער אונטערוועש. די שיך און מלבושים האָבן מיר צוגענומען, אויך די זייגערס און צירונג. אין דער זעלבער צייט, האָבן אַנדערע פּאַרטיזאַנער אַרויסגעפירט פון הויף שפּייז פון די סקלאַדן און לעבעדיקן אינווענטאַר. אויף אַ באַפעל, האָבן מיר די פאַרהאַלטענע פריי געלאָזט. מיר זענען בשלום אַוועק פון אָרט.

דאָס איז געווען אַ געלונגען שטיקל אַרבעט. אַ סך אונטערערדישע צייטונגען האָבן וועגן דעם געשריבן. אונדזער אַקציע האָט אין גאַנצער געגנט איבערגעלאָזט אַ געוואַלדיקן רושם.

אונדז איז במשך פון עטלעכע ווינטער־חדשים אויך געלונגען צו באַפאַלן און אויסליידיקן קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוון („ספּולדזשעלניעס״), וואָס האָבן זיך געפונען אונטער דער אויפזיכט פון די דייטשן. אויסער דער נוצלעכקייט וואָס די שפּייז האָט אונדז געבראַכט, איז עס אויך געווען אַ דיווערסיע־אַקט קעגן דער אָקופּאַציע־מאַכט און אַ וואָרענונג פאַר די פּויערים, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן.

אין אַ סך דערפער האָבן מיר געהאַט אייגענע מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען מיט אונדז אין כסדרדיקן קאָנטאַקט. פון זיי האָבן מיר אויך באַקומען גענויע ידיעות וועגן אַלץ וואָס קומט פאָר אין דער געגנט.

אונדזערע ערשטע פאַרבינדלער זענען געווען די מיטגלידער פון דער גרופּע אַלעק און ניקאָלאַי, וועלכע זענען געווען אין דאָרף און געוווּסט פון אַלעמען. ווי דערמאָנט, פלעגן זיי אויך פון צייט צו צייט מיטגיין מיט אונדז אויף געוויסע אַקציעס. מיר האָבן פון אונדזער זייט, אויך זיי געשטיצט און געשיצט מיט וואָס מיר האָבן נאָר געקענט.

נאָך אַן אינפאָרמאַטאָר איז געווען — יאַנעק מאַרעצקי. אַ זייער ליבעראַלער קריסט, אַלץ וואָס ער האָט געטאָן — נישט פאַר געלט. מיר פלעגן זיך מיט אים טרעפן אויף אַן אָפּגערעדטן פּלאַץ, אָדער קומען צו אים אַהיים.

מיר האָבן געהאַט אַן אינפאָרמאַטאָר אויך אין דער יעוורימאָווער קאָלאָניע. דאָס איז געווען אַ פּויער, וואָס האָט געוווינט אויפן פרייען פעלד. איינער אַליין מיט זיין

פאַמיליע, אָן שכנים, איז זיין פאַרבינדונג מיט אונדז געווען זייער אַ באַקוועמע. פאַר אַ שטיק חזיר־פלייש אָדער חפץ, אין וועלכן ער האָט זיך שטאַרק געניטיקט — האָט ער אונדז געבראַכט וויכטיקע אינפאָרמאַציעס פון דאָרף און דער אַרומיקער געגנט.

אויך אין טוראָבינער כוטאָר און אין גראַיעץ האָבן מיר געהאַט פאַרבינדלער.

אַ ספּעציעלע זאָרג האָבן אונדז פאַרשאַפן העשעלע אַלטמאַן און ישראל ראָטמאַן. העשעלע איז געווען אַ ייִד איבער די זעכציקער. די פיר קינדער — פישל און יענקל קאַרפ, ישראל ראָטמאַן פון פראַמפּאָל, ישראל און זיין ברודער דוד — זענען געזעסן אין די גראַיעצער וועלדער און זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן. מיר האָבן זיי אָפט באַזאָרגט מיט שפּייז. אויך אַכטונג געגעבן, אַז די פּויערים זאָלן זיי קיין עוולה נישט טאָן.

מיר האָבן אויך נישט פאַרגעסן, לויט אונדזערע מעגלעכקייטן, זיך צו אינטערעסירן מיט די ייִדן, וואָס זענען געווען באַהאַלטן ביי פאַרשידענע פּויערים. באַמיט זיך אָנהאַלט קאָנטאַקט מיט נאָך ייִדן אין די בונקערס, וועגן וועלכע מיר האָבן געוווּסט.

פאַרשטייט זיך, אַז נישט שטענדיק האָב איך געמעגט פאַרלאָזן דעם בונקער. דאָס האָט מען געטאָן נאָר מיט דער דערלויבעניש פון אונדזער קאָמענדאַנט.

קיין הונגער האָבן מיר אין בונקער, קאָן מען זאָגן, נישט געליטן. דערפאַר אָבער האָבן אונדז געביסן די לייז. עס האָט נישט געהאָלפן דאָס טוישן און גענוג אָפטע וואַשן די וועש. די לייז האָבן אונדז געפּײַניקט לעבעדיקערהייט. דאָך איז אונדזער געזונט־צושטאַנד געווען גענוג צופרידנשטעלנדיק.

אַ סך דערצו האָט אַוודאי געהאָלפן דער ביטערער טראָפּן, אָן וועלכן מיר האָבן זיך נישט צוגערירט צום עסן.

שווער איז אָבער געווען מיט אַ קראַנקן אין יענע פאַרשאָלטענע באַדינגונגען. אויב ס׳איז אין די גרעסערע פאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען געווען אַ מינימאַלע מעדיצינישע הילף — איז ביי אונדז גאָרנישט געווען. מיט דער מעדיצינישער הילף האָט זיך אין אונדזער גרופּע פאַרנומען רייזל בערגער. (אויסער שטיקלעך באַנדאַזשן, איז גאָרנישט געווען). מען האָט זיך געהיילט פון „זיך אַליין". די נאַטור האָט געהיילט אויף איר אומנאַטירלעך־אויסערגעוויינלעכן אופן.

## אין קאָוופּאַקס דיוויזיע

אין די לעצטע חדשים טראָגן זיך קלאַנגען וועגן דער נאָענטקייט פון סאָוויעטישע זעלנער. אויך די פאַרבינדלער, וואָס שטייען אין קאָנטאַקט מיט אונדזער פאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג, ברענגען כסדר די נייעס, אַז אין אייניקע ערטער האָט מען געזען זעלנער־נישט־זעלנער אין די מונדירן פון דער רויטער אַרמיי. הגם די דאָזיקע ידיעות זענען געווען אין סתירה צו דעם וואָס מיר האָבן געהערט אין ראַדיאָ און געלייענט אין דער אונטערערדישער פּרעסע וועגן די פראָנטן, אין טיף־רוסלאַנד, — טראָץ דעם וואָס די רוסן זענען אַריבער אין אָנגריף, וועלן זיי אָבער מיט דעם טעמפּאָ מיט וועלכן זיי

גייען פּאַרויס, קומען צו אונדז נישט פריער ווי זומער 1944. דערווייל איז יאַנואַר 1944. די פויערים חזרן אָבער עקשנותדיק איבער די דאָזיקע נייעס. נישט אַנדערש, זיי פּאַרטוישן די אוקראַינישע איינהייטן, וואָס דינען ביי די דייטשן און זענען אַנגעטאָן ווי די סאָוויעטן — אויף דער רעגולערער סאָוויעטישער אַרמיי. אויך מעגלעך, אַז דאָס זענען אוקראַינישע באַנדעס, וואָס קעמפן קעגן די רוסן און באַזונדערס — קעגן די סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנער. אָבער מיר אין וואַלד זענען נישט אַזוי האָפּערדיק און אָפּטימיסטיש בנוגע דער נאָענטער הילף און רעטונג.

אונדזער לאַגע ווערט שווערער פון טאָג צו טאָג. דער האַרבער ווינטער, דאָס ווייניקע עסן און די שוואַכע באַוואָפענונג, שאַפן נישט קיין געפיל פון זיכערקייט, בפרט נאָך, אַז די דייטשן זענען אַקטיוו אין יענער געגנט זוכנדיק פּאַרטיזאַנער. מיר טראַכטן ערנסט וועגן טוישן דאָס אָרט, זוכן עפּעס אַן אַנדערן אויסוועג. דעריבער האָבן מיר מיט פרייד אויפגענומען די ידיעה, אַז אַ דעלעגאַציע פון דריי אָפיצירן פון אַ גרויסער פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג אין די יאַנאָווער וועלדער וויל זיך מיט אונדז טרעפן. דעם קאָנטאַקט האָבן זיי באַקומען דורך דער פּ.פּ.ר.־אָרגאַניזאַציע אין דאָרף. זיי קומען צו אונדז מיט אַ זייער פּראַקטישן און לאָקנדיקן פּאָרשלאָג: אָנשליסן זיך צו זיי און אַזוי אַרום פּאַרוואַנדלען צוויי קליינע אָפּטיילונגען אין אַ גרויסן פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד. נאָך לענגערע פּאַרהאַנדלונגען באַשליסן מיר צו שיקן אין זייער מחנה צוויי אונדזערע פאָרשטייער, זיי זאָלן אויפן אָרט זיך אָריענטירן וועגן דער לאַגע און ברענגען זייער מיינונג וועגן דער פּאַראייניקונג. אַלס דעלעגאַטן האָבן מיר באַשטימט יאַנקל מעט און אַ פּאָליאַק.

דעם אמת געזאָגט, האָט יאַנקל מעט, איינער פון אונדזערע בעסטע פּאַרטיזאַנער און גוטער חבר, אַליין זיך געמאָלדן צו דער שליחות. צווישן אים און יוזעף שפּוגאַי, צוויי גוטע חברים, איז „אַדורכגעלאָפן אַ קאַץ״. צוליב זייער ברוגז און שנאה, האָט איז גאַנצן לאַגער אונדזערן געהערשט אַ שווערע אַטמאָספער. יאַנקל מעט און אַנדערע פּאַרטיזאַנער האָבן געהאַלטן, אַז אויב ער גייט איצט אַוועק אויף דער שליחות פון עטלעכע וואָכן, וועלן די צדדים דערווייל זיך באַרואיקן, פאַרגעסן דעם קאָנפליקט און ס׳וועט צוריק הערשן שלום. מיר געזעגענען זיך האַרציק מיט די צוויי. דאָס איז געווען ס׳לעצטע מאָל, אַז מיר האָבן געזען דעם טייערן יאַנקל מעט. מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער איז ער העלדיש געפאַלן אין אַ שווערער שלאַכט מיט די דייטשן אין די לישאַנסקער וועלדער.

ביי דער געלעגנהייט — עטלעכע ווערטער וועגן דעם געפאַלענעם העלד.

יאַנקלען האָב איך געקענט נאָך פאַרן קריג, אַלס יינגל. ער איז געבוירן און אויסגעוואַקסן אין דאָרף גראַיעץ, ביי עלטערן, וואָס האָבן זייער גאַנץ לעבן זיך פאַרנומען מיט לאַנדווירטשאַפט און אַ ביסל צוגעהאַנדלט. ער האָט געלערנט אין דער פּוילישער „פּאָווסעכנער״ שול, אָבער טאַטע־מאַמע האָבן פאַר אים געהאַלטן אַ ספּעציעלן מלמד

פאַר יידישקייט. נאָכן פאַרענדיקן די שול, פלעגט ער אָפט קומען קיין פּראָמפּאָל, ווו כ׳האָב זיך מיט אים געטראָפן אין הויז פון חנה־עטל בלומער. דאָס איז געווען אַ שיינער בחור, גוט דערצויגן, מיט איינגעבוירענער אינטעליגענץ. ווען איך האָב אים אין די מלחמה־יאָרן געטראָפן אין וואַלד, איז ער שוין געווען 20 יאָר אַלט, הויך און פיזיש גוט אַנטוויקלט. אָבער נישט נאָר אויסערלעכע מעלות האָט ער פאַרמאָגט. ער איז גרייט געווען זיך מקריב צו זיין פאַר יעדן איינעם, טראָגן הילף דעם נויטבאדערפטיקן, ספּעציעל אַ ייד. הגם ער איז אויסגעוואַקסן צווישן קריסטן, האָט ער געהאַט אַ זעלטן וואַרעם יידיש האַרץ און פלעגט איינשטעלן דאָס לעבן, ווען ר׳האָט באַדאַרפט ראַטעווען אַ ייד פון אַ סכנה. אויך די פּאָליאַקן אין אונדזער אָפּטיילונג האָבן אים שטאַרק געשעצט, ער איז פול געווען מיט לעבן, שטאָלץ, קאַמפס־פעיק און קאַמפס־גרייט צו יעדער צייט. דאָס געשטאַלט פון דעם פאַרטיזאַנער קאָן איך נישט פאַרגעסן. יהיה זכרו ברוך!

אין פעברואַר 1944 האָבן זיך ווידער דערטראָגן צו אונדז קלאַנגען, אַז אויף די קרעסן, אין דער געגנט פון סאַרני, האָט מען געזען אָפּטיילונגען פון דער רעגולערער סאָוויעטישער אַרמיי. ווײַסנדיק, אַז בעת אַ מלחמה ווערן פאַרשפּרייט אַלערליי ידיעות, האָט מען אויך דאָס מאָל זיך באַצויגן סקעפּטיש צו דער נייעס. מיט אַמאָל — אַ סענסאַציע: ביי טאַרנאָגראַד, נישט ווייט פון אונדז, האָט מען געזען באַוואָפנטע לייט אין מונדירן פון דער רויטער אַרמיי, אָבער גלייכצייטיק — אויך אין דייטשישע מונדירן. ווער זענען עס די געהיימע קעמפער? זענען דאָס אונדזערע רעטער און העלפער — אָדער פאַרעטער און אומברענגער?

ס׳האָט נישט גענומען פיל צייט און די רעטעניש האָט זיך אויפגעקלערט: די באַרימטע פאַרטיזאַנישע דיוויזיע, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון איר לעגענדאַרן און העלדישן אָנפירער — גענעראַל קאָווּפּאַק — געפינט זיך שוין אין אונדזער געגנט. די 5 טויזנט קעמפער פירן אומאויפהערלעכע שלאַכטן מיט די דייטשן, וואַרפן זיך איבער פון איין אָרט צום צווייטן און שלאָגן דעם שונא, לויטן כלל „דערלאַנג — און אַנטלויף“.

איצט האָבן אונדזערע פאַרטיזאַנער פאַרלאַנגט זיך אָנצושליסן צו קאָווּפּאַקן. אַ פאַרזאַמלונג האָט דעם באַשלוס אָנגענומען, נאָר ערשט נאָכן אומקערן זיך פון די צוויי שליחים, וואָס זענען אַוועק פאַרהאַנדלען מיט אַ פּוילישן פאַרטיזאַנער־אָטריאַד. פונדעסטוועגן זענען איניקע קעמפער געווען קעגן אַריינגיסן זיך אין דער קאָווּפּאַק־דיוויזיע — און זיי זענען שפּעטער נישט מיטגעגאַנגען, און עטלעכע האָבן באַשלאָסן זיך אויסצובאַהאַלטן ביי פּויערים.

די איבערלעבונגען, קאַמפס־אַקציעס און אויפלייזונג פון דער קאָווּפּאַק־דיוויזיע נאָכן באַפרייען פּוילן פון היטלעריסטישן אָקופּאַנט — זענען אַ באַזונדער קאַפּיטל פאַר זיך, וואָס וואָלט פאַרנומען אַ סך אָרט צום באַשרייבן. אַ חוץ דעם, האָט מען וועגן דער העלדישער דיוויזיע שוין פיל געשריבן — און אויף אַ סך שפּראַכן...

*

אַ גרופּע פון 14 יידן, צוזאַמען מיטן פּאָליאַק יוזעף שפּוגאַי, מיט וועמען מיר האָבן געקעמפט נאָך אין די גרייעצער וועלדער, זענען אַוועק אין שטאַב פון דער זיך אויפלייזנדיקער דיוויזיע און דערקלערט אונדזער ווילן צו פאָרן קיין לובלין, ווייל מיר זענען פוילישע בירגער. מ׳האָט אונדז אויסגעשריבן אַ דורכלאָז־שיין אויף 15 פּערזאָן. דער פּאָליאַק האָט בפירוש דערקלערט, אַז דאָרט ווו מיר וועלן גיין — גייט ער מיט אונדז. מיר האָבן אויך באַקומען אַ באַן־בילעט ביז לובלין און אַ בריוו צו אַלע מיליטערישע איינהייטן צו העלפן אונדז מיט אַלעם נייטיקן. יעדער פּאַרטיזאַנער האָט אויך באַקומען אַ פּאַפּיר, ווו עס זענען געווען באַשריבן אַלע זיינע קאַמפן, פּאַרדינסטן און אויסצייכענונגען.

נאָך 24 שעה רייזע זענען מיר אָנגעקומען קיין כעלם. געטראָפן דאָרט אַ יידישן קאָמיטעט, איבערגענעכטיקט אין שטאָט און דערנאָך זיך געלאָזט קיין לובלין. אין לאָקאַל פון יידישן קאָמיטעט האָבן מיר גענומען אַדורכקוקן די ליסטעס פון די געראַטעוועטע יידן — און זיך אָנגעשטויסן אויפן נאָמען וועלוויש פינקלשטיין, לובאַרטאָווסקע 30. איך און מיכאל לויפן גלייך אַהין. די פרייד פון דער באַגעגעניש איז גרויס. אויך רייזל אַשנבערג געפינען מיר אין לובלין. אָבער ווי צו נעכטיקן די ערשטע נאַכט האָט מען נישט געהאַט. אויפן גאַס באַגעגענען מיר צופעליק אַ ביכאָווער יונגערמאַן, אברהם וועלכער האָט מיך געקענט פון פראַמפּאָל און ביכאָווע. מיר בלייבן ביי אים אויפן בוידעם־שטיבל עטלעכע טעג און באַשליסן שפּעטער אַריינצופאָרן קיין פראַמפּאָל, זען וואָס איז געבליבן פון שטעטל.

מיט דער הילף פון דער סאָוויעטישער מאַכט וואָס האָט געהערשט אין שטעטל, האָבן מיר אַרעסטירט אַרום 35 פּלאָיאַקן, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין אויסגעבן און אויסמאָרדן די אָרטיקע יידן. אַ געוויסע צייט האָבן מיר געאַרבעט אין אַ מיליטערישער אָפּטיילונג און געהאָלפן יידן אָפּנעמען זייערע פאַרמעגנס, אָדער פאַרלאָזן פוילן, אויפן וועג קיין ישראל.

אין יאָר 1946 האָב אויך איך פאַרלאָזט פוילן און אין יאָר 1948 זיך דערשלאָגן צו די ברעגעס פון דער ידישער מדינה.

# רשימה פון די אומגעקומענע קדושי פראמפאל*

על אלה אנו בוכים, ביחד עם כל קדושי ישראל, שנפלו על קידוש השם ע״י המרצחים הגרמניים וגרוריהם

זיי באַוויינען מיר, באַזאַמען מיט אַלע קדושי ישראל, וועלכע זענען אומגעקומען אויף קידוש השם דורך די דייטשע מערדער און זייערע מיטהעלפער.

א

אַלבוים אברהם
אַלבוים חיים־ישראל
אַלבוים דן
אַלבוים יעקב
אַלבוים יחזקאל
אַלבוים יוסף־הערש
אַלבוים מרדכי
אַקערמאַן משה
אַשענבערג אַברהם
אַשענבערג חיים
אַשענבערג שמחה
אַשענבערג קלמן
אַשענבערג נחום
אַשענבערג שלמה
אַשענבערג אליהו
אַשענבערג אייזיק
אולמאַן אברהם
אַלבירט עלקע לאה
אַלטבוים יחזקאל
אלטבוים יהושע

אַשענבערג זיינוול
אַשענבערג שרה
אַלטמאַן אפרים
אַלטבוים דן
אַלטבוים וואָלף־בער
אַלטבוים משה־אייזיק
אַלטבוים מרים
אַלטערמאַן יאַנקל
אַלטמאַן ברוך
אַלטערמאַן חנה
אולמער טוביה
אולמער מנחם
אולמער הערש
איינשטיין שמעון
אַלטמאַן דוד
אַלטמאַן מרדכי
אַלמער ישראליק
אברהמלע מאבו
אַלטבוים
איציק־הערש
. . . . . .

* צונויפגעשטעלט פון זכרון, אויף עטלעכע זיצונגען פון קאָמיטעט, 20 יאָר נאָכן אומקום פון פראַמפּאָלער יידנטום. מעגלעך, אַז געוויסע נעמען זענען פאַרגעסן געוואָרן אָדער, על־פי טעות, געענדערט — פאַר וועלכן מיר בעטן אַנטשולדיקונג.

ב

בוים חנה־רבקה
ברין זעליק
ברעזיל חיים
בריק שמואל־דוד
בריק יעקב
בריק רבקה
בריק חיים ברוך
בריק שמעון
בריק פסח
בריק יהושע־הערש
בריק זעליק
בריק מנחם
בריק אברהם
בריק שלמה
בריק אריש
בריק לייבל
בריק ברוך
בריק בעריש
בריק יוסף־איציק
בריק אברהם־איסר
בריק סימע
בריק ישראל
בעסערמאַן חיים
באָרנשטיין יהושע
בענדלער יונה
בענדלער יוסף
בענדלער ראָזאַ
בלומער יעקב
בלומער רבקה
בלומער חנה־עטיל

בלומער בעריש
בעכער משה
בעכער רעכל
בראַפּמאַן יוסף
בראַפּמאַן מאָטל
בראַפּמאַן אברהם
בלום יעקב משה
בלום פּנחס
. . . . . .
. . . . . .

ג

גריער יהושע
גראָ חיים
גראָ דוד
גאַנץ גוטמאַן
גאַנץ אברהם
גאַנץ הערש
גאַנץ מענדל־בער
גאָלדמאַן מענדל
גערזאָן שלמה
גאָלדברענער בעריש
גייטמאַן שלמה־וואָלף
גייסט פּיניע (פּנחס)
גייסט שלמה־יוסף
גוטמאַכער אשר
גוטמאַכער גיטל
גוטמאַכער רבקה
גאַנץ משה
. . . . . .
. . . . . .

ד

דרעשער חיים־זעליק
דינבורט בעריש
דאַטום משה
דאַטום אברהם
דוד זיסלם
דאַטום מאַלי
דאַטום יצחק
ראַטום שלמה

. . . . . . .
. . . . . . .

ה

האָף דניאל
האָף עלי
האָף רבקה
האָף משה
האָף יוסף
האָף פתחיהו
האָף פייגע
האָף וואָלף־בער
האָף בעריש
האָף לייב־בער
האָף יעקב
האָף רחל און טאָכטער
האָף הערש־חיים
האָף נחמיה
האָף אלחנן
האָף וואָלף־בער

האָף זעליק
האָף אהרון
האָף אליהו
האָף דניאל
האָף יחזקאל
האָף אברהם
האָף יצחק
האָף חיים
האָף פתחיהו
האָף אליהו
האָף יצחק
האָף אַנשל
האָניגמאַן יוסף
הארמאן ישעיהו
האָף פתחיהו
האָכראַד שמואל
האָכראַד משה
האָכראַד פתחיהו
האָכראַד יוסף
האָכראַד מענדל
הייפלער חיים־יוסף
הייפלער יוסף
הייפלער אלי
הייפלער אברהם־אהרון
האָכראַד חיים־אליעזר
האָניגמאַן יעקב
האָכראַד יעקב
האָכראַד משה־חיים
האָכראַד נחמיה בן נתן
האָכראַד שמואל
האָכראַד נחום

הארמאַן חיים־יהודה
הארמאַן יחזקאל
האָניגמאַן חוה
האָכראַד נתן־דוד
האָכמאַן חיים
האָכמאַן יעקב
האָכמאַן פּיניע

. . . . . . .

. . . . . . .

ו

וועלטשער משה
וועלטשער רבקה
וועלטשער ליפּע
וועלטשער שרה
וועלטשער לייביש
וועלטשער מאיר
וועלטשער מיכאל
וועלטשער אהרון־וואָלף
וועלטשער מאירל
וועלטשער אביש
וועלטשער רבקה
וואַלדמאַן שמואל
וואַלדמאַן איטשע
וואַלדמאַן איטשע־לייב
וואַלדמאַן משה־אָשר
ווייס לעמל
ווייסטוך שלום
וואַלדמאַן שלום־זינדל
וואָרטמאַן אברהם־איסר

וואָרטמאַן משה
וואָרטמאַן יעקב
וויינמאַן קלמן
וואַלדמאַן שמעון
וואַלדמאַן משה־אייזיק
ווייסטוך אליעזר
וואָרטמאַן נתן
וואָרטמאַן לייבל
וואָרטמאַן בנימין
וואָרטמאַן הענעך
וואָרטמאַן הערש
וואָרטמאַן יהושע
ווייס פּסח
ווייס יהושע
ווייס משה
וועבער הענעך
וואַלדמאַן בנציון
וואַלדמאַן יהושע
וואַלדמאַן משה
וואַלדמאַן אברהם
וואַלדמאַן יעקב
וואַלדמאַן איטשע בן מרדכי־יעקב
וועבער יעקב
וועבער יוסף
וועבער לייביש
ווייסטוך וואָלף
וואָרטמאַן הערש
וואָרטמאַן חנה
וואָרטמאַן לייזער
ווייסמאַן פּתחיהו

וואַלדמאַן משהלע

. . . . . . .
. . . . . . .
. . . . . . .

ז

זיסמילך זעליק
זובנער שלום
זילבער הערש
זילבער ישעיהו
זילבער טוביה
זיגלשיפער גרשון
זיסמילך מאָטל
זיכלער פראַדל
זיכלער הערשל
זאנטמאַן יצחק־יעקב
זאָנטאַג שלמהקע
זאָנטאַג עלי־מאיר
זאָנטאַג לייבל

. . . . . . .
. . . . . . .
. . . . . . .

ח

חייף רייזעלע

. . . . . . .
. . . . . . .
. . . . . . .

ט

טראָפּ בערל
טראָפּ יעקב
טאבער שלמה
טענעוואָרצל יצחק
טראָפּ יצחק־לייב
טראָפּ אליעזר

י

יודקאָוויטש איטשעלע
יעגערמאַן בנציון
יעגערמאַן צדוק
ישראל איציק
יעגערמאַן איטשע־לייב
(דער מילכיקער)

. . . . . .
. . . . .
. . . . . .

כ

כץ יהודה־מאיר
כץ חנהטשע
כץ לייבקע

. . . . . .
. . . . . .
. . . . . .

ל

הרב יהודה לייב לערנער
ליבערבוים אברהם
ליבערבוים איטשע־מאיר
ליבערבוים מאָטל
לאכפעלד יעקב־מרדכי
לעווינגער חיה־רויזע
ליבערבוים פערל
לעווינגער יהושע
ליכטפעלד דוד
ליכטפעלד אברהם־אליעזר
לייטער ישראל־יצחק
לעווינגער מעכלע
איר איידעם ישראלקע
לייכטער יאָסקע
לייכטער נאָטקע
לייכטער ישראלקע

. . . . . . .

. . . . . . .

. . . . . . .

. . . . . . .

מ

משה יאָסל
מאַלער יהושע
מאַלער אַנשל
מילדינער הערש
מיצנער וואָלף־בער

מלכה ברײנע

. . . . . . .

. . . . . . .

. . . . . . .

נ

נטע, דעם רבס איידעם

. . . . . . .

. . . . . . .

. . . . . . .

ע

עלזאָן ירחמיאל
ערטער מעכל
ערטער קלמן

. . . . . . .

. . . . . . .

. . . . . . .

פ

פרילינג רייזל
פרילינג גיטל
פרילינג פערל
פרילינג מעכל
פרילינג ישראלקע
פראַמפּאָלער יעקב
פרילינג שרה
פעלער אברהם
פינקעלשטיין יעקב

פישביינדעגען שמואל
פראַמפּאָלער ראַצע
פראַמפּאָלער יוסף־אהרון
פראַמפּאָלער יצחק
פראַמפּאָלער אבא
פוקס זיינוול
פוקס זלאַטע
פוקס אלימלך
פראַמפּאָלער יאַסקע
פראַמפּאָלער פּנחס
פלאג מעכל
פליסוואַסער יהושע
פּרעס יהושע
פּרעס וואָלף
פאַרבער חיים
פעדער בנציון
פּענעק יצחק
כאָדעם הינדע
פעדער ניכאַלע
פייגע מאַליע
פרידלענדער פייגע־מרים
פעדער חיה־גיטל
פינק יצחק

. . . . . . .
. . . . . . .
. . . . . .
. . . . . . .
. . . . . . .
. . . . . . .

צ

ציטרינבוים לייביש
ציטרינבוים יוסף
ציטרינבוים ישעיהו
ציטרינבוים שמואל
ציטרינבוים ישראל־יצחק

ק

קאַרפּ יעקב־ברוך שו״ב
קעסטענבוים עקיבא
קופּערשטאָק בלומע
קופּערטאָק וואָלף
קופּערשטאָק יהושע
קוריצער יוסף
קיסלאָוויטש הענעך
קאָרן אהרון־וואָלף
קעסטענבוים שמואל־יוסף
קעסטענבוים מאיר
קעסטענבוים שלום־בער
קעסטענבוים משה
קעסטענבוים נתן
קעניגסוואַלד משה־דוד
קאַסטן דוד
קאַסטן פייגע
קיסלאָוויטש משה־אריה
קעסטענבוים נחמיה
קאָרן אברהם־יוסף
קאַלמאַנאָוויטש עקיבא־מאיר
קריגשער זיינוול
קריינדל לייבל שו״ב
קאָרן יצחק
קנאָבליך מאיר
קנאָבליך נעמי

קליינמאַן נפתלי
קלאוז נחמן
קליינער קיילע

. . . . . . .
. . . . . . .

ר

רויט חיים־בער
ראָזענבערג ברוך
רעדלמאַן לייבל
ראָזענבערג יעקב
רויזער מאיר
ריטמאַן הערש
ריטמאַן יצחק־יעקב
ריטמאַן וועלוויש
ריטמאַן שבע
ראַכיט יעקב
רויזנפעלד מלך
רעדלמאַן משה
ראָטמאַן וואָלף
רידער יוסף
רויזער משה
רעדלמאַן יצחק
ראָזענבערג ישעיהו
ראָטמאַן אברהם־איטשע
ראָטמאַן יעקב
ראָטמאַן חיה
רייכענבערג יחזקאל
ראָזענבערג גרשון
ראָזענבערג זעליק
ראָזענבערג אלחנן
ראָטמאַן יהושע

ראָטמאַן לייביש
ראָטמאַן בערל
ראָטמאַן חיים
ראָטמאַן וואָלף־בער
רענער זלאַטע

. . . . . .
. . . . . .
. . . . . .

ש

שטערנבוך זונדל
שלייכער יצחק־דוד
שאפס יהושע
שאפס אהרון
שאפס דוד
שטערנבוך חיים
שוואַרצבאַרד יצחק
שוואַרצבאַרד שרה
שטערנבוך אברהם־משה
שולזינגער שמואל
שטיינבערג משה
שטערנבוך אָשר
שאפס יצחק־יאַנקל
שיינמאַן נטע
שטיינבערג יצחק
שטיינבערג הערשל
שטיינבערג יאָסל
שטיינבערג פתחיהו
שטערנבוך נחום
שטערנבוך נעכע
שטערנבוך שלמה
שטיינבערג חיים
שניידער שמואל
שוואַרצבוך יצחק
שוואַרצבוך שרה
שטערנבוך יששכר

**In everlasting Memory of our Beloved Mother**

צום אָנדענק נאָך אונדזער ליבער מוטער און פרוי



**CHANA HOCHMAN**
**Born: March 10, 1909**
**Died: July 3, 1963**

**חנה האָכמאַן**
געבאָרן 10־טן מערץ 1909
געשטאָרבן 3־טן יולי 1963

מיר וועלן תמיד געדענקען דיך, טייערע מאַמע און פרוי, דײַן איידלקייט, טרײַשאַפט און איבערגעגעבנקייט דער היים און גאַנצער משפּחה.

מאַן **בנימין האָכמאַן**
די קינדער **עלקע, מאַלע־רייזל**
מיטן מאַן **אברהם שלום**
און די אײניקלעך: **האָדעל־שׂרה**
און **חנן־רפאל**

לאָס־אַנזשעלעס, ניו־יאָרק

נר תמיד

לחברנו היקר באדם, העוסק בצרכי ציבור

מפעילי ומנהיגי „החלוץ" בפראמפול —



# בריש (דב) בלומר

נרצח על ידי הקלגסים הנאצים בשנת 1943

חבריך מהתנועה בישראל

יזכור ה׳ את



אבי היקר האדמו״ר ר׳ **אברהם אליעזר** בן ר׳ מנחם

דוד **ליכטפלד**

ואחי **זלמן** בן ר׳ אברהם אליעזר הי״ד

אחותי **מלכה**

יהי זכרם הקדוש ברוך!

**משה ליכטפלד** / פתח־תקוה

יזכור ד׳ את נשמות ששת המיליונים אחינו ואחיותינו, וביניהם נשמות הורי היקרים —

אבי־מורי **דב־בריש דינבורט**

אמי־מורתי **צ׳רנה־רחל**

האחים **יוסף, צבי, עזריאל**

ואחותי **גולדה**



שנרצחו על ידי חיות־טרף הגרמניים ועוזריהם.

נזכור לעד את יקירנו שנספו בשנות השואה.

**מכלה הרצברג־דינבורט** / ישראל

**מוטל דינבורט וחנה שרף־דינבורט** / קנדה

יזכור ה׳ את נשמות

אחי היקר **דוד** בן אברהם אליזער הי״ד

אשתו **חייה** (חייהצ׳ה) ואחותה **לאה**

**וילדיהם**



שנרצחו על ידי הנאצים הטמאים ימ״ש

ינקום ה׳ את נקמת דמם השפוך

ויהא זכרם לנצח

**משה ליכטפלד** / פתח־תקוה

וינקמו דמם בשאט נפש,
למשחית איבת העולם...

(יחזקאל כ"ח)

לזכרון עולם של הקדושים והטהורים, משפחתי היקרה



**אבי יעקב הוכראד, אמי חנה פרל,**

**אחי ואחיותי: אפרים, חייה, אטיל, חיים לייב, רייזלה ואבא**

יהא זכרם צרור בצרור החיים של האומה

**משה ולאה הוכראד ובנותיהם** / תל־אביב

על אלה אני בוכה

אבי פייבל יגרמאן

אמי אסתר יגרמן

אחיותי: מרים אלטמאן,

בת-שבע הוניגמאן

חוה הוניגמאן

גיסים: ברוך אלטמאן

יוסף הוניגמאן

ובני משפחתם

מבתם תמר במדינת ישראל



איך וועל אייך קיינמאָל נישט פאַרגעסן —

**מיין טייערן פאָטער יחזקאל הוף ז״ל**

**מיין ברודער דער פאַרטיזאַנער נתן הוף**

(דערשאָסן געוואָרן דורך דער א. ק., אין עלטער פון 13 יאָר. זיין קבר געפינט זיך אויפן וועג קיין סאָקאָלאָווקע, ווו ס'איז געווען די וואַסער־מיל) ;

**מיין ברודער מאיר ;**

**אונדזער פריינד פעדער יונה און פאמיליע**

אייער אַלעמענס אָנדענק וועט תמיד זיין איינגעקריצט אין מיין זכרון.

**וולאַדיסלאַוו סאָכאַ (הוף)** / וואַרשע



לזכר הורי היקרים שנשמדו על ידי הנאצים הארורים ועוזריהם הפולנים

אבי היקר **שמואל דוד** בן יהושע **בריק**

אמי היקרה **אסתר** מבית **ברומברג**

אחי היקר **יהושע**

אחי היקר **אריה**

יהי זכרם ברוך לנצח!

מבתכם **חנה בוקסנבוים־בריק,**

**בעלה וילדיהם** / רמת־גן

לזכרון עולם, הורנו ואחי היקרים



אבי **יעקב** בן **יהושע בריק,**

אמי **חוה** מבית **הוכראד**

אחי **אברהם**

לבנו דווי על מותם האכזרי יחד עם ששת מיליוני הקדושים של עמנו.
זכרם לא ימוש מאתנו!

**דבורה קיסלוביץ־בריק,**

בתכם ואחותך,

בעלה **אהרון וילדיהם** / רמת־גן

לזכרון נצח

הורי היקרים **משה חיים הוכראד** **ואמי**

אחותי **טישה** ואחי **אריה בריש**

שמסרו את חייהם על קידוש השם.







יהי זכרם ברוך!

שרה לאה פרין, ב"ב ומשפחתה

אין שטענדיקן טרויער נאָך אונדזערע טײַערע און אומפאַרגעסלעכע



טאַטע־מאַמע **אשר־זעליג** און **מיכלע זיסמילך**

שוועסטער **חנה** מיטן מאַן **משה־אייזיק עלבוים** און פיר קינדער

שוועסטער **עלקע** מיטן מאַן **יעקב אַלטערמאַן** און קינד

די שוועסטערס **רייזל, הענדל** און **לאה**

מיר וועלן אייך תמיד געדענקען!

אייער זון און ברודער **מרדכי זיסמילך** און **פרוי**

מיט די קינדער און אייניקלעך אין אַמעריקע

טאָכטער **אסתר** מיטן מאַן **בילו** און קינדער

אין ישראל

צום אייביקן אָנדענק פון אונדזערע עלטערן, שוועסטערס, שוואָגערס און קינדער —



טאטע-מאמע **זינדל** און **פערל פרילינג**

שוועסטער און שוואָגער: **רודע** און **שלום זיבנער**

און זייערע קינדער: **חיים, קיילע-דבורה** און **משה**

**איטע-לאה** און **איטשע-מאיר ליבערבוים**

מיט זייער זון **זינדל**

מיר וועלן אייך תמיד געדענקען!

**רחל פרילינג-גאָלדבלאט** / צהלה

**שלמה פרילינג** / גבעתיים

# דער אירגון יוצאי פראמפול אין ישראל

שלמה פרילינג / גבעתיים

די שטרעבונג איינצוהאַלטן אָרגאַניזאַציאָנעלע ראַמען פאַר די באַזונדערע לאַנדס־מאַנשאַפטן, האָט אויך נישט אויסגעמיטן די בני פראַמפּאָל אין ישראל. הגם ביזן יאָר 1939 האָט אין ארץ־ישראל נישט עקזיסטירט קיין אָפיציעלע לאַנדסמאַנשאַפט, פלעגן אונדזערע שטאָטישע וועלכע האָבן דעמאָלט געוווינט אין לאַנד, זיך טרעפן פון צייט צו צייט און אַחוץ ריין פּערזענלעכע ענינים, באַהאַנדלט אויך געזעלשאַפטלעכע פראַגן, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צום לעבן אין דער אַלטער היים און צו די עווענטועלע פאַרמען פון הילף פאַרן שטעטל.

מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט אונדזער זאָרג און ציטער פאַרן גורל פון געבורט־שטעטל נישט אויפגעהערט קיין איין מינוט. לײדער, די פראַמפּאָלער אין א"י זענען געווען לגמרי אָפּגעריסן פונעם שטעטל און אירע יידישע איינוווינער. דעם ערשטן גרוס פון דאָרט איז געלונגען אָפּצונעמען ערשט אין יאָר 1944, ווען ס׳איז געקומען אַהער (פון רוסלאַנד) אַ טייל פון גענעראַל אַנדערסעס אַרמיי און די „קינדער פון טעהעראַן". מײנער אַ קרוב פון אַמעריקע האָט מיר געשריבן, אַז צווישן זיי זענען פאַראַן פינף קינדער פון נחמיה ראָזענבערג (בוגליס). די דאָזיקע נײעס האָט ממש עלעקטריזירט די היגע „פראַמפּאָלער קאָלאָניע". איך האָב אויפגעזוכט דאָס קליינוואַרג און דערנאָך דערציילט די אַנדערע בני־עיר וועגן דער באַגעגעניש. אין יענער צייט זענען שוין אויך געווען ידיעות וועגן דעם גרויסן חורבן פון פוילישן ידנטום און בתוכם — פון אונדזער שטעטל.

אין יאָר 1945, נאָך דער באַפרייאונג, זענען פון פוילן אָנגעקומען בריוו פון דער פּראַמפּאָלער שארית־הפליטה. אַזאַ בריוו האָט נישט לאַנג געוואַרט אויף ענט־פער, מ׳האָט געשיקט הילף — פעקלעך, געלט און דאָס וויכטיקסטע — דערמוטי־קונגס־ווערטער פון דעם לאנד, ווו ס׳איז אָנגעגאַנגען דער קאַמף פאַר עליה, ידישע רעכט, ידישע מלוכהשקייט. מיט דער הילפס־אַרבעט האָבן דעמאָלט אָנגעפירט די חברים: חיים וועלטשער, משה האַכראַד, חיים קיסלאָוויטש, שלמה קליידמאַן און דער שרייבער פון די שורות.

שפּעטער האָבן איינצלנע לאַנדסלייט אָנגעהויבן קומען קיין ארץ־ישראל — און מיר האָבן געהאַלטן פאַר אונדזער הייליקן חוב זיי העלפן זיך איינאָרדענען: מיט אַן עצה, אַ גוט וואָרט, מיט אַן הלוואה, צי איינמאַליקער הילף, באַזאָרגן מיט אַרבעט און

אַ דאַך איבערן קאָפּ. קיין גרויסע געלט־מיטלען זענען נישט געווען אין אונדזער רשות. האָבן אייניקע לאַנדסלייט געגעבן די ערשטע גרעסערע באַשטייערונג פאַרן הילפס־פאָנד. אויך אַרגענטינע האָט זיך פּאָזיטיוו אָפּגערופן אויף אונדזער ווענדונג נאָך הילף. דאַקעגן די לאַנדסלייט אין אַמעריקע האָבן נישט געפונען פאַר נייטיק אין יענער צייט צו באַטייליקן זיך ממשותדיק אין אונדזער רעטונגס־אַרבעט פאַר די פראַמפּאָלער אין לאַנד.

אין יאָר 1948 זענען געקומען אַהער מער שטעטלדיקע (צווישן זיי — אויך אברהם אַלבוים). פון זיי האָבן מיר זיך דערוווסט וועגן דעם שרעקלעכן חורבן פון שטעטל און דעם טראַגישן אומקום פון כמעט אַלע פראַמפּאָלער יידן. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז נאָר מיט אַ קאָלעקטיווער אזכרה פון די שטאָטישע, וועט מען אויף אַ ווירדיקן אופן באַערן דעם אָנדענק פון די קדושים. די ערשטע אזכרה איז פאָרגע־קומען אין תל־אביב, אין יאָר 1949.

אויף יענער אזכרה איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ קאָמיטעט, וועלכער האָט אָנגעהויבן זיין רעגולערע טעטיקייט, ווי עס פּאַסט פאַר אַן אָרגאַניזירטער לאַנדס־מאַנשאַפט.

די ערשטע אויפגאַבע, וואָס מ׳האָט זיך געשטעלט, איז געווען: פאַראייביקונג. אויפן הר־ציון אין ירושלים איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַן אָנדענק־שטיין לזכר די קדושי פראַמפּאָל. מיר אַלע האָבן געוווסט, אַז אָן אַ יזכור־בוך, איז די פאַראייביקונג נישט קיין פולקאָמע. חבר אברהם אַלבוים לייגט פאָר אַרויסצוגעבן אַ ספר יזכור, וואָס זאָל אָפּשפּיגלען די אַנטשטייאונג, אַנטוויקלונג און אומקום פון שטעטל.

אַ סך מי און פּראַצע האָט זיך געפאָדערט פאַר אַזאַ אונטערנעמונג. אין דער הקדמה צום ספר יזכור ווערט אַ ביסל דערציילט וועגן די ראַנגלענישן און שווערי־קייטן וואָס ס׳איז אויסגעקומען אַדורכצומאַכן, ביז מיר האָבן זוכה געווען צום דער־שיינען פון בוך. נאָר איינס וויסן מיר: אַז אין די לעצטע 10 יאָר איז די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט און טעטיקייט פון קאָמיטעט אַוועקגעשאָנקען געוואָרן אויסשליס־לעך דעם ספר. דאָס צונויפזאַמלען מאַטעריאַל און שאַפן די פינאַנסיעלע באַזע, האָבן מיר געהאַלטן פאַר די וויכטיקסטע אויפגאַבע — און דעריבער האָבן געמוזט אָפּגע־שטעלט ווערן אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט. מיר האָבן בלויז אָפּגעהיטן די יערלעכע אזכרות, וועלכע האָבן אויך געגעבן אַ געלעגנהייט דער פראַמפּאָלער שארית־הפליטה צו טרעפן זיך ביי איין טיש.

אַ באַזונדער קאַפּיטל פון אונדזער טעטיקייט זענען די קאָנטאַקטן מיט אונדזערע בני־עיר אין אויסלאַנד. קליין זענען די פראַמפּאָלער לאַנדסמאַנשאַפטן אין דער גרויסער וועלט און זיי צייכענען זיך נישט אויס מיט צו פיל אַקטיוויטעט. פונדעסט־וועגן זענען מיר אין די לעצטע 20 יאָר געשטאַנען אין ברייוולעכן קאָנטאַקט מיט אונדזערע שטאָטישע אין אַמעריקע, אַרגענטינע, פראַנקרייך און בעלגיע. מיר האָבן

דאָ אויפגענומען פאַרשידענע געסט און טוריסן פון אויסלאַנד, ווי: אברהם פאַנקעוויטש (פאַר. שטאַטן), בנימין האַכמאַן מיט זיין טאָכטער (לאָס־אַנזשעלעס), וועלכער האָט געשפּענדעט אַ גרעסערע סומע פאַרן ספר; אַזאַ באַשטייערונג האָט שטאַרק געהויבן די מאָראַל ביי די היגע חברים פון קאָמיטעט און צוגעגעבן מוט ווייטער אָנצוגיין מיט די אַרבעטן פאַרן יזכור־בוך; מיר האָבן אויך אויפגענומען אונדזער בן־עיר וועלוויש פינקעלשטיין פון אויסטראַליע, יצחק בערגער פון לאָס־אַנזשעלעס און אַנדערע, וועלכע האָבן אויך געגעבן זייער באַשטייערונג פאַרן בוך.

מיטן פאַרענדיקן אַרויסגעבן אונדזער יזכור־בוך, האַלטן מיר נאָך נישט, אַז אונדזער ווייטערדיקע טעטיקייט אַלס לאַנדסמאַנשאַפט דאַרף ווערן אָפּגעשטעלט. אונדזער דור — דער דור פון אומקום און פון גאולה — דאַרף ווייטער אָנגיין מיט זיין באַשיידענער אַרבעט אין די ראַמען פון אירגון יוצאי פראַמפּאָל בישראל.




מצבה לזכר קדושי פראמפול על הר־ציון בירושלים
מצבה צום אָנדענק פון די קדושי פראַמפּאָל אויפן הר־ציון אין ירושלים

## תוכן הספר ✶ אינהאַלט פון בוך


הקדמה . . . . . . . . . . . 3
פאַרוואָרט . . . . . . . . . . . 6

### א. העיירה — עד כליונה (בעברית)

תולדות העיירה . . . . . . . . . . 11
משה ליכטפלד — אורות וצללים בפראמפול . . . . . . 18
מכלה הרצברג — זכרונות . . . . . . . . 43
מעכל ערטער ז״ל — לילה בפראמפול . . . . . . . 48
שלמה פּריליגג — ציונות והלוציות בעיירה . . . . . . . 49
תעודות מספרות . . . . . . . 54
יחזקאל פריילינג — זכרונות מהעיירה . . . . . . . 57
לזכרו של יצחק זיכלר . . . . . . . . . 65

### ב. השואה וההתנגדות

יחזקאל פריילינג — יזכור . . . . . . . . 71
חנה בריק־בוקסנביים — הייתי ביער . . . . . . . 72
סטאַניסלאַב סובצ׳אק — הסתרתי 12 יהודים . . . . . . 81
אבא בן־משה — יהודי פראמפול במאבק נגד האויב הנאצי . . . 83

### ג. דאָס שטעטל ביזן חורבן (יידיש־טייל)

די געשיכטע פון שטעטל . . . . . . . . . 113
אברהם אַלבוים ז״ל — פראַמפאָל מיט 50 יאָר צוריק . . . . 122
מעכל ערטער ז״ל — אַ נאַכט אין פראַמפאָל . . . . . . 127
אבא בעכער ז״ל — ווי אַזוי כ׳האָב כאַרלאַשן אַ שריפה . . . . 128
שלמה קליידמאַן — מיין שטעטעלע פראַמפאָל . . . . . 131
משה ליכטפלד — אור און חושך אין פראַמפאָל . . . . . 148
תמר גראָסמאַן־יעגערמאַן — אַ שטעטל מיט לייטן גלייך . . . 189
מעכלא הערצבערג — דערינערונגען . . . . . . . 192
טובה מאַנטעל — אַ בינטל זכרונות . . . . . . . 198

איטע שעפער — אַ דערמאָנונג . . . . . . . . 200
שלמה פרילינג — ציוניזם אין חלוציזם אין שטעטל . . . . 201
אברהם־יצחק הוף — הכשרה־טעטיקייט פון החלוץ . . . . 210
יחזקאל פרילינג — דאָס שטעטל ווי איך געדענק עס . . . . 212
דבורה מאָנטאַג־ציטרינבוים — די „יבנה״־שול . . . . 222
דאָקומענטן דערציילן . . . . 224

## ד. עסקנים, טיפּן, געשטאַלטן

ר׳ בעריש דינבורט, דער ראש הקהל — מעכלא הערצבערג . . . 229
דער יידישער גוטבאַזיצער — אבא בעכער ז״ל . . . . . 229
עסקנים. טיפּן געשטאַלטן — משה ליכטפעלד . . . . . 231
אונדזערע בעלי־מלאכות — מעכלא הערצבערג . . . . . 254
דער בלינדער שיע — חנה שאַרף־דינבורט . . . . . . 256
חיים און לייביש, די וואַסערטרעגערס — אברהם הוף . . . . 257
דריי פּראַמפּאָלער בחורים געפאַלן ביים פּאַרט־יידיקן די יידישע
מדינה: יצחק זיכלער, אברהם צימערמאַן, ישראל ראַטמאַן 259

## ה. חורבן און ווידערשטאַנד

יחזקאל פרילינג — יזכור . . . . . . . . 265
ליובאַ ווייצקין — נאָך אַ טרער... . . . . . . . . 266
מאָטל דינבורט — געווען אַמאָל אַ שטעטל פּראַמפּאָל . . . . 267
חנה בריק־באָקסענבוים — מיינע איבערלעבונגען אין וואַלד . . . 278
שמואל מאָהלער — דער פּאָליאַק סאָבטשאַק האָט אונדז געראַטעוועט 292
סטאַניסלאַוו סאָבטשאַק — ווי אַזוי כ׳האָב אויסבאַהאַלטן 12 יידן . 304
טעמע וויינשטאָק — די „הייליקע טערעסע״ . . . . . 307
זאב פינקעלשטיין — אין יענע פינצטערע יאָרן . . . . . 321
דאָראַ בריק־קיסלאָוויטש — פּאָליאַקן האָבן מיך אויסבאַהאַלטן . 329
אבא בן־משה — פּראַמפּאָלער יידן אין קאַמף קעגן היטלעריזם . 345

## ו. רשימה פון די קדושים; נעקראָלאָגן

רשימה פון די קדושים . . . . . . . . . . 391
נעקראָלאָגן . . . . . . . . . . . 399

שלמה פרילינג — דער אירגון יוצאי פּראַמפּאָל אין ישראל . . . 411